ברוך (בענעדיקט) שפּינאָזא

דער

# טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט.

פאָלשטענדיג איבערזעצט דורך

נ. פּערעלמאַן

פאַרלאַג מ. יאַנקאָוויטש, 179 א. בראָדוויי, נ. י.

די לעצטע פופציג זייטלאך און דאָס
פאָרוואָרט זיינען געמאַכט פון
דר. ק. פאָרנבערג.

# אינהאַלט:

# איינלייטונג.

שפינאזא׳ס טעאלאגיש־פאליטישער טראקטאט איז געשריבען געווארען אין לאטיינישער שפראך און איז צום ערשטען מאל אפגעדרוקט געווארען מיט דער אויפשריפט: „האמבורג, ביי היינריך קיהנראטה“. אין אמת׳ן אבער איז ער געדרוקט געווארען אין אמסטערדאם ביי קריסטאף קאנראד. מיט דריי יאהר שפעטער האט זיך באוויזען א צווייטע אויפלאגע, אויך אונטער א פאלשען טיטעל, כדי צו מאכען מעגליך אז דאס בוך זאל ארייננעלאזען ווערען אין שפאניען און פארטוגאל.

ווען דאס בוך איז אפגעדרוקט געווארען איז שפינאזא געוועזען אלט 38 יאהר און האט דאמאלסט געלעבט אין האג. ווי עס ווייזט אויס האט ער געארבייט אויף דעם עטליכע יאהר. מעהר איז וועגען דעם ניט באוואוסט.

ווען מען לייענט דאס ווערק מוז מען האבען אין זינען, אז שפינאזא איז שוין דאמאלסט געוועזען פארטיג מיט זיין פילאזאפישען סיסטעם וואס געפינט זיך אין זיין בוך „די עטיק“. עס איז ידוע, אז צוליב די אומאננעמליכקייטען, וואס ער האט געהאט צוליב די פארעפענטליכונג פון דעם „טראקטאט“, האט ער זיך צוריקגעהאלטען פון דרוקען די „עטיק“ ביים לעבען. זי איז געדרוקט געווארען ערשט נאך זיין טויט. אזוי ווי שפינאזא האט אט די ביידע וויכטיגסטע ווערק זיינע פארפאסט, אדער איבערגעארבייט צו דער זעלבער צייט, אין די יאהרען 1670—1662 דינט יעדע צו העלפען פארשטעהן דאס אנדערע ווערק. אבער עס זיינען צווישען זיי אויך פאראן הפכים, וועלכע קומען דערפון, ווייל שפינאזא האט אין דעם טראקטאט זיך געפרואווט צוצופאסען צו זיינע לעזער, אז זיי זאלען איהם קאנען לייכטער פארשטעהן.

מען האט פריהער ניט פארשטאנען ווי אזוי שפינאזא האט געקאנט אין איין און דער זעלביגער צייט ארבייטען אויף אזוינע צוויי

פאַרשידענע ווערק. מען האָט אין דעם טעאָלאָגיש־פּאָליטישען טראַק־טאַט געוואָלט זעהן אַ פּראָדוקט פון זיין שנאה צו אידישקייט. מען האָט געמיינט אַז דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף דעם חרם, אין וועלכען די אידען האָבען איהם אַריינגעלייגט.

איצט ווייסט מען דעם אמת. דער „טראַקטאַט“ איז געשריבען געוואָרען קעגען די קאַלוויניסטישע גייסטליכע, וועלכע האָבען גע־וואָלט אַז די רעגירונג זאָל דינען דער קירך. שפּינאָזאַ האָט ניט נאָר געפאָדערט, אַז „די פילאָזאָפיע זאָל אויפהערען זיין אַ דינסט ביי דער טעאָלאָגיע“ און זאָל זיין פאָלשטענדיג פריי, נאָר אויך אַז די רעליגיע זאָל ווערען אַ מלוכה־זאַך. דאָס דערקלערט זיך דערמיט וואָס שפּינאָזאַ האָט געלעבט אין אַ לאַנד וואו די רעגירונג איז געווען פיל פרייער און פאָרגעשריטענער ווי די גייסטליכע, און דערפאַר האָט ער געוואָלט אַז אויך די רעליגיע זאָל ווערען אַ מלוכה־אינסטיטוציע. כאָטש באמת איז אַזאַ פאָדערונג געווען אַ גאַנץ געפערליכע. דערפאַר איז דער „טראַקטאַט“ געווען ניט נאָר אַ וויסענשאַפטליכע אונטער־זוכונג, נאָר אויך אַ טענדענציעזע. און דאָס האָט איהם פיל געשאַדעט. מען דאַרף די ביידע טיילען שטרענג פאָנאַנדערטיילען אין דער שריפט.

אויף דעם געדאַנקען צו שרייבען אַזאַ מוטיג קריטיש ווערק ווע־גען דער ביבעל האָט שפּינאָזאַ'ן אַרויפגעבראַכט דער אבן עזרא, וועל־כער האָט געגעבען פאַרשטעלטע אַנצוהערענישען וועגען דער צייט. ווען די ביבעל איז פאַרפאַסט געוואָרען. שפּינאָזאַ איז אָבער אַוועק פיל ווייטער. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געגעבען אַ קרי־טיק פון די קוועלען אין דעם מאָדערנעם זינען, און די רעזולטאַטען פון זיין אונטערזוכונג זיינען געווען פון גרויסער וויכטיגקייט.

דער פעלער איז נאָר געווען וואָס שפּינאָזאַ האָט אין דער דאָזי־גער אונטערזוכונג אַריינגעטראָגען אויך די טענדענץ אַז די ביבעל זאָל פאַרענטפערען ברענענדיגע טאָגעס־פראַגען. אַזוי ווי די גייסטליכע האָבען זיך באַצויגען אויף די נביאים, האָט שפּינאָזאַ געזוכט צו באַ־ווייזען, אַז די נביאים זיינען אויך ניט געגאַנגען אויפ'ן גלייכען וועג אין זייער קאַמף קעגען די קעניגען.

שפּינאָזאַ איז געווען, ווי ער באַמערקט שטענדיג, אַ רעפּובלי־קאַנער, אַן אַנהיינגער פון אַריסטאָקראַטישער רעפּובליק, ד. ה. פון אַ רעפּובליק וואָס איז אָרגאַניזירט לויט דעם מוסטער פון אַ מאָנאַרכיע, נאָר וואָס זאָל האָבען אַן אויפגעקלערטען שטאַטסמאַן בראש. דעמאָ־

קראטיע האט ער ניט האלט געהאט און האט גערעכענט אז די מאסע איז אומפעהיג צו פארוואלטען די מלוכה און אז זי וועט שטענדיג ארייננפאלען אונטער דער השפעה פון דעמאגאגען. ער האט אויך די נביאים געהאלטען פאר אזוינע דעמאגאגען. קיין היסטאריקער איז ער ניט געווען. אין זיין עטיק איז ניט געווען קיין פלאץ פאר נאציאנען. ער האט געקאנט נאר גאט און די מענשהייט. אין זיין סאציאלאגיע איז געווען פלאץ נאר פאר דעם שטאט, פאר די העכסטע מלוכה געוואלט וואס דארף אלץ באשטימען די רעליגיע בתוכם. די רעליגיע וועלכע ער האט ניט געלייקענט איז געווען אין זיין סיסטעם די רעליגיע פון שכל, וואס דארף זיין גלייך פאר אלע מענשען און וועמעס נארמע דארף באשטימט ווערען פון דעם שטאט. די ביבעל ענטהאלט ניט קיין געטליכען אייביגען אמת, אידישקייט האט געהאט נאר א פארבייגייענדע צייטווייליגע באדייטונג.

דער „טעאלאגיש פאליטישער טראקטאט" איז ערשינען אין א לאנד וועמעס באפעלקערונג האט צום ווייט גרעסטען טייל באלאנגט צום שטרענג־קאלוויניסטישען גלויבען. און ניט די פיל סעקטען, און ניט די פילאזאפען האבען געקאנט אט די פרומע מיינונגען כאטש וויפיל עס איז אויפטרייסלען. פעסט איז געבליבען דער גלויבען אין א פערזענליכען גאט וואס פיהרט די וועלט, אין דער השגחה, אין יעזוס קריסטוס אלס דעם זון פון גאט. פעסט איז אויך געווען דער גלויבען אין דעם, אז גאט באווייזט זיך צו געוויסע פערזאנען. די אויטאריטעט פון דער הייליגער שריפט איז געווען פעסט ווי א פעלז, אויף וועלכען עס איז געבויט געווען דער גאנצער רעפארמיסטישער גלויבען און דאס לעבען פון אלע זיינע אנהייננגער.

און מיט אמאל קומט א מאן וואס פארנעמט אפילו קיין אנגעזעהנע פאזיציע ניט, א מאן אהן חשיבות, אהן אויטאריטעט, אן ארימער אידישער גלאזשלייפער, און ערקלערט פאר ניט ריכטיג און ניט אמת דאס אלץ, וואס מען האט ביז דאמאלסט געהאלטען פאר הייליג און הויך. ער האט ארויסגעזאגט געפערליכע מיינונגען וועגען דעם תמצית פון גאט און זאגט מיט קיין ווארט ניט, אז ער גלויבט אין דעם גאט־מענשען. ער לייקענט די געטליכקייט פון דער נבואה און דערקלערט די ביבעל פאר א שאפונג פון מענשען. ער אונטערזוכט גאר די ביכער פון די הייליגע שריפטען מיט דעם זעלבען קאלטען דראנג פאר וויסען און אמת, ווי א נאטור־פארשער אונטערזוכט א

חיה'לע. עס ארט איהם גאר ניט וואס די אידישע סינאגאגע, אדער וואס די קריסטליכע קירך האט געלערנט. ער נעמט פאר דעם מאס פון אמת זיך אליין, זיין אייגענעם שכל. וואס פאר א וואונדער וואס מען האט איהם דערקלערט פאר אן אפיקורס!

שוין פריהער האבען זיך ארומגעטראגען איבער האלאנד אלער־ליי סלוכען וועגען שפינאזא, וועלכע האבען ארויסגערופען דעם האס פון די טעאלאגען. ווען דער טעאלאגיש־פאליטישער טראקטאט איז פארעפענטליכט געווארען, האט דער באהאלטענער האס זיך צופלא־קערט אין פלאמען פון אפענער שנאה. ווי פארזיכטיג און צוריקגע־האלטען שפינאזא איז ניט געווען ביי דער באהאנדלונג פון רעליגיעזע פראגען אין זיין שריפט, האט דאך דער אמת'ער זינען פון זיינע גע־דאנקען ניט געקאנט זיין פארבארגען פאר קיינעם. און דאס האט ארויסגערופען א שטורם פון פארדאמונג. באלד האט זיך גענומען שיטען א גאנצער ים פון שטרייט און פארדאמונג שריפטען קעגען שפינאזא. און וויסען דארפט איהר, אז אין יענער צייט האט מען פאלעמיזירט מיט שטארקע ווערטער. מען קאן זאגען, אז אויב ווילדע חיות וואלטען געקאנט פירען א טעאלאגישע פאלעמיק, וואלטען זיי זיך קוים באנוצט מיט אזוינע ווערטער, וואס זיינען מיט אזא חשק באנוצט געווארען אפצושלאגען שפינאזא!

אין אן אומגלויבליך קורצער צייט איז דער טעאלאגיש־פאליטי־שער טראקטאט באקאנט געווארען צו די געלערנטע פון האלאנד און דייטשלאנד און איז שטארק פארשפרייט געווארען אין ביידע לענדער. אין די ערשטע יאהרען נאך זיין ערשטער ערשיינונג, אין יאהר 1670, זיינען ניט ווייניגער ווי פינף נייע אויפלאגען פון דער ערשטער אויס־גאבע איבערגעדרוקט געווארען. א טייל פון זיי זיינען ערשינען אונ־טער א פרעמדען פלאג אלס אן אומשולדיג היסטאריש אדער מעדיצי־ניש ווערק, אלס א בירורגיש ווערק פון איינעם א ד"ר פראנציסקוס העריקער דע ווילא קאזטא, אלס דאס ווערק פון איינעם א דאקטאר פראנציסקוס דע לא באע סילוויאוס, אדער אלס די זאמלונג פון היס־טארישע שריפטען פון דניאל הייזיוס.

צו דער זעלבער צייט מיט דעם וואוקס פון דער צאל פון די לע־זער איז אויך געוואקסען די צאל פון די געגנער. דאס ווערק איז ער־שינען אין אנהויב פון יאהר 1670, און שוין דעם 8טען מאי פון זעל־בינען יאהר, האט דער לייפציגער פראפעסאר, יאקאב טהאמאזיוס,

דער לערער פון לייבניצ'ן, געפּייערט קעגען דער דאָזיגער שריפט. און נאָך איהם האָבען אנדערע פּראָפעסאָרען אין אנדערע אוניווערזיטעטען. און סתּם טעאָלאָגען אין דייטשלאנד באלד ערקלערט קריג דער שריפט. אויך דער גרויסער פילאָזאָף לייבניץ האט אין בריף זיך ארויסגעזאגט קעגען דער שריפט. און פּונקט אזוי פיינדליך האט מען זיך פאַרהאַל־טען אויך אין די טעאָלאָגישע קרייזען פון האָלאַנד.

נאָך די רעדעס און בריף און אָפּהאַנדלונגען האָבען זיך באלד א שאָט געטאָן אויך גרעסערע געלערנטע שריפטען. אין דעם איין איינ־ציגען יאהר 1674 זיינען ערשינען אַזוינע פינף גרויסע ווידערלעגונג שריפטען קעגען אָט דאָס „טייוועלשע בוך".

דאָך מיט אלע געגנער פון שפּינאָזא קומען אויס קליין און נישׁ־טיג אין פאַרגלייך מיט איהם: קיינער פון זיי קאָן זיך ניט מעסטען מיט איהם ניט אין דער טיפקייט פון זיין דערקענטניש און ניט אין דער ווייטקייט פון זיין בליק און זאָגאר זיך ניט דערנעהענטערען צו איהם אויף א גרויסען מהלך. אָבער דער אמת מוז געזאָגט ווערען, אז זיי שטעהען פיל פעסטער אויף זייער שטאנדפּונקט ווי ער, און אז זיי האָבען אָפט אויך רעכט קעגען איהם. דאָס דערקלערט זיך דער־מיט, וואָס שפּינאָזא איז דורך די אומשטענדען פון זיין צייט און פון לאנד געוועזען געצוואונגען צו זיין זעהר פאַרזיכטיג אין די אויסדריקען וועגען זיינע רעליגיעזע געדאנקען.

שפּינאָזא האט געזוכט צו געפינען אַ פּשרה צווישען פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע און האט זעלטען ארויסגעזאָגט זיין לעצט וואָרט וועגען פראגען פון גלויבען. ער האט די ביבעל אוועקגעשטעלט אונטער א קריטישער פאָרשונג; אָבער צוליב זיינע צייטגענאָסען האט ער גע־זוכט צו געפינען א הסכם צווישען איהר און זיין פילאָזאָפיע, דאָרט, וואו עס האט באמת עקזיסטירט א טיפער ווידערשפּרוך. דאָס האט ארויפגעלייגט אויף א סך פון זיינע באַטראַכטונגען דעם שטעמפּעל פון אומזיכערקייט און ניט אויסגעהאַלטענקייט. און זיינע געגנער האָבען ניט פאַרזאַמט אויפמערקזאם צו מאַכען אויף אזוינע שוואַכע פּונקטען.

ווען מען נעמט די אַלע פאַקטען אין באַטראַכט, ווערט מען גע־רייט שפּינאָזא'ס געגנער ניט אזוי שטרענג צו פאַר'משפּט'ן, און מען פאַרשטעהט, ווי אזוינע מיטעלמעסיגקייטען האָבען געקאָנט א גאַנצען יאהרהונדערט באַשטימען די מיינונג פון דער וועלט וועגען

ספינאָזאַ. מיט אַ זעלטענער איינמוטיגקייט האָבן זיי דערקלערט שפּינאָזאַ פאַר אַ צושטערער פון מאָראַל און רעליגיע. דערמיט איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער טויט־פּסק איבער זיין פאַליטישע פילאָ־זאָפיע. און פאַר אַ לאַנגע צייט איז געשטערט געוואָרן זיין השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון די גייסטיגע וויסענשאַפטען.

שפּינאָזאַ האָט ווייניג וואָס געזוכט צו באַקעמפען דעם דונער וואָס די דייטשע און האָלענדישע געלערטע האָבן געגען איהם אַרויס־גערופען. זייערע אַרגומענטען, זייערע ווייגעשרייען, זייערע זידלע־רייען זיינען ניט געווען בכח צוצוטרייסלען זיינע פעסטבאַגרינדעטע מיינונגען, און קיין געפאַרען פאַר זיין פּערזענליכע זיכערקייט זיינען זיי אויך ניט געווען. אָבער געפערליכער זיינען געווען די בליצען וואָס די פאַרשטעהער פון דער קירך אין האָלאַנד האָבן געוואָרפען אין דעם אפּיקורס. דער אַמסטערדאַמער קירכען־ראַט איז געווען דער ערש־טער וואָס איז אַרויסגעטראָטען קעגען שפּינאָזאַ. דער „טראַקטאַט“ איז פאַרבאָטען געוואָרען, כאָטש ערשט אין יאָהר 1674 האָט זיך איינגעגעבען שפּינאָזאַ׳ס שונאים אויסצופּועל׳ן, אַז אויך די רעגי־רונג זאָל די שריפט פאַרבאָטען, צוזאַמען מיט אַנדערע אַפּיקורסישע שריפטען.

שפּינאָזאַ האָט אָבער ניט פאַרלאָרען זיין רוהיגקייט און גלייכ־מוטיגקייט דורך די אַלע שונאים. ער האָט ווייטער געשליפען זיינע גלעזער און האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע פילאָזאָפישע און וויסענ־שאַפטליכע אונטערזוכונגען. ער האָט אין מיטען פון אַט דעם טומעל זיך ווידער גענומען צו פאַרענדיגען זיין הויפּט ווערק, „די עטיק“, וועל־כע האָט נאָך שאַרפער אויסגעדריקט זיינע פרייע מיינונגען וועגען גאָט און וועלט. און איז אַ יאָהר אַרום נאָכ׳ן פאַרבאָט פון טעאָלאָגיש־פּאָ־ליטישען טראַקטאַט איז די „עטיק“ געווען פאַרטיג.

# פאָרוואָרט.

ווען די מענשען וואָלטען געקענט אַלע זייערע ענינים רעגולירען לויט באַשטימטע כללים, אָדער ווען דאָס גליק וואָלט זיי שטענדיג געשמייכעלט, וואָלטען זיי קיינמאָל ניט געווען אַבערגלויביג. היות אָבער זיי ווערען אָפטמאָל געבראַכט צו אַזאַ שלעכטען מצב, אַז זיי קענען זיך אַליין ניט העלפען, און היות זיי ווייסען גאָר פון קיין מאָס ניט אין זייער פאַרלאַנג פון אומזיכערען גליק, וואָס דאָס וואַרפט זיי געוויינליך אויף אַ קלעגליכען אופן צווישען בטחון און מורא, איז זייער גייסט גענייגט מערסטענטייל צו גלויבען אין אַלץ. ווען דער מענש הויבט נאָר אָן צווייפלען, אַזוי לאָזט ער זיך פון יעדען לייכטען שטויס בייגען רעכטס אָדער לינקס, דערהויפט נאָך דאָן, ווען ער וויגט זיך צווישען בטחון און מורא, כאָטש ביי אַנדערע אומשטענדען איז ער פול מיט פוסטער גאוה, באַרימעריש און זיכער מיט זיך.

דאָס זיינען זאַכען, וואָס יעדער איינער, גלויב איך, ווייס פון זיי, כאָטש דאָס רוב מענשען קענען ניט זיך אַליין. יעדער איינער, וואָס האָט אַמאָל געלעבט צווישען מענשען, האָט ניט געקאָנט ניט באַמערקען, אַז די מערסטע פון זיי, ווי אומערפאַרען זיי זאָלען ניט זיין, כל זמן זיי זיינען מצליח, האַלטען זיי זיך פאַר אַזוינע חכמים, אַז זיי פילען זיך באַליידיגט, ווען עמיצער וויל זיי געבען אַן עצה טובה; אַקעגען־אָבער אין אַן עת צרה קענען זיי זיך אַליין ניט אַ ריר טון, בעטען זיך ביי יעדען איינעם, מען זאָל זיי ראַטען וואָס צו טון און פאָלגען דאַן אויס יעדער עצה, מעג זי זיין ווי מאָדנע, שלעכט און ניט־שכל'דיג. זיי לאָזען זיך דאַן באַאיינפלוסען פון די אומבאַדייטענדיגסטע סיבות, כדי צו האָפען אויף בעסערס, אָדער מורא צו האָבען פאַר ערגערס. טרעפט אין דער צייט פון זייער שרעק עפּעס אַזוינס, וואָס דערמאָנט זיי אָן אַ גליקליכע אָדער אומגליקליכע געשעעניש, אַזוי זעען זיי אין דעם אַ צייכען פון אַ גליקליכען אָדער אומגליקליכען אויסגאַנג און האַלטען עס פאַר אַ גוטען אָדער שלעכטען סימן, מעגען

זיי אפילו צום הונדערטסטען מאל דערפון אפגענארט ווערען. טרעפט מיט זיי עפעס א זעלטענע זאך, וואס רופט ארויס זייער פארוואונדערונג, נעמען זיי דאס אן פאר א וואונדערצייכען, וואס זאגט זיי פאראויס וועגען דעם צארן פון די געטער אדער פון דעם העכסטען וועזען און זיי מיינען, ווי רעליגיעזן און אבערגלויביג זיי זאלען כלל ניט זיין, אז זיי מוזען דורך קרבנות און נדרים איבערבעטען די גאטהייט. זיי טראכטען אויס נאך פיל אנדערע אזוינע זאכען און דערקלערען די נאטור אויף אזא פאנטאסטישען שטייגער, אז ניט אנדערש, ווי זי, די נאטור, וואלט געווען פארריקט אינאיינעם מיט זיי אליין.

אויף אזא אופן זעען מיר, אז יענע מענשען, וואס ווייסען ניט פון קיין מאס אין זייער פארלאנג פון אומזיכערען גליק, זיינען מער פון אלע אנדערע גענייגט צו כל המינים אבערגלויבענס; מיר זעען אויך, אז בשעת הדחק, ווען זיי קאנען זיך אליין ניט העלפען, זיינען זיי אלע נאך מער נוטה צו זוכען די געטליכע הילף דורך תפלות און ווייבערישע טרערען. דער שכל, וועלכער קאן זיי נאטירליך ניט אנווייזען קיין זיכערען וועג צו די אייטעלע זאכען, וואס זיי באגערען, הייסט ביי זיי א בלינדער, די מענשליכע חכמה — הבל'דיג; אנקעגען־אבער די ווילדע איינפאלען פון דער פאנטאזיע, חלומות און קינדישע נארישקייטען זיינען פאר זיי געטליכע אנטפלעקונגען. זיי רעכענען אפילו, אז גאט קערט זיך אפ פון די חכמים און פארשרייבט זיינע באשליסען ניט אין דער מענשליכער נשמה, נאר אין דער אינגעווייד פון חיות, — און נאראנים, משוגעים און פייגעל זאגען זיי פאראויס דורך אינספיראציע און דורך זייער אינסטינקט. אט־אזוי פארנארישט עס די מורא דעם מענשען!

די מורא איז, אלזוי, דער כוח, וואס ברענגט דעם אבערגלויבען צום לעבען, נערט אים און באגינסטיגט אים. אויב איינער וויל האבען א משל צו דעם, וואס איך האב דא נאר וואס געזאגט, זאל ער א טראכט טון וועגען אלכסנדר דעם גרויסען. וועלכער איז געווארען אבערגלויביג און גענומען זיך באנוצען מיט ווארזאגער ערשט דאן, ווען ער האט אין די ענגפאסען פון ציליציע אנגעהויבען מורא האבען פאר'ן מזל (ז. קורטיוס, בוך V, קאפ. 4); אבער נאכדעם, ווי ער האט באזיגט דאריוסען, האט ער אויפגעהערט צו עצה'נען זיך מיט צייכען־באשיידער און ווארזאגער, ביז וואנען די אומשטענדען זיינען ווידעראמאל

געוואָרען אומגינסטיג פאַר אים, ווען די באַקטריער האָבען אים פאַר־לאָזען און די סקיטען האָבען אים אַרויסגעפאָדערט צו דער שלאַכט, און ער אַליין איז געלעגען קראַנק פון אַ וואונד, וואָס ער האָט באַקו־מען, — „ער האָט זיך ווידער געווענדט (ווי קורטיוס אַליין זאָגט עס אין בוך VII, קאַפּ. 7) צום אָבערגלויבען, צו דעם שפּיל פון מענשלי־כען גייסט, און האָט באַפוילען אַריסטאַנדען, וועמען ער האָט פאַר־טרויט זיין לייכטגלויביגקייט, אויסצופאָרשען מיט דער הילף פון קרבנות דעם אויסגאַנג פון די געשעענישען".

מען קאָן ברענגען נאָך פיל אַזוינע ביישפּילען, וואָס ווייזען אויפ'ן קלאָרסטען אופן, אַז די מענשען לאָזען זיך באַהערשען פון אָבער־גלויבען בלויז אין צייט פון שרעק, אַז אַלץ, וואָס זיי האָבען אַמאָל פאַר־ערט אין אַט־דער פאַלשער רעליגיעזיטעט זייערער, איז געווען ניט מער, ווי איינבילדונג און ווילדע אַפּרוכענישען פון אומעטיגע אָנגע־שראָקענע נשמות, און לסוף, אַז וואָס געדריקטער דער מצב פון אַ מלוכה איז, אַלץ מער באַהערשען די וואָרזאָגער דאָס פאָלק און אַלץ מער פּחד וואַרפען זיי אָן אויף די פירשטען. אָבער אַזוי ווי איך רע־כען, אַז דאָס איז גאַנץ קלאָר פאַר יעדען איינעם, וויל איך וועגען דעם מער ניט רעדען.

פון דער דאָזיגער סיבה פון אָבערגלויבען קאָן מען קלאָר זען, אַז אַלע מענשען זיינען בטבע מסוגל צו אָבערגלויבען, הגם אייניגע זאָגען, אַז דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אַלע שטערבליכע האָבען בלויז אַן אומקלאָרע השגה וועגען גאָט; דיזעלביגע סיבה ווייזט אויך, אַז דער אָבערגלויבען איז פּונקט אַזוי פאַרשיידענאַרטיג און פאַרענדערליך, ווי אַלע אַנדערע פאַרבלענדענישען פון דער נשמה און אויסברוכען פון גע־פיל; און לסוף, אַז נאָר האָפענונג, האָס, צאָרן אָדער פאַרפירונג קאָנען אים דערהאַלטען, ווייל ער ווערט דאָך געבוירען ניט פון דעם שכל, נאָר פון אַן אייגענאַרטיגער ליידענשאַפט, און נאָך פון אַ זייער העפטיגער ליידענשאַפט דערצו.

ווי לייכט עס איז אָנצושטעקען די מענשען מיט יעדען מין אָבער־גלויבען, אַזוי שווער איז עס צו ברענגען זיי דערצו, אַז זיי זאָלען זיך לאַנג האַלטען ביי איין־און־דעמזעלביגען אָבערגלויבען. ווייל אַזוי ווי די ברייטע מאַסען פאַרבלייבען אַלעמאָל אַלצאיינס עלענד, פאַרבלייר־בען זיי קיינמאָל ניט לאַנג איבערגעגעבען איין־און־דעמזעלביגען אָבער־

גלויבען; פיל מער רייצט זיי שטענדיג א נייער אבערגלויבען. אין וועל־כען זיי האבען נאך ניט באוויזען צו אנטוישען זיך. די דאָזיגע אומ־באשטענדיגקייט איז געווען די סיבה פון פיל אומרוען און שרעקליכע מלחמות. „קיין זאך האט ניט קיין גרעסערע שליטה איבער דער מאַ־סע, ווי דער אבערגלויבען". ווי קורטיום האט עס זייער גוט באמערקט אין בוך VI, קאפּ. 10, און ווי דאס איז אויך געדרוגגען פון דעם, וואס מיר האבען געזאָגט אויבען. און דערפון נעמט זיך עס, וואס די מאסע לאזט זיך לייכט פירען, אונטער א רעליגיעזען שיין, דא צו פארערען אירע פירשטען, ווי געטער, און דא צו פארדאמען זיי און פאראכטען, ווי א נגע צרעת פון דעם מענשליכען מין.

כדי צו פארמיידען אזוינע איבלען, האט מען זיך געגעבען די גרעסטע מי צו באצירען די רעליגיע, סיי די אמת'ע, סיי די פאלשע, מיט אזוינע צערעמאָניעס און ריטועלע איינריכטונגען, אז זי זאל פון יעדען איינעם געהאלטען ווערען פאר אל־דאס־וויכטיגע און אפּגעהיט ווערען מיט'ן גרעסטען יראת הכבוד. דאס איז, אגב, מער פון אלץ געלונגען די טערקען, וועלכע האלטען פאר א חלול השם יעדען וויכוח איבער רעליגיע און וואס זייער גייסט איז אזוי פול מיט פאראורטיי־לען, אז עס בלייבט דארט מער ניט איבער קיין פלאץ פאר'ן געזונטען פארשטאנד, אדער אפילו פאר'ן צווייפעל.

אויב דער סוד פון א מאנארכישער רעגירונג און איר הויפּט־אינ־טערעס באשטייען באמת אין לאזען די מענשען לעבען אין טעות און האלטען זיי געצוימט דורך מורא, אונטער דעם שיינעם נאמען ר ע־ל י ג י ע, כדי זיי זאלען קעמפען פאר זייער אייגענער קנעכטשאפט, ווי דאס וואלט פאר זיי געווען א גליק, און ניט שעמען זיך, נאר האל־טען עס פאר'ן גרעסטען כבוד מקריב צו זיין זייער לייב און לעבען פאר דעם כלומרשטיגען שם טוב פון א י י ן מענשען, קאן מען זיך גאר ניט פארשטעלען קיין מער אומגליקליכע זאך פאר א פרייען שטאט, ווי דאס; קיין זאך איז ניט אזוי להיפוך דער אלגעמיינער פרייהייט, ווי דאס צוימען דורך פאראורטיילען, אדער דורך וועלכען־עס־איז אנדער מין באשרענקונג, די פרייע מיינונג פון יחידים. וואס אנבאלאנגט אבער יענע אומרוען, וואס ווערען ארויסגערופען אונטער דעם שיין פון רעליגיע, ליגט זייער סיבה אויסשליסליך אין דעם, וואס מען וויל מיט דער הילף פון געזעץ פארענטפערן ספעקולאטיווע פראגעס

און וואס געוויסע מיינונגען ווערען פארפאלגט און זייערע פארטיי־דיגער און אנהענגער באשטראפט, ווי פארברעכער; די לעצטע זיינען באין אופן ניט קרבנות פאר דעם וואוילשטאנד פון לאנד, נאר פון ז׳עם האם און צארן פון זייערע געגנער. וואלט דאס געזעץ פון שטאט גע־ווען צו משפט׳ען בלויז פאר מעשים, אבער ניט צו באשטראפען פאר רעדע, וואלטען דאן אזוינע אומרועו ניט געקאנט אנטשטיין אונטער דעם שיין פון מלוכה־רעכט, און פון חלוקי־דעות וואלטען מער ניט ארויסגעקומען קיין אויפ־שטאנדען.

אזוי ווי עס איז אויף מיין מזל אויסגעפאלען דאס זעלטענע גליק צו לעבען אין א שטאט, וואו יעדען איינעם איז געגעבען די אבסאלוטע פרייהייט פון מיינונג און דאס רעכט צו פארערען גאט, לויט זיין איי־גענער איבערצייגונג, אין א שטאט, וואו קיין זאך איז ניט אזוי טייער און ליב, ווי אט־די פרייהייט, — רעכען איך, אז עס וועט ניט זיין איבעריג און ניט אומניצליך צו ווייזען, אז די דאזיגע פרייהייט קאן ניט נאר צוגעלאזען ווערען אן יעדען שאדען פאר דער רעליגיע און דעם בירגער־שלום, נאר אז אט־די פרייהייט קאן גאר ניט אוועקגענומען ווערען, ניט שטעלענדיג דערמיט די רעליגיע און דעם בירגער־שלום אין געפאר. דאס איז דער גרונד־געדאנק, וואס איך האב בדעה פעסט־צושטעלען אין דער דאזיגער אפהאנדלונג. צוליב דעם ציל האב איך געהאלטען פאר נויטיג אנצואווייזען אויף די וויכטיגסטע פאראורטיי־לען בנוגע רעליגיע, וואס זיי זיינען אונז פארבליבען פון דער פארציי־טיגער קנעכטשאפט, ווי אויך אויף די פאראורטיילען בנוגע דעם רעכט פון דער העכסטער מלוכה־מאכט, וואס פיל מענשען זוכען מיט אומ־פארשעמטער פרעכקייט צו פארנעמען עס אינגאנצען פאר זיך און צו פארפירען, אונטער דעם שיין פון רעליגיע, דעם גייסט פון דער מאסע, וועלכע איז נאך אונטערגעווארפען דעם היידנישען אבערגלויבען, כדי אלץ זאל ווידער פארזונקען ווערען אין קנעכטשאפט.

איך וויל זאגען עטליכע ווערטער וועגען דעם סדר, אין וועלכען דאס אלץ וועט דא איבערגעגעבען ווערען; אבער קודם כל וועל איך אנווייזען אויף די מאטיווען, וואס האבען מיך באוועגט דאס צו שרייבען.

איך האב זיך אפטמאל געוואונדערט דערויף, ווי מענשען, וואס

בארימען זיך מיט זייער איבערגעגעבענקייט צו דער קריסטליכער רעלי־
גיע, וואס דאס הייסט פאר זיי ליבע, פרייד, שלום, זעלבסט־באהער־
שונג און פריינטליכקייט צו יעדען איינעם, קריגען זיך עס צווישען
זיך מיט אזא שנאה און זיינען איינס ס'אנדערע רודף מיט אזא פאר־
ביטערטען צארן, אז מען קאן גיכער דערקענען זייער אמונה דורך אט־
די מעשים זייערע, ווי דורך יענע גוטע מדות. עס איז שוין לאנג
געקומען צו אזא פונקט, אז איר קאנט אנדערש ניט אונטערשיידען,
ווער עס איז א קריסט, א טערק, א איד אדער א געצענדינער, ווי נאר
דורך דער הלבשה, דורך קערפערליכע באזונדערקייטען, דורך דער
קירך, וואס איינער פון זיי באזוכט, אדער, לסוף, דורך דעם אדער
יענעם אני מאמין און דורך דער טבע צו שווערען זיך מיט'ן נאמען
פון דעם אדער יענעם הייליגען. אין אלע איבעריגע זאכען איז זייער
שטייגער לעבען ביי אלעמען גלייך.

עס איז פאר מיר גאר קיין ספק ניט, אז די סיבה פון אט־דעם
איבעל ליגט דעריין, וואס די קירכליכע אמטען ווערען באהאנדעלט, ווי
ערענשטעלעס, די קירכליכע פונקציעס, ווי קוואלען פון הכנסה, און
וואס די גייסטליכע ווערען אזוי פיל פארערט, — און דאס איז פאר דער
מאסע די גאנצע רעליגיע, ווייל ווי נאר אט־די מיסברויכען האבען אנ־
געהויבען אריינדרינגען אין דער קירך, האבען די אומווירדיגסטע פאר־
שוינען גלייך באקומען א ווילדען פארלאנג צו פארוואלטען די הייליגע
שטעלעס; דער אייפער אויסצוברייטען די געטליכע רעליגיע איז גע־
זונקען ביז צו מיאוס'ער גייציגקייט און כבוד־זוכעניש; דער טעמפעל
אליין איז אזוי ארום געווארען א בינע, וואו עס האבען זיך מער ניט
געלאזט הערען קיין קירכענלערער, נאר רעדנער, וואס יעדערער פון זיי
איז דורכגענומען געווען מיט'ן פארלאנג ניט צו באלערנען דאס פאלק,
נאר ארויסצורופען באוואונדערונג צו דער אייגענער פערזאן און פאר־
דאמען עפענטליך די מענשען, וואס דענקען אנדערש; מען האט גע־
נומען לערנען בלויז דאס, וואס איז ניי און ניט־געוויינליך, ווייל דאס
ווערט פון דער מאסע שטארק באוואונדערט. דערפון האבען נאטירליך
געמוזט אנטשטיין פיל מחלוקות און קנאה־שנאה, וואס אפילו די צייט
אליין האט זיי ניט געקאנט אפשוואכען.

עס איז, דעריבער, קיין וואונדער ניט, וואס פון דער אלטער רע־
ליגיע איז ניט געבליבען מער, ווי דער אויסערער קולט, דורך וועלכען

די מאסע שיינט גיכער צו חנפ'ענען גאָט, ווי צו פארערען אים, און וואָס דער גלויבען איז ניט מער, ווי לייכטגלויביגקייט און פאראור־טיילען. און וואָסערע פאראורטיילען! פאראורטיילען, וואָס מאכען פון דעם פארנינפטיגען מענשען א חיה, וואָס דערלאָזען באין אופן ניט, אז דער מענש זאָל זיך באנוצען מיט זיין פרייען געדאנק, כדי אָפּצור־שיידען דאָס אמת'ע פון דעם פאלשען; פאראורטיילען, וואָס זיינען ווי בכיוון אויסגעטראכט געוואָרען, כדי צו פארטונקלען דאָס ליכט פון דעם פארשטאנד. די פרומקייט, אַ, גאָט אין הימעל! און די רע־ליגיע באשטייען אין נארישע מיסטעריעם, און די מענשען, וואָס פילען א טיפע פאראכטונג צום פארשטאַנד און פארוואָרפען און פארשטויר־סען מיט עקעל דאָס דענקען, ווי א זאַך, וואָס איז פארדאָרבען אין איר נאַטור, ווערען אויף א שענדליכען אופן געהאַלטען פאר מענשען, וואָס טראָגען אין זיך דאָס געטליכע ליכט. ווען זיי וואָלטען נאָר פאר־מאָגט איין פונק פון דעם דאָזיגען געטליכען ליכט, וואָלטען זיי ניט געפּלוידערט מיט אזוי פיל גאוה, נאָר זיך אויסגעלערנט צו פארערען גאָט מיט מער שכל. אנשטאָט אויסצוצייכענען זיך צווישען אנדערע מיט אן איבערפלוס פון האַס, וואָלטען זיי זיך בעסער אויסגעצייכענט מיט אן איבערפלוס פון ליבע. זיי וואָלטען ניט געררודפט מיט אזוי פיל שנאה די מענשען, וועלכע דענקען אנדערש, נאָר געפילט צו זיי מיטלייד, ווען זיי וואָלטען אויף אן אמתען געזאָרגט פאר זייער רע־טונג און ניט פארן אייגענעם גליק.

נאָך מער, ווען די דאָזיגע מענשען וואָלטען פארמאָגט עפּעס א שטראַל פון געטליכען ליכט, וואָלט מען דאָס געמוזט ארויסזען פון זייער לערע. עס איז גאַנץ קלאָר פאר מיר, אז הגם זיי האָבען קיינ־מאָל ניט געקאָנט געפינען גענוג באוואונדערונג פאר די טיפע סודות פון דער ביבעל, האָבען זיי אבער קיינמאָל ניט געלערנט קיין אנדער זאַך, ווי נאָר די ספּעקולאַציעס פון די אריסטאָטעליקער און די פּלאַ־טאָניקער, צופּאַסענדיג צו דעם די ביבעל, בכדי מען זאָל זיי ניט האַלטען פאר אנהענגער פון די היידען. און עס איז פאר זיי ניט גענוג געווען צו זיין אומזיניג אינאיינעם מיט די גריכען, נאָר זיי האָבען נאָך גע־וואָלט, אז אויך די נביאים זאָלען צושטיין אין נארישקייט צו זייער חברותא. דאָס ווייזט גאַנץ קלאָר, אז זיי האָבען גאָר קיין אנונג ניט וועגען דער געטליכקייט פון דער ביבעל. און וואָס מער התפּעלות זיי

וויזען ארוים אין דער באוואונדערונג פון אירע סודות, אלץ מער באַ־
ווייזען זיי דערמיט, אז זיי גלויבען ניט אזוי פיל אין דער ביבעל, ווי
זיי זיינען בלינדערהייט מסכים צו אירע לערעס. א ראיה דערצו קאן
מען זען אין דעם, וואס דאס רוב פון זיי נעמען אן, ווי א יסוד צו
פארשטיין די ביבעל און צו אנטדעקען איר עכטען זין, אז זי איז אין
אלע אירע טיילען ווארהאפטיג און געטליך; די דאזיגע אייגענשאפטען
וואלטען באדארפט אויסגעפונען ווערען נאר דורך דעם פארשטיין די
ביבעל גופא און דורך איר שטרענגער אונטערזוכונג; און דאס, וואס
מיר וואלטען אן אן ערך בעסער געקאנט לערנען פון דער ביבעל גופא,
וועלכע נויטיגט זיך ניט אין קיין שום מענשליכע אויסטראכטונגען, האַ־
בען זיי לכתחילה אוועקגעשטעלט פאר א כלל פון זייערע פירושים.

אזוי ווי איך האב פאר זיך אליין נאכגעטראכט וועגען די דאזיגע
אלע זאכען, דהיינו: אז דאס נאטירליכע ליכט פון דערקענטעניש ווערט
ניט נאר שלעכט אפגעשאצט, נאר פון פיל מענשען נאך פארמשפט,
ווי א קוואל פון גאטלאזיגקייט; אז מענשליכע אויסטראכטונגען ווע־
רען אנגענומען פאר געטליכע לערעס; אז לייכטגלויביגקייט ווערט
פארערעכנט פאר גלויבען; אז די וועלטליכע און קירכליכע מחלוקות
פון די פילאזאפען ווערען אנגעפירט מיט היץ און ליידענשאפט, וואס
דערפון אנטשטייט ווילדע קנאה־שנאה, וואס פירט לייכט די מענשען
צו אויפשטאנדען און צו נאך פיל אנדערע אומאנגענעמע זאכען, וואס
עס וואלט געווען צופיל זיי דא אויסצורעכענען, — האב איך ערנסט
באשלאסען צו מאכען מיט א ריינעם און פרייען גייסט א נייע אונטער־
זוכונג פון דער ביבעל און קיין זאך ניט באהויפטען, ווי אויך קיין זאך
ניט אנערקענען פאר איר לערע, ווי נאר דאס, וואס לאזט זיך גאנץ קלאר
לערנען פון איר גופא. אונטער אט דער גאראנטיע האב איך צוגעגרייט
א מעטאד צו דערקלערען די הייליגע שריפט, און באזארגט מיט דעם
דאזיגען כלל, האב איך קודם כל גענומען אויספארשען, וואס עס איז
אזוינס נבואה, אויף וועלכען אופן האט זיך גאט אנטפלעקט צו די
נביאים און ווארום זיינען זיי פון גאט אויסדערוויילט געווארען.
איז עס געווען דערפאר, ווייל זיי האבען געהאט א הויכע השגה וועגען
גאט און וועגען דער נאטור, אדער נאר מחמת זייער גאטספארכטיג־
קייט?

נאכדעם, ווי דאס איז מיר געווארען קלאר, האב איך געקאנט

באהויפּטען אַז שווערינקייט, אַז די אויטאָריטעט פון די נביאים האָט א ממשות נאָר אין זאַכען, וואָס זיינען נוגע דעם פּראַקטישען לעבען און די גוטע מדות, בעת אין אַלע אַנדערע זאַכען גייען אונז זייערע מיינונגען ווייניג וואָס אַן.

איך בין געגאַנגען ווייטער און געזוכט אויסצוגעפינען, וואָרום די העברעער זיינען אָנגערופען געוואָרען די אויסדערוויילטע פון גאָט. אַזוי ווי איך האָב ניט געקאָנט געפינען קיין אַנדער גרונד דערצו, ווי נאָר דאָס, וואָס גאָט האָט פאַר זיי אויסגעקליבען אַ געווים לאַנד אויף דער ערד, וואו זיי זאָלען קאָנען לעבען זיכער און באַקוועם, האָב איך גע־מאַכט דערפון דעם אויספיר, אַז די געזעצע, וואָס גאָט האָט אַנט־פּלעקט צו משה׳ן, זיינען געווען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דאָס מלוכה־רעכט פון די העברעאישע שטאַט, און טאַקע נאָר פון זיי אַליין, וואָס קיינער, אויסער די העברעער, איז ניט געווען מחוייב זיי אָנצונעמען און וואָס אפילו די העברעער אַליין זיינען געווען פאַרפּליכטעט צו זיי ניט מער, ווי נאָר פאַר דער צייט פון זייער מלוכה.

כדי צו זען ווייטער, צי מען קאָן אויפווייזען דורך דער ביבעל, אַז דאָס מענשליכע דענקען איז פון דער נאַטור אוים פאַרדאַרבען, האָב איך אונטערגעזוכט, צי די אוניווערסאַלע רעליגיע, ד. ה. דאָס געטליכע געזעץ, וואָס די נביאים און די אַפּאָסטאָלען האָבען אַנטפּלעקט פאַר דעם גאַנצען מענשליכען מין, אונטערשיידט זיך פון דער רעליגיע, וואָס עס לערנט אונז דאָס נאַטירליכע ליכט אין אונז; אויך האָב איך אונ־טערגעזוכט, צי וואונדער געשעען קעגען דעם סדר פון דער נאַטור און צי זיי באַווייזען אונז די עקזיסטענץ פון גאָט און די געטליכע השגחה מיט מער זיכערקייט און קלאָרקייט, ווי די זאַכען, וואָס מיר פאַרשטייען זיי קלאָר און דייטליך דורך זייערע אָנפאַנגליכע סיבות.

ניט געפינענדיג אָבער אין די פאַרשריפטען, וואָס די ביבעל לערנט אונז אויסדריקליך, קיין זאַך, וואָס זאָל ניט זיין אין הסכם מיט׳ן נאַטירליכען דענקען אָדער גאָר להיפוך צו אים, און זעענדיג, אחוץ דעם, אַז די נביאים האָבען אייגענטליך געלערנט גאַנץ פשוט׳ע זאַכען, וואָס יעדער איינער קען זיי לייכט באַגרייפען, ניט מער, זיי האָבען גענוצט פאַר דעם אַזאַ סטיל און דאָס באַפעסטיגט מיט אַזוינע טעמים, וואָס עס זאָל קאָנען גיכער באַוועגען דאָס הארץ פון דער מאַסע צו יראת השם, — האָב איך זיך פולשטענדיג איבערצייגט, אַז

די ביבעל שטערט באין אופן ניט דער פרייהייט פון דענקען, אז זי האט גארניט צו טון מיט דער פילאזאפיע און אז יעדערע פון זיי שטייט אויף איר אייגענעם יסוד.

כדי פעסטצושטעלען דעם דאזיגען אמת און באלייכטען בעסער דעם גאנצען ענין, וועל איך אויפווייזען, ווי אזוי די ביבעל דארף אויס־געטייטשט ווערען און אויך, אז אלץ, וואס מיר ווייסען פון דער בי־בעל און פון רוחניותדיגע ענינים דארף געשעפט ווערען פון איר אליין און ניט פון די פאקטען, וואס מיר ווייסען דורך דעם נאטירליכען ליכט אין אונז. ווייטער גיי איך איבער צו דער דערקלערונג פון די פאר־אורטיילען, וועלכע זיינען אנטשטאנען מחמת דעם, וואס די מאסע, זייענדיג איבערגעגעבען דעם אבערגלויבען און ליבענדיג דאס צייטליכע און פארגייליכע מער, ווי דאס אייביגע, פארערט די ביכער פון דער ביבעל מער, ווי גאט׳ס ווארט אליין. איך וועל אויך אויפווייזען, אז דאס ווארט, וואס ווערט אנטפלעקט פון גאט, באשטייט ניט אין א באשטימטער צאל ביכער, נאר אין דער איינפאכער פארשטעלונג, וואס עס האבען געהאט די געטליך־באגייסטערטע נביאים, און דאס איז, געהארכען גאט מיט א ריינעם הארצען, טון גערעכטיגקייט און ליבען דעם נאענ־טען. איך וועל אויך אויפווייזען, אז די דאזיגע פארשריפטען ווערען געלערנט אין דער ביבעל אין הסכם מיט די באגריפען און מיינונגען פון די מענשען, וואס די נביאים און די אפאסטאלען פלעגען פאר זיי פרעדיגען גאט׳ס ווארט; און דאס איז אזוי געטאן געווארען כדי די צוהערער זאלען פארנעמען אט־דעם אמת אן ווידערשטאנד און מיט׳ן גאנצען הארצען.

נאכדעם, ווי איך גיב איבער די יסודות פון גלויבען, מאך איך דעם אויספיר, אז דער תוך פון דעם אנטפלעקטען וויסען איז ניט קיין אנ־דער זאך, ווי געהארכיגקייט, און ממילא איז דאס אנט־פלעקטע וויסען דורכאויס פארשיידען פון דעם נאטירליכען וויסען סיי מיט זיין תוך, אזוי אויך מיט זיינע יסודות און מיטלען; אז איינס האט גארניט צו טון מיט׳ן אנדערען; אז יעדער פון זיי דארף האבען זיין באזונדערען געביט, אן געגנערשאפט פון איינעם צום צווייטען; און אז קיינער פון זיי דארף ניט זיין אין דינסט פון אנדערען.

אזוי ווי די מענשען, ווידער, זיינען אזוי פארשיידען אין כאַ־ראַקטער, אז איינער איז נוטה צו אַזאַ מיינונג, אַן אַנדערער — צו אַן אַנדער מיינונג. אז דאָס, וואָס שטימט איינעם אַן צו יראת השם, רופט ביים אַנדערן אַרויס געלעכטער, דרינג איך דערפון, ווי אויך פון דעם, וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז עס דאַרף יעדען איינעם געגעבען ווערען די פרייהייט פון מיינונג און דאָס רעכט צו באַשטימען די יסודות פון זיין גלויבען, לויט דער אייגענער איבערצייגונג, און אַז מען דאַרף ניט אורטיילען, צי איינעמס גלויבען איז גוט אָדער שלעכט, ווי נאָר דורך זיינע מעשים. נאָר אַזוי אַרום וועלען אַלע מענשען קאָנען געהאָרכען גאָט מיט אַ ריינעם און פרייען האַרצען און האַלטען טייער גערעכטיגקייט און ליבע.

נאָכדעם, ווי איך מאַך קלאָר אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס אַנטפּלעקטע געטליכע געזעץ לאָזט יעדען איינעם זיין פרייהייט, גיי איך איבער צום אַנדערן טייל פון דער פראַגע און ווייז אויף, אַז די דאָזיגע פריי־הייט קאָן ניט נאָר צוגעלאָזען ווערען אָן יעדער געפאַר פאַר'ן שלום פון שטאַט און דעם רעכט פון דער העכסטער מלוכה־מאַכט, נאָר אַז זי מוז צוגעלאָזען ווערען און קאָן גאָר ניט אָפּגעשאַפט ווערען, ניט שטעלענדיג דערמיט אין גרויס געפאַר דעם בירגער־שלום און ניט ברענגענדיג פיל שאָדען דעם גאַנצען שטאַט.

כדי צו באַווייזען דעם דאָזיגען אמת, גיי איך אַרויס פון דעם נאַטירליכען רעכט פון דעם יחיד און ווייז אויף, אַז דאָס דאָזיגע רעכט גייט נאָר אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט עס גייט דעם יחיד'ס ווילען און מאַכט; אַז קיינער קאָן ניט, לויט דעם רעכט פון דער נאַטור, גע־צוואונגען ווערען צו לעבען נאָך אַן אַנדערענס איבערצייגונג, נאָר יע־דער איינער איז דער באַשיצער פון זיין אייגענער פרייהייט. ווייטער ווייז איך אויף, אַז קיינער גיט אין דער אמת'ען ניט אויף דאָס דאָזיגע רעכט, אויב ער טראָגט אויך ניט איבער אויף אַן אַנדערן זיין מאַכט צו פאַרטיידיגען זיך, און אַז נאָר דער, וואָס אַן אַנדערער האָט איבער־געטראָגען אויף אים זיין רעכט צו לעבען, ווי אים אַליין געפעלט, און זיין מאַכט צו פאַרטיידיגען זיך, באַזיצט נויטיגערהייט דאָס דאָ־זיגע נאַטירליכע רעכט אויף אַן אַבסאָלוטען אופן. דערפון פיר איך ווייטער אויס, אַז די פּערזאָנען, וואָס באַזיצען די העכסטע מאַכט,

האבען א רעכט אויף אלץ, וואס איז אין זייער מאכט, אז זיי אליין זיינען די באשיצער פון רעכט און פרייהייט און אז אנדערע דארפען אין אלצדינג זיך אונטערווארפען אונטער זייערע באשליסען.

אבער אזוי ווי קיינער קאן ניט אפזאגען זיך פון זיין מאכט צו פארטיידיגען זיך אויף אזוי ווייט, אז ער זאל אויפהערען צו זיין א מענש, באהויפט איך, אז קיינער קאן ניט בארויבט ווערען אויף אן אבסאלוטען אופן פון זיין נאטירליכען רעכט; אז די אונטערטאנען דערהאלטען פון זייער נאטירליכען רעכט דאס, וואס וואלט פון זיי ניט געקאנט אוועקגענומען ווערען אן גרויס געפאר פאר'ן שטאט, און ממילא ווערען אט־די רעכט זיי נאכגעגעבען אדער שטילשווייגענדיג, אדער דורך אן אויסדריקליכען אפמאך מיט די באזיצער פון דער מלוכה־מאכט.

נאך די דאזיגע באטראכטונגען גיי איך איבער צו דער מלוכה פון די העברעער. כדי צו מאכען קלאר, אויף וועלכען גרונד און דורך וועמענס באשלוס די רעליגיע האט אנגעהויבען באקומען די קראפט פון רעכט, באשרייב איך די דאזיגע מלוכה אויף א גאנץ אויספירליכען אופן און דערמאן, בדרך אגב, נאך אנדערע פרטים, וואס עס איז כדאי, גלויב איך, זיי צו וויסען. ווייטער ווייז איך אויף, אז די, וואס באזיצען די העכסטע מאכט, זיינען די באשיצער און די אויסטייטשער ניט נאר פון דעם *בירגערליכען*, נאר אויך פון דעם *גייסטליכען* רעכט און אז נאר זיי אליין האבען דאס רעכט צו באשטימען, וואס עס איז רעכט און וואס אומרעכט, וואס עס איז פרום און וואס גאטלאז. צום שלוס פיר איך אויס, אז די, וואס האבען דאס דאזיגע רעכט, וועלען עס קענען אויפהיטען אויפ'ן בעסטען אופן, ווי אויך דערהאלטען די רעגירונג אין זיכערקייט נאר דאן, *ווען עס וועט יעדען בירגער געגעבען ווערען די מעגליכקייט צו דענקען, ווי ער פארשטייט, און צו זאגען, וואס ער דענקט.*

אט־דאס, פילאזאפישער לעזער, איז דער ענין, וואס איך גיב דא איבער צו דיין פרואוו. איך האף, אז דאס וועט ניט זיין אומניצליך, האבענדיג אין זינען די וויכטיגקייט און די ניצליכקייט פון דעם

ענין סיי פון דעם גאנצען ווערק, סיי פון יעדען קאַפּיטעל באַזונ־דער. איך וואָלט געקאָנט דאָ צוגעבען נאָך אייניגע באַטראַכטונגען איבער דעם, אָבער איך וויל ניט, אַז פון אַט־דער הקדמה זאָל ווערען אַ גאַנץ בוך, וויסענדיג, אַז די הויפּט־פּונקטען זיינען גענוג באַקאַנט פון די פילאָזאָפען. וואָס איז שייך אַנדערע פּערזאָנען, האָב איך גאָר ניט בדעה זיי צו רעקאָמענדירען דעם דאָזיגען טראַקטאַט, ווייל איך האָב ניט קיין שום האָפענונג, אַז ער וועט זיי אין וועלכען־עס־איז פּרט קאָנען געפעלען. איך ווייס, ווי פעסט עס פאַרבלייבען איינגע־וואָרצעלט אין זייער נשמה די פאָראורטיילען, וואָס זייער גייסט האָט זיי אויפגענומען אונטער'ן שיין פון גאָטספאַרכיטיגקייט; איך ווייס אויך, אַז עס איז פאַר דער מאַסע פּונקט אַזוי אוממעגליך אויפצוגע־בען דעם אַבערגלויבען, ווי די מורא; איך ווייס, לסוף, אַז אַט־די שטאַנדהאַפטיגקייט פון דער מאַסע איז ניט מער, ווי בלינדע עקשנות, אַז זי ווערט ניט געפירט פון שכל, נאָר מיטגעריסען פון איר נייגונג צו לויבען אָדער טאַדלען. איך לאַד דעריבער ניט איין ניט די מאַסע און ניט די אַלע מענשען, וואָס זיינען אונטערגעוואָרפען דיזעלביגע ליידענשאַפטען, וואָס די מאַסע, צו לייענען די דאָזיגע בלעטער. נאָך מער, איך וויל, אַז זיי זאָלען בעסער לאָזען דאָס בוך אינגאַנצען צו רו, איידער צו ברענגען שאַדען, אויפפאַסענדיג עס, ווי זיי טוען אַלע אַנ־דערע זאַכען, אויף אַ פאַרקערטען אופן, וואָס דערמיט טוען זיי זיך ניט קיין טובה, נאָר שטערען בלויז אַנדערע, וועלכע וואָלטען פילאָזאָפירט מיט אַ פרייערען גייסט, ווען עס וואָלט זיי ניט געשטאַנען אין וועג די מיינונג, אַז דער שכל דאַרף זיין אַ דינער ביי דער טעאָלאָגיע; אַט־די, האָף איך, וועט מיין ווערק ברענגען פיל נוצען.

אגב, אַזוי ווי פילע וועלען אפשר ניט האָבען ניט קיין צייט און ניט קיין פאַרלאַנג דורכצולייענען דעם גאַנצען באַנד, בין איך דאָ מודיע, פּונקט ווי איך טו דאָס צום סוף פון דעם טראַקטאַט, אַז איך האָב ניט געשריבען קיין איין זאַך, וואָס איך וואָלט ניט גערן איבער־געגעבען דעם פּרואוו און אורטייל פון דער העכסטער מאַכט פון מיין פאַטערלאַנד. ווייל אויב זיי וועלען געפינען צווישען דעם, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין קעגען די געזעצען פון פאַטערלאַנד, אָדער שעדליך פאַר'ן וואוילשטאַנד פון כלל, דאַן וויל איך, אַז דאָס זאָל ניט האָבען געזאָגט ווערען. איך ווייס, אַז איך

בין א מענש און קאן זיך טועה זיין; איך האב אבער זיך גענומען די גרעסטע מי ניט צו טועה זיין זיך; און דער עיקר האב איך אין זינען געהאט, אז אלץ, וואס איך האב געשריבען, זאל זיין דורכאויס אין הסכם מיט די געזעצען פון מיין פאטערלאנד, מיט דער פרומקייט און זיטליכקייט.



# טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט.

## קאַפּיטעל איינס.

### וועגען נבואה.

נבואה, אָדער אַנטפּלעקונג, איז די זיכערע דערקענטעניש פון עפּעס אַ זאַך, וואָס ווערט פון גאָט אַנטפּלעקט צו מענשען.

דער נביא איז דער, וואָס דערקלערט גאָט׳ס אַנטפּלעקונגען צו מענשען, וועלכע האָבען ניט קיין זיכערע דערקענטעניש פון זאַכען, אַנטפּלעקטע פון גאָט, און ממילא קענען זיי אַנדערש ניט אָננעמען די אַנטפּלעקטע זאַכען, ווי נאָר דורך גלויבען. דער פראַפעט ווערט טאַקע ביי די העברעער אָנגערופען נביא, ד. ה. רעדנער און דאָלמע־טשער; און אין דער ביבעל ווערט דאָס וואָרט אַלע מאָל געברויכט פאַר גאָט׳ס דאָלמעטשער, ווי דאָס איז צו זען פון שמות, קאַ־פּיטעל ז׳, פּסוק 1, וואו גאָט זאָגט צו משה׳ן: „זע, איך האָב דיך באַשטימט פאַר אַ גאָט איבער פרעה׳ן, און אהרן, דיין ברודער, וועט זיין דיין נביא“. דער טייטש דערפון איז: היות אַהרון, דערקלערענדיג דיי־נע ווערטער צו פרעה׳ן, וועט שפּילען די ראָלע פון אַ נביא, וועסטו זיין אַזוי ווי פרעה׳ס גאָט, אָדער אַזוי ווי גאָט׳ס ממלא מקום.

אין דעם צווייטען קאַפּיטעל וועל איך רעדען וועגען די נביאים, דאָ וועל איך באַהאַנדלען די נבואה. פון דער פריער געגעבענער דעפי־ניציע פון נבואה פאָלגט, אַז די נאַטירליכע דערקענטעניש קאָן אויך אָנגערופען ווערען נבואה, ווייל די זאַכען, וואָס מיר דערקענען זיי דורך דעם נאַטירליכען ליכט אין אונז, ווענדען זיך דורכאויס אָן דער דער־קענטעניש פון גאָט און אָן זיינע אייביגע באַשליסען. אַזוי ווי אָבער די דאָזיגע נאַטירליכע דערקענטעניש איז געמיינשאַפטליך צו אַלע מענשען, ווייל אירע יסודות זיינען געמיינשאַפטליך צו אַלעמען, ווערט

זי, דעריבער, ניט אַזוי הויך געשעצט פון דער מאַסע, וועלכע איז אַלע מאָל להוט אויף זעלטענע און איבערנאַטירליכע זאַכען און באַציט זיך מיט גרינגשעצונג צו די מתנות פון דער נאַטור; צוליב דעמזעלביגען טעם וויל זי אויך, אַז די נאַטירליכע דערקענטעניש זאָל אויסגעשלאָסען ווערען אומעטום, וואו עס רעדט זיך וועגען נביאישער דערקענטניש. וואָס אבער די נאַטירליכע דערקענטעניש זאָל ניט זיין, קאַן זי מיט ניט ווענינער רעכט, ווי די אַנדערע, אַנגערופען ווערען געטליכע, ווייל די נאַטור פון גאָט, אויף וויפיל מיר באַטייליגען זיך אין איר, און זיינע באַשליסען סוגערירען זי אונז אין א געוויסער מאָס, און ווייל זי אונטערשיידט זיך פון יענער דערקענטעניש, וואָס אַלע רופען זי אַן געטליכע, נאָר דערמיט, וואָס די לעצטע ברייט זיך אויס אריבער די גרעניצען פון דער נאַטירליכער דערקענטעניש און וואָס די געזעצען פון דער מענשליכער נאַטור, ווען גענומען פאַר זיך אליין, קאָנען ניט זיין איר אורזאַך. בנוגע אבער דער זיכערקייט, וואָס די נאַטירליכע דערקענטעניש פאַרמאָגט אין זיך, און בנוגע דעם קוואַל, פון וועלכען זי קומט אַרויס, וואָס דאָס איז גאָט, שטייט זי מיט קיין זאַך ניט אָפּ פון דער נביאישער דערקענטעניש. ניט אַנדערש, אַז איינער האָט געמוזט האָבען א פאַרלאַנג צו באַהויפּטען, אָדער גאָר צו טרוימען, אַז די נביאים האָבען טאַקע געהאַט א מענשליכען קערפּער, אבער ניט קיין מענשליכע נשמה, און זייערע שפּירונגען און באַוואוסטזיין זיינען געווען פון א גאַנץ אַנדער נאַטור, ווי אונזערע.

פונדעסטוועגען, ווען דאָס נאַטירליכע וויסען איז אפילו געטליך, קאָנען אבער זיינע פאַרשפּרייטער ניט אַנגערופען ווערען נביאים, ווייל דאָס, וואָס זיי לערנען, קאָנען אויך אַנדערע מענשען באַנעמען און מאַכען פאַר זייער אייגענם מיט דערזעלביגער זיכערקייט און זעלבשטענדיגקייט, ווי זיי אליין, און ניט נאָר דורכ'ן גלויבען אליין.

און אַזוי ווי אונזער נשמה, שוין דערמיט אליין, וואָס זי איז כולל אין זיך אויף אַן אָביעקטיווען אופן די נאַטור פון גאָט און באַטייליגט זיך אין איר, פאַרמאָגט די פעאיגקייט צו שאַפען געוויסע באַגריפען, וואָס דערקלערען די נאַטור פון זאַכען און לערנען אונז, ווי אַזוי צו לעבען, קאָנען מיר, דעריבער, גאַנץ ריכטיג פעסטשטעלען, אַז די נאַטור פון דער נשמה, אויף ווי ווייט זי ווערט אויפגעפאַסט אַזוי, ווי איך האָב עס נאָר וואָס דערמאָנט, איז די ערשטע סיבה פון דער

געטליכער אַנטפּלעקונג; ווייל אַלץ, וואָס מיר באַגרייפן קלאָר און דייטליך, ווערט אונז סוגערירט דורך דער השגה וועגן גאָט, ווי מיר האָבן עס נאָר וואָס אַנגעצייכנט, און דורך דער נאַטור, — ניט מיט ווערטער, נאָר אויף אַ פיל בעסערן אופן, וואָס איז מער אין הסכם מיט דער נאַטור פון דער נשמה, ווי יעדער איינער, וואָס האָט געפילט די איבערצייגנדיגע קראַפט פון שכל, האָט עס אַן צווייפל אויף זיך אַליין אויסגעפּרואווט.

אַזוי ווי מיין ציל איז צו רעדן דער עיקר וועגן דעם, וואָס איז נוגע דער ביבל, וועל איך זיך באַנוגענען מיט אָט־די עטליכע ווערטער, וואָס איך האָב דאָ געזאָגט וועגן דעם נאַטירליכן ליכט. איך וועל, אַלזוי, איבערגיין צו די אַנדערע סיבות און מיטלען, דורך וועלכע גאָט אַנטפּלעקט צו די מענשן דאָס, וואָס טרעט אַריבער, אָדער טרעט ניט אַריבער די גרעניצען פון דער נאַטירליכער דערקענטעניש, ווייל קיין זאַך שטערט דאָך ניט גאָט מיטצוטיילן די מענשן דורך אַנדערע מיטלען דאָס, וואָס מיר דערקענען דורך דעם נאַטירליכן ליכט אין אונז. אָט־דעם ענין וועל איך איצט באַהאַנדלען מער באַריכות.

אַלץ, וואָס קאָן איבער דעם געזאָגט ווערן, דאַרף באמת גענומען ווערן פון דער ביבל גופא. ווייל וואָס אַנדערס קענען מיר זאָגן וועגן זאַכען, וואָס טרעטן אַריבער די גרעניצען פון אונזער דענקען, ווי נאָר דאָס, וואָס איז אונז מיטגעטיילט געוואָרן אין וואָרט אָדער אין שריפט דורך די נביאים אַליין? און אַזוי ווי ביים היינטיגן טאָג האָבן מיר ניט, ווי ווייט איך ווייס, מער קיין נביאים, בלייבט אונז ניט איבער צו טון קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר דורכצוקוקן די הייליגע שריפטען, וואָס די נביאים האָבן אונז איבערגעלאָזן. דערביי מוזען מיר אָבער זיך אויך אויסהיטען ניט צו באַהויפּטען קיין זאַך, אָדער מיחס זיין צו די נביאים עפּעס אַזוינס, וואָס זיי האָבן ניט געהאַט אויסגעדריקט אויף אַ קלאָרען אופן.

עס איז דאָ באַזונדערס נויטיג צו באַמערקען, אַז די יידען דער־מאָנען מיט קיין וואָרט ניט די אַלגעמיינע אָדער באַזונדערע סיבות און קימערען זיך כלל ניט וועגן דעם, נאָר ווענדען זיך אַלעמאָל אוממי־טעלבאַר צו גאָט מחמת רעליגיעזיטעט, פרומקייט, אָדער הכנעה, ווי מען זאָגט עס געוויינליך. האָבן זיי, למשל, פאַרדינט געלט אין מסחר, אַזוי זאָגען זיי, אַז גאָט האָט עס זיי צוגעשיקט. ווילען זיי,

אַז עפּעס זאָל מקויים ווערען, אַזוי זאָגען זיי, אַז גאָט האָט געניינט זייער האַרץ דערצו. האָבען זיי עפּעס אַ געדאַנק, אַזוי זאָגען זיי, אַז גאָט האָט זיי דאָס מיטגעטיילט. מען דאַרף, דעריבער, ניט אָננעמען אַלץ, וואָס ווערט דערציילט אין דער ביבעל, אַז גאָט האָט געזאָגט צו דעם און דעם מענשען, פאַר נבואה אָדער איבערנאַטירליכע דערקענטעניש, נאָר בלויז דאָס, וואָס די ביבעל זאָגט וועגען דעם אויסדריקליך, אָדער וואָס פאָלגט פון די אומשטענדען פון דער דערציילונג, אַז עס איז געווען נבואה אָדער אַן אַנטפּלעקונג.

אויב מיר וועלען דורכבלעטערן די היילינע שריפטען, וועלען מיר זען, אַז אַלץ, וואָס גאָט האָט אַנטפּלעקט צו די נביאים, איז זיי אַנטפּלעקט געוואָרען אָדער אין ווערטער, אָדער אין בילדער, אָדער צוגלייך אויף ביידערליי אופנים. די ווערטער און בילדער זיינען געווען אָדער אמת'דיגע, וואָס דער נביא האָט זיך זיי ניט איינגעבילדעט, נאָר באמת געהערט אָדער געזעען, אָדער איינגעבילדעטע, ווען דער דמיון פון דעם נביא, ווען אַפילו אין אַ וואַכיגען צושטאַנד, איז געווען אַזוי אָנגעשטימט, אַז עס האָט זיך אים אָפּגעדוכט, ווי ער וואָלט עפּעס קלאָר געהערט, אָדער געזעען.

מיט אַן אמת'ער שטימע האָט גאָט אַנטפּלעקט צו משה'ן די געזעצען, וואָס ער האָט זיי געוואָלט פאַרשרייבען די העברעער, ווי דאָס איז צו זען פון שמות, קאַפּ. כ"ה, פּסוק 22, וואו גאָט זאָגט: „און איך וועל זיך מיט דיר דאָרט טרעפען, און איך וועל מיט דיר רעדען פון דער דעק פון אָרון, פון צווישען די צוויי כרובים, וואָס זיינען איבער'ן אָרון." דאָס הייסט, אַז גאָט האָט זיך באַדינט מיט אַן אמת'ער שטימע, ווייל יעדען מאָל, ווען משה האָט עס נאָר געוואָלט, האָט ער געפונען גאָט גרייט צו רעדען צו אים. אָבער בלויז אָט־די שטימע, דורך וועלכער דאָס געזעץ איז איבערגעגעבען געוואָרען, איז געווען אַן אמת'ע, ווי איך וועל דאָס באַלד אויפווייזען.

איך וואָלט אָנגענומען, אַז אויך די שטימע, מיט וועלכער גאָט האָט גערופען שמואל'ען, איז געווען אַן אמת'ע, ווייל עס ווערט געזאָגט אין שמואל א', קאַפּ. ג, לעצטען פּסוק: „און גאָט האָט זיך ווידער באַוויזען צו שמואל'ען, אין

שלה. ווייל גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו שמואל׳ען. אין שלה, דורך גאָט׳ס וואָרט", דאָס הייסט, אַז אָדער גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו שמואל׳ען דורכ׳ן וואָרט, אָדער שמואל האָט געהערט גאָט רעדען. אָבער אַזוי ווי מיר מוזען אָפּשיידען משה׳ס נבואה פון דער נבואה פון אַנדערע נביאים, דאַרפען מיר אומבאַדינגט זאָגען, אַז די שטימע, וואָס שמואל האָט זי געהערט, איז געווען אַן איינגעבילדעטע. דאָס לאָזט זיך אויך זען פון דעם פאַקט, וואָס די דאָזיגע שטימע איז געווען ענליך צו עלי׳ס שטימע, וואָס שמואל פלעג זי הערען צום אָפטסטען, און ער האָט זי, דערוייבער, געקאָנט פאַרנעמען מיט זיין כוח הדמיון; ווייל ווען גאָט האָט אים גערופען דריי מאָל, האָט ער יעדען מאָל געמיינט, אַז דאָס האָט אים עלי גערופען.

די שטימע, וואָס אבימלך האָט געהערט, איז אויך געווען אַן איינגעבילדעטע, ווייל עס ווערט געזאָגט אין בראשית, קאַפּ. כ׳, פּסוק 6: „און גאָט האָט צו אים געזאָגט אין חלום", און א. וו. דאָס הייסט, אַז ניט אויפ׳ן וואָר, נאָר בלויז אין חלום, ווען דער כוח הדמיון איז, נאַטירליך, מער גענייגט זיך פאָרצושטעלען ניט־עקזיסטירענדיגע זאַכען, האָט ער זיך עס געקאָנט איינבילדען, אַז ער פאַרנעמט גאָט׳ס ווילען.

די ווערטער פון די עשרת הדברות זיינען, לויט דער מיינונג פון אייניגע יידען, ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרען פון גאָט; זיי גלויבען, אַז די בני ישראל האָבען נאָר געהערט אַ גערויש אָן ווערטער און פאַרנומען דאָן מיט זייער נשמה די געזעצען פון די עשרת הדברות. איך אַליין האָב עס אויך פריער געטראַכט, ווען איך האָב געזען, אַז די ווערטער פון די עשרת הדברות אין שמות זיינען אַנדערש פון די ווערטער פון די עשרת הדברות אין דברים, וואָס דערפון קאָן מען, דאַכט זיך, דרינגען, אַז היות גאָט האָט דאָך גערעדט בלויז איין מאָל, אַנטהאַלטען ניט די עשרת הדברות גאָט׳ס ווערטער גופא, נאָר בלויז זייער זין. וויל מען אָבער ניט זיין געוואַלטזאַם צו דער ביבעל, מוז מען אומבאַדינגט צוגעבען, אַז די בני ישראל האָבען געהערט אַן אמת׳ע שטימע; ווייל די ביבעל זאָגט אויסדריקליך אין דברים, קאַפּ. ה׳, פּסוק 4: „גאָט האָט צו אייך גערעדט פּנים בפּנים", און א. וו., ד. ה. ווי צוויי מענשען, וואָס טיילען מיט איינער

דעם אַנדערען זייערע געדאַנקען דורך דער פאָרמיטלונג פון זייערע חושים. די השערה, אַז גאָט האָט באַשאַפען אַן אמת'ע שטימע, דורך וועלכער ער האָט אַנטפּלעקט די עשרת הדברות, זעט אויס צו זיין מער אַנגעמאָסטען פאַר דער ביבעל. וואָרום זיינען אָבער די עשרת הדברות אין שמות אַנדערש אין וואָרט און אין אינהאַלט פון די עשרת הדברות אין דברים, — וועגען דעם זע קאַפּיטעל 8.

דערמיט ווערען אָבער נאָך ניט אַלע שוועריקייטען באַזייטיגט. ווייל עס ליגט זיך דאָך אויך אויפ'ן שכל, אַז אַ באַשאַף, וואָס איז פונקט אַזוי אָפּהענגיג פון גאָט, ווי אַלע אַנדערע זאַכען, זאָל קאָנען אויסדריקען דעם עצם גאָט אָדער זיין עקזיסטענץ אויף אַ רעאַלען אופן. אָדער דורך ווערטער. עס ווערט דאָך גערעדט אין דער ערשטער פּער־זאָן: „איך בין ה', דיין גאָט" און אַ. וו. און הגם, ווען עמיצער זאָגט מיט'ן מויל „איך האָב פאַרשטאַנען", ווייס יעדער איינער, אַז דאָס האָט דער גייסט פון דעם, וואָס רעדט, פאַרשטאַנען, און ניט זיין מויל, איז עס אָבער אַזוי דערפאַר, ווייל דאָס מויל פון דעם, וואָס רעדט, איז אַ טייל פון זיין וועזען, ווייל דער, וואָס צו אים איז דאָס וואָרט געווענדט, ווייס גאַנץ גוט, וואָס עס הייסט פאַרשטיין, און ווייל ער באַגרייפט לייכט דעם געדאַנק פון דעם, וואָס רעדט, דורך פאַרגלייכונג מיט זיך אַליין. אָבער די יידען האָבען פאַר דעם ניט געוואוסט קיין זאַך פון גאָט, חוץ דעם נאָ־מען, און זיי האָבען געוואָלט, ער זאָל צו זיי רעדען, כדי צו ווערען זיכער אין זיין עקזיסטענץ. איך זע דעריבער ניט איין, ווי אַזוי זייער פאַרלאַנג האָט געקאָנט באַפרידיגט ווערען דורך אַ באַשאַף (וואָס גע־פינט זיך ניט אין אַ מער נאָענטער באַציאונג צו גאָט, ווי אַלע אַנדערע באַשאַפענע זאַכען, און וואָס געהערט ניט צו דער נאַטור פון גאָט). וועלכער זאָגט זיי: „איך בין גאָט". ווען גאָט וואָלט גערופען משה'ן. — וואָס זאָג איך משה'ן? — ווען גאָט וואָלט געצוואונגען די ליפען פון עפּעס אַ חיה אַרויסצורעדען דיזעלביגע ווערטער און זאָגען: „איך בין גאָט". וואָלטען דען די יידען דורך דעם עפּעס משיג געווען פון גאָט'ס עקזיסטענץ?

די ביבעל, ווידער, זעט אויס צו זאָגען אויף אַ באַשטימטען אופן, אַז גאָט אַליין האָט גערעדט (וואָס צוליב דעם איז ער אַראָפּגעקומען פון הימעל אויפ'ן באַרג סיני) און אַז ניט נאָר האָבען אים די יידען

געהערט רעדען, נאר די עלצטע האבען אים אפילו געזעהען (זע שמות, קאפ. כ"ד). אין דעם געזעץ, וואס איז אנטפלעקט געווארען צו משה'ן, אין דעם געזעץ, וואס קיין זאך טאר צו אים ניט געמוסיפט ווערען און קיין זאך פון אים ניט געמינערט ווערען, און וואס איז אויפגע־שטעלט געווארען, אלס דאס געזעץ פון לאנד, ווערט ניט פארגעשריבען צו גלויבען, אז גאט איז אומקערפערליך און האט ניט קיין שום בילד, אדער געשטאלט; עס לערנט נאר, אז עס איז דא איין גאט, און הייסט גלויבען אין אים און אים אליין פארערען. כדי אבער די יידען זאלען ניט פארלאזען זייער קולט, האט דאס געזעץ זיי פארגעשריבען ניט צו־צוגעבען גאט קיין געשטאלט און ניט צו מאכען פון אים קיין בילד. אין דער אמתען, אזוי ווי די יידען האבען ניט געזעהען גאט'ס בילד, וואלטען זיי ניט געקאנט מאכען קיין בילד, וואס זאל זיין ענליך צו גאט, נאר בלויז אזוינס, וואס איז ענליך צו אן אנדער געשאפענעם וועזען, וואס זיי האבען געזעהען; און ווען זיי וואלטען דאן פארערט גאט דורך אט־דעם בילד, וואלטען זיי ניט געטראכט וועגען גאט, נאר וועגען דעם אביעקט, וואס אט־דאס בילד וואלט פארגעשטעלט, און אים אזוי ארום צוגעטיילט די פארערונג און פארהערליכונג, וואס דארף צוגעטיילט ווערען צו גאט. די ביבעל זאגט אפילו גאנץ דייט־ליך, אז גאט האט א געשטאלט און אז משה האט זי געזעהען, ווען ער האט געהערט גאט רעדען; ער האט אבער געהאט דאס גליק צו זען ניט מער ווי גאט'ס רוקען. איך צווייפעל דעריבער ניט, אז עס מוז דא זיין פארבארגען עפעס א סוד, וואס איבער דעם וועל איך זיך שפעטער ארויסזאגען מער באריכות. איצט וועל איך נאר זיך ווידער אפשטעלען אויף די שטעלען פון דער ביבעל, וואס ווייזען די מיט־לען, דורך וועלכע גאט האט אנטפלעקט זיינע באשליסען צו די מענשען.

אז די אנטפלעקונג קומט פאר דורך בילדער אליין, קאן מען זען פון דברי הימים א, קאפ. כ"א, וואו גאט לאזט דוד'ן ווי־סען וועגען זיין צארן דורך דער שליחות פון א מלאך, וואס האט גע־האלטען א שווערד אין האנט. דאסזעלביגע איז אויך געשעען מיט בלעמ'ען. און הגם ר' משה בן מיימון און אנדערע, וואס רעדען וועגען ערשיינונגען פון מלאכים, ווי מנוח'ס ערשיינונג, אדער אברהמ'ס, וועלכער האט געזאלט מקריב זיין זיין זון און א. וו., האלטען, אז די דאזיגע ערשיינונגען קאנען פארקומען נאר אין חלום, ווייל קיינער קאן

ניט זען קיין מלאך מיט אָפענע אויגן, איז דאָס אָבער ניט מער, ווי פּוסטע פּלוידערייען פון מענשען, וואָס ווילען מיט געוואַלט אַרויס־לייענען פון דער ביבעל אַריסטאָטעלישע טרוימערייען און זייערע אייגענע אויסטראַכטונגען; דאָס איז, לויט מיין מיינונג, אַ העכסט־לעכערליכער אויפטו.

אַנקעגען־אָבער האָט גאָט אַנטפּלעקט יוסף׳ן זיין צוקונפטיגע הערשאַפט ניט אין רעאַלע בילדער, נאָר אין אַזוינע, וואָס זיינען געווען בלויז אין דער פאַנטאַזיע פון דעם נביא.

דורך בילדער און ווערטער האָט גאָט אַנטפּלעקט יהושע׳ן, ער זאָל קעמפען פאַר די בני ישראל, ווייזענדיג אים אַ מלאך מיט אַ געצויגענער שווערד, אַלס אָנפירער פון קריג, וואָס ער האָט אים דאָס אויך אַנטפּלעקט מיט ווערטער און וואָס יהושע האָט דאָס געהערט פון דעם מלאך אַליין. אויך ישעיה׳ן, ווי דאָס ווערט דערציילט אין קאַפּ. ו׳, איז דורך געשטאַלטען פאַרגעשטעלט געוואָרען, אַז די געטליכע השגחה וועט פאַרלאָזען דאָס פאָלק. ער האָט, נעמליך, געזעען דעם דריימאָל הייליגען גאָט אויף אַ הויכען טראָן און דאָס פאָלק ישראל באַפלעקט מיט זינד, אַזוי ווי פאַרזונקען אין קויט, און ממילא זייער ווייט פון גאָט. דערפון האָט ער פאַרשטאַנען דעם עלענדען צושטאַנד, אין וועלכען דאָס פאָלק האָט זיך דאַן געפונען, און זיינע צוקונפטיגע ליידען זיינען אים אַנטפּלעקט געוואָרען, ווי גאָט וואָלט דאָס אים געזאָגט דורך ווערטער. איך וואָלט געקאָנט ברענגען פון דער ביבעל נאָך פיל אַזוינע ביישפּילען, ווען איך וואָלט ניט געהאַלטען, אַז די דאָזיגע פאַקטען זיינען אַלעמען גענוג באַקאַנט.

דאָס אַלץ ווערט נאָך פיל מער באַשטעטיגט דורך דער שטעל אין במדבר, קאַפּ. י״ב, פּסוקים 6 און 7, וואָס לייענט זיך אַזוי: „אויב איינער פון אייך איז אַ נביא פון גאָט, וועל איך זיך צו אים אַנטפּלעקען אין אַ זעאונג (ד. ה. דורך געשטאַלטען און צייכענס, ווייל וועגען משה׳ס נבואה זאָגט ער, אַז עס איז געווען אַ זעאונג אָן צייכענס), אָדער איך וועל מיט אים רעדען אין חלום (ד. ה. ניט מיט ווירקליכע ווערטער און ניט מיט אַן אמתער שטימע). אָבער ניט אַזוי אַנטפּלעק איך זיך צו משה׳ן, איך רעד מיט אים פּה אל פּה

און ער זעט גאָט׳ס געשטאַלט איז אַ זע־אונג און ניט דורך רעטעניש ען". ד. ה. ער זעט מיך, ווי זיינס אַ גלייכען, און רעדט מיט מיר אָן מורא, ווי דאָס איז צו זען פון שמות, קאַפּ. ל"ג, פּסוק 11. עס איז, דעריבער, קיין צווייפעל ניט, אַז די אַנדערע נביאים האָבען ניט געהערט קיין אמתע שטימע. נאָך מער ווערט דאָס באַשטעטיגט דורך דברים, קאַפּ. ל"ד, פּסוק 10, וואו עס ווערט געזאָגט: „און עס איז נאָך קיינמאָל ניט אויפגעשטאַנען קיין נביא אין ישראל, ווי משה, וואָס גאָט האָט אים געקענט פּנים אל פּנים". וואָס דערפון דאַרף מען פאַרשטיין, אַז גאָט האָט אים געקענט מיט דער שטימע אַליין. ווייל אויך משה האָט קיינמאָל ניט געזעען גאָט׳ס אַנגעזיכט (שמות, קאַפּ. ל"ג).

אויסער אָט־די מיטלען געפין איך ניט אין דער הייליגער שריפט קיין שום אַנדערע מיטלען, דורך וועלכע גאָט זאָל האָבען פאַרקערט מיט מענשען; און ווי מיר האָבען דאָס אויבען געוויזען, דאַרפען מיר גאָר קיין אַנדערע מיטלען ניט אויסטראַכטען אָדער אָננעמען. מיר ווייסען גאַנץ באַשטימט, אַז גאָט קאָן אוממיטעלבאַר פאַרקערען מיט מענשען, ווייל ער טיילט אונזער גייסט מיט זיין עצם, ניט באַנוצענ־דיג פאַר דעם קיין שום קערפּערליכע מיטלען; כדי אָבער אַ מענש זאָל מיט זיין גייסט אַליין באַנעמען געוויסע אמתען, וואָס זיינען ניט איינ־געשלאָסען אין די גרונדלאַגען פון אונזער דענקען און וואָס קאָנען פון זיי אויך ניט אויסגעפירט ווערען, מוז זיין גייסט נויטיגערהייט זיין דערהויבענער און פולקאָמער, ווי דער גייסט פון אַלע אַנדערע מענ־שען. איך גלויב אָבער ניט, אַז עמיצער, אחוץ ישו הנוצרי, זאָל זיך האָבען דערהויבען צו אַזאַ הויכער מדרגה פון פולקאָמקייט איבער אַנ־דערע מענשען, אַז די געטליכע באַשליסען, וואָס פירען די מענשען צו הצלת הנפש, זאָלען אים אַנטפּלעקט ווערען אוממיטעלבאַר אָן ווערטער, אָדער זעאונגען, ווי גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די אַפּאָס־טאָלען דורך ישו׳ס גייסט און ווי אַמאָל צו משה׳ן — דורך אַ שטימע אין דער לופט. און מחמת דעם קאָן ישו׳ס שטימע, פּונקט ווי די שטימע, וואָס משה האָט געהערט, אָנגערופען ווערען גאָט׳ס שטימע. און אין אָט־דעם זינען קאָנען מיר אויך זאָגען, אַז די געטליכע חכמה,

ד. ה. די חכמה, וועלכע איז העכער פון דער מענשליכער, האָט אין ישו'ן אנגענומען די מענשליכע נאַטור און אַז ישו איז געווען דער וועג פון הצלת הנפש.

איך מוז אָבער דאָ צוגעבן, אַז איך רעד דאָ באין אופן ניט וועגן דעם, וואָס אייניגע קירכען באהויפּטען וועגן ישו'ן, פּונקט ווי איך לייקען דאָס אויך ניט אָפּ; איך בין זיך גיכער מודה, אַז איך הויב דאָס ניט אָן צו פאַרשטיין. דאָס, וואָס איך האָב דאָ נאָר וואָס באַשטעטיגט, האָב איך עס אַרויסגענומען פון דער ביבעל גופא. איך האָב אָבער ערגעץ ניט געלייענט, אַז גאָט זאָל האָבען זיך באַוויזען צו ישו'ן אָדער גערעדט מיט אים, נאָר אַז גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו די אַפּאָסטאָלען דורך ישו'ן, אַז ישו איז דער וועג פון הצלת הנפש, און, לסוף, אַז דאָס אַלטע געזעץ איז איבערגעגעבען געוואָרען דורך אַ מלאך און ניט אוממיטעלבאר דורך גאָט, און א. וו. און דעריבער, אויב משה האָט גערעדט מיט גאָט פּנים אל פּנים, ווי איין מענש רעדט מיט'ן אַנדערען, ד. ה. דורך דער פאַרמיטלונג פון די חושים, האָט ישו פאַרקערט מיט גאָט נשמה אל נשמה.

איך זאָג, אַלזוי, אַז קיינער אחוץ ישו'ן, האָט ניט באַקומען די געטליכע אַנטפּלעקונגען, ווי נאָר מיט דער הילף פון דעם כח־הדמיון, ד. ה. דורך ווערטער, אָדער בילדער, און ממילא איז ניט נויטיג, כדי צו קאָנען נביאות־זאָגען, צו האָבען אַ פולקאָמערע נשמה, נאָר צו זיין באַשאָנקען מיט אַ לעבהאַפטיגערען כח־הדמיון, ווי איך וועל דאָס ווייזען קלאָר אין דעם קומענדיגען קאַפּיטעל.

איצט דאַרף מען נאָך אויספאָרשען, וואָס די הייליגע שריפטען פאַרשטייען אונטער גאָט'ס גייסט, וועגען וועלכען זיי זאָגען, אַז ער איז אויסגעשפּרייט געוואָרען אויף די נביאים, אָדער אַז די נביאים האָבען גערעדט דורך אים. צוליב דעם דאַרף מען אָבער קודם כל זען, וואָס עס באַטייט דאָס העברעאישע וואָרט ר ו ח, וואָס ווערט געוויינליך איבערגעזעצט מיטן וואָרט „גייסט“.

דאָס וואָרט ר ו ח באַטייט אין אייגענטליכען זינען ווינט. עס ווערט אָבער אָפט באַנוצט צו באַצייכענען זייער פיל אַנדערע זאַכען, וואָס שטאַמען אָפּ דערפון.

אין דער אמת'ען, עס ווערט אַנגענומען: 1 — צו באַצייכענען

דעם הויך, ווי אין תהלים, קל"ה, פסוק 17: „אויך איז ניטא קיין גייסט אין זייער מויל".

2 — צו באצייכענען די נשמה אדער דעם אטעם, ווי אין שמואל א, קאפ. ל', פסוק 12: „און דער גייסט האט זיך ווידער אומגעקערט צו אים". ד. ה. ער האט ווידער געאטעמט.

3 — דערפון ווערט עס גענומען צו באצייכענען מוט און קראפט, ווי אין יהושע, קאפ. ב', פסוק 11: „און דער גייסט איז זינט דאן מער ניטא אין קיין מענשען". דאס אייגענע איז אויך אין יחזקאל, קאפ. ב', פסוק 2: „און עס איז געקומען אין מיר א גייסט (אין אנדערע ווערטער, א קראפט), וואס האט מיך גע־שטעלט אויף מיינע פיס".

4 — דערפון ווערט עס ווייטער גענומען צו באצייכענען פע־איגקייט און טויגליכקייט, ווי אין איוב, קאפ. ל"ב, פסוק 8: „געוויס, דער גייסט אליין איז אין דעם מענשען". ד. ה. די חכמה דארף מען ניט אומ־באדינגט זוכען נאר ביי אלטע לייט, ווייל איך ווייס איצט, אז זי ווענדט זיך אן דער באזונדערער פעאיגקייט און באגאבטקייט פון דעם מענשען. דאס אייגענע אויך אין במדבר, קאפ. כ"ז, פסוק 18: „א מאן, וואס דער גייסט איז אין אים".

5 — עס ווערט דערמיט אויך באצייכענט די שטימונג, ווי אין במדבר, קאפ. י"ד, פסוק 24: „ווייל אן אנדערער גייסט איז אין אים", ד. ה. אן אנדער שטימונג, אדער ארט דענקען. — דאס אייגענע אויך אין משלי, קאפ. א', פסוק 23: „איך וועל אייך זאגען מיין גייסט". ד. ה. מיין געדאנק. אין דעם זינען ווערט דאס ווארט גייסט בא־נוצט צו באצייכענען דעם ווילען, אדער אנדערש, דעם באשלוס, דעם פארלאנג, דעם אימפעט, ווי אין יחזקאל, קאפ. א', פסוק 2: „וואו עס איז געווען דער גייסט (ד. ה. דער ווילען) צו גיין, אהין זיינען זיי געגאנגען". — דאס אייגענע אין ישעיהו, קאפ. ל', פסוק 1: „און

כדי אויסצוגיסען אן אויסגוס, אבער ניט פון מיין גייסט". און קאפ. כ"ט, פסוק 10: „ווייל גאט האט אויסגעגאסען איבער זיי דעם גייסט (ד. ה. דעם חשק) פון שלאף". — און אין שופטים, קאפ. ח', פסוק 3: „דאן איז זייער גייסט פאר־שטילט געווארען". ד. ה. זייער פארלאנג. — דאס אייגענע אויך אין משלי, קאפ. ט"ז, פסוק 32: „דער, וואס באהערשט זיין גייסט (ד. ה. זיין אימפעט), איז שטארקער פון דעם, וואס נעמט איין א שטאט". דאס אייגענע אין קאפ. כ"ה', פסוק 28: „א מאן, וואס צוימט ניט זיין גייסט". דאס אייגענע אויך אין ישעיהו, קאפ. ל"ג, פסוק 11: „אייער גייסט איז א פייער, וואס פארצערט אייך".

דאס דאזיגע ווארט רוח, אויף ווי ווייט עס באטייט די נשמה, ווערט נאך אנגעווענדט אויף אויסצודריקען אלע באוועגונגען פון דער נשמה און אויך אירע אייגענשאפטען. מען זאגט „הויכער גייסט" צו באצייכענען שטאלץ; „נידעריגער גייסט" — פאר הכנעה; „בייזער גייסט" — פאר האס אדער אומעט; „גוטער גייסט" — פאר גוטסקייט; „גייסט פון איפערזוכט; „גייסט (ד. ה. גלוסטונג) פון זנות"; „גייסט פון חכמה, פון ראט, פון מוטיגקייט", ד. ה. א קלוגע, פארנינפטיגע, מוטיגע נשמה, אדער די מעלה פון חכמה, ראט, מוטיגקייט (ווייל אין דער העברעאישער שפראך ווערען מער באנוצט הויפטווערטער (שמות העצם), ווי בייווערטער (שמות התואר); „גייסט פון גו־טען ווילען" און א. וו.

6 — דאס ווארט רוח באצייכענט דעם גייסט אדער גייסט פון לעבען גופא, ווי אין קהלת, קאפ. ג, פסוק 19: „אלע האבען איין גייסט" (ד. ה. לעבענס־גייסט) און דאס אייגענע אויך אין קאפ. י"ב, פסוק 7: „און דער גייסט קערט זיך אום צוריק צו גאט".

7 — דאס ווארט באצייכענט, לסוף, די וועלט־געגענטען (מחמת דיווינטען, וואס בלאזען פון דארטען), ווי אויך די טיילען פון עפעס

אַ זאַך, וואָס האָט אַ שייכות צו די וועלט־געגענטען. זע יחזקאל, קאַפּ. ל״ז, פּסוק 9, און קאַפּ. מ״ב, פּסוקים 16, 17, 18, 19 און אַ. וו.

מיר וועלען איצט באַמערקען, אַז אַ זאַך ווערט אָפט מייחס צו גאָט און מען זאָגט וועגען איר, אַז זי איז גאָט׳ס זאַך מחמת אָט־די טעמים:

1 — ווייל זי געהערט צו גאָט׳ס וועזען און איז אַזוי ווי אַ טייל פון גאָט, ווי למשל, ווען מען זאָגט: „די מאַכט פון גאָט״. „די אויגען פון גאָט״.

2 — ווייל זי איז אין גאָט׳ס מאַכט און פירט אויס גאָט׳ס ווילען; אַזוי ווערען די הימלען אַנגערופען אין דער ביבעל „די הימלען פון גאָט״. ווייל זיי זיינען גאָט׳ס רייטוואָגען און וואוינונג; אשור ווערט אַנגערופען „גאָט׳ס בייטש״ און נבוכדנאצר — „גאָט׳ס קנעכט״.

3 — ווייל זי איז געווידמעט צו גאָט, ווי „גאָט׳ס טעמפּעל״. „גאָט׳ס נוצרי״. „גאָט׳ס ברויט״ און אַ. וו.

4 — ווייל זי איז מיטגעטיילט געוואָרען דורך די נביאים און ניט אַנטפּלעקט דורכן נאַטירליכען ליכט אין אונז; און דעריבער הייסט תורת משה — „תורת ה׳״.

5 — כדי אויסצודריקען דעם העכסטען גראַד פון אַ זאַך, ווי „גאָט׳ס בערג״, ד. ה. די העכסטע בערג; „גאָט׳ס שלאָף״, ד. ה. דער טיפסטער שלאָף. אין דעם זינען דאַרף מען אויך דערקלערען עמוס, קאַפּ. ד׳, פּסוק 11, וואו גאָט אַליין רעדט אַזוי: „איך האָב אייך צעשטערט, ווי גאָט׳ס צעשטערונג (האָט צעשטערט) סדום און עמורה״, ד. ה. ווי יענע מערקווירדיגע צעשטערונג; ווייל אַזוי ווי גאָט אַליין האָט דאָס גערעדט, קאָן מען אָט־די שטעל גאָר אַנדערש ניט דערקלערען. אויך שלמה׳ס נאַטירליכע חכמה ווערט אַנגערופען גאָט׳ס חכמה, ד. ה. געטליכע חכמה, וואָס איבערטרעפט די געוויינליכע חכמה. אין תהלים ווערט אויך גערעדט פון „גאָט׳ס צעדערבוימער״, כדי אויסצודריקען זייער אומגעוויינליכע גרייס. אין שמואל א. קאַפּ. י״א. פּסוק 7. ווערט געזאָגט אויף צו

באצייכענען א זייער שטארקע מורא: „און גאט'ס מורא איז געפאלען אויפן פאלק“.

און אין אט־דעם זינען האבען די יידען בדרך כלל מייחס געווען צו גאט אלע זאכען, וואס זיינען געווען העכער פון זייער השגה און וואס זייערע נאטירליכע סיבות זיינען אין יענע צייטען ניט געווען באוואוסט. מחמת דעם האבען זיי דעם שטורעם גערופען „גאט'ס פארוואורף“; דעם דונער און דעם בליץ — „ג א ט ' ס פ י י ל ע ן“. ווייל זיי האבען געגלויבט, אז גאט האט געהאלטען די ווינטען איינגעשלאסען אין היילען, וועלכע זיי האבען גערופען גאט'ס אוצרות, אונטערשיידענדיג זיך אין אט־דער מיינונג פון די היידען נאר דערמיט, וואס זיי האבען באטראכט פארן באהערשער פון די ווינטען ניט עאלוסען, נאר גאט. מחמת דעמזעלביגען טעם זיינען די וואונדער אנגערופען געווארען „גאט'ס ווערק“, ד. ה. ווערק צום שטוינען. ווייל אין דער אמתען זיינען דאך אלע נאטירליכע זאכען גאט'ס ווערק, און זיי האבען זייער קיום און זיי ווירקען נאר דורך דער געטליכער מאכט אליין. אין דעם זינען רופט דער בעל התהלים אז די וואונדער פון מצרים „די ווערק פון גאט'ס מאכט“, ווייל זיי האבען גאר אומגעריכט געעפענט פאר די העברעער אין זייער גרעסטער נויט דעם וועג פון דערלייזונג; און מחמת דעם האבען עס די העברעער זיי אזוי פיל באוואונדערט.

אזוי ווי אויסערגעוויינליכע ערשיינונגען פון דער נאטור ווערען אנגערופען גאט'ס ווערק און אויסערגעוויינליך־גרויסע ביימער — גאט'ס ביימער, אזוי דארף מען זיך גאר ניט חידושען, וואס אין ב ר א ש י ת ווערען זייער שטארקע מענער פון ריזען־גרייס אנגערופען „ג א ט ' ס ז י י ן“, מעגען זיי אפילו זיין גאטלאזע רויבער און פרויען־שענדער. די אוראלטע, ניט נאר די יידען, נאר אויך די היידען, פלעגען בכלל מייחס זיין צו גאט אלצדינג, וואס האט אין איינמענשען איבערגעטראפען אלע אנדערע. אזוי האט פרעה, אויסהערענדיג יוסף'ס פותר־חלום־זיין, געזאגט, אז גאט'ס גייסט איז אין אים; אויך נבוכדנאצר האט געזאגט צו דניאלען, אז ער האט געהאט דעם גייסט פון די הייליגע געטער. אויך ביי די רוימער פלעג אזא אויסדרוק זייער אפט באנוצט ווערען: ווענען א זאך, וואס איז געווען קונסטפול אויסגעארבעט, פלעגען זיי זאגען, אז זי איז געווען געמאכט

פון א געטליכער האנט. וואס ווען מען זאל אט־דעם אויסדרוק ווען איבערזעצען אין העברעאיש, וואלט מען באדארפט זאגען „ג ע־מ אַ כ ט פ ו ן ד ע ר ה אַ נ ט פ ו ן ג אָ ט", ווי דאס איז באוואוסט צו די, וואס קענען העברעאיש:

פון דעם קאן מען, אלזוי, לייכט פארשטיין און דערקלערען די שטעלען פון דער ביבעל, וואו עס ווערט דערמאנט דער גייסט פון גאט. אין אייניגע שטעלען באטייט „ד ע ר ג י י ס ט פ ו ן ג אָ ט" און „ד ע ר ג י י ס ט פ ו ן ה'" ניט קיין אנדער זאך, ווי נאר א זייער שטארקען, טרוקענעם און פארדערבליכען ווינט, ווי מען זעט עס אין י ש ע י ה ו, קאפ. מ', פסוק 7: „ג אָ ט ' ס ג י י ס ט ה אַ ט ג ע ב ל אָ ז ע ן א ו י ף א י ם", ד. ה. א זייער טרוקענער און פארדערבליכער ווינט. דאס אייגענע אויך אין ב ר א ש י ת, קאפ. א', פסוק 2: „א ו ן ג אָ ט ' ס ג י י ס ט (ד. ה. א העפטיגער ווינט) ה אַ ט ז י ך ב אַ ו ו ע ג ט א י ב ע ר ן ו ו אַ ס ע ר".

דער אויסדרוק „גאט'ס גייסט" באצייכענט אויך שטארקען מוט; גדעונ'ס, ווי אויך שמשונ'ס מוט ווערט, דעריבער, אין דער הייליגער שריפט אנגערופען ג אָ ט ' ס ג י י ס ט ד. ה. מוט, וואס וואגט און שרעקט זיך פאר קיין זאך ניט אפ. פונקט אזוי ווערט יעדער אויסערגעוויינליכע טוגענד אדער קראפט אנגערופען „ג י י ס ט", אדער „ג אָ ט ' ס ט ו ג ע נ ד", ווי אין ש מ ו ת, קאפ. ל"א, פסוק 3: „א ו ן א י ך ו ו ע ל א י ם (ד. ה. בצלאל'ען) ד ע ר פ י ל ע ן מ י ט ג אָ ט ' ס ג י י ס ט", ד. ה. (ווי די ביי־בעל אליין דערקלערט עס) מיט אויסערגעוויינליכער שעפערישקייט און נעניטשאפט אין קונסט. — דאס אייגענע אויך אין י ש ע י ה ו, קאפ. י"א, פסוק 2: „א ו ן ג אָ ט ' ס ג י י ס ט וו ע ט ר ו ע ן א ו י ף א י ם", ד. ה. די מדה פון חכמה, פון ראט און פון מוטיג־קייט וועט רוען אויף אים, ווי דער נביא אליין דערקלערט עס באלד נאך דעם, ווען ער טייטשט אוים אט־די שטעל באריכות, פאלגענדיג דערמיט דעם שטייגער, וואס איז גאנץ געוויינליך אין דער הייליגער שריפט. פונקט אזוי ווערט שאול'ס אומעט אנגערופען „בייזער גייסט פון גאט", ד. ה. א זייער טיפער אומעט. און שאול'ס קנעכט, וועלכע האבען זיין אומעט אנגערופען „ג אָ ט ' ס א ו מ ע ט", זיינען עס

געווען די, וואָס האָבען אים געראָטען צו הייסען זיך ברענגען אַ שפּילער, וואָס זאָל אים אויפמונטערן מיט זיין שפּילען אויף דער האַרף; דאָס באַווייזט, אַז מיט „גאָט'ס אומעט" האָבען די קנעכט פאַרשטאַנען אַ גאַנץ נאַטירליכען אומעט.

מיט גאָט'ס גייסט ווערט נאָך אויך באַצייכענט די נשמה גופא פון דעם מענשען, ווי עס איז צו זען פון איוב, קאַפּ. ל"ז, פּסוק 3: „און גאָט'ס גייסט אין מיין נאָז". וואָס דאָס טייט אַן אויף יענער שטעל אין בראשית, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז גאָט האָט אריינגעבלאָזען דעם גייסט פון לעבען אין דעם מענשען'ס נאָזלעכער. דאָס אייגענע זאָגט אויך יחזקאל, ווען ער זאָגט נביאות וועגען די טויטע (קאַפּ. ל"ז, פּסוק 14): „און איך וועל אייך געבען מיין גייסט און איר וועט לעבען", ד. ה. איך וועל אייך צוריקגעבען דאָס לעבען. אין אָט־דעם זינען ווערט אויך געזאָגט אין איוב, קאַפּ. ל"ד, פּסוק 14: „ווען ער (ד. ה. גאָט) זאָל דאָס וועלען, וועט ער צוריקנעמען צו זיך זיין גייסט (ד. ה. די נשמה, וואָס ער האָט אייך געגעבען) און זיין לעבען". — אַזוי דאַרף מען אויך פאַרשטיין די שטעל אין בראשית, קאַפּ. ו', פּסוק 3: „לא ידון רוחי באדם לעולם בשגם הוא בשר, ד. ה. דער מענש וועט פון איצט אַן האַנדלען, לויט די נייגונגען פון זיין גוף און ניט פון זיין גייסט, וואָס איך האָב אים געגעבען, כדי ער זאָל וויסען, וואָס גוט איז. — דאָס אייגענע אין תהלים, קאַפּ. נ"א, פּסוקים 12, 13: „אַ ריין הארץ שאַף מיר גאָט, און אַ פּאַסינען (ד. ה. מעסיגען) גייסט (ד. ה. פאַרלאַנג). פאַרשטויס מיך ניט פון דיין אַנגעזיכט און נעם פון מיר ניט אַוועק דיין הייליגען גייסט". ער רופט די הילף פון גאָט קעגען די באַגערען פון לייב און איז מתפלל צום הייליגען גאָט, ער זאָל אים דערהאַלטען דעם גייסט, וואָס ער האָט אים געגעבען, ווייל מען האָט געגלויבט, אַז די זינד ווערען געבוירען נאָר אין לייב, בעת דער גייסט באַוועגט נאָר צום גוטען.

אזוי ווי די ביבעל שילדערט געוויינליך גאָט, ווי א מענשליכען וועזען, און שרייבט אים צו, מחמת דער גייסטיגער אָרימקייט פון דער מאַסע, א נשמה, א הארץ, ליידענשאַפטען, ווי אויך א קערפער און אָטעם, ווערט בכן „גאָט׳ס גייסט“ אָפטמאָל באַנוצט אין דער הייליגער שריפט פאר גאָט׳ס נשמה, גאָט׳ס הארץ, גאָט׳ס געפילען, גאָט׳ס קראַפט אָדער גאָט׳ס אָטעם. אזוי זאָגט ישעיהו (קאַפּ. מ׳, פּסוק 13): „ווער האָט באַאיינפלוסט גאָט׳ס גייסט (אָדער נשמה)? ד. ה. ווער, אויב ניט גאָט אליין, האָט באַשטימט די געטליכע נשמה עפּעס צו פארלאַנגען? און אין קאַפּ. ס״ג, פּסוק 10: „און זיי האָבען פארביטערט און באַטריבט זיין הייליגען גייסט“. דערפון נעמט זיך עס, וואָס דער אויסדרוק הייליגער גייסט ווערט געוויינליך באַנוצט צו באַצייכענען תורת משה, ווייל זי, ווערט אָנגענומען, אנטהאַלט די געטליכע געדאַנקען. ווי ישעיהו זאָגט עס אין דעמזעלביגען קאַפּיטעל, פּסוק 11: „וואו איז (דער), וואָס האָט געבראַכט צו זיי זיין הייליגען גייסט?“, ד. ה. תורת משה, ווי מען קאַן דאָס קלאָר ארויסדרינגען פון דעם גאַנצען צוזאַמענהאַנג פון דער רעדע. אויך נחמיה זאָגט (קאַפּ. ט׳, פּסוק 20): „און דו האָסט זיי געגעבען דיין גוטען גייסט (ד. ה. דיין גוטען געדאַנק), כדי צו מאַכען זיי פארשטענדיג“; ער רעדט עס וועגען דער צייט פון מתן תורה. א רמז דערויף איז אויך פאַרהאַן אין דברים, קאַפּ. ג׳, פּסוק 6, וואו משה זאָגט: „ווייל עס (דאָס געזעץ) איז אייער חכמה און פאַרשטענדניש“ און א. וו. — דאָס אייגענע אויך אין תהלים, קאַפּ. קמ״ג, פּסוק 10: „דיין גוטער גייסט וועט מיך פירען אויפ׳ן גלייכען וועג“, ד. ה. דיין ווילען, וואָס איז אונז אַנטפּלעקט, וועט מיך פירען אויפן גלייכען וועג.

גאָט׳ס גייסט באַצייכענט נאָך, ווי מיר האָבען עס נאָר וואָס געזאָגט, גאָט׳ס אָטעם, וואָס ווערט אין דער הייליגער שריפט פונקט אזוי ניט פּאַסיג צוגעשריבען צו גאָט, ווי נשמה, לעבען אָדער קערפּער; אזוי איז עס אין תהלים, קאַפּ. ל״ג, פּסוק 6.

גאָט׳ס גייסט באַצייכענט אויך גאָט׳ס מאַכט, קראַפט.

אדער אנדערש, טוגענד, ווי אין איוב, קאפ. ל"ג, פסוק 4: „גאט'ס גייסט האט מיך געמאכט", ד. ה. גאט'ס קראפט אדער מאכט, אדער, אויב איר ווילט, זיין באשלוס; ווייל אויך דער בעל התהלים, וועלכער דריקט זיך אויס אין א פאעטי־שער שפראך, זאגט: „אויף גאט'ס באפעל זיינען די הימלען אנטשטאנען און דורך דעם גייסט אדער הויך פון זיין מויל (ד. ה. דורך זיין באשלוס, וואס איז ארויסגעזאגט געווארען, ווי דורך א הויך) זייערע אלע חיילות". דאס אייגענע ווערט אויך גע־זאגט אין תהלים, קאפ. קל"ט, פסוק 7: „וואוהין זאל איך גיין, (כדי איך זאל זיין) מחוץ פון דיין גייסט, אדער וואוהין זאל איך אנטרינען, (כדי איך זאל זיין) אוועק פון דיין אנגעזיכט? ד. ה., ווי עס איז צו זען פון אט־די שטעלען, וואו דער בעל התהלים אנטוויקעלט ווייטער זיין געדאנק, וואוהין קאן איך גיין, איך זאל זיין אויסער דיין מאכט און אויסער דיין אנגעזיכט?

גאט'ס גייסט ווערט, לסוף, אנגעווענדט אין דער היי־ליגער שריפט אויף אויסצודריקען גאט'ס געפילען, ד. ה. זיין גוטסקייט און בארעמהארציגקייט, ווי אין מיכה, קאפ. ב', פסוק 7: „איז דען גאט'ס גייסט צו קורץ? (ד. ה. גאט'ס באר־עמהארציגקייט). זיינען דאס דען (ד. ה. אזוינע גרויל־טאטען) זיינע ווערק?" — דאס אייגענע אויך אין זכריה, קאפ. ד', פסוק 6: „ניט דורך חיילות, ניט דורך גע־וואלט, נאר דורך מיין גייסט", ד. ה. נאר דורך מיין בארמהארציגקייט. אין אט־דעם זינען דארף מען, לויט מיין מיינונג, אויך פארשטיין דעם פסוק 12 פון קאפ. ז' פון דעמזעלביגען נביא: „און זיי האבען געמאכט זייער הארץ זיכער, כדי ניט צו געהארכען דעם געזעץ און די פארשריפטען, וואס גאט האט מיט זיין גייסט (ד. ה. דורך זיין בארעמהארציגקייט) געשיקט דורך די ערשטע נביאים. — אין אט־דעם זינען זאגט אויך חגי, קאפ. ב', פסוק 5: „מיין גייסט (אין אנדערע

ווערטער, מיין גענאַד) וועט בלייבען צווישען אייך, האָט קיין מורא ניט".

ווען ישעיהו זאָגט (קאַפּ. מ"ח, פּסוק 16): „און איצט האָט גאָט דער האַר מיך געשיקט, און זיין גייסט". קאָן דאָס פאַרשטאַנען ווערען, ווי עס וואָלט זיך באַצויגען צו גאָט'ס געפיל און באַרעמהאַרציגקייט, אָדער צו זיין ווילען, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרען אין דעם געזעץ; ווייל דער נביא זאָגט: „פון אָנהויב (ד. ה. אין דער צייט, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען צו אייך צו לאָזען אייך וויסען וועגען גאָט'ס צאָרן און זיין משפּט, וואָס איז קעגען אייך אַרויסגעבראַכט געוואָרען) האָב איך ניט גערעדט אין געהיים; פון דער צייט אַז, ווען אָט־דער משפּט איז (אַרויסגעטראָגען) געוואָרען, בין איך ביי געווען" (ווי ער אַליין באַשטעטיגט עס אין קאַפּ. ז'); אָבער איצט ברענג איך אַ פרייליכע בשורה און בין געשיקט פון גאָט'ס באַרעמהאַרציג־קייט צו פּרעדיגען אייער דערלייזונג. דאָס וואָרט גייסט קאָן אָבער, ווי געזאָגט, אויך פאַרשטאַנען ווערען, ווי גאָט'ס ווילען, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרען אין דעם געזעץ; ד. ה. אַז ישעיה קומט זיי איצט וואָרענען דורך דעם באַפעל פון געזעץ, ווי אין ויקרא, קאַפּ. י"ט, פּסוק 17. אָט־דערפאַר וואָרענט ער זיי מיט דיזעלביגע באַדינגונגען און אויפן זעלבינען שטייגער, ווי משה פלעג דאָס טון. און ווי משה, ענדיגט ער אויך מיט דער בשורה פון זייער דערלייזונג. די ערשטע דערקלערונג זעט מיר פונדעסטוועגען אויס צו זיין אַ מער פּאַסיגע.

פון דעם אויבען־געזאָגטען — כדי, ענדליך, צוריקצוקומען צום ציל, וועלכען מיר האָבען זיך דאָ פירגענומען — זעט מען קלאָר דעם זין פון אַזוינע ביבלישע אויסדריקען, ווי: „גאָט'ס גייסט איז געווען אויפן נביא", „גאָט האָט זיין גייסט אויסגעגאָסען איבער די מענשען". „די מענשען זיינען דערפילט געוואָרען פון גאָט'ס גייסט און פון דעם הייליגען גייסט" און א. וו. זיי באַטייטען, אין דער אמתען, ניט קיין אַנ־דער זאַך, ווי נאָר דאָס, אַז די נביאים האָבען פאַרמאָגט אַ באַזונדערע,

אויסערגעוויינליכע פעאיגקייט; אַז זיי האָבען אין זייער פרומקייט באַוויזען אַ זעלטענע נשמה־קראַפט און פאַרנומען גאָט'ס געדאַנק אָדער אורטייל. מיר האָבען דאָך געוויזען, אַז דער ג י י ס ט אין העב־רעאישען באַצייכענט די נשמה, אָדער דעם ווילען פון דער נשמה, און אַז דאָס געזעץ גופא, וואָס דערקלערט גאָט'ס ווילען, ווערט מחמת דעם אָנגערופען גאָט'ס גייסט אָדער נשמה. מיטן זעלביגען רעכט קאָן אויך דער כח־ההדמיון פון די נביאים אָנגערופען ווערען גאָט'ס גייסט, אויף ווי ווייט גאָט'ס באַשליסען זיינען דורך אים אַנטפּלעקט געוואָרען. און מיטן זעלביגען רעכט קאָן עס געזאָגט ווערען וועגען די נביאים, אַז זיי באַזיצען גאָט'ס גייסט. און הגם גאָט'ס גייסט און זיינע אייביגע באַשליסען זיינען אָנגעצייכענט אויך אין אונזער נשמה און ממילא, צו רעדען מיטן לשון פון דער ביבעל, באַנעמען מיר אויך גאָט'ס גייסט, דאָך ווערט די נאַטירליכע דערקענטעניש, וואָס יעדער איינער קאָן זי האָבען, ניט אַזוי הויך געשעצט פון די מענשען, ווי מיר האָבען דאָס שוין באַמערקט אויבען, דערהויפּט נאָך פון די העברעער, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען העכער פון אַלע אַנדערע מענשען און פלעגען זיי אפילו פאַראַכטען און ממילא אויך דאָס וויסען, וואָס איז געמיינ־שאַפטליך צו אַלע מענשען. מחמת דעם פלעג מען עס אויך זאָגען וועגען די נביאים, אַז זיי באַזיצען גאָט'ס גייסט, ווייל די מענשען האָבען ניט געוואוסט די סיבות פון דער נביאישער דערקענטעניש, וואָס מחמת דעם האָבען זיי זי באַטראַכט מיט פאַרוואונדערונג און זי מייחס געווען צו גאָט, ווי זיי פלעגען דאָס געוויינליך טון מיט אַלע אַנדערע וואונדער, און זי אָנגערופען גאָט'ס דערקענטעניש.

מיר קאָנען, אַלזוי, איצט באַהויפּטען מיט זיכערקייט, אַז די נביאים האָבען ניט באַנומען די אַנטפּלעקונגען פון גאָט, ווי נאָר דורכן כח־ההדמיון, ד. ה. מיט דער הילף פון ווערטער אָדער בילדער, אמתע אָדער איינגעבילדעטע. אין דער אמתען, אַזוי ווי מיר געפינען ניט אין דער ביבעל קיין שום אַנדערע מיטלען, ווי נאָר ד י, דאַרפען מיר גאָר קיין אַנדערע ניט אויסטראַכטען, ווי מיר האָבען דאָס שוין געהאַט באַמערקט פריער. איך בין זיך אָבער מודה, אַז איך ווייס ניט, דורך וועלכע געזעצען פון דער נאַטור דאָס געשיט. איך וואָלט, אמת, געקאָנט זאָגען, ווי אַנדערע טוען עס, אַז דאָס געשיט דורך גאָט'ס מאַכט; אָבער דאָס וואָלטען געווען ניט מער, ווי פּוסטע ווער־

טער, ווייל עס וואלט געוועז דאסזעלביגע, ווי צו ווען דערקלערען די פארם פון עפעס א זאך דורך א טראנסצעדענטאלען טערמין. אלע זאכען זיינען דאך געווארען דורך גאט׳ס מאכט. נאך מער, אזוי ווי די מאכט פון דער נאטור איז ניט קיין אנדער זאך, ווי די מאכט פון גאט אליין, בכן איז עס זיכער, אז מיר זיינען ניט משיג גאט׳ס מאכט אויף אזוי ווייט, אויף ווי ווייט מיר ווייסען ניט די נאטירליכע סיבות פון זאכען. עס איז, אלזוי, נאריש פון אונז צו ווענדען זיך צו אט־דער מאכט פון גאט, ווען מיר ווייסען ניט די נאטירליכע סיבה פון עפעס א זאך, ד. ה. די מאכט פון גאט גופא. אגב איז עס פאר אונז איצט ניט נויטיג צו וויסען די סיבה פון דער נביאישער דערקענטעניש, ווייל מיר ווילען דא, ווי איך האב דאס שוין באמערקט, זיך באמיען צו אונטערזוכען נאר די דאקומענטען, וועלכע געפינען זיך אין דער ביבעל, און מאכען דערפון אונזערע אויספירען, ווי פון נאטירליכע פאקטען. וואס איז שייך די סיבות פון די דאזיגע דאקומענטען, זיינען זיי אונז גארניט נוגע.

אלזוי, אזוי ווי די נביאים האבען באנומען די אנטפלעקונגען פון גאט מיט דער הילף פון זייער כח־הדמיון, קאן מען דעריבער ניט צווייפלען, אז זיי זיינען ניט געוועזען ביכולת צו באנעמען פיל פון דעם. וואס גייט אריבער די גרעניצען פון דער נאטירליכער דערקענטעניש. ווייל פון ווערטער און בילדער קאן מען שאפען פיל מער פארשטעלונגען, ווי פון גרונד־אידעען און באגריפען, וואס אויף זיי איז אויפגעשטעלט דער גאנצער בנין פון אונזער נאטירליכען וויסען.

עס איז, דעריבער, קלאר, ווארום די נביאים האבען באנומען און געלערנט כמעט אלע זייערע אנטפלעקונגען אין משלים און רעטענישען און ווארום זיי האבען אלע גייסטיגע זאכען באקליידט אין זינליכע אויסדריקען; דאס איז מער אין הסכם מיט דער נאטור פון דעם כח־הדמיון. מיר ווילען זיך איצט מער ניט חידושען דערויף, וואס די ביבעל אדער די נביאים רעדען אויף אזא ניט־פאסיגען און מטושטשען שטייגער וועגען גאט׳ס גייסט אדער נשמה, ווי אין ב מ ד ב ר, קאפ. י״א, פסוק 17, אדער אין מ ל כ י ם א׳, קאפ. כ״ב, פסוק 2 און א. וו.; וואס מיכה האט געזעען גאט א זיצענדיגען, דניאל — ווי א זקן אין ווייסע קליידער, יחזקאל, ווידער, — ווי א פייער; וואס די, וועלכע זיינען געוועזען מיט ישו הנוצרי, האבען געזעען דעם הייליי־

גען גייסט, ווי א טויב, וואס לאזט זיך, פליענדיג, אראפ, די אפאס־
טאלען — ווי פייער־צונגען, און וואס פולוס, לסוף, האט פאר זיין
באקערונג אים געזעען, ווי א גרויס ליכט. דאס אלץ איז אין פולען
הסכם מיט די פארשטעלונגען, וואס געוויינליכע מענשען שאפען זיך
וועגען גאט און גייסטער. און אזוי ווי דער כח־הדמיון איז דערצו נאך
אומבאשטימט און פארענדערליך, איז די גאב פון נבואה ניט לאנג
פארבליבען ביי די נביאים; זי האט זיך אויך ניט באוויזען צו זיי
אפט, נאר גאנץ זעלטען; און מען האט זי געזעען נאר ביי זייער
ווייניג מענשען און אפילו ביי זיי אויך גאנץ זעלטען.

אויב דאס איז אזוי, שטעלט זיך איצט די פראגע, פון וואנען
האט זיך עס ביי די נביאים געקאנט נעמען די זיכערקייט בנוגע זאכען,
וואס זיי האבען זיי באנומען נאר מיטן כח־הדמיון אליין און ניט דער־
קענט זיי דורך זיכערע גרונדלאגען פון דער נשמה? דער ענטפער דער־
רויף קאן גענומען ווערען נאר פון דער ביבעל אליין, ווייל מיר האבען
ניט, ווי מיר האבען דאס שוין באמערקט פריער, קיין פעסטע וויסען
איבער אזוינע זאכען און קאנען זיי ניט דערקלערען דורך זייערע ערש־
טע סיבות. וואס לערנט אבער די ביבעל וועגען דער זיכערקייט פון
דער נביאישער דערקענטעניש? דאס וועל איך ווייזען אין דעם קו־
מענדיגען קאפיטעל, וואו עס וועט זיך רעדען וועגען די נביאים.

---

## קאפיטעל צוויי.

## וועגען די נביאים.

עס איז צו זען פון דעם פאריגען קאפיטעל, אז די נביאים זיינען,
ווי איך האב דאס שוין איינמאל געזאגט, ניט געווען באשאנקען מיט
א מער פולקאמער נשמה, ווי אלע אנדערע מענשען, נאר מיט א לעב־
האפטיגערען כח־הדמיון, וואס דאס ווערט אויך גאנץ ברייטליך בא־
שטעטיגט פון די ביבלישע דערציילונגען. וואס אנבאלאנגט שלמה'ן,
האט ער איבערגעטראפען זיינע צייט־חברים מיט חכמה, אבער ניט מיט
דער גאב פון נבואה; די חכמים הימן, כלכל און דרדע זיינען אויך

ניט געווען קיין נביאים, בעת געוויינליכע פּויערים און וועלכער־עס־איז בילדונג און אפילו פרויען, ווי הגר, אברהמ׳ס דינסט, זיינען גראָד געווען באַשאַנקען מיט אַט־דער גאָב פון נבואה. דאָס איז גאָרניט להיפוך דער ערפאַרונג און דעם שכל. מענשען מיט א שטאַרקען כח־הדמיון זיינען ווייניגער געניינט צו דענקען אין לויטער באַגריפען; אקעגען אבער מענשען, וואָס זייער דענק־קראַפט איז גרעסער און וואָס זיי בילדען זי נאָך דערצו פיל אויס, פאַרמאָגען א פיל מעסיגערען כח־הדמיון. זיי באַהערשען אים און האַלטען אים אזוי ווי אין א צוים, כדי ער זאָל ניט פאַרווירען דאָס קלאָרע דענקען.

ווער עס זוכט, אַלזוי, אין די ביכער פון די נביאים חכמה אדער דערקענטעניש פון נאַטירליכע און גייסטיגע זאכען, דער איז אויף א גאַנץ פאַלשען וועג. און אזוי ווי אונזער צייט, ווי אויך די פילאָזאָפיע און דער ענין גופא פאָדערען עס, האָב איך באַשלאָסען צו ווייזען דאָ באריכות דעם דאָזיגען טעות, ניט נעמענדיג גאָר אין אכט דעם גע־וואַלט־געשריי פון דעם אבערגלויבען, וועלכער איז דאָס רוב אויפגע־בראַכט קעגען די, וואָס שטרעבען צום ריינעם אמת סיי אין וויסען, סיי אין לעבען. צום באַדויערען איז עס אבער שוין אוועק אזוי ווייט, אַז מענשען, וואָס זיינען אַליין זיך מודה גאַנץ אָפען, אַז זיי האָבען ניט קיין שום השגה וועגען גאָט און דערקענען אים נאָר דורך די באַ־שאַפענע זאכען, וואָס זייערע סיבות זיינען זיי אומבאַוואוסט, שעמען זיך גאָרניט צו באַשולדיגען די פילאָזאָפען אין אטעאיזם.

כדי צו באַהאַנדלען אַט־דעם ענין מיט א סדר, וועל איך ווייזען, אַז די פאַרשיידענע נביאות־זאָגערייען ווייכען אָפּ איינס פון אנדערען ניט נאָר בנוגע דעם כח־הדמיון און געמיט־צושטאַנד פון יעדען נביא באַזונדער, נאָר אויך בנוגע די מיינונגען זייערע, און אַז די נביאים זיינען ממילא ניט געוואָרען דורך דער נבואה געלערנטער, ווי איך וועל דאָס באַלד דערקלערען באריכות. איך מוז אבער פריער זיך אָפּשטע־לען אויף דער זיכערקייט פון דער נביאישער דערקענטעניש, ווייל דאָס איז דער עצם ענין פון אַט־דעם קאַפּיטעל און ווייל דאָס אונטער־שטיצט די ראיות, וואָס איך האָב בדעה דאָ אַרויסצוברענגען.

אזוי ווי די פאַרשטעלונגען פון דעם כח־הדמיון זיינען בטבע ניט כולל אין זיך די זיכערקייט, ווי דאָס קומט פאַר מיט יעדער קלאָ־רער און באַשטימטער אידעע; נאָך מער, אַזוי ווי עס איז אפילו נוי־

טיג מצרף זיין דעם שכל צו דעם כח־הדמיון, אויב מיר ווילען זיין זיכער אין דעם, וואָס ער שטעלט אונז פאָר, איז דערפון געדרונגען, אַז די נבואה אַליין קאָן ניט כולל זיין אין זיך די זיכערקייט, ווייל זי איז, ווי מיר האָבען דאָס אויבען געוויזען, אינגאַנצען אָפּהענגיג פון דעם כח־הדמיון. מחמת דעם זיינען די נביאים ניט געווען זיכער אין דער געטליכער אַנטפּלעקונג דורך דער אַנטפּלעקונג אַליין, נאָר דורך עפּעס א צייכען, ווי מען זעט עס קלאָר דורכן ביישפּיל פון אברהמ'ען (זע בראשית, קאַפּ. ט"ו, פּסוק 8), וועלכער האָט פאַרלאַנגט א צייכען נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרנומען גאָט'ס צוזאָג. אברהם האָט זיכער געגלויבט אין גאָט, און אויב ער האָט פאַרלאַנגט א צייכען, איז עס געווען ניט ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו גאָט, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט וויסען אויף זיכער, צי דער צוזאָג איז באמת געקומען פון גאָט. נאָך קלערער ווערט דאָס ארויסגעוויזען דורך גדעונען, וועלכער רעדט צו גאָט אַזוי: „גיב מיר א צייכען (כדי איך זאָל וויסען), אַז דו רעדסט מיט מיר" (זע שופטים, קאַפּ. ו', פּסוק 17). אויך צו משה'ן האָט גאָט געזאָגט: „און דאָס זאָל זיין פאַר דיר א צייכען, אַז איך האָב דיך געשיקט". חזקיהו, וועלכער האָט שוין לאַנג געוואוסט, אַז ישעיה איז געווען א נביא, האָט אויך פאַרלאַנגט א צייכען, ווען ישעיה האָט אים נביאות געזאָגט וועגען זיין געזונט־ווערען. מיר זעען, אַלזוי, אַז די נביאים האָבען שטענדיג געהאַט עפּעס א צייכען, וואָס האָט זיי געמאַכט זיכער אין זייערע נביאישע פאָרשטעלונגען. און דעריבער זאָגט משה אַז די בני ישראל (זע דברים, קאַפּ. י"ח, לעצטען פּסוק) צו פאַרלאַנגען פון אַן אומבאַקאַנטען נביא א צייכען, און דאָס איז, פאָראויסזאָגונג פון עפּעס א צוקונפטיגער געשעעניש.

אין דעם פּרט שטייט, אַלזוי, די נבואה אָפּ פון דעם נאַטירליכען וויסען, וואָס נויטיגט זיך ניט אין קיין שום צייכען, נאָר איז בטבע כולל אין זיך די זיכערקייט. אָט־די נביאישע זיכערקייט איז ניט געווען קיין מאַטעמאַטישע, נאָר בלויז א מאָראַלישע. דאָס איז צו זען פון דער ביבעל גופא. אין דברים, קאַפּ. י"ג, הייסט משה פאַרמשפּטען צום טויט א נביא, וואָס וועט וועלען פּרעדיגען נייע געטער, ווען ער וועט אפילו באַשטעטיגען זיין לערע מיט

צייכענס און וואונדער; ווייל גאָט, זאָגט משה ווייטער, האָט אויך געטאָן צייכענס און וואונדער, כדי אויסצופּרואווען דאָס פֿאָלק. און אויך ישו הנוצרי האָט דאָסזעלביגע אָנגעזאָגט זיינע תלמידים, ווי דאָס איז צו זען פון מ ת י, קאַפּ. 24, פּסוק 24. יחזקאל (קאַפּ. ל״א, פּסוק 9) לערנט אפילו גאַנץ קלאָר, אַז גאָט פאַרפירט אמאָל די מענשען מיט פאַלשע אַנטפּלעקונגען: „א ו ן ו ו ע ן א נ ב י א (ד. ה. אַ פאַלשער נביא) נ א ר ט ז י ך א ו ן ר ע ד ט א ו ו א ָ ר ט, א ז ו י ה א ָ ב א י ך, ג א ָ ט ד ע ם ד א ָ ז י ג ע ן נ ב י א ג ע נ א ַ ר ט״. אויך מיכיהו ווייזט דאָס אייגענע אָן אויף אחאב׳ס נביאים (זע מלכים א׳, קאַפּ. כ״ב, פּסוק 21).

הגם דאָס אַלץ באַווייזט, דאַכט זיך, אַז די נבואה און די אַנט־פּלעקונג זיינען צווייפעלהאַפטיגע זאַכען, פאַרמאָגען זיי דאָך, ווי מיר האָבען דאָס שוין איינמאָל געזאָגט, פיל זיכערקייט. ווייל גאָט נאַרט קיינמאָל ניט די פרומע און אויסדערוויילטע. לויט דעם אַלטען משל (כאשר יאמר משל הקדמוני און א. וו. — ש מ ו א ל א׳, קאַפּ. כ״ד, פּסוק 13) און ווי דאָס ווייזט אויך די מעשה מיט אביגיל און איר רעדע, באַנוצט גאָט די פרומע לייט, ווי אַ געצייג פון זיין גענאָד, און די שלעכטע — פאַר די אויספירער און פאַרמיטלער פון זיין צאָרן. דאָס באַווייזט אויך זייער דייטליך דער פאַל מיט מיכיהו׳ן, וואָס מיר האָבען דאָ נאָר וואָס געבראַכט. אין דער אמתען, הגם גאָט האָט באַ־שלאָסען אָפּצונאַרען אחאב׳ן דורך די נביאים, האָט ער זיך פונדעסט־וועגען באַנוצט נאָר מיט פאַלשע נביאים; אָקעגען־אָבער דעם פרומען נביא האָט ער אַנטפּלעקט די זאַך, ווי זי איז געווען, און אים ניט גע־שטערט פאַראויסצוזאָגען דעם אמת. דאָך איז די נביאישע זיכער־קייט געווען, ווי געזאָגט, נאָר אַ מאָראַלישע, ווייל קיינער קאָן זיך ניט דערקלערען געגען גאָט און זיך באַרימען, אַז ער איז אַ געצייג פון געטליכער גענאָד, ווי די ביבעל גופא זאָגט עס און ווי דאָס איז קלאָר פון זיך אליין; און דאָס האָט אויך גאָט׳ס צאָרן באַוועגט דוד׳ן צו ציילען דאָס פאָלק, הגם די ביבעל רעדט אַזוי פיל וועגען זיין פרומ־קייט.

די גאַנצע נביאישע זיכערקייט איז, אַלזוי, באַגרינדעט אויף דריי פונקטען:

1.—דערויף, אַז די נביאים האָבען באַנומען די אַנטפּלעקטע זאַ־

כען מיט זייער כוח־הדמיון אזוי לעבהאפטיג, ווי מיר באנעמען געוויינליך אין א וואכיגען צושטאנד די רעאלע זאכען;

2.—אויף צייכענס;

3.—און דער עיקר דערויף, וואס דאס הארץ פון די נביאים איז געווען גענייגט נאר צו דעם, וואס איז גערעכט און גוט.

און הגם די ביבעל רעדט נים אלעמאל וועגען צייכענס, דארף מען פונדעסטוועגען אננעמען, אז די נביאים האבען אלעמאל געהאט עפעס א צייכען, ווייל עס איז ניט דער שטייגער פון דער ביבעל, ווי פילע האבען דאס שוין באמערקט, איבערצוגעבען שטענדיג אלע באַדינגונגען און אומשטענדען פון א פאקט, נאר אנצונעמען זיי, ווי שוין פון פריער באוואוסטע זאכען. מיר קאנען אויך צוגעבען, אז די נביאים, וועלכע האבען ניט נביאות־געזאגט קיין שום נייע זאכען, נאר בלויז דאס, וואס איז פאראן אין תורת משה, האבען ניט באדארפט האבען קיין צייכען, ווייל זייערע ווערטער זיינען באשטעטיגט געווארען דורך דער תורה. אזוי, למשל, איז ירמיה׳ס נבואה וועגען דער צעשטערונג פון ירושלים באשטעטיגט געווארען דורך דעם נביאות־זאגען פון אנדערע נביאים און דורך די ווארנונגען פון דער תורה און האט, דעריבער, ניט באדארפט האבען קיין צייכען. אבער חנניה, וועלכער האט קעגען אלע נביאים פאראויסגעזאגט דעם באלדיגען ווידעראויפבוי פון דער שטאט, האט געמוזט האבען א צייכען, אניט וואלט זיין נבואה פאר אים אליין פארבליבען צווייפעלהאפטיג אזוי לאנג, ביז וואנען זיין פאראויסזאגונג וואלט ניט מקוים געווארען. (זע ירמיה, קאפ. כ״ח, פסוק 9).

אזוי ווי די זיכערקייט, וואס די נביאים האבען זי באקומען דורך צייכענס, איז, הייסט עס, ניט געווען קיין מאטעמאטישע, ד. ה. ניט אזא, וואס פאלגט נויטיגערהייט פון דעם באגריף פון א זאך, וואס מען איז זי משיג מיט׳ן שכל, אדער מען זעט זי מיט די אויגען, נאר בלויז א מאראלישע, און אזוי ווי די צייכענס זיינען געגעבען געווארען נאר כּדי צו איבערציינגען דעם נביא, איז דערפון געדרונגען, אז די צייכענס זיינען געווען צוגעפאסט צו די מיינונגען און פעאיגקייטען פון יעדען נביא באזונדער און אויף אזא אופן, אז א צייכען, וואס האט איין נביא געמאכט זיכער אין זיין נבואה, האט גארניט געקאנט איבערציינגען אן אנדער נביא מיט אנדערע מיי־

נונגען. און מחמת דעם זיינען עס די צייכענס געווען פארשיידען ביי יעדען נביא באזונדער.

פונקט אזוי איז די אנטפלעקונג, ווי מיר האבען דאס שוין באמערקט, געווען פארשיידען ביי יעדען נביא, אין הסכם מיט זיין געמיט, זיין כוח־הדמיון און די מיינונגען, וואס ער האט זיי נאך פריער אנגענומען.

בנוגע דעם ג ע מ י ט האט די פארשיידענקייט אין דער אנטפלעקונג זיך אויסגעדריקט אזוי: איז דער נביא געווען פרייליך, אזוי זיינען אים אנטפלעקט געווארען נצחונות, שלום און אנדערע זאכען. וואס קאנען ביי מענשען ארויסרופען פרייד, ווייל מענשען, וואס זיינען גענייגט צו פרייד, פארנעמען זיך זייער אפט אין זייער איינבילדונג־קראפט מיט פרייליכע פארשטעלונגען. אקעגען אבער א נביא, וואס זיין שטימונג איז געווען א טרויעריגע, זיינען אנטפלעקט געווארען מלחמות, שטראפ־געריכטען און אלערליי אנדערע אומגליקען. און אזוי ארום איז דער נביא, לויט דעם, צי ער איז געווען פול מיט מיטלייד, פריינטליך, צארנדיג, שטרענג און א. וו., געווען מער גענייגט צו אזוינע אנטפלעקונגען, ווי צו אנדערע.

בנוגע דעם כאראקטער פון דעם כ ו ח ־ ה ד מ י ו ן האט די פארשיידענקייט אין דער אנטפלעקונג זיך ארויסגעוויזען אויף אזא אופן: איז דער נביא געווען א מענש פון א פיינעם גוסט, אזוי האט ער גאט׳ס געדאנק אויף פארנומען אין אן עלעגאנטען סטיל; איז ער אבער געווען מטושטש, אזוי האט ער דאס אויך פארנומען אויף א מטושטשען שטייגער. דאס אייגענע איז אויך פארגעקומען מיט די אנטפלעקונגען, וואס זיינען פארגעשטעלט געווארען דורך בילדער: איז דער נביא געווען א דארפמאן, אזוי האט ער געזעען אקסען, קי און א. וו.; איז ער געווען א סאלדאט, האט ער געזעען קריגפירער, ארמייען און א. וו.; איז ער, לסוף, געווען א הויפמאן, אזוי האט ער געזעען א קיניגליכען טראן און דאסגלייכען.

בנוגע דער פארשיידענקייט אין די מ י י נ ו נ ג ע ן פון די נביאים האבען די אנטפלעקונגען זיך וואריאירט אזוי: צו די מאגיקער, וועלכע האבען געגלויבט אין די ווילדע פאנטאזיעס פון דער אסטראלאגיע (זע מ ת י, קאפ. 2), איז ישו׳ס געבוירן אנטפלעקט געווארען דורכן בילד פון א שטערן, וואס איז אויפגעגאנגען אין מזרח.

צו נבוכדנצר׳ם ווארזאגער איז די צעשטערונג פון ירושלים אנטפלעקט געווארען דורך דער איינגעווייד פון די קרבנות (זע יחזקאל, קאפ. כ״א, פסוק 26). דער קיניג אליין האט זיך וועגען דעם דערוואוסט דורך די אראקעלען און דורך דער ריכטונג פון די פיילען, וועלכע ער האט געשאסען ארויף, אין דער לופט.

וואס איז שייך די נביאים, וועלכע האבען געגלויבט אין דער פרייד קייט פון מענשליכען ווילען און אין דעם מענשענ׳ם זעלבסטבאשטימונג, האט זיך גאט אנטפלעקט צו זיי, ווי א וועזען, וואס איבט ניט אוים קיין שום איינפלוס אויף די מענשליכע מעשים און וואס די צו־קונפטיגע מעשים פון די מענשען זיינען אים ניט באוואוסט.

דאס אלץ וועל איך איצט אויפווייזען באריכות דורך דער ביבעל גופא.

דער ערשטער פונקט ווערט באוויזען דורך אלישע׳ן (זע מלכים ב, קאפ. ג׳, פסוק 15), וועלכער האט פארלאנגט, מען זאל פאר אים שפילען אויף א הארף, כדי צו קאנען נביאות־זאגען פאר ירבעמ׳ען, און האט געקאנט פארנעמען גאט׳ס ווילען ערשט נאכדעם, ווי ער האט נהנה געווען פון די קלאנגען פון דער מוזיק. ערשט דאן האט ער פאר־אויסגעזאגט ירבעמ׳ען און זיינע חברים דערפרייענדיגע זאכען, וואס ער האט דאס פריער ניט געקאנט טון, ווייל ער איז געווען אויפגע־בראכט אויף דעם קיניג; און ווען איינער איז אויף עמיצען אויפגע־בראכט, איז ער נוטה פארצושטעלען זיך בנוגע יענעם שלעכטס, אבער ניט קיין גוטס. ווען אבער אייניגע באהויפטען, אז גאט אנטפלעקט זיך כלל ניט צו אויפגעבראכטע און טרויעריגע מענשען, איז דאס ניט מער, ווי א פוסטע טרוימעריי, ווייל גאט האט דאך אנטפלעקט צו משה׳ן, וועלכער האט געצארנט אויף פרעה׳ן, וועגען דעם יאמערפולען אויסשטארבען פון די בכורים (זע שמות, קאפ. י״א, פסוק 8), און דאס איז געשעען אן דער אנווענדונג פון מוזיק. גאט האט זיך אויך אנטפלעקט צו קינ׳ען, בעת יענער האט געברענט מיט צארן. אויך יחזקאל׳ען, וועלכער איז געווען פול מיט צארן און אומגעדולדיג, האט גאט אנטפלעקט דעם עלענד און די ווידערשפעניגקייט פון די יידען (זע יחזקאל, קאפ. ג׳ פסוק 14); און ירמיה, וועלכער איז געווען דורכגענומען מיט א גפיל פון טיפען יאוש און געוואלטיגען עקעל צום לעבען, האט נביאות־געזאגט וועגען די ליידען פון די יידען

אזוי, אז יאשיהו האט אים ניט געוואלט אויסהערען, נאר זיך בעסער געווענדט צו א נביאה פון יענער צייט. וואס איר פרויען־נאטור איז מער געניינט געווען צו אן אנטפלעקונג פון גאט'ס בארעמהארציגקייט (זע דברי הימים, ב', קאפ. ל"ד). אויך מיכה האט קיינמאל ניט נביאות־געזאגט פאר אחאב'ן עפעס גוטס, בעת אנדערע אמת'ע נביאים האבען דאס פונדעסטוועגען געטאן (ווי עס צו זען פון מלכים א, קאפ. כ'), נאר בלויז שלעכטס פאר זיין גאנצען לעבען (זע מלכים א', קאפ. כ"ב, פסוק 7, און נאך דייטליכער אין דברי הימים ב', קאפ. י"ח, פסוק 7).

אזוי ארום זיינען די נביאים געווען לויט זייער געמיט מסוגל מער צו אזוינע, ווי צו אנדערע אנטפלעקונגען.

דער סטיל פון נבואה איז אויך געווען פארשיידען, אין הסכם מיט דער רעד־ארט פון יעדען נביא באזונדער. אזוי איז יחזקאל'ס און עמוס'עס נבואה ניט געשריבען אין דעם פיינעם סטיל פון ישעיה'ס און נחום'ס נבואה, נאר אין אן ארימערען סטיל. די, וואס קענען העברעאיש, וועלען נאך מער זיך קאנען אין דעם איבערצייגען, ווען זיי וועלען פארגלייכען איינינע קאפיטלען פון פארשיידענע נביאים, וועלכע באהאנדלען איין־און־דעמזעלביגען ענין: זיי וועלען ניט קאנען ניט באמערקען דעם גרויסען חלוק צווישען זיי. זאלען זיי, למשל, פארגלייכען קאפ. א', פון פסוק 11 ביז פסוק 20 פון דעם הויפמאן ישעיה מיט קאפ. ה', פון פסוק 21 ביז פסוק 24 פון דעם פויער עמוס. זאלען זיי ווייטער פארגלייכען דעם סדר און דעם אינהאלט פון ירמיה'ס נבואה וואס ער האט געזאגט אויף אדום אין קאפ. מ"ט מיט'ן סדר און דעם אינהאלט פון עבדיה; אדער ישעיה, קאפ. מ', פסוק 19 און 20, און קאפ. מ"ד, פון פסוק 8 און ווייטער, מיט הושע, קאפ. ח', פסוק 6, און קאפ. י"ג, פסוק 2. און אזוי איז עס אויך נאך מיט אנדערע שטעלען. דאס אלץ, ווען ריכטיג אויפגעפאסט, ווייזט, אז גאט האט זיך ניט באנוצט מיט קיין אייגענער פארם פון אויסדרוק, נאר האט גערעדט אין א פיינעם אדער ארימען לשון, קורץ אדער פילווערטערדיג, שטרענג, טונקעל און א. וו., לויט דער בילדונג און פעאיגקייט פון דעם נביא.

די נביאישע פארשטעלונגען און צייכענס זיינען אויך געווען פארשיידען, ווען זיי האבען אפילו געזאלט באצייכענען איין־און־דיזעלביגע

זאַך. גאָט׳ס כבוד, וואָס פאַרלאָזט דעם בית המקדש, איז ישעיה׳ן פאַרגעשטעלט געוואָרען אַנדערש, ווי יחזקאל׳ען. די רבנים מיינען אַפילו, אַז אַט־די צוויי ערשיינונגען זיינען געווען ביידע גלייך, נאָר יחזקאל, אַלס אַ פויער, איז דערפון גאָר אַן אַ שיעור נתפעל געוואָרען און האָט עס, דעריבער, דערציילט מיט אַלע פּרטים. אויב אָבער די רבנים האָבען ניט קיין באַגלויבטע מסורה מכח אַט־דעם ענין, וואָס איך אַליין גלויב אין דעם ניט, איז עס ניט מער, ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך. ווייל ישעיה האָט געזעען שרפים מיט זעקס פליגלען, יחזקאל אָבער — חיות מיט פיר פליגלען; ישעיה האָט געזעען גאָט אין אַנגעקליידטען און זיצענדיג אויף אַ קעניגליכען טראָן; יחזקאל אָבער האָט אים געזעען אין דער געשטאַלט פון אַ פייער. יעדער איינער פון זיי האָט אָן צווייפעל געזעען גאָט אַזוי, ווי ער פלעגט זיך אים געוויינליך פאָרשטעלען.

די נביאישע פאָרשטעלונגען האָבען ווייטער זיך אונטערשיידט איינס פון אַנדערן ניט נאָר מיט זייער תוך, נאָר אויך מיט זייער דייטליכקייט. אַזוי זיינען זכריה׳ס ערשיינונגען געווען אַזוי ניט־קלאָר, אַז ער האָט זיי אַליין ניט געקאָנט פאַרשטיין אָן אַ דערקלערונג, ווי דאָס איז צו זען פון דעם באַריכט איבער זיי, און דניאל האָט זיינע אייגענע ערשיינונגען ניט געקאָנט פאַרשטיין אַפילו מיט אַ דערקלערונג. און דאָס איז אַזוי פאָרגעקומען ניט מחמת דער שווערקייט פון דער אַנטפּלעקטער זאַך (עס האָט זיך דאָך געהאַנדעלט וועגען מענשליכע ענינים, וואָס טרעטען אַריבער די גרעניצען פון מענשליכען וויסען נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט זיי געהערען דער צוקונפט), נאָר מחמת דעם, וואָס דניאל׳ס כוח־הדמיון האָט אויפן וואָר ניט פאַרמאָגט אַזוי פיל קראַפט צו זאָגען נביאות, ווי אין חלום. דאָס איז צו זען אויך דערפון, וואָס ביים אָנהויב פון דער אַנטפּלעקונג איז ער אַזוי מבולבל געוואָרען, אַז ער האָט זיך כמעט מיאש געווען אין זיינע כוחות. מחמת אַט־דער שוואַכקייט פון זיין כוח־הדמיון און פון זיינע פיזישע כוחות זיינען די זאַכען אַנטפּלעקט געוואָרען פאַר אים אַזוי ניט־קלאָר, אַז ער האָט זיי ניט געקאָנט פאַרשטיין אַפילו מיט אַ דערקלערונג.

מען דאַרף דאָ באַמערקען, אַז די ווערטער, וועלכע דניאל האָט געהערט, זיינען געווען ניט מער, ווי איינגעבילדעטע ווערטער, ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אויבען. עס איז, דעריבער, קיין וואונדער ניט, וואָס

אין זיין דעמאלטדיגען צושטאנד פון פארווירונג האט ער אט־די אלע ווערטער זיך פארגעשטעלט אויף אזא צעמישטען און טונקעלען שטייגער, אז ער האט שפעטער אליין קיין זאך דערפון ניט געקאנט פארשטיין. וואס אנבאלאנגט די מענשען, וואס זאגען, אז גאט האט די זאך ניט געוואלט אנטפלעקען קלאר פאר דניאל'ען, ווייזט אויס, אז זיי האבען ניט געלייענט די ווערטער פון דעם מלאך, וועלכער זאגט אויסדריקליך (זע דניאל, קאפ. י', פסוק 14): „און איך בין געקומען צו לאזען דיר וויסען, וואס עס וועט פארקומען מיט דיין פאלק אין די שפעטערע צייטען". אט־די אנטפלעקונגען זיינען, אלזוי, געבליבען ניט־קלאר נאר דערפאר, ווייל עס האט אין יענער צייט ניט געלעבט קיין איין מענש, וואס זיין כוח־הדמיון זאל זיין גענוג שטארק פאר א מער קלארער אנטפלעקונג.

און לסוף, די נביאים, וואס עס איז זיי אנטפלעקט געווארען, אז גאט וועט פון זיי אוועקנעמען אליהו'ן, האבען געוואלט איבררעדען אלישע'ן, אז יענער וועט אוועקגעפירט ווערען צו אן ארט, וואו זיי וועלען אים נאך קאנען געפינען, וואס דאס ווייזט זיכער גאנץ קלאר, אז זיי האבען ניט ריכטיג פארשטאנען די געטליכע אנטפלעקונג.

עס איז מער ניט נויטיג צו רעדען ווייטער וועגען דעם דאזיגען ענין, ווייל קיין זאך ווערט ניט אזוי דייטליך באוויזען דורך דער ביבעל, ווי דאס, אז גאט האט איין נביא באשאנקען מיט דער גאב פון נבואה אין א פיל העכערען גראד, ווי אן אנדערען. אקעגען־אבער וועל איך איצט ווייזען מער אפגעהיט און אויספירליך, אז דאס נביאות־זאגען אדער די אנטפלעקונגען האבען זיך אונטערשיידט איינס פון אנדערן אויך לויט די מיינונגען פון די נביאים און אז די נביאים האבען געהאט פארשיידענע, אפילו ווידערשפרעכיגע, מיינונגען, ווי אויך פארשיידענע פאראורטיילען (איך רעד דא וועגען ריין־ספעקולאטיווע זאכען, ווייל וועגען זייער פרומקייט און זייערע גוטע זיטען האב איך א גאנץ אנדער מיינונג). אט־דער ענין איז פאר מיר זייער וויכטיג, ווייל איך וועל דערפון מאכען דעם אויספיר, אז דאס נביאות־זאגען האט קיינמאל ניט געמאכט די נביאים געלערנטער, נאר זיי איבערגעלאזען ביי זייערע פון פריער אנגענומענע מיינונגען, און ממילא זיינען מיר ניט מחויב צו גלויבען זיי אין ריין־ספעקולאטיווע זאכען.

מיט אַ מערקווירדיגער איבערגעאיילטקייט האָבען די מענשען זיך איינגערעדט מקדמונים, אַז די נביאים האָבען געוואוסט אַלץ, וואָס דער מענשליכער שכל קאָן משיג זיין. און הגם איינינע שטעלען פון דער ביבעל ווייזען גאַנץ קלאָר, אַז די נביאים האָבען פיל זאַכען ניט גע־וואוסט, וועט מען אָבער גיכער זאָגען, אַז מען פאַרשטייט ניט ריכטיג יענע שטעלען, איידער צוגעבען, אַז די נביאים האָבען עפּעס אַ זאַך ניט געוואוסט, אָדער מען וועט גאָר די ווערטער פון דער ביבעל פאַר־דרייען אַזוי, אַז זי זאָל מוזען זאָגען דאָס, וואָס זי וויל באַיין אופן ניט זאָגען. דערלאָזט מען אָבער איין מאָל אַזאַ מין פריייקייט, אַזוי קאָן דאָס איינענע זיכער געטאָן ווערען מיט דער גאַנצער ביבעל; און אומ־זיסט וועט זיין אונזער מי צו ווילען באַווייזען וואָסער־עס־איז אמת דורך דער ביבעל, אויב עס איז דערלויבט צו ברענגען די סאַמע קלאָ־רע שטעלען צו די טונקעלע און אומפאַרשטענדליכע, אָדער זיי אויס־טייטשען, ווי איינער וויל. קאָן דען, למשל, עפּעס אין דער ביבעל זיין נאָך קלערער, ווי דאָס, אַז יהושע און אפשר אויך דער מחבר פון זיין געשיכטע האָבען געגלויבט, אַז די זון באַוועגט זיך אַרום דער ערד, אַז די ערד שטייט אומבאַוועגליך אויף אַן אָרט און אַז די זון איז אַ געוויסע צייט געבליבען אומבאַוועגליך? פונדעסטוועגען ווערט די דאָזיגע שטעל פון פיל מענשען, וואָס ווילען ניט צוגעבען, אַז עס זאָל קאָנען פאָרקומען אויפ'ן הימעל עפּעס אַן ענדערונג, אויסגעטייטשט אַזוי, ווי זי וואָלט גאָר ניט דאָס געזאָגט. אַנדערע, ווידער, וואָס האָ־בען זיך אויסגעלערנט בעסער צו פילאָזאָפירען, פאַרשטייענדיג, אַז די ערד באַוועגט זיך, אַקעגען־אָבער די זון שטייט שטיל, אָדער, וועניג־סטענס, באַוועגט זיך ניט אַרום דער ערד, באַמיען זיך ווי ווייט מעג־ליך מיט געוואַלט אַרויסצודרינגען דאָס פון דער ביבעל, כאָטש זי זאָגט גאַנץ אָפען דעם היפּוך דערפון. איך באַוואונדער זיי, באמת. אָבער זיינען מיר דען, איך בעט אייך, טאַקע מחוייב צו גלויבען, אַז דער סאָלדאַט יהושע איז געווען בקי אין אַסטראָנאָמיע, אָדער אַז ער האָט געמוזט וויסען די סיבה פון דעם וואונדער, ווייל אַנדערש וואָלט דער וואונדער אים ניט אַנטפּלעקט געוואָרען און דאָס ליכט פון דער זון וואָלט ניט געקאָנט פאַרבלייבען לענגער, ווי געוויינליך, איבער'ן האָריזאָנט? אין מיינע אויגען זעען ביידע אויסטייטשונגען אויס אַלצאיינס לעכערליך. איך וועל בעסער זאָגען גאַנץ אָפען: יהושע

האָט ניט געוואוסט די אמת'ע סיבה פון אָט־דעם לענגער־פאַרבליבע־נעם ליכט און אַלע זיינע לייט האָבען געגלויבט, אַז די זון באַוועגט זיך טעגליך ארום דער ערד און אַז נאָר אין יענעם טאָג האָט זי זיך אָפּ־געשטעלט אויף אַ געוויסער צייט, וואָס דערמיט איז דער טאָג גע־וואָרען לענגער, ווי אַלע מאָל. ער האָט גאָר ניט געטראַכט וועגען דעם, אַז דאָס אייז, מיט וועלכען די לופט איז דעמאָלט געווען איבערגעפּילט (זע י ה ו ש ע, קאַפּ. י', פּסוק 11), האָט געקאָנט שאַפען אַן אומ־געוויינליכע ליכט־ברעכונג, אָדער עפּעס אַן ענליכע ערשיינונג, וואָס דערויף וויל איך איצט ניט אָפּשטעלען זיך. פּונקט אַזוי איז אויך ישעיה'ן אַנטפּלעקט געוואָרען דער צייכען פון דעם צוריק־אָפּטרעטענ־דיגען שאָטען, וואָס איז, לויט זיין השגה, געקומען דורך דעם צוריק־אָפּטרעטען פון דער זון*); ווייל אויך ער האָט געגלויבט, אַז די זון באַוועגט זיך און די ערד שטייט שטיל; נעבען־זונען האָבען זיך אים זי־כער אפילו ניט געחלומט. מיר קאָנען דאָס ארויסזאָגען מיט דער פול־סטער זיכערקייט, ווייל דער צייכען האָט געקאָנט געשען אויף אַן אמתען און פאָראויסגעזאָגט ווערען דעם קיניג דורך ישעיה'ן, כאָטש דער נביא האָט געמעגט ניט וויסען די אמתע סיבה דערפון.

דאָס אייגענע דאַרף מען זאָגען אויך וועגען שלמה'ס בויען דעם בית־המקדש, אויב נאָר דאָס איז אים באמת אַנטפּלעקט געוואָרען פון גאָט, — און דאָס איז, אַז אַלע מאָס־פאַרהעלטענישען זיינען שלמה'ן אַנטפּלעקט געוואָרען אין הסכם מיט זיינע באַגריפען און מיינונגען. אַזוי ווי מיר זיינען באַין אופן ניט מחוייב צו גלויבען, אַז שלמה איז געווען אַ מאַטעמאַטיקער, מעגען מיר, דעריבער, באַהויפּטען, אַז ער האָט ניט געוואוסט די שייכות פון דער פּעריפעריע צום דיאַמעטער, נאָר האָט, ווי אַ פּשוטער ארבעטער, גערעכענט, אַז אָט־די שייכות איז, ווי דריי צו איינס. זאָל אָבער דערלויבט זיין צו זאָגען, אַז מיר פאַרשטייען ניט דעם טעקסט פון מ ל כ י ם א, קאַפּ. ז', פּסוק 23, אַזוי ווייס איך שוין ניט, וואָס אַזוינס מיר וועלען קאָנען פאַרשטיין פון דער ביבעל, ווייל וועגען דעם אויפבוי פון בית־המקדש ווערט דאָרט דערציילט גאַנץ איינפאַך און פון אַ ריין־געשיכטליכען שטאַנד־פּונקט. איך רעכען, אַז אויב עס וועט צוגעלאָזען ווערען די הנחה,

---

*) זע י ש ע י ה, קאַפּ. ל"ח, פּסוק 8.

אז די ביבעל האָט געמיינט עפּעס אנדערש, נאָר זי האָט געוואָלט שריי־בען אַזוי, ווי זי האָט געשריבען, צוליב אַ געוויסען גרונד, וואָס איז אונז אומבאַקאַנט, וועט דאָס הייסען ניט ווייניגער, ווי אַוועקצושטע־לען די גאַנצע ביבעל מיטען קאָפּ אַראָפּ; ווייל יעדער איינער וועט מיטען זעלביגען רעכט קאָנען דאָס אייגענע זאָגען אויך וועגען אַלע שטע־לען פון דער ביבעל, און דער פּועל יוצא דערפון וועט זיין, אַז אַלדאָס בייזע און קאַפּויערדיגע, וואָס די מענשליכע רשעות קאָן נאָר אויס־טראַכטען, וועט מעגען פּאַרטיידיגט און אויסגעפירט ווערען אונטער דער אויטאָריטעט פון דער ביבעל.

וואָס אַנבאַלאַנגט מיין באַהויפּטונג, איז אין איר ניטאָ קיין סימן פון גאָטלאָזיגקייט, ווייל אויב שלמה, ישעיה, יהושע און אנד. זיינען אפילו געווען נביאים, זיינען זיי דאָך געווען ניט מער, ווי מענשען, און קיין זאַך, וואָס איז מענשליך, איז זיי אַוודאי ניט פרעמד געווען.

אויך נח'ן איז אַנטפּלעקט געוואָרען, אַז גאָט וועט פאַרטיליגען דעם מענשליכען מין, אין הסכם מיט זיינע (נח'ס) באַגריפען, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז מחוץ לארץ איז די וועלט ניט געווען באַוואוינט. און ניט נאָר אַזוינע זאַכען האָבען די נביאים, ניט לגנאי זייער פרומ־קייט, געקאָנט ניט וויסען, און זיי האָבען, באמת, ניט געוואוסט, נאָר אויך פיל וויכטיגערע זאַכען: זיי האָבען דאָך ניט געלערנט קיין שום באַזונדערע זאַכען וועגען די געטליכע אַטריבוטען; נאָך מער, זיי האָ־בען געהאַט וועגען גאָט די סאַמע פּשוטע השגה, וואָס זייערע אַנט־פּלעקונגען זיינען נאָך צו איר געווען צוגעפּאַסט, ווי איך וועל דאָס איצט ווייזען דורך דעם פילפאַכיגען עדות־זאָגען פון דער ביבעל; פון דעם אַלעם וועט זיין לייכט צו זען, אַז ניט מחמת זייער דערהויבענעם און העכערען גייסט ווערען עס די נביאים אַזוי געלויבט און געפּרייזט, נאָר מחמת זייער גאָטספאַרכטיגקייט און גלויביגקייט.

אדם, דער ערשטער, וואָס גאָט האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט, האָט ניט געוואוסט, אַז גאָט איז אַלוועזענדיג און אַלוויסענדיג, ווייל ער האָט זיך אויסבאַהאַלטען פון גאָט און געזוכט צו אַנטשולדיגען זיין זינד פאַר גאָט, ווי ער וואָלט דאָס געמאַן פאַר אַ מענשען*). גאָט האָט זיך, אַלזוי, אויך אים אַנטפּלעקט אין הסכם מיט זיינע (אדמ'ס)

*) זע בראשית, קאַפּ. ג', פּסוק 8.

באַגריפֿען, און דאָס איז, ווי ער וואָלט ניט געווען אומעטום און ניט געוואוסט אדמ׳ס זינד און דעם פּלאַץ פֿון זיין באַהעלטעניש. באמת, אדם האָט געהערט, אַדער עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט געהערט, ווי גאָט האָט אַרומגעשפּאַצירט אין גן עדן, אים גערופֿען און געפֿרעגט, וואו ער איז; דערנאָך, ווען אדם האָט זיך געשעמט, האָט אים גאָט געפֿרעגט, צי ער האָט געגעסען די פֿרוכט פֿון דעם פֿאַרבאָ־טענעם בוים. אדם האָט, אַלזוי, ניט געוואוסט קיין אַנדער אַטריבוט פֿון גאָט, ווי נאָר דאָס, אַז ער איז געווען דער באַשעפֿער פֿון אַלע זאַ־כען.

פּונקט אַזוי האָט גאָט זיך אַנטפּלעקט צו קין׳ען אויך אין הסכם מיט זיינע (קינ׳ס) באַגריפֿען, און דאָס איז, ווי ער וואָלט ניט געוואוסט אַלע מענשליכע מעשים; ער האָט אויך ניט באַדאַרפֿט האָבען קיין העכערע השגה וועגען גאָט, כדי חרטה צו האָבען אויף זיינע זינד*).

גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו לבנ׳ען, ווי אַברהמ׳ס גאָט, ווייל לבן האָט געגלויבט, אַז יעדער פֿאָלק האָט זיין אייגענעם גאָט (זע בראשית, קאַפּ. ל״א, פּסוק 29).

אויך האָט אַברהם ניט געוואוסט, אַז גאָט איז אומעטום און ווייס אַלצדינג פֿאָראויס, ווייל ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם אורטייל קעגען די מענשען פֿון סדום, האָט ער געבעטען גאָט, ער זאָל אַט־דעם אורטייל ניט אויספֿירען, איידער ער וועט ניט וויסען, צי אַלע מענשען פֿון סדום פֿאַרדינען די שטראָף: „אפשר, האָט ער געזאָגט (זע בראשית, קאַפּ. י״ח, פּסוק 24), וועלען אין דער שטאָט זיך געפֿינען פֿופֿציג גע־רעכטע“. און גאָט אַליין האָט זיך אים אויך ניט אַנדערש אַנט־פּלעקט. גאָט האָט גערעדט אין אַברהמ׳ס כוח־הדמיון אַזוי: „ארדה־נא ואראה, הכצעקתה הבאה אלי עשו כלה, ואם לא — אדעה“. אויך די געטליכע צייגעניש איבער אַברהמ׳ען (זע וועגען דעם בראשית, קאַפּ. י״ח, פּסוק 19), רעדט בלויז וועגען זיין געהאָר־כיגקייט און וועגען דעם, אַז ער וועט אָנזאָגען זיין הויז־געזינט צו טון,

*) זע בראשית, קאַפּ. ד׳, פּסוק 9.

וואָס נערעכט און גוט איז, אָבער ניט, אַז ער האָט געהאַט אַ העכערע השגה וועגען גאָט.

משה האָט אויך פּונקט אַזוי ניט געגוג משיג געווען, אַז גאָט איז אַלוויסענדיג און אַז אַלע מענשליכע מעשים ווערען אָנגעפירט, לויט זיין ווילען. באמת, כאָטש גאָט האָט איהם געזאָגט (זע שמות, קאַפּ. ג׳, פּסוק 18), אַז די בני־ישראל וועלען איהם געהאָרכען, האָט ער דאָך אין דעם געצווייפעלט און געענטפערט (זע שמות, קאַפּ. כ׳, פּסוק 1): „ווי אָבער, אַז זיי וועלען מיר ניט גלויבען און מיר ניט געהאָרכען?“ אויף אַזאַ אופן האָט זיך גאָט אויך איהם אַנט־פּלעקט, ווי אַ וועזען, וואָס איז גלייכגילטיג צו די מענש־ליכע מעשים און וויים ניט, וואָס די מענשען וועלען טון אין דער צו־קונפט. גאָט האָט איהם געגעבען צוויי צייכענס און געזאָגט אַזוי (שמות, קאַפּ. ד׳, פּסוק 8): „**אויב עס וועט געשעהן, אַז זיי וועלען דעם ערשטען צייכען ניט גלויבען, וועלען זיי דאָך גלויבען דעם אַנדערן צייכען; ווען אָבער זיי וועלען אויך דעם אַנדערן צייכען ניט גלויבען, אַזוי נעם אַביסעל וואַסער פון טייך און** א. וו.“. באמת, אויב מען וויל באַטראַכטען אָן פאָראורטייל משה׳ס אַנזיכטען, מוז מען קלאָר איינזען, אַז ער האָט זיך פאָרגעשטעלט גאָט, ווי אַ וועזען, וואָס איז אייביג געווען, איז און וועט אייביג זיין, און דעריבער האָט ער אים באַצייכענט מיטן נאָמען ה׳, וואָס דריקט אין העברעאישען אויס די דאָזיגע דריי צייטען פון זיין; וואָס איז שייך אָבער גאָט׳ס נאַטור, האָט משה ניט מער געלערנט, ווי נאָר דאָס, אַז גאָט איז באַרעמהערציג, גנעדיג און אַז. וו., און זייער אייפעריג (אל קנא), ווי דאָס איז צו זען פון פיל שטעלען פון חומש.

משה האָט ווייטער געגלויבט און געלערנט, אַז דאָס דאָזיגע וועזען שיידט זיך אָפּ פון אַלע אַנדערע וועזענס דערמיט, וואָס עס קאָן ניט אויסגעדריקט ווערען דורך קיין שום אָפּבילד פון וואָסער־עס־איז אַנזיכטיגער זאַך און קאָן אויך ניט געזעען ווערען, — ניט אַזוי מחמת דער אוממעגליכקייט פון דער זאַך, ווי מחמת דער מענשליכער שוואַכ־קייט, — און אַז עס איז, חוץ דעם, איינציג בנוגע זיין מאַכט. משה אַליין גיט, אמת, צו אַז עס זיינען דאָ וועזענס, וואָס זיינען גאָט׳ס

ממלא־מקום (אז צווייפעל דורך גאט'ס אייגענער איינארדענונג און באפעל), ד. ה. וועזענס, וואס גאט האט זיי געגעבען די אויטאריטעט, דאס רעכט און די מאכט צו רעגירען די פעלקער, צו וואכען איבער זיי און צו זארגען פאר זיי; אבער וועגען דעם וועזען, וואס די יידען זיינען מחוייב געווען אים צו פארערען, האט ער געלערנט, אז דאס איז דער העכסטער און אויבערשטער גאט, אדער (צו באנוצען דעם העברעאישען אויסדרוק) דער גאט פון די געטער. און דעריבער זאגט ער אין „אז ישיר" (שמות, קאפ. ט"ו, פסוק 11): „ווער צווישען די געטער איז גלייך צו דיר, ה'?" און יתרו (קאפ. י"ח, פסוק 11): „איצט ווייס איך, אז ה' איז גרעסער פון אלע געטער", ד. ה. איך מוז איצט מסכים זיין מיט משה'ן, אז ה' איז גרעסער פון אלע געטער און איינציג אין זיין מאכט. מען קאן אגב אויך צווייפלען, צי משה האט יענע וועזענס, וועלכע זיינען געווען גאט'ס שטעלפארטרעטער, גע־האלטען פאר גאט'ס באשאף, ווייל ער האט, אויף ווי ווייט מיר ווייסען, קיין זאך ניט געזאגט ניט וועגען זייער באשאפונג און ניט וועגען זייער אורשפרונג.

משה האט ווייטער געלערנט, אז דאס דאזיגע וועזען האט פון תהו ובהו געבראכט ארדענונג אין אט־דער אנזיכטיגער וועלט (זע בראשית, קאפ. א', פסוק 2), אז ער האט דער נאטור געגעבען די פארשיידענע מינים זאמען, און ממילא האט ער איבער אלץ דאס העכסטע רעכט און די העכסטע מאכט. מחמת אט־דעם העכסטען רעכט און אט־דער העכסטער מאכט האט ער פאר זיך אליין אויסדער־ווויילט דאס העברעאישע פאלק (זע דברים, קאפ. ו', פסוקים 14 און 15) און א באשטימט לאנד אויף דער ערד (זע דברים, קאפ. ד', פסוק 19, און קאפ. ל"ב, פסוקים 8 און 9), בעת די אנדערע פעל־קער און לענדער האט ער איבערגעלאזען אונטער דער השגחה פון אנ־דערע געטער, וואס ער אליין האט זיי דערויף באשטימט; און דערי־בער ווערט ער אנגערופען דער גאט פון ישראל און דער גאט פון ירושלים (זע דברי־הימים ב, קאפ. ל"ב, פסוק 19), די אנדערע געטער אבער ווערען אנגערופען די געטער פון די איבעריגע פעלקער (אלהי עמי הארץ). מחמת דעמזעלביגען טעם האבען די יידען אויך געגלויבט, אז דאס לאנד, וואס גאט האט עס אויסדערוויילט פאר

זיך, האָט געפאָדערט אַ באַזונדערן רעליגיעזן קולט, וואָס זאָל זיין גאַנץ אַנדערש פון דעם קולט פון אַנדערע לענדער ; נאָך מער, זיי האָבען געגלויבט, אַז עס האָט ניט געקאָנט פּאַרטראָגען דעם קולט פון אַנדערע געטער, וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַר אַנדערע לענדער. האָבען זיי דען, באמת, ניט געגלויבט, אַז די פעלקער, וואָס דער קיניג פון אשור האָט זיי געפירט אין דעם לאַנד פון די יידען, זיינען צעריסען געוואָרען פון לייבען נאָך דערפאַר, ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט דעם קולט פון די געטער פון דעם דאָזיגען לאַנד (כאשר אינם יודעים את משפט אלהי־הארץ. — זע מ ל כ י ם ב׳, קאַפּ י״ז, פסוקים 25 און 26) ? און מחמת דעמזעלביגען טעם האָט אויך יעקב געזאָגט, לויט דער מיינונג פון אבן־עזרא, צו זיינע זין, בעת ער האָט געוואָלט זיך אומקערען צוריק צו זיין פאַטערלאַנד, אַז זיי זאָלען זיך גרייטען צו אַ נייעם קולט און אָפּטון פון זיך די פרעמדע געטער, ד. ה. דעם קולט פון די געטער פון לאַנד, אין וועלכען זיי האָבען זיך דעמאָלט געפונען (זע ב ר א ש י ת, קאַפּ. ל״ה, פסוקים 2 און 3). פּונקט אַזוי האָט אויך דוד, ווען ער האָט געוואָלט זאָגען שאול׳ן, אַז זיינע פאַרפאָלגונגען צווינגען אים צו לעבען אויסערן פאַטערלאַנד, אויסגערופען, אַז ער איז פאַרטריבען פון גאָט׳ס הערבשאַפט און אַרויסגעשיקט צו דינען פרעמדע געטער (זע ש מ ו א ל א, קאַפּ. כ״ו, פסוק 19).

משה האָט געגלויבט, אַז דאָס דאָזיגע וועזען, ד. ה. גאָט, האָט געהאַט זיין וואוינונג אין הימעל (זע ד ב ר י ם, קאַפּ. ל״ג, פסוק 27), אַ מיינונג, וואָס איז געווען זייער פאַרשפּרייט צווישען די געצענדינער.

אויב מיר ווילען איצט באַטראַכטען גענויער משה׳ס אַנטפּלעקונגען, וועלען מיר אויסגעפינען, אַז זיי זיינען געווען אין הסכם מיט די דאָזיגע מיינונגען. באמת, אַזוי ווי ער האָט געגלויבט, אַז די נאַטור פון גאָט דערלאָזט אַזוינע איינגענשאַפטען, ווי בארעמהארציגקייט, גענאָד, און א. וו., האָט זיך גאָט אים טאַקע אַנטפּלעקט אין הסכם ניט דער דאָזיגער מיינונג און אונטער די דאָזיגע אַטריבוטען (זע ש מ ו ת, קאַפּ. ל״ד, פסוקים 6 און 7, וואו עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי גאָט האָט זיך באַוויזען צו משה׳ן ; אויך די פסוקים 4 און 5 פון די עשרת הדברות). עס ווערט דערציילט ווייטער, קאַפּ. ל״ג, פסוק 18, אַז משה האָט געבעטען גאָט, ער זאָל אים לאָזען

אים זען. אָבער אַזוי ווי משה, ווי שוין באַמערקט, האָט ניט געשאַ־
פען אין זיין כוח־הדמיון קיין שום בילד פון גאָט און אַזוי ווי גאָט,
ווי איך האָב דאָס שוין באַוויזען, האָט זיך אַנטפּלעקט צו די נביאים
ניט אַנדערש, ווי נאָר לויט דעם כאַראַקטער פון זייער כח־הדמיון,
האָט גאָט, דעריבער, ניט באַוויזען זיך פאַר משה'ן אין אַ בילדליכער גע־
שטאַלט. לויט מיין מיינונג, איז דאָס לעצטע געווען אָפּשטויסיג פאַר
משה'ס כח־הדמיון און דעריבער איז עס געשען אַזוי און ניט אַנ־
דערש, ווייל אַנדערע נביאים, ווי ישעיה, יחזקאל, דניאל און אַ. וו.,
זאָגען עדות, אַז זיי האָבען געזעען גאָט. מחמת דעם האָט גאָט גע־
ענטפערט משה'ן: „ד ו ו ו ע ס ט נ י ט ק א נ ע ן ז ע ן
מ י י ן א נ ג ע ז י כ ט", און אַזוי ווי משה האָט געגלויבט, אַז גאָט
איז אַנזיכטיג, ד. ה. אַז די אַנזיכטיגקייט איז ניט סותר קיין שום
טייל פון דעם געטליכען וועזען, ווייל אַנדערש וואָלט ער דאָך אַזאַ זאַך
ניט געבעטען, האָט גאָט דעריבער מוסיף געווען: „ו ו י י ל ק י י ן
מ ע נ ש ק א ן מ י ך נ י ט ז ע ן א ו ן (בלייבען) ל ע ב ע ן".
גאָט גיט, אַלזוי, אַן אַ גרונד, וואָס איז אין הסכם מיט משה'ס מיינונג.
ער זאָגט ניט, אַז די אַנזיכטיגקייט איז סותר דער געטליכער נאַטור,
ווי דאָס איז אין דער אמתען, נאָר אַז זי קאָן ניט געשען מחמת דער
מענשליכער שוואַכקייט.

כדי צו אַנטפּלעקען וויטער פאַר משה'ן, אַז די בני־ישראל זיינען
מיט זייער דינען צום עגל געוואָרען גלייך צו אַנדערע פעלקער, האָט
גאָט געזאָגט (קאַפּ. ל"ג, פּסוקים 2 און 3), אַז ער וועט שיקען אַ מלאך,
ד. ה. אַ וועזען, וואָס וועט זאָרגען פאַר די בני־ישראל, אַנשטאָט דעם
העכסטען וועזען, אָבער ער אַליין וויל מער ניט זיין מיט זיי, ווייל
אַזוי אַרום האָט משה ניט געהאַט מער קיין גרונד צו גלויבען, אַז די
בני־ישראל זיינען געווען פאַר גאָט ליבער פון אַנדערע פעלקער, וועל־
כע זיינען פּונקט אַזוי איבערגעגעבען אונטער דער השגחה פון אַנדערע
וועזענס, אָדער מלאכים, ווי דאָס איז צו זען פון פּסוק 16 פון דעמזעל־
ביגען קאַפּיטעל.

לסוף האָט גאָט זיך אַנטפּלעקט, ווי ער וואָלט פון הימעל אַראָפּ־
געניזערט אויף אַ באַרג, ווייל עס האָט געהערשט דער גלויבען, אַז
גאָט וואוינט אין הימעל. און משה אַליין האָט אַרויפגעשטיגען אויף
אַ באַרג, כדי צו רעדען מיט גאָט, וואָס דאָס וואָלט גאָרניט געווען נוי־

טיג צו טון, ווען ער וואלט פונקט אזוי לייכט געקאנט זיך פארשטעלען גאט ערגעץ אנדערש.

די בני ישראל האבען כמעט קיין זאך ניט געוואוסט וועגען גאט, כאטש ער האט זיך פאר זיי אנטפלעקט. זיי האבען דאס באוויזען מער ווי גענוג, ווען אין עטליכע טעג ארום האבען זיי די פארערונג און דעם קולט, וואס זיי האבען צוגעטיילט גאט, אריבערגעטראגען אויף א קאלב, אין וועלכען זיי האבען דערזעען איינעם פון יענע געטער, וואס האט זיי ארויסגעפירט פון מצרים. עס וואלט, באמת, קוים גע־ווען גלויבליך, אז מענשען, וואס זיינען געוויינט געווען צו די אבער־גלויבענס פון די מצריים, אומגעבילדעטע און דערשלאגענע פון שווע־רער שקלאפעריי, זאלען האבען א געזונטע השגה וועגען גאט, אדער אז משה זאל זיי לערנען עפעס אנדערש, חוץ די כללים פון אויפפירונג, וואס אויך דאס האט ער געטאן ניט ווי א פילאזאף, אז זיי זאלען פי־רען א גוט לעבען, לויט זייער אייגענעם פרייען ווילען, נאר ווי א געזעצגעבער, אז זיי זאלען דערצו געצוואונגען ווערען דורך דער מאכט פון געזעץ. און דעריבער איז א גוטער לעבענס־שטייגער, אדער דאס רעכטע לעבען, פונקט ווי דאס דינען גאט און די ליבע צו אים, געווען פאר זיי מער קנעכטשאפט, ווי אמתע פרייהייט, אדער ווי א חסד און א מתנה פון גאט. משה האט זיי באפוילען צו ליבען גאט און אפצו־היטען זיינע געזעצען, כדי זיי זאלען דערמיט ארויסווייזען זייער דאנק צו גאט פאר זיינע חסדים, ווי די באפרייאונג פון דער מצרישער שקלאפעריי און א. ז. וו. ער האט זיי ווייטער געשראקען מיט טון זיי שלעכטס, אויב זיי וועלען איבערטרעטען די דאזיגע פארשריפטען, און זיי צוגעזאגט פיל גוטס, אויב זיי וועלען זיי אפהיטען. ער האט זיי, אלזוי, געלערנט אויפן זעלביגען אופן, ווי עלטערן לערנען זייערע קינ־דער, וואס האבען נאך ניט קיין שכל צו פארשטיין. און עס איז, דע־ריבער, זיכער, אז די יידען האבען ניט געהאט קיין השגה וועגען דער מעלה פון גוטע מדות און וועגען דער אמתער גליקזעליגקייט.

יונה האט געמיינט, אז ער וועט קאנען אנטרינען פון גאט'ס אנ־געזיכט, וואס דאס קאן, דאכט זיך, דינען פאר א ראיה, אז אויך ער האט געגלויבט, אז גאט האט איבערגעגעבען די השגחה איבער די לענ־דער, אחוץ דעם לאנד פון יהודה, אנדערע מעכטען.

אין דעם גאנצען תנ"ך רעדט קיינער ניט וועגען גאט אזוי שכלי־

ריג, ווי שלמה, וועלכער האָט אַלע מענשען פון זיין צייט איבערגע־טראָפען מיט זיין נאַטירליכען אינעווייניגסטען ליכט. מחמת דעם האָט ער זיך אויך געהאַלטען העכער פון געזעץ (ווייל דאָס געזעץ איז געגעבען נאָר פאַר די, וואָס עס פעלט זיי שכל און די באַלערנונג פון דעם נאַטירליכען ליכט) און גאַנץ ווייניג געאַכט די אַלע געזעצען, וואָס זיינען נוגע דעם קיניג און באַשטייען הויפּטזאַכליך פון דריי פּונקטען (זע דברים, קאַפּ. י״ז, פּסוקים 16 און 17); נאָך מער, ער האָט זיי איינגאַנצען איבערגעטראָטען (וואָס אין דעם האָט ער, אגב, זיך טועה געווען, ווי אויך אין זיין שטייגער לעבען, אין זיין נאָכגעבען די תאוות, וואָס איז ניט ווירדיג פאַר אַ פילאָזאָף). ער האָט געלערנט אַז דאָס גאַנצע מענשליכע גליק איז הבל הבלים (זע קהלת), אַז די בעסטע זאַך פאַר דעם מענשען איז דער שכל און די גרעסטע שטראָף פאַר אים — די נאַרישקייט (זע משלי, ט״ז, פּסוק 22).

אָבער מיר ווילען זיך איצט אומקערען צוריק צו די נביאים, כדי צו פאַרצייכענען די ווידערשפּרעכיגקייט פון זייערע אַנזיכטען, ווי מיר האָבען זיך פירגענומען דאָס צו טון.

שוין די רבנים, וועלכע האָבען אונז איבערגעלאָזען די ביכער פון די נביאים (די איינציגע, וואָס זיינען איצט פאַראַן), האָבען געפונען, אַז די אַנזיכטען פון דעם נביא יחזקאל ווידערשפּרעכען אויף אַזוי ווייט משה׳ס אַנזיכטען, אַז זיי האָבען אפילו געקווענקעלט, ווי דאָס ווערט דערציילט אין מסכתא שבת, פּרק 1, דף 13, עמוד 2, צי זאָלען זיי דאָס דאָזיגע בוך אריינגעמען צווישען די קאַנאָנישע ביכער; און זיי וואָלטען דאָס בוך זיכער פאַרבאָרגען, ווען ניט איינער א חנניה, וועלכער האָט גענומען אויף זיך עס מפרש צו זיין, וואָס דאָס איז אים געלונגען ערשט נאָך פיל מי און פלייס, ווי עס ווערט איבער־געגעבען אין דעמזעלביגען פלאַץ. עס איז אָבער ניט גענוג קלאָר, ווי אַזוי ער האָט דאָס געטאָן, — צי דורך אַ שריפטליכען פּירוש, וואָס איז, מעגליך, פאַרלאָרען געגאַנגען, אָדער ער האָט איבערגעאַנדערשט יחזקאל׳ס ווערטער גופא און זיינע רייד, וואָס דערויף האָט ער, דאַכט זיך, געהאַט גענוג חוצפּה, און זיי באַפּוצט אויף זיין אייגענעם שטייגער. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, אָבער דאָס קאַפּיטעל י״ח פון יחזקאל, ווענינגסטענס, שטימט ניט מיט שמות, קאַפּ. ל״ד,

פסוק 7, און אויך ניט מיט ירמיה, קאפ. ל"ב, פסוק 18 און א. וו.

שמואל האט געגלויבט, אז גאט האט קיינמאל ניט חרטה אויף זיינעם א באשלוס (זע שמואל א, קאפ. ט"ו, פסוק 29), ווייל ער האט געזאגט צו שאול'ן, וועלכער האט חרטה געהאט אויף זיינע זינד און געוואלט מתפלל זיין צו גאט און אויסבעטען ביי אים א מחילה, אז גאט וועט ניט בייטען זיין באשלוס קעגען אים. אקעגען־אבער איז ירמיהו'ן אנטפלעקט געווארען פונקט דער היפוך דערפון (זע ירמיה, קאפ. י"ח, פסוקים 7—10), און דאס איז, אז גאט נעמט צוריק זיין גוטען אדער שלעכטען באשלוס איבער א פאלק, אויב די מענשען ענדערען זיך צום גוטען אדער שלעכטען פון דער צייט אן, ווען דער גזר־דין איז ארויסגעטראגען געווארען.

יואל, ווידער, לערנט, אז גאט נעמט צוריק בלויז דאס שלעכטע, וואס ער האט באשלאסען צו טון (זע יואל, קאפ. ב', פסוק 13).

עס איז, לסוף, קלאר פון בראשית, קאפ. ד', פסוק 7, אז דער מענש קאן בייקומען זיינע זינדיגע פארלאנגען און טון גוטס, ווייל עס ווערט קין'ען געזאגט אז ער האט קיינמאל ניט בייגעקומען די דאזיגע פארלאנגען, ווי דאס איז צו זען פון דער ביבלישער דער־ציילונג גופא.

דאס אייגענע לאזט זיך אויך זייער קלאר אויספירען פון דעם אויבען־ציטירטען קאפיטעל פון ירמיה, ווייל עס ווערט דארט געזאגט, אז גאט נעמט צורק דאס גוטע אדער שלעכטע, וואס ער האט באשלאסען צו טון מיט די מענשען, אויב זיי ווילען נאר ענדערען זייערע זיטען און לעבענסשטייגער.

אקעגען־אבער לערנט פולוס קיין זאך ניט אזוי קלאר, ווי דאס, אז די מענשען האבען קיין שום שליטה ניט אויף די קערפערליכע פאר־לאנגען אן דעם באזונדערען בארוף און חסד פון גאט (זע בריוו צו די רוימער, קאפ. 9, פון פסוק 10 און ווייטער). און אויב אין קאפ. 3, פסוק 5, און אין קאפ. 6, פסוק 19, וואו ער שרייבט צו גאט גערעכטיגקייט, רעדט ער אויף אן אנדער שפראך, איז עס, זאגט ער, ווייל ער דריקט זיך אוים אויף א מענשליכען שטייגער און מחמת דער שוואכקייט פון קערפער.

פון דעם אלעם, וואס מיר האבען אויבען געזאגט, איז, אלזוי,

פעסטגעשטעלט מער ווי גענוג, וואָס מיר האָבען זיך פירגענומען צו באַווייזען, און דאָס איז, אַז גאָט האָט צוגעפּאַסט זיינע אַנטפּלעקונגען צו דער השגה און די מיינונגען פון די נביאים; אַז די נביאים האָבען געקאָנט ניט האָבען קיין ידיעה אין זאַכען, וואָס זיינען נוגע בלויז דעם ספּעקולאַטיווען דענקען און ניט דער ליבע און דעם פּראַקטישען לעבען, און אַזוי איז עס טאַקע געווען; און, לסוף, אַז זיי האָבען געהאַט ווידערשפּרעכיגע מיינונגען. עס איז, דעריבער, ווייט דערפון, אַז מיר זאָלען פון זיי קאָנען שעפּען די ידיעות וועגען דער נאַטור און דעם גייסט. דער אויספיר דערפון איז, אַלזוי, אַז מיר זיינען ניט מחוייב צו גלויבען די נביאים מער, ווי אין דעם, וואָס איז נוגע דעם ציל און דעם עצם פון דער אַנטפּלעקונג, בעת אין אַלע איבעריגע זאַכען איז יעדער איינער פריי צו גלויבען, ווי ער וויל.

קין׳ס אַנטפּלעקונג, למשל, לערנט אונז נאָר, אַז גאָט האָט צוגערעדט קין׳ען צו פירען אַ גוט לעבען; דאָס אַליין איז דער ציל און דער עצם פון דער אַנטפּלעקונג; זי באַלערנט אונז אָבער ניט מכח דער פרייהייט פון ווילען און אַנדערע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. און דעריבער, הגם די ווערטער פון דער דאָזיגער התראה, אַזוי אויך איר באַגרינדונג, שליסען זיכער איין אין זיך די פרייהייט פון ווילען, מעגען מיר פונדעסטוועגען אַננעמען דעם היפוך דערפון, ווייל די דאָזיגע ווערטער און די דאָזיגע באַגרינדונג זיינען געווען צוגעפּאַסט בלויז צו קין׳ס באַגריפען.

פּונקט אַזוי וויל אויך מיכה׳ס אַנטפּלעקונג אונז לערנען ניט מער, ווי דאָס, אַז גאָט האָט מיכה׳ן אַנטפּלעקט דעם אמתען אויסגאַנג פון אחאב׳ס קאַמף קעגען ארם. מער ווי דאָס אַליין מוזען מיר ניט גלויבען. דאָס איבעריגע אָבער, וואָס אַט־די אַנטפּלעקונג אַנטהאַלט, ווי גאָט׳ס אמתער און פאַלשער גייסט, די הימעלשע חיילות, וואָס שטייען ביי גאָט׳סביידע זייטען און די אַנדערע אומשטענדען, — דאָס אַלץ איז אונז גאַרניט נוגע און יעדער איינער מעג דערפון גלויבען נאָר אין דעם, וואָס איז אין הסכם מיט זיין אייגענעם שכל.

דאָס אייגענע דאַרף מען אויך זאָגען וועגען די טעמים, מיט וועלכע גאָט באַווייזט איוב׳ן זיין אַלמעכטיגקייט, אויב עס איז נאָר אמת, אַז די דאָזיגע אַנטפּלעקונג איז ווירקליך געשען און דער מחבר האָט דערציילט אַן אמתע געשיכטע און ניט באַנוצט זיך מיט איר, ווי

איינינע גלויבען, נאר כדי צו פארשענערען זיינע אייגענע געדאנ־קען. — און דאס איז, אז די דאזיגע טעמים זיינען געווען צוגעפאסט צו איוב'ס באגריפען און באשטימט צו איבערצייגען נאר אים אליין. אבער באין אופן ניט אלגעמיין־גילטענדיגע טעמים, וואס זיינען באַ־שטימט צו איבערצייגען יעדען איינעם.

ניט אנדערש דארף מען אויך דענקען וועגען די טעמים, מיט וועלכע ישו הנוצרי באשולדיגט די פרושים אין הארטנעקיגקייט און אומוויסענקייט, און רופט זיינע תלמידים צו א טוגענדהאפטיגען לע־בען. אויך ער האט צוגעפאסט זיינע טעמים צו די מיינונגען און פרינציפען פון יעדערען פון זיי. ווען ער זאגט, למשל, צו די פרושים: „און ווען דער שטן טרייבט ארויס דעם שטן, אזוי איז ער ניט איינינג מיט זיך אליין, און ווי וועט, אלזוי, זיין קיניג־רייך באשטייין?“ (זע מתי, קאפ. 12, פסוק 26). האט ער ניט געמיינט קיין אנדער זאך, ווי נאר צו שלאגען די פרושים מיט זייערע אייגענע פרינציפען, אבער ניט צו לערנען, אז עס זיינען דא בייזע גייסטער, אדער א קיניגרייך פון בייזע גייסטער. און ווען ער זאגט צו זיינע תלמידים: „היט זיך, איר זאלט ניט פאראכטען קיין איינציגען פון אט־די קליינע, וויל איך זאג אייך, זייערע מלאכים זיינען אין הימעל און א. וו. (מתי, קאפ. 18, פסוק 10), וויל ער פונקט אזוי זיי נאר לערנען, אז זיי זאלען ניט זיין שטאלץ און קיינעם ניט פאראכטען, אבער ניט מאכען זיי גלויבען אין די בילדער פון אט־דער באגרינדונג, וואס ער האט זיך מיט זיי באנוצט נאר כדי בעסער צו איבערצייגען זיינע תלמידים.

דאס אייגענע דארף אומבאדינגט געזאגט ווערען אויך וועגען די טעמים און די צייכענס פון די אפאסטאלען. עס איז אבער ניט נויטיג נאך מער מאריך צו זיין וועגען דעם דאזיגען ענין, ווייל ווען איך זאל וועלען אויסרעכענען אלע שטעלען פון דער ביבעל, וואס זיינען גע־שריבען געווארען, האבענדיג אין זינען די מענשליכע פארשטעלונג, אדער צופאסענדיג זיך צו די באגריפען פון א יחיד, און פארטיידיגט, ווי געטליכע לערעס, ניט אן פיל שאדען פאר דער פילאזאפיע, וואלט איך עובר געווען אויף דער קורצקייט, וואס איך האב זיך פירגענומען.

זאל, דעריבער, זיין גענוג די קליינע צאל אלגעמיין־באקאנטע פונקטען; און וואס איז שייך די איבעריגע פונקטען, וועט דער נייגיריגער לעזער זיי אליין באטראכטען.

הגם דאס אלץ, וואס עס איז דא באהאנדעלט געווארען וועגען די נביאים און נבואה, געהערט דער עיקר צו דער אויפגאבע, וואס איך האב זיך געשטעלט, און דאס איז, אפצוטיילען די פילאזאפיע פון דער טעאלאגיע, פונדעסטוועגען, היות איך האב די דאזיגע פראגע באהאנדעלט נאר אויף אן אלגעמיינעם אופן, וועל איך איצט אונטערזוכען, צי די גאב פון נבואה איז געווען דאס פארמעג פון די העברעער אליין, אדער אלע אנדערע פעלקער זיינען אויך געווען מסוגל דערצו; און ווייטער, וואס מען זאל דענקען וועגען דעם בארוף פון די העברעער. וועגען דעם זע דאס קומענדיגע קאפיטעל.

---

## קאפיטעל דריי.

### וועגען דעם בארוף פון די העברעער און צי נאר זיי אליין זיינען געווען מסוגל צו דער גאב פון נבואה.

דאס אמתע גליק און די עכטע גליקזעליגקייט באשטייען אין דעם, וואס מען איז איבערגעגעבען דעם גוטען, אבער ניט אין בארימט־קייט, וואס מען קאן נאר אליין דערפון הנאה האבען און וואס אנדערע מענשען זיינען דערפון אויסגעשלאסען. ווייל ווער עס האלט זיך פאר גליקליכער מחמת דעם, וואס אים אליין גייט גוט און אנדערע ניט, אדער מחמת דעם, וואס ער איז גליקזעליגער און האט מער מזל פון אנדערע, דער ווייס ניט פון קיין אמתען גליק און פון עכטער גליק־זעליגקייט, און די פרייד, וואס ער האט דערפון, איז אדער א קינדישע פרייד, אדער זי שטאמט פון קנאה און פון א בייזן הארץ. אזוי ארום באשטייט דאס אמתע גליק פון דעם מענשען און זיין עכטע גליקזע־ליגקייט נאר אין חכמה און אין דער דערקענטעניש פון דעם אמת, אבער

באין אופן ניט אין דעם פאקט, וואס ער פארמאגט מער חכמה פון אנדערע, אדער אין דעם, וואס אנדערע קענען ניט דעם אמת; ווייל דאס ניט אבסאלוט גארניט צו זיין חכמה און ממילא אויך ניט זיין אמתען גליק. ווער עס פרייט זיך, אלזוי, איבער דעם, וואס אז אנדערער פארמאגט ווייניגער חכמה, ווי ער, דער פרייט זיך איבער דעם אנדע־רענ'ס אוממזל, און איז, דעריבער, א בעל קנאה און א שלעכטער מענש, וואס קען ניט ניט די אמתע חכמה און ניט די רואיגקייט פון א רעכט לעבען.

ווען די ביבעל זאגט, אלזוי, כדי צו דערמוטיגען די העברעער צו געהארכען דעם געזעץ, אז גאט האט זיי אויסדערוויילט פון אלע אנ־דערע פעלקער (ז. ד ב ר י ם, קאפ. י', פסוק 15), אז ער איז נאענט צו זיי און ניט צו אנדערע פעלקער (ד ב ר י ם, קאפ. ד', פסוקים 4 און 7), אז נאר זיי אליין האט ער נעגעבען גערעכטע געזעצען (ד ב ר י ם, קאפ. ד', פסוק 8) און נאר צו זיי אליין האט ער זיך אנטפלעקט און ניט צו אנדערע (ד ב ר י ם, קאפ. ד', פסוק 33 און א. וו.. אזוי רעדט זי צו זיי אין הסכם מיט זייערע באגריפען, ווייל זיי האבען ניט געוואוסט פון קיין אמתער גליקזעליגקייט, ווי מיר האָ־בען עס געוויזען אין דעם פאריגען קאפיטעל און ווי משה אליין ווייזט דערויף אן (זע ד ב ר י ם, קאפ. ט', פסוקים 6 און 7). און עס איז דאך גאנץ זיכער, אז די העברעער וואלטען ניט געווען ווייניגער גליק־ליך, ווען גאט וואלט אלע מענשען פונקט אזוי גערופען צו זייער רעט־טונג; אז גאט וואלט צו זיי ניט געווען ווייניגער גנעדיג, ווען ער וואלט צו אנדערע פעלקער געווען פונקט אזוי נאענט, ווי צו זיי; אז זייערע געזעצען וואלטען ניט געווען ווייניגער גערעכט און זיי אליין וואלטען ניט פארמאגט ווייניגער חכמה, ווען אט־די געזעצען וואלטען פארגעשריבען געווארען פאר אלע מענשען גלייך; אז גאט'ס וואונדער וואל־טען ניט ווייניגער באוויזען זיין מאכט, ווען זיי וואלטען געשעען אויך לטובת אנדערע פעלקער; און אז די העברעער וואלטען, לסוף, געווען ניט ווייניגער פארפליכטעט צו פארערען גאט, ווען גאט וואלט אט־די אלע מתנות אויסגעטיילט צווישען אלע מענשען.

און ווען גאט זאגט צו שלמה'ן (זע מ ל כ י ם א, קאפ. ג, פסוק 12), אז קיינער נאך אים וועט ניט פארמאגען אזוי פיל חכמה, ווי ער, איז עס אודאי נאר אזא מין פארם פון אויסדרוק אויף צו באַ־

צייכענען זיין מערקווירדיגע חכמה. עס איז אומגלויבליך, אז גאט זאל צוזאגען שלמה'ן, אז ער וועט מער קיינמאל קיין שום מענשען ניט באשענקען מיט אזוי פיל חכמה ווי אים, כדי צו מאכען אים דערמיט גליקליכער; שלמה'ס דערקענטעניש וואלט דאך ניט פארמערט געווארען און דער קלוגער קיניג וואלט דאך ניט וועניגער געדאנקט גאט פאר זיין מתנה, ווען גאט וואלט אים געזאגט, אז ער וועט אלע מענשען באשענקען מיט דערזעלביגער חכמה.

ווען מיר באהויפטען אפילו, אז משה האט אין די שטעלען פון חומש, וואס מיר האבען דא ציטירט, גערעדט מיט די העברעער אין הסכם מיט זייערע באגריפען, ווילען מיר פונדעסטוועגען ניט אפלייקענען, אז גאט האט ניט די העברעער אליין פארגעשריבען די געזעצען פון דער תורה, אז ער האט ניט גערעדט נאר מיט זיי אליין און אז זיי האבען ניט געזעען אזוי פיל נסים, ווי דאס איז ניט געשעען מיט קיין שום אנדער אומה. מיר ווילען נאר באמערקען, אז משה האט צוגערעדט די העברעער אויף אט־אזא אופן און דורך אט־די מאטיווען, ווי דאס האט זיך געפאסט פאר זייערע קינדישע באגריפען, כדי זיי בעסער מצרף צו זיין צו דער פארערונג פון גאט. ווייטער האבען מיר געוואלט אויפווייזען, אז די העברעער האבען ניט איבערגעטראפען די אנדערע פעלקער ניט מיט וויסען און ניט מיט פרומקייט, נאר מיט א גאנץ אנדער זאך, אין אנדערע ווערטער (צו רעדען אינאיינעם מיט דער ביבעל, לויט די באגריפען פון די העברעער), אז זיי זיינען אויסדערוויילט געווארען פון גאט ניט מחמת א רעכט לעבען און ניט מחמת זייער הויכען וויסען, הגם זיי זיינען דערצו אפט גערופען געווארען, נאר צוליב א גאנץ אנדער ציל. וואס אט־דער ציל איז געווען, וועל איך איצט ווייזען מיט א סדר.

איידער איך הויב אבער אן, וויל איך אין קורצען דערקלערען, וואס איך וועל אין דעם ווייטערדיגען פארשטיין אונטער אט־די אויסדריקען: *גאט'ס לייטונג*, *גאט'ס אויסערע און אינערליכע הילף*, *גאט'ס בחירה* און *מזל*.

אונטער *גאט'ס לייטונג* פארשטיי איך דעם פעסטען און אומפארענדערליכען סדר פון דער נאטור, אין אנדערע ווערטער, די צוזאמענקייטלונג פון די נאטירליכע זאכען. מיר האבען שוין געזאגט אויבען און אויך געוויזען אין אן אנדער פלאץ, אז די אלגעמיינע

געזעצען פון דער נאטור, לויט וועלכע אלצדינג געשעט און ווערט באַ־שטימט, זיינען ניט קיין אנדער זאך, ווי גאט'ס אייביגע באשליסען. וואס זיינען אלעמאל כולל אין זיך אן אייביגען אמת און אן אייביגען מוז. עס איז, דעריבער, אלץ איינס, צי מיר זאגען, אז אלץ געשעט נאך די געזעצען פון דער נאטור, אדער מיר זאגען, אז אלץ ווערט איינגעארדענט דורך גאט'ס באשלוס און לייטונג.

און אזוי ווי די מאכט פון אלע נאטירליכע זאכען איז ניט קיין אנדער זאך, ווי גאט'ס מאכט גופא, וואס נאר דורך איר אליין געשעט און ווערט באשטימט אלצדינג, איז דערפון געדרונגען, אז אלץ, וואס דער מענש, וועלכער איז אויך א טייל פון דער נאטור, טוט מיט זיין ווילען פאר זיין זעלבסטדערהאלטונג און אלץ, וואס די נאטור אליין גיט אים אן זיין באטייליגונג, — דאס אלץ ווערט אים געגעבען בלויז דורך דער געטליכער מאכט, וועלכע ווירקט אדער דורך דער מענש־ליכער נאטור, אדער דורך זאכען, וואס זיינען אויסער דער דאזיגער נאטור. און דעריבער קאנען מיר אלץ, וואס די מענשליכע נאטור קען שאפען פאר זיך דורך איר אייגענער מאכט, מיט רעכט אנרופען גאט'ס אינערליכע הילף, און אלץ, וואס עס געשעט לטובת דעם מענשען דורך דער מאכט פון אויסערע סיבות, — גאט'ס אויסערע הילף.

דערפון לאזט זיך לייכט אויספירען, וואס מען דארף פארשטיין אונטער גאט'ס בחירה.

אין דער אמתען, אזוי ווי קיינער טוט קיין זאך ניט, ווי נאר דורך דער פאראויסבאשטימטער ארדענונג פון דער נאטור, ד. ה., לויט גאט'ס אייביגער לייטונג און באשלוס, איז דערפון געדרונגען, אז קיי־נער קלייבט זיך ניט אויס זיין שטייגער לעבען און טוט קיין זאך ניט, ווי נאר דורך דעם באזונדערען בארוף פון גאט, וואס נאר ער אליין קלייבט אויס דעם־און־דעם מענשען פון צווישען אנדערע פאר אזא־און־אזא ארבעט אדער אזא־און־אזא שטייגער לעבען.

אונטער'ן ווארט מזל פארשטיי איך, לסוף, ניט קיין אנדער זאך, ווי נאר גאט'ס לייטונג, אויף ווי ווייט זי פירט אן די מענשליכע ענינים דורך אויסערע און אומגעריכטע סיבות.

נאך אט־די פארבאמערקונגען וועלען מיר זיך איצט צוריק אומ־קערען צו אונזער עניין און זען, פון וואס דאס העבראישע פאלק ווערט

אנגערופען גאט׳ס אויסדערוויילט פאלק. כדי דאס צו באווייזען, וועד לען מיר פארטזעצען אויף אט־דעם אופן:

אלע מענשליכע פארלאנגען, אויף ווי ווייט זיי זיינען ערליך, לאד זען זיך איינטיילען אין אט־די דריי הויפט־קאטעגאריעס:

1 — דאס באגרייפען זאכען דורך זייערע ערשטע סיבות;

2 — דאס צאמען די ליידענשאפטען, אדער דאס באקומען די געוואוינהייט צו גוטע מדות;

3 — און, לסוף, דאס לעבען זיכער און געזונט.

די מיטלען, וואס דינען דירעקט דעם ערשטען און צווייטען פונקט און קאנען באטראכט ווערען פאר זייערע נאענטסטע און ווירק־זאמסטע סיבות, זיינען פארהאן אין דער מענשליכער נאטור גופא און זייער דערוואַרבונג ווענדט זיך דער עיקר אן אונזער אייגענער מאכט, אדער אן די געזעצען פון דער מענשליכער נאטור. מען קאן, דערי־בער, זאגען באשטימט, אז די דאזיגע מתנות זיינען ניט דאס פארמעג פון וואסער־עס־איז איינצעלן פאלק, נאר זיינען פון אייביג אן געווען דאס פארמעג פון דעם גאנצען מענשליכען מין, סיידען מיר זאלען וועלען טרוימען, אז די נאטור האט פריער באשאפען פארשיידענע מינים מענשען.

אקעגען־אבער די מיטלען, וואס דינען דער זיכערקייט פון לעבען און דער דערהאלטונג פון קערפער, געפינען זיך דער עיקר אין אויסערע זאכען; זיי ווערען דערפאר אנגערופען מ ת נ ו ת  פ ו ן  מ ז ל, ווייל זיי ווענדען זיך דער עיקר אן דער לייטונג פון אויסערע אונז אומבאקאנטע סיבות, וואס אזוי ארום קאן דער נאר, ווי דער קלוגער, זיין אלצאיינס גליקליך אדער אומגליקליך.

פונדעסטוועגען קאן די מענשליכע לייטונג און וואכזאמקייט פיל בייטראגען דער זיכערקייט פון לעבען און דער באשיצונג קעגען די אנגריפען פון מענשען און חיות. דאס בעסטע מיטעל פאר דעם איז, ווי דער שכל און די ערפארונג האבען אונז געלערנט, צו בילדען א גע־זעלשאפט מיט באשטימטע געזעצען, צו פארנעמען א געוויס לאנד אויף דער ערד און צו פאראייניגען אלע כחות אזוי ווי אין איין קער־פער, וואס דאס וועט זיין דער סאציאלער קערפער.

כדי אבער צו בילדען א געזעלשאפט און זי דערהאלטען, פאדערט זיך ניט ווייניג געשיקטקייט און וואכזאמקייט; און דעריבער וועט א

געזעלשאפט זיין זיכערער, פעסטער און ווייניגער אפהענגיג פון מזל, ווען זי ווערט געגרינדעט און רעגירט ווערען פון קלוגע און וואכזאמע מענשען, בעת א געזעלשאפט, וואס באשטייט פון ניט־קולטיווירטע מענשען, איז ווייניגער שטאנדהאפטיג און צום מערסטען טייל כמעט דורכאויס אפהענגיג פון מזל. אויב אבער אזא געזעלשאפט האלט זיך פארט א לאנגע צייט, האט זי עס צו פארדאנקען א פרעמדער לייטונג און ניט איר אייגענער. און ווען אפילו זי קומט איבער גרויסע סכנות און איז מצליח אין אירע ענינים, וועט זי מוזען באוואונדערען און פארערען די געטליכע לייטונג (אויף ווי ווייט גאט ווירקט דורך פארבארגענע אויסערע סיבות און ניט דורך דער מענשליכער נאטור און דעם מענשליכען גייסט), ווייל אלצדינג געשיט פאר איר גאנץ אומגעריכט און ניט ווי ערווארט, וואס דאס קאן, באמת, גילטען פאר איר, ווי א וואונדער.

די פעלקער אונטערשיידען זיך, אלזוי, איינס פון אנדערען נאר דורך דער פארם פון דער געזעלשאפט און דורך די געזעצען, אונטער וועלכע זיי לעבען און ווערען רעגירט. און אויך דאס העברעאישע פאלק איז ניט אויסדערוויילט געווארען פון גאט פון צווישען אנדערע פעלקער מחמת זיין באזונדערער חכמה, אדער נשמה־רו, נאר מחמת דער פארם פון זיין געזעלשאפט און מחמת דעם, וואס עס האט גע־האט מזל צו דערווערבען א מלוכה און זי דערהאלטען פאר אזוי פיל יארען. דאס אלץ ווערט זייער קלאר אויפגעוויזען פון דער ביבעל גופא.

אין דער אמתען, יעדער איינער, וואס וועט בלויז אויבענאויף דורכבלעטערען די ביבעל, וועט קלאר איינזען, אז די העברעער האַ־בען איבערגעטראָפען די אנדערע פעלקער נאר מיט דעם, וואס זיי האבען מצליח געווען אין דער אנפירונג פון די ענינים, וואס זיינען נוגע דער זיכערקייט פון לעבען, און איבערגעקומען גרויסע סכנות, מערס־טענטייל נאר דורך גאט'ס אויסערער הילף, בעת אין אלע איבעריגע זאכען זיינען זיי געווען גלייך צו אנדערע פעלקער, און אז גאט איז צו אלע פעלקער געווען אלצאיינס גנעדיג.

וואס איז שייך דער דערקענטעניש, איז עס זיכער, ווי מיר האַ־בען דאס שוין געוויזען אין דעם פאריגען קאפיטעל, אז די העברעער האבען געהאט גאנץ געוויינליכע באגריפען וועגען גאט און וועגען דער נאטור, און ממילא האבען זיי ניט געקאנט אויסדערוויילט ווערען פון

גאָט מחמת זייער העכערער דערקענטעניש. פּונקט אַזוי וועניג האָ־
בען זיי געקאָנט אויסדערוויילט ווערען מחמת זייער טוגענדהאַפטיגען
און רעכטען לעבען, ווייל אויך אין דעם פּרט זיינען זיי, אַחוץ אייניגע
יחידי־הסגולה, געווען גלייך צו אַנדערע פעלקער. די אויסדערוויילט־
קייט פון די העברעער און זייער באַרוף זיינען, אַלזוי, באַשטאַנען אין
דעם צייטליכען גליק און אין די מעלות פון זייער מלוכה; און מיר
זעען ניט, אַז גאָט זאָל האָבען צוגעזאָגט די אבות און זייערע נאָכקו־
מער עפּעס אַנדערש, אַחוץ דאָס.*) נאָך מער, אין דער תורה ווערט
גאָר קיין אַנדער זאַך ניט צוגעזאָגט פאַר געהאָרכיגקייט, ווי נאָר די
דויערהאַפטיגע געדייאונג פון דער מלוכה און אַנדערע תענוגי העולם
הזה, בעת פאַר ווידערשפּעניגקייט און צעשטערונג פון דעם בונד
דראָט זי מיטן אונטערגאַנג פון דער מלוכה און ענויים קשים. און מען
דאַרף זיך דערויף גאָרניט חידושען, ווייל דער ציל פון יעדער געזעל־
שאַפט און מלוכה איז דאָך די זיכערקייט און באַקוועמליכקייט פון
לעבען, ווי דאָס איז צו זען קלאָר פון דעם אויבען־געזאָגטען און ווי
מיר וועלען דאָס ווייזען באַריכות אין די קומענדיגע קאַפּיטלען. אַ
מלוכה קאָן האָבען אַ קיום נאָר דורך געזעצען, וואָס יעדער איינער
געהאָרכט זיי; ווען אַלע מיטגלידער פון אַ געזעלשאַפט וואָלטען זיך
אָפּגעזאָגט פון די געזעצען, וואָלטען זיי דערמיט אַליין אויפגעלייזט
די געזעלשאַפט און געבראַכט די מלוכה צו איר אונטערגאַנג.

אויף אַזאַ אופן האָט קיין שום אַנדער לוין ניט געקאָנט צוגע־
זאָגט ווערען די העברעער פאַר דער טרייער אָפּהיטונג פון געזעץ, ווי
נאָר די זיכערקייט און באַקוועמליכקייט פון לעבען**); און פאַרקערט,
קיין שווערערע שטראָף פאַר זייער ווידערשפּעניגקייט האָט זיי

*) אין בראשית, קאַפּ. ט"ו, ווערט דערציילט, אַז גאָט האָט צו־
געזאָגט אברהמען צו זיין זיין באַשיצער און צו געבען אים אַ גרויסען לוין.
אברהם האָט דערויף געענטפערט, אַז ער ערוואַרט ניט קיין שום זאַך, וואָס
זאָל קאָנען האָבען פאַר אים עפּעס אַ ווערט, ווייל ער איז קינדערלאָז, האָ־
בענדיג שוין דערגרייכט דעם טיפען עלטער. — אַנמערקונג פון מחבר.

**) עס איז צו זען פון מארקוס, קאַפּ. 10, פּסוק 21, אַז די אָפּ־
היטונג פון די געבאָטען פון דעם אַלטען טעסטאַמענט איז ניט גענוג פאַר
דעם אייביגען לעבען. — אַנמערקונג פון מחבר.

נאָרניט געקאָנט פאָראויסגעזאָגט ווערען, ווי די צעשטערונג פון דער מלוכה און נאָך אנדערע צרות, וואָס אזא צעשטערונג ברענגט גע־וויינליך מיט זיך, אחוץ נאָך די באזונדערע צרות, וואָס האָבען גע־זאָלט קומען אויף די העברעער דורך דער צעשטערונג פון זייער מלוכה בפרט.

עס איז אבער ניט נויטיג דאָ מאריך צו זיין וועגען דעם דאָזיגען ענין. איך וועל נאָר צוגעבען, אז די געזעצען פון דעם אַלטען טעס־טאמענט זיינען אנטפּלעקט און פאַרגעשריבען געוואָרען נאָר פאַר די יידען אליין, ווייל היות גאָט האָט זיי אויסדערוויילט פאַר דער גרינ־דונג פון א באזונדער געזעלשאַפט און א באזונדער מלוכה, בכן האָ־בען זיי אויך געמוזט האָבען באזונדערע געזעצען. צי האָט אבער גאָט אויך אנדערע פעלקער פאַרגעשריבען באזונדערע געזעצען און צי האָט ער אויך זייערע געזעצגעבער זיך אנטפּלעקט נביאיש, ד. ה. אונ־טער אזוינע אטריבוטען, ווי די יידען פלעגען זיך פאַרשטעלען גאָט, — דאָס קאָן איך ניט זאָגען באַשטימט. עס איז יעדענפאַלס צו זען פון דער ביבעל גופא, אז די אנדערע פעלקער האָבען אויך געהאַט, דורך גאָט'ס אויסערער הילף, שטאַטען און באזונדערע געזעצען. כדי דאָס צו באַווייזען, וועל איך דאָ ברענגען נאָר צוויי שטעלען פון דער ביבעל:

אין בראשית, קאַפּ. י"ד, פסוקים 18, 19 און 20 ווערט דערציילט, אז מלכי־צדק איז געוועזן דער קיניג פון ירושלים (מלך שלם) און דער כהן פון דעם אויבערשטען גאָט (כהן לאל עליון), אז ער האָט געבענשט אברהמען, ווי דאָס איז געוועזן דער מנהג פון די כהנים (זע במדבר, קאַפּ. ו', פסוק 23), און אז אברהם, גאָט'ס ליבלינג, האָט דעם דאָזיגען כהן געגעבען מעשר פון זיין גאַנצען רויב.

דאָס ווייזט גאַנץ גענוג, אז איידער גאָט האָט נאָך געגרינדעט דאָס פאָלק ישראל, האָט ער שוין געהאַט איינגעשטעלט מלכים און כהנים אין ירושלים און זיי פאַרגעשריבען געזעצען און רעליגיעזע צערעמאָניעס; צי דאָס איז פאַרגעקומען אויף א נביאישען אופן, בין איך, ווי געזאָגט, ניט זיכער. איך בין אבער זיכער, וועניגסטענס, אין דעם, אז אברהם האָט געוויסענהאַפטיג געלעבט לויט די דאָזיגע גע־זעצען אין דער צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין יענע מקומות. אברהם האָט ניט באַקומען פון גאָט קיין שום באזונדערע רעליגיעזע

צערעמאניעס און דאך ווערט געזאגט אין בראשית, קאפ. כ"ו, פסוק 5, אז אברהם האט אפגעהיט דעם קולט, די פארשריפטען, די תקנות און די געזעצען פון גאט. וואס אונטער דעם דארף מען בלי ספק פארשטיין דעם קולט, די פארשריפטען, די תקנות און די געזע־צען פון דעם קיניג מלכי־צדק.

מלאכי (קאפ. א', פסוקים 10 און 11) שטראפט די יידען בזו הלשון: „ווער איז עס צווישען אייך, וואס וועט פארשליסען די טי־רען (פון בית המקדש), כדי עס זאל ניט געבראכט ווערען אומזיסט קיין פייער אויף מיין מזבח. איך וויל אייך מער ניט האבען און א. וו. ווייל פון דעם אויפגאנג פון דער זון ביז צו איר אונטערגאנג איז מיין נאמען גרויס צווישען די פעלקער, און אומעטום ווערט מיר געבראכט ווייריך און ריינע אפער; ווייל מיין נאמען איז גרויס צווישען די פעלקער, זאגט ה' צבאות". די דאזיגע ווערטער, וועלכע קאנען זיך באציען נאר אויף מלאכי'ס צייט, באווייזען מער ווי גענוג, אויב מען וויל זיי נאר ניט מיט געוואלט פארדרייען, אז די יידען זיינען דעמאלט געווען ניט מער באליבט ביי גאט, ווי אנדערע פעלקער; נאך מער, אז גאט האט זיך אין יענער צייט דערקענט דורך נסים צו אנדערע פעל־קער מער, ווי צו די יידען, וועלכע האבען דעמאלט טיילווייז באקומען צוריק זייער מלוכה גאר אן דער הילף פון נסים; און לסוף, אז די פעלקער האבען געהאט רעליגיעזע תקנות און צערעמאניעס, וואס זיי־נען געווען אנגענעם פאר גאט.

איך וועל דאס אבער לאזען אן א זייט, ווייל פאר דעם ציל, וואס איך האב זיך פירגענומען, איז גענוג, וואס איך האב באוויזען, אז די אויסדערוויילטקייט פון די יידען האט זיך באצויגען בלויז אויף דעם צייטליכען גליק פון קערפער און אויף זייער פרייקייט, אדער מיט אנ־דערע ווערטער, אויף זייער מלוכה און אויף דעם, ווי אזוי און דורך וועלכע מיטלען זיי האבען זי באקומען, און ממילא אויך אויף די גע־זעצען, אויף ווי ווייט זיי זיינען געווען נויטיג פאר דער דערהאלטונג פון זייער באזונדער מלוכה, און, לסוף, אויף דעם אופן, ווי אזוי אט־די געזעצען זיינען אנטפלעקט געווארען. וואס איז שייך אנדערע זא־כען, וואס אין זיי באשטייט דעם מענשען'ס עכט גליק, זיינען די יידען דערמיט געווען גלייך צו אלע אנדערע פעלקער.

ווען עס ווערט, אלזוי, געזאגט אין דער ביבעל (זע דברים,

קאַפּ. ד׳, פּסוק 7), אַז צו קיין שום אַנדער פאָלק זיינען זיינע געטער ניט געווען אַזוי נאָענט, ווי גאָט איז געווען נאָענט צו די יידען, דאַרף מען אונטער דעם פאַרשטיין ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר זייער מלוכה, און דאָס נאָר פון יענער צייט, ווען אַזוי פיל וואונדער זיינען זיי געשען; ווייל בנוגע דער דערקענטעניש און די גוטע מדות, ד. ה. בנוגע דער גליקזעליגקייט, איז גאָט, ווי מיר האָבען דאָס שוין געזאָגט אויבען און ווי דאָס איז באַוויזען געוואָרען דורכן שכל גופא, צו אַלע מענשען אַלצאַיינס גנעדיג. און דאָס איז אויך גענוג קלאָר פון דער ביבעל גופא: „גאָט איז נאָענט צו אַלע, וואָס רופען צו אים, צו אַלע, וואָס רופען צו אים מיט אמת", זאָגט דער בעל התהלים אין ת ה ל י ם, קאַפּ. קמ"ה, פּסוק 18. און אין דעמזעלביגען קאַפּיטעל, פּסוק 9, ווערט געזאָגט: „גאָט איז גוט צו אַלעמען און זיין באַרעמהאַרציגקייט (ווערט אויסגעברייט) אויף אַלע זיינע ווערק." אין ת ה ל י ם, קאַפּ. ל"ג, פּסוק 15, ווערט אויך קלאָר געזאָגט, אַז גאָט האָט אַלע מענשען געגעבען אַ גלייכען פאַרשטאַנד; די ווערטער לויטען: „דער, וואָס באַשאַפט זייער האַרץ אויף אַ גלייכען שטייגער" (היוצר יחד לבם). און דאָס האַרץ איז פון די העברעער געהאַלטען געוואָרען פאַר'ן זיץ־אָרט פון דער נשמה און דעם פאַרשטאַנד, ווי דאָס איז, גלויב איך, גאַנץ גוט באַוואוסט צו יעדען איינעם. אויך פון א י ו ב, קאַפּ. כ"ח, פּסוק 28, איז צו זען גאַנץ קלאָר, אַז גאָט האָט דעם גאַנצען מענשליכען מין פאַרגעשריבען דאָס געזעץ צו פאַרערען גאָט און אָפּצוהאַלטען זיך פון טון שלעכטס, ד. ה. צו טון גוטס. און דעריבער איז איוב, הגם ניט קיין ייד, געווען אָנגענעמער פאַר גאָט פון צווישען אַלע מענשען, ווייל ער האָט אַלעמען איבערגעטראָפען מיט זיין פרומקייט און גאָטספורכט. עס איז ווייטער צו זען אויפן קלאָרסטען אופן פון י ו נ ה, קאַפּ. ד׳, פּסוק 2, אַז ניט נאָר צו די יידען אַליין, נאָר אויך צו אַלע מענשען איז גאָט גנעדיג, באַרעמהאַרציג, לאַנגמוטיג, פול מיט גוטען ווילען און נעמט צוריק דאָס שלעכטע, וואָס ער האָט זיי געוואָלט טון. דאָס זיינען יונה'ס ווערטער: „דערפאַר האָב איך פריער באַשלאָסען צו אַנטלויפען קיין תרשיש, ווייל איך האָב געוואוסט (ד. ה. דורך משה'ס ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין ש מ ו ת, קאַפּ. ל"ד, פּסוק 6), אַז דו, גאָט, ביסט גנעדיג, באַרעמהאַרציג" און אַ. וו., און דו וועסט, דעריבער, פאַרגעבען די היידנישע איינוואוינער פון נינוה.

מיר קאנען דא, אלזוי, מאכען אט־דעם אויספיר: היות גאט איז גנעדיג צו אלע מענשען גלייך אין היות די העברעער זיינען אויסדער־וויילט געווארען פון גאט נאר בנוגע דער געזעלשאפט און דער מלוכה, וואס זיי האבען געשאפען, בכן האט יעדער ייד באזונדער, ווען באַ־טראכט אויסער דער דאזיגער געזעלשאפט און מלוכה, ניט באקומען פון גאט קיין שום גאב איבער אנדערע מענשען און עס איז ניטא קיין שום אונטערשייד צווישען אים און א הייד.

אויב אבער עס איז אמת, אז גאט איז צו אלע מענשען גלייך גנעדיג, בארעמהארציג און אז. וו. און אז די עובדא פון די נביאים איז באשטאנען ניט אזוי אין לערנען די באזונדערע געזעצען פון זייער פאַ־טערלאנד, ווי אין פירען די מענשען אויפן וועג פון גוטע מדות און זיי דערצו דערמוטיגען, איז עס גאר קיין ספק ניט, אז אלע פעלקער האבען געהאט זייערע נביאים און אז די גאב פון נבואה איז ניט גע־ווען דאס אייגענטום פון די העברעער אליין. דאס באשטעטיגט, באמת, די הייליגע און די וועלטליכע געשיכטע. און הגם עס איז ניט צו זען פון די הייליגע געשיכטעס פון תנ"ך, אז די אנדערע פעלקער זאלען האבען אזוי פיל נביאים, ווי די יידען; און הגם עס ווערט דארט אין קיין פלאץ ניט געזאגט, אז א היידנישער נביא זאל אויסדריק־ליך געשיקט ווערען פון גאט צו אנדערע פעלקער, רירט דאס פונדעסט־וועגען ניט אן די פראגע, ווייל די העברעער האבען געזארגט נאר צו פארצייכענען זייער אייגענע געשיכטע און ניט די געשיכטע פון אנ־דערע פעלקער. עס איז, דעריבער, גענוג, וואס מיר געפינען אין תנ"ך, אז אויך היידען און ניט־געמלטע, ווי נח, חנוך, אבימלך, בלעם און אנד., האבען נביאות־געזאגט און אז די העברעאישע נביאים זיינען געשיקט געווארען פון גאט ניט נאר צו זייער אייגען פאלק, נאר אויך צו פיל אנדערע פעלקער.

אין דער אמתען, יחזקאל האט נביאות־געזאגט צו אלע דעמאלט באקאנטע פעלקער; נאך מער, עבדיה האט, ווי ווייט מיר ווייסען, נביאות־געזאגט נאר צו אדום; און יונה איז געווען הויפטזאכליך דער נביא פון די איינוואוינער פון נינוה. ישעיה קלאגט און זאגט־נביאות איבער די אומגליקען און באזינגט די אויפריכטונג ניט נאר פון די יידען אליין, נאר אויך פון אנדערע פעלקער. אט זאגט ער אין קאפ. ט"ז, פסוק 9: „דעריבער וועל איך וויינען מיטן געוויין פון יעזר", און

אין קאַפּיטעל י"ט זאָגט ער די מצריים פריער נביאות וועגען זייערע ליידען און דערנאָך — וועגען זייער אויפריכטונג (זע פסוקים 19, 20, 21 און 25 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל); ער זאָגט, נעמליך, אַז גאָט וועט זיי צושיקען אַ דערלייזער, וואָס וועט זיי באַפרייען, און גאָט וועט זיך צו זיי דערקענען און די מצריים וועלען ערען גאָט מיט קרבנות און געשאַנקען; און לסוף רופט ער דאָס דאָזיגע פאָלק „מ צ ר י ם, ג אָ ט ' ס ג ע ב ע נ ש ט פ אָ ל ק". דאָס זיינען אַלץ שטעלען, וואָס עס איז זיכער כדאי זיי צו באַמערקען.

ירמיה ווערט, לסוף, אָנגערופען אויף אַן אבסאָלוטען אופן דער נביא פון פעלקער (זע קאַפּ. א', פסוק 5). אויך ער באַווייגט אין זיין נביאות־זאָגען די ליידען פון פעלקער און זאָגט פאָראויס זייער אויפ־ריכטונג. אַט זאָגט ער אין קאַפּ. מ"ח, פסוק 31, וועגען מואב: „דע־ריבער מוז איך קלאָגען אויף מואב און אויף גאַנץ מואב יאָמערען" און אַ. וו.. און פסוק 36: „דעריבער ברומט מיין האַרץ, ווי פּלייטען, פון וועגען מואב". און לסוף זאָגט ער פאָראויס זייער אויפריכטונג, ווי אויך די אויפריכטונג פון די מצריים, עמונים און עילם.

עס איז, אַלזוי, גאָר קיין ספק ניט, אַז פּונקט אַזוי ווי די יידען האָבען אויך אַנדערע פעלקער געהאַט זייערע נביאים, וועלכע האָבען נביאות־געזאָגט סיי צו זיי אַליין, סיי צו די יידען. און הגם די ביבעל דער־ציילט ניט מער, ווי וועגען בלעמען אַליין, אַז די צוקונפט פון די יידען און פון אַנדערע פעלקער איז אים אַנטפּלעקט געוואָרען, דאַרף מען פונדעסטוועגען ניט אָננעמען, אַז בלעם האָט נביאות געזאָגט ניט מער ווי ביי יענער געלעגענהייט. עס איז דאָך קלאָר פון אָט־דער דערציי־לונג גופא, אַז ער האָט שוין פון לאַנג אַן געהאַט אַ שם פאַר זיין נבואה און אַנדערע געטליכע באַגאַבונגען. אין דער אמתען, ווען בלק רופט אים צו זיך, זאָגט ער צו אים אַזוי (ב מ ד ב ר, קאַפּ. כ"ב, פסוק 6): „ווייל איך ווייס, אַז וועמען דו בענטשסט, איז געבענטשט, און וועמען דו פלוכסט, איז געפלוכט". בלעם האָט, אַלזוי, פאַרמאָגט דיזעלביגע אייגענשאַפט, מיט וועלכער גאָט האָט באַשאָנקען אברהמען (זע ב ר א ש י ת, קאַפּ. י"ב, פסוק 3). און ווייטער ענטפערט בלעם די שליחים, ווי אַ מענש, וואָס איז געוויינט געווען צו נביאישע ערשיי־נונגען, זיי זאָלען ביי אים פאַרבלייבען, ביז וואַנען גאָט'ס ווילען וועט אים אַנטפּלעקט ווערען. ביים נביאות־זאָגען, ד. ה. ווען ער פלעג לאַ־

זען וויסען גאָט'ס וואָרהאַפטיגען געדאַנק. פלעג ער וועגען זיך אַזוי זאָגען: „די רייד פון דעם, וואָס הערט גאָטס ווערטער און קען דעם אויבערשטענס וויסען (אָדער דעם געדאַנק און דאָס פאָר־וויסען), וואָס זעט די זעאונג פון דעם אַלמעכטיגען, פאַלענדיג, אָבער מיט אָפענע אויגען (זע ב מ ד ב ר, קאַפּ. כ"ד, פּסוק 16): און לסוף, נאָכדעם, ווי ער האָט געבענטשט, אויף גאָט'ס באַפעל, די העברעער, האָט ער אָנגעהויבען, אויס געוואָונהייט, נביאות־זאָגען אויך צו אַנדערע פעלקער און זיי פאָראויסזאָגען זייער צוקונפט. דאָס אַלץ באַווייזט אײַ־בערגענוג, אַז בלעם איז שטענדיג געווען אַ נביא, אָדער ער האָט גאַנץ אָפט נביאות־געזאָגט, און אַז ער האָט פאַרמאָגט (וואָס עס דאַרף דאָ באַזונדערס באַמערקט ווערען) דאָס, וואָס עס האָט די נביאים הויפּט־זאַכליך געמאַכט זיכער אין דעם אמת פון זייער נבואה, און דאָס איז, אַ נשמה, וואָס איז אינגאַנצען געווענדט צום רעכטען און גוטען; ווייל ניט די האָט ער געבענטשט און געפלוכט, וואָס ער אַליין האָט זיי גע־וואָלט, ווי בלק האָט געגלויבט, בענטשען אָדער פלוכען, נאָר די, וואָס גאָט האָט יעוואָלט, ער זאָל זיי בענטשען אָדער פלוכען. און דעריבער האָט ער געענטפערט בלק'ן: „ווען בלק זאָל מיר געבען זײַן הויז פול מיט זילבער און גאָלד, קאָן איך ניט איבערטרעטען דעם באַפעל פון גאָט, מײַן האַר, און טון אַ קליינע אָדער אַ גרויסע זאַך; וואָס גאָט וועט רעדען, וועל איך רעדען.

און אויב גאָט איז געווען אויפגעבראַכט אויף אים, בעת ער האָט זיך געפונען אונטערוועגענס, האָט דאָס אייגענע אויך פּאַסירט מיט משה'ן, ווען ער איז, אויף גאָט'ס באַפעל, געגאַנגען קיין מצרים (זע ש מ ו ת, קאַפּ. ד', פּסוק 24); און אויב ער האָט באַקומען געלט פאַר נביאות־זאָגען, האָט דאָס אייגענע אויך געטאָן שמואל (ש מ ו א ל א', קאַפּ. ט', פּסוקים 2 און 8); און אויב ער האָט אין עפּעס געזינ־דיגט (זע וועגען דעם בריוו II פון פּעטרוס, קאַפּ. 2, פּסוקים 15 און 16, און דעם ב ר י ו ו פון יהודה, קאַפּ. 5, פּסוק 11), איז „קיינער אַזוי ניט גערעכט, ער זאָל שטענדיג טון גוטס און קיינמאָל ניט זינדיגען) (זע ק ה ל ת, קאַפּ. ז', פּסוק 20), בלעמ'ס ווערטער האָבען געמוזט, באמת, האָבען ביי גאָט פיל געוויכט און זײַן מאַכט צו פאַרפלוכען האָט געמוזט זײַן זייער גרויס, ווייל עס ווערט אַזוי פיל מאָל דערציילט אין דער ביבעל, כדי דערמיט צו ווייזען גאָט'ס באַ־

רעמהארציגקייט צו די יידען, אז גאט האט ניט געוואלט הערען בלעמ'ען און האט זיין קללה פארוואנדעלט אין א ברכה (זע דברים, קאפ. כ"ג, פסוק 6; יהושע, קאפ. כ"ד, פסוק 10; נחמיה, קאפ. י"ג, פסוק 2). בלעם איז, אלזוי, געווען בלי ספק אנגענעם פאר גאט, ווייל די ווערטער און קללות פון די גאטלאזע האבען אויף גאט קיין שום פעולה ניט.

אויף אזא אופן איז בלעם געווען אן אמתער נביא, און אויב יהושע רופט אים פונדעסטוועגען אן (יהושע, קאפ. י"ג, פסוק 22) קוסם, ד. ה. צויבערער, איז עס א זיכערע זאך, אז דער דאזיגער נאמען דארף אויך גענומען ווערען אין גוטען זינען און אז די, וואס די היידען פלעגען זיי אנרופען צויבערער, אדער וואַרזאַגער, זיינען געווען עכטע נביאים; יענע אבער, וואס די ביבעל פארקלאגט זיי אפט און פארדאמט, זיינען געווען פאלשע ווארזאגער, וועלכע האבען אפגענארט די היידען פונקט אזוי ווי די פאלשע נביאים האבען אפגענארט די יידען. וואס דאס איז צו זען אויפן קלערסטען אופן אויך פון אנדערע שטעלען פון דער ביבעל.

מיר קאנען, אלזוי, מאכען דא דעם אויספיר, אז די גאַב פון גבואה איז ניט געווען די באזונדערע אייגענשאפט פון די יידען, נאר געמיינ־שאפטליך צו אלע פעלקער.

אקעגען־אבער באהויפטען די פרושים גאנץ שארף, אז די דאזיגע געטליכע גאב איז געווען דאס פארמעג פון זייער פאלק אליין, בעת אנדערע פעלקער האבען פאראויסגעזאגט די צוקונפט (וואס דעם אבער־גלויבען קאן נאר איינפאלען!) מיט דער הילף פון מי יודע וואסער טייוועלשער קראפט. די הויפט־שטעל פון תנ"ך, אויף וועלכער זיי באַ־רופען זיך, צו באשטעטיגען דורך איר אויטאריטעט די דאזיגע מיי־נונג, איז די שטעל פון שמות, קאפ. ל"ג, פסוק 16, וואו משה זאגט צו גאט: „פון וואנען וועט באוואוסט ווערען, אז איך און דיין פאלק האבען געפונען חן אין דיינע אויגען? געוויס דורך דעם, וואס דו וועסט גיין מיט אונז און איך און דיין פאלק וועלען זיין אפגעזונ־דערט פון יעדען פאלק, וואס איז אויף דער ערד".

דערפון ווילען זיי דרינגען, אז משה האט געבעטען גאט, ער זאל בייזיין ביי די יידען און זיך נביאיש אנטפלעקען צו זיי, אבער קיין שום אנדער פאלק זאל אט־די טובה ניט באקומען. עס איז אווראי

לעכערליך, וואָס משה האָט ניט פאַרגונען די אַנדערע פעלקער גאָט׳ס אַנוועזענהייט און געוואָגט גאָר צו בעטען ביי גאָט אַזאַ זאַך. דער אמת אָבער איז, אַז נאָכדעם, ווי משה האָט דערקענט דעם ווידער־שפּעניגען כאַראַקטער און גייסט פון זיין פאָלק, איז עס אים גע־וואָרען קלאָר, אַז די יידען וועלען ניט קאָנען דורכפירען זייער אונ־טערנעמונג אָן גרויסע נסים און אָן אַ באַזונדער אויסערער הילף פון גאָט; נאָך מער, אַז זיי וועלען אומבאַדינגט מוזען גיין צו גרונד אָן דער דאָזיגער הילף; און דעמאָלט האָט ער געבעטען ביי גאָט אָט־די באַזונדערע אויסערע הילף, כדי צו זיין זיכער, אַז גאָט האָט זיי גע־וואָלט דערהאַלטען. אין דער אמתען, אין קאַפּ. ל״ד, פסוק 9, זאָגט ער אַזוי: „אויב איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגען, מיין האַר, בעט איך, דער האַר זאָל גיין צווישען אונז, ווייל דאָס דאָזיגע פאָלק איז אַ האַרטנעקיג פאָלק" און א. וו. אויף אַזאַ אופן בעט משה ביי גאָט זיין באַזונדערע אויסערע הילף מחמת דער האַרטנעקיגקייט פון פאָלק. און נאָך דייטליכער ווייזט גאָט׳ס ענטפער, אַז משה האָט ניט געבעטען ביי גאָט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אָט־די באַזונדערע אויסערע הילף; גאָט האָט גלייך געענטפערט אַזוי (פסוק 10 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל): „זע, איך שליס אַ בונד, איך וועל פאַר דיין גאַנצען פאָלק טון וואונדער, וואָס זיינען אויף דער גאַנצער ערד און צווישען אַלע פעלקער ניט געטאָן געוואָרען" און א. וו. משה רעדט דאָ, אַלזוי, נאָר וועגען דער אויסדערוויילטקייט פון די העברעער, ווי איך האָב זי דער־קלערט, און קיין אַנדער זאַך פאַרלאַנגט ער גאָר ניט פון גאָט.

אין דער זעלביגער צייט געפין איך אין פּולוס׳עס בריוו צו די רוי־מער אַן אַנדער שטעל, וואָס קענען איר האָב איך מער אויסצוזעצען. אין קאַפּ. 3, פסוקים 1 און 2, לערנט, דאַכט זיך, פּולוס דעם היפּוך פון דעם, וואָס איך האָב דאָ נאָרוואָס אויפגעוויזען; ער זאָגט דאָרט אַזוי: „אין וואָס, אַלזוי, באַשטייט די העכערקייט פון דעם יידען און וואָס איז דער נוצען פון ברית־מילה? עס איז גרויס אין יעדען פאַל, און דער עיקר דערפאַר, ווייל גאָט׳ס וואָרט איז אים פאַרטרויט גע־וואָרען". אויב אָבער מיר וועלען האָבען אין אויג די לערע, וואָס פּולוס וויל הויפּטזאַכליך לערנען, וועלען מיר ניט געפינען קיין איין זאַך, וואָס זאָל ווידערשפּרעכען אונזער אַנשויאונג, נאָר מיר וועלען אדרבה זען, אַז ער לערנט דאָס אייגענע, וואָס מיר. אין דער אמתען, אין

פסוק 29 פון דעמזעלביגען קאפיטעל זאגט ער, אז גאט איז דער גאט פון די יידען און פון די היידען; און אין קאפ. 2, פסוקים 25 און 26: „אויב דער געמלטער ווענדט זיך אפ פון געזעץ, אזוי וועט פון דער באשניידונג ווערען א פארהויט, און פארקערט, ווען דער ניט־געמלטער היט אפ די פארשריפטען פון געזעץ, אזוי ווערט אים די פארהויט פאררעכענט פאר באשניידונג“. און ווייטער זאגט ער אין קאפ. 4, פסוק 9: „אלע, יידען און היידען, שטייען גלייך אונטער זינד, און אז דעם געבאט און אז דעם געזעץ איז קיין זינד ניטא“.

פון די דאזיגע שטעלען איז, אלזוי, געדרונגען אויפ'ן קלערסטען אופן, אז דאס געזעץ, ווי מיר האבען דאס אויך געוויזען אויבען, פון א י ו ב, קאפ. כ"ח, פסוק 28, איז אנטפלעקט געווארען צו אלע מענשען גלייך און אז אלע האבען געלעבט אונטער זיין הערשאפט. איך האב דא אין זינען דאס געזעץ, וואס איז נוגע בלויז דער אמתער טוגענד, און ניט דאס געזעץ, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען נאר די פארהעלטנישען און דעם כאראקטער פון וואסער־עס־איז איינצעלנעם שטאט און איז הסכם מיט'ן גייסט פון אן איינצעלן פאלק.

און לסוף מאכט פולוס אזא אויספיר: אזוי ווי גאט איז דער גאט פון אלע פעלקער, ד. ה. אלצאיינס גנעדיג צו אלע מענשען, און אזוי ווי אלע אז אונטערשייד לעבען אונטער דעם געזעץ און אונטער זינד, האט גאט צו אלע פעלקער געשיקט זיין קריסטוסען. ער זאל זיי אלע גלייך באפרייען פון דער קנעכטשאפט פון געזעץ, כדי זיי זאלען ווייטער טון גוטס ניט דורכן צוואנג פון געזעץ, נאר דורך דער פעסטער אנטשלאסענקייט פון זייער ווילען. אויף אזא אופן לערנט פולוס פינקטליך דאס, וואס איך וויל דא באווייזען. און אויב ער זאגט פונדעסטוועגען, אז די ווערטער פון גאט זיינען פארטרויט געווארען נאר צו די יידען אליין, דארף מען דאס פארשטיין אזוי: אדער ער מיינט דערמיט, אז די געזעצען זיינען נאר שריפטליך פארטרויט געווארען צו די יידען אליין, בעת צו אנדערע פעלקער זיינען זיי פארטרויט געווארען נאר דורך אנטפלעקונגען און דורך דעם באנעם פון שכל; אדער מען מוז אננעמען, אז פולוס האט געענטפערט (כדי אפצושוואכען די מעגליכע טענות פון די יידען) איז הסכם מיט די באגריפען און מיינונגען, וואס זיינען אין יענער צייט געווען אנגענומען ביי די יידען. ווייל כדי צו קאנען לערנען דאס, וואס ער האט טיילווייז

גענזענען און טיילווייז געהערט, איז ער געווען א גריך צווישען גריכען און א ייד צווישען יידען.

עס בלייבט אונז נאָך איצט איבער צו ענטפערען אויף איינינע טענות פון די, וואָס ווילען זיך איינריידען, אַז די אויסדערוויילט־קייט פון די העברעער איז ניט געווען קיין צייטליכע, נאָר אַן אייביגע, און האָט זיך ניט באַצויגען בלויז אויף זייער מלוכה.

— מיר זעען, — זאָגט מען אונז, — אַז די יידען, ניט געקוקט אויפן אונטערגאַנג פון זייער מלוכה און ניט געקוקט אויך דערויף, וואָס זיי זיינען אַזוי פיל יאָרען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און אָפּגעזונדערט פון אַלע פעלקער, האָבען נאָך אַלץ אַ קיום, וואָס דאָס איז ניט פאָרגעקומען מיט קיין שום אַנדער אומה. די הייליגע שריפט, ווידער, לערנט, ווייזט אויס, פיל מאָל, אַז גאָט האָט אויף אייביג אויסדערוויילט די יידען און ממילא פאַרבלייבען זיי די אויסדערוויילטע פון גאָט אפילו דאַן, ווען זיי האָבען פאַרלאָרען זייער מלוכה.

דאָס זיינען די שטעלען, וואָס דאַרפען, לויט אָט־דער מיינונג, באַ־ווייזען אויפן קלאָרסטען אופן אָט־די אייביגע אויסדערוויילטקייט:

1 — י ר מ י ה, קאַפּ. ל״א, פסוק 36, וואו דער נביא באַשטע־טיגט, אַז די זאָמען פון ישראל וועלען אויף אייביג פאַרבלייבען גאָט'ס פאָלק, פאַרגלייכענדיג זיי דערביי מיט דער פעסטער אָרדענונג פון די הימלען און פון דער נאַטור;

2 — י ח ז ק א ל, קאַפּ. כ', פסוק 32 און ווייטער, וואו דער נביא וויל, ווייזט אויס, זאָגען, אַז הגם די יידען האָבען מיט זייער איי־גענעם ווילען אויפגעהערט צו דינען גאָט, וועט זיי גאָט דאָך ווידער צונויפזאַמלען פון אַלע לענדער, וואו זיי זיינען צעשפּרייט, און וועט זיי פירען אין דער מדבר פון די פעלקער, ווי ער האָט זייערע אבות געפירט אין דער מדבר פון מצרים, און לסוף, נאָכדעם ווי ער וועט פון זיי אָפּשיידען די ווידערשפּעניגע און די אָפּטריניגע (המורדים והפושעים), וועט ער זיי פירען צום באַרג פון זיין הייליגקייט, וואו דאָס גאַנצע הויז פון ישראל וועט אים דינען.

אחוץ אָט־די שטעלען ברענגען די פאַרטיידיגער פון דער דאָזיגער מיינונג, און דער עיקר די פרושים, נאָך אַנדערע; איך רעכען אָבער, אַז איך וועל צופרידענשטעלען יעדען איינעם, ווען איך וועל ענטפע־

רען נאר אויף את־די צוויי שטעלען. דאס וועט מיר ניט זיין שווער צו טון, ווען איך וועל באווייזען דורך דער ביבעל גופא, אז גאט האט די העברעער אויסדערוויילט ניט אויף אייביג, נאר בלויז אונטער די־זעלבינע באדינגונגען, אונטער וועלכע ער האט פריער אויסדערוויילט די כנענים. וואס אויך זיי האבען, ווי מיר האבען דאס געוויזען אויבען, געהאט כהנים, וועלכע האבען אייפעריג געדינט גאט; זיי זיינען אבער פון גאט פארשטויסען געווארען מחמת זייער לוקסוס, נאכלאזיגקייט און געצענדינסט. אין דער אמתען, אין ו י ק ר א, קאפ. י״ח, פסוקים 27 און 28, פארזאגט משה די קינדער פון ישראל, זיי זאלען זיך ניט באפלעקען דורך בלוטשאנדע, ווי די כנענים, כדי דאס לאנד זאל זיי ניט אויסשפייען, ווי עס האט אויסגעשפיגען די פעלקער, וועלכע האבען באוואוינט יענע מקומות. און אין ד ב ר י ם, קאפ. ח׳, פסוקים 19 און 20, דראט ער זיי מיט א פולשטענדיגען חורבן אין את־די אויסדריקליכע ווערטער: „איך זאג פאר אייך היינט עדות, אז איר וועט פארלענדט ווערען; ווי די פעלקער, וואס גאט האט זיי פארלענדט פון אייער אנגעזיכט, אזוי וועט איר פארלענדט ווערען“. מען געפינט אין דער ביבעל נאך מער אזוינע שטעלען, וואס זאגען אויסדריקליך, אז גאט האט ניט אויף אן אבסאלוטען אופן און ניט אויף אייביג אויסדערוויילט דאס העברעאישע פאלק.

ווען אבער די נביאים האבען פאראויסגעזאגט די העברעער א נייעם און אייביגען בונד פון גאט׳ס דערקענטעניש, ליבע און חסד, איז עס לייכט צו זען, אז דער דאזיגער צוזאג איז געגעבען נאר די פרומע. אין דער אמתען, אין דעם אויבען־ציטירטען קאפיטעל פון י ח ז ק א ל ווערט געזאגט אויסדריקליך, אז גאט וועט אפטיילען פון צווישען די פרומע לייט די ווידערשפעניגע און אפטריניגע; און אין צ פ נ י ה, קאפ. 3, פסוקים 11 און 12, ווערט געזאגט, אז גאט וועט אפטון פון זיי די שטאלצע און איבערלאזען די ארימע. און אזוי ווי די דאזיגע אויסדערוויילטקייט איז נוגע די אמתע מדות טובות, קאן מען ניט אננעמען, אז זי זאל צוגעזאגט ווערען נאר די פרומע פון צווישען די יידען און אז אלע אנדערע זאלען דערפון אויסגעשלאסען ווערען; מען דארף גיכער אננעמען, אז די אמתע נביאים פון די היידען, — און מיר האבען אויבען געוויזען, אז אלע פעלקער האבען געהאט אזוינע נביאים, — האבען דאס אייגענע אויך צוגעזאגט די רעכט־

שאפענע פון זייער פאלק און זיי דערמיט געטרייסט. מחמת דעם איז אט־דער אייביגער בונד פון גאט'ס דערקענטעניש און ליבע א ז א ו נ י ו ו ע ר ס א ל ע ר, ווי דאס איז צו זען אויפן קלערסטען אופן פון צ פ נ י ה, קאפ. ג', פסוקים 10 און 11, און עס קאן אזוי ארום ניט צוגעלאזען ווערען אין דעם פרט קיין שום אונטערשייד צווישען די יידען און די היידען, ווי אויך די הנחה, אז די יידען זיינען אויס־דערוויילט געווארען פון גאט אויף אן אויסשליסליכען אופן און ניט אזוי, ווי איך האב דאס אויבען קלאר געמאכט.

און דאס, וואס די נביאים, רעדענדיג וועגען דער אויסדערוויילט־קייט, וועלכע באציט זיך נאר אויף דעם רעכטען לעבען, מישען אהער אריין פיל פרטים וועגען קרבנות און אנדערע ריטועלע צערעמאניעס, ווי אויך וועגען דעם ווידעראויפבוי פון דעם בית־המקדש און ירושלים, דערקלערט זיך עס דערמיט, וואס זיי האבען, לויט דער געוואוינהייט און דער טבע פון נבואה, געוואלט אויסדריקען דורך אזוינע בילדער גייס־טיגע זאכען, כדי צו לאזען אין דערזעלביגער צייט וויסען די יידען, וועמעס נביאים זיי זיינען געווען, וועגען דער אויפריכטונג פון זייער מלוכה און דעם ווידעראויפבוי פון דעם בית־המקדש, וואס מען האט זיך דערויף געריכט אין דער צייט פון כורש. ביים היינטיגען טאג פארמאגען, אלזוי, די יידען קיין שום זאך ניט, וואס זיי זאלען קאנען מייחס זיין צו זיך איבער אנדערע פעלקער.

וואס אנבאלאנגט אבער דעם פאקט, וואס זיי האבען זיך דער־האלטען נאך אזוי פיל יארען פון לעבען אין גלות און אָן אַן אייגענער מלוכה, דארף מען זיך דערויף גארניט וואונדערען, ווען מען האט אין זינען, אז זיי האבען זיך אפגעזונדערט פון די פעלקער אזוי, אז זיי האבען ארויסגערופען קעגען זיך די שנאה פון אלע פעלקער; און די דאזיגע אפגעזונדערטקייט באשטייט ניט נאר אין זייער אויסערען רי־טואל, וואס איז אינגאנצען להיפוך דעם ריטואל פון אנדערע פעלקער, נאר אויך אין ברית־מילה, וואס זיי היטען דאס זייער געטריי אפ. אז דער האס פון די פעלקער העלפט זייער פיל דער דערהאלטונג פון די יידען, — דאס האט אונז געלערנט די ערפארונג. אין דער אמתען, ווען א שפאנישער קיניג האט איינמאל געצוואונגען די יידען אויסצו־קלייבען איינס פון די ביידע, אדער אננעמען די רעליגיע פון דער מלוכה, אדער גיין אין גלות, האבען זייער פיל יידען אנגענומען די

רעליגיע פון די פויפסטען. און אזוי ווי עס זיינען אט־די געשמד׳טע יידען גענעבען געווארען אלע רעכט פון די איינגעבוירענע שפאניער און אזוי ווי זיי זיינען דערקלערט געווארען פאר פאסיג צו אלע ערענ־שטעלעס, האבען זיי אינגיכען זיך אזוי אויסגעמישט מיט די שפא־ניער, אז עס איז אין א קורצער צייט ארום ניט געבליבען מער קיין שפור און קיין אנדענק פון זייער אפשטאם. גאנץ אנדערש איז אבער געווען דער פאל מיט די יידען, וואס א פארטוגעזישער קיניג האט זיי נעצוואונגען אנצונעמען די רעליגיע פון זיין לאנד: די דאזיגע זיינען אויך נאכן שמד נאך אלץ פארבליבען אפגעזונדערט פון די איבעריגע איינוואוינער, אז צווייפעל מחמת דעם, וואס מען האט זיי דערקלערט פאר אומווירדיג צו פארנעמען ערענשטעלעס.

די ברית־מילה האט, לויט מיין מיינונג, אזא שטארקע פעולה אין דעם פרט, אז דאס אליין, גלויב איך, וועט דאס דאזיגע פאלק דערהאלטען פאר אלע צייטען. נאך מער, אויב די יסודות פון דער יידישער רעליגיע וועלען די יידען ניט מאכען ווייבעריש, האלט איך פאר זייער מעגליך, אז זיי זאלען אמאל, ביי א גינסטיגער געלע־גענהייט, — די מענשליכע פארהעלטענישען זיינען דאך אזוי פאר־ענדערליך, — נאך צוריק אויפריכטען זייער אמאליגע מלוכה און אז גאט זאל זיי פון־דאס־ניי אויסדערוויילען.

א מערקווירדיגען ביישפיל פון דעמזעלביגען סארט גיבען אונז אויך די כינעזער, וועלכע היטען זייער געטריי אפ א געוויסען צייכען אויפן קאפ, וואס דערמיט שיידען זיי זיך אפ פון אלע אנדערע פעל־קער. און זיי זיינען אזוי פארבליבען אפגעשיידט אין משך פון אזוי פיל טויזענטער יארען, אז זיי שטייגען ווייט אריבער אלע אנדערע פעלקער מיט זייער אלטקייט. ניט שטענדיג האבען זיי אויפגעהיט זייער מלוכה, זיי האבען זי אבער איינמאל צוריקגעוואונען שוין נאכ־דעם, ווי זיי האבען זי געהאט פארלארען, און זיי וועלען זי אן צווייפעל צוריק קריגען, ווען די טאטערען וועלען אלץ מער און מער אפגעשוואכט ווערען פון לוקסוס, רייכקייט און שטאלץ.

אויב עמיצער וויל, לסוף, פארט פארטיידיגען די מיינונג, אז די יידען זיינען אויך אזא אדער אן אנדער סמך אויסדערוויילט געווא־רען פון גאט פאר אלע צייטען, וועל איך צו אים קיין טענות ניט האבען, אויב ער וועט נאר צוגעבען, אז די דאזיגע אויסדערוויילטקייט,

— עס מאכט נישט, צי א צייטליכע, אָדער אן אייביגע, — אויף ווי ווייט די יידען אליין זיינען צו איר מסוגל, באציט זיך נאָר צו זייער מלוכה און קערפּערליכע פאַרגעניגענס, וואָס נאָר מיט דעם אליין קאָן איין פאָלק זיך אונטערשיידען פון אן אנדערן; ווייל בנוגע דער דער־קענטעניש און גוטע מדות שטייען אלע פעלקער אויף איין מדרגה און ממילא ווערט קיין שום פאָלק נישט אויסדערוויילט אין דעם פּרט פון גאָט איבער אנדערע פעלקער.

## קאַפּיטעל פיר.

### וועגען דעם געטליכען געזעץ.

דאָס וואָרט ג ע ז ע ץ, ווען גענומען אין אבסאָלוטען זינען, באצייכענט א כלל, לויט וועלכען יעדער יחיד, — אלע איינאיינעם, אָדער א געוויסע צאָל פון דעמזעלביגען מין, — האנדעלט אויף איין־און־דעמזעלביגען פעסטען און באַשטימטען אופן.

דאָס געזעץ ווענדעט זיך אָדער אָן דער נויטיגקייט פון דער נאַ־טור, אָדער אָן דעם מענשליכען ווילען.

דאָס געזעץ, וואָס ווענדעט זיך אָן דער נויטיגקייט פון דער נאַטור, איז אַזאַ, וואָס פאָלגט נויטיגערהייט פון דער טבע פון דער זאַך גופא, אָדער פון איר דעפיניציע.

דאָס געזעץ, וואָס ווענדעט זיך אָן דעם מענשליכען ווילען און ווערט ריכטיגער אָנגערופען ר ע כ ט, איז אַזאַ, וואָס די מענשען שרייבען עס פאָר זיך אליין, אָדער אנדערע, כדי צו לעבען זיכערער און אנגענעמער, אָדער צוליב אנדערע צילען.

אַזוי, למשל, איז עס אַן אַלגעמיין געזעץ פון אַלע קערפּער, א גע־זעץ, וואָס שטאַמט פון דער נויטיגקייט פון דער נאַטור, אַז יעדער קערפּער, וואָס שטויסט זיך צוזאַמען מיט א צווייטען, קלענערען קער־

פער, פאַרלירט אַזוי פיל פון זיין באַוועגונג, וויפיל ער נימט פון איר איבער דעם צווייטן קערפּער. פונקט אַזוי איז עס אויך אַ געזעץ, וואָס שטאַמט נויטיגערהייט פון דער מענשליכער נאַטור, אַז ווען אַ מענש דערמאָנט זיך אָן עפּעס אַ זאַך, דערמאָנט ער זיך גלייך נאָך דעם אויך אָן אַ צווייטער זאַך, וואָס איז ענליך צו דער ערשטער, אָדער באַנומען געוואָרען אין איין צייט מיט איר.

אָקעגען־אָבער ווענדט זיך עס אָן דעם מענשליכען ווילען, אַז די מענשען זאָלען פרייוויליג אָדער געצוואונגענערהייט נאָכגעבען עפּעס פון זייער נאַטירליכען רעכט און זיך באַשרענקען מיט אַ באַשטימטען לעבענסשטייגער.

און הגם איך בין אבסאָלוט מסכים, אַז אַלע זאַכען ווערען פון די אוניווערסאַלע געזעצען פון דער נאַטור באַשטימט צו עקזיסטירען און צו ווירקען אויף אַ זיכערען און באַשטימטען אופן, זאָג איך פונדעסט־וועגען, אַז אַט־די געזעצען ווענדען זיך אָן דעם מענשליכען ווילען.

ע ר ש ט ע נ ס, מחמת דעם, וואָס דער מענש, אויף ווי ווייט ער איז אַ טייל פון דער נאַטור, שטעלט אויך פאָר מיט זיך אַ טייל פון איר קראַפט; און ממילא זיינען אַלע זאַכען, וואָס פאָלגען פון דער נויטיגקייט פון דער מ ע נ ש ל י כ ע ר נאַטור, ד. ה. פון דער נאַ־טור גופא, אויף ווי ווייט מיר באַנעמען זי, ווי באַשטימט דורך דער מענשליכער נאַטור, דער רעזולטאַט, הגם נויטיגערהייט, פון דער מענשליכער מאַכט. מען קאָן, דעריבער, זאָגען מיט פולשטענדיגען רעכט, אַז די אויפשטעלונג פון אַזוינע געזעצען ווענדט זיך אָן דעם מענשליכען ווילען, ווייל זי ווענדט זיך הויפּטזאַכליך אָן דער מאַכט פון דעם מענשליכען גייסט, הגם נאָר אין דעם זינען, וואָס דער מענש־ליכער גייסט, אויף ווי ווייט ער באַנעמט זאַכען פון דעם שטאַנד־פונקט פון אמת און פאַלשקייט, קאָן גאַנץ קלאָר באַנומען ווערען אויך אָן די דאָזיגע געזעצען, אָבער באַין אופן ניט אָן דעם, אַז ער זאָל ביי דער אויפשטעלונג פון אַט־די געזעצען ניט האָבען אין זיין יסוד אַ נויטווענדיג געזעץ, ווי איך האָב עס נאָר וואָס דעפינירט.

צ ו ו י י ט ע נ ס, זאָג איך, אַז די דאָזיגע געזעצען ווענדען זיך אָן דעם מענשליכען ווילען אויך מחמת דעם, וואָס מיר מוזען דע־פינירען און דערקלערען די זאַכען דורך זייערע נאָענטסטע סיבות, בעת די אַלגעמיינע באַטראַכטונג פון זייער פ א ט ו ם און צוזאַמענ־

קייטלונג העלפט אונז מיט קיין זאך ניט צו פארמירען און איינצואָר־דענען אונזערע געדאנקען וועגען איינצעלנע זאכען. גיט נאך צו דעם צו, אז מיר האבען קיין ברעקעל ידיעה ניט וועגען דער אלגעמיינער בסדר׳דיגקייט און צוזאמענקייטלונג פון זאכען, ד. ה. וועגען דעם אופן, ווי אזוי זיי ווערען אין דער ווירקליכקייט איינגעאָרדענט און צוזאַ־מענגעקייטעלט. און דעריבער איז עס בעסער פארן פּראקטישען לעבען, ניט בעסער, נאר טאקע נויטיג צו באטראכטען די זאכען פאר מעגליך.

דאס איז אלץ, וואס איך האב געהאט צו זאגען וועגען דעם גע־זעץ, ווען באטראכט אין אבסאלוטען זינען.

דאס ווארט  ג ע ז ע ץ  ווערט אבער בדרך השאלה אנגעווענדט אויך אויף אנדערע זאכען און עס ווערט געוויינליך אונטער דעם פאר־שטאנען ניט מער, ווי א באפעל, וואס די מענשען קאנען אים אוים־פאלגען אדער איבערטרעטען, אז צווייפעל מחמת דעם, וואס אזא בא־פעל שטעלט אוועק געוויסע גרעניצען פאר דער מענשליכער מאכט, גרעניצען, וואס די מענשליכע מאכט ברייט זיך אוים אריבער זיי, און פאדערט קיין זאך ניט, וואס איז איבער די מענשליכע כחות. און דע־ריבער דארף, דאכט זיך, דאס ווארט  ג ע ז ע ץ  דעפינירט ווערען נאך אויף א מער באזונדערען אופן, און דאס איז, ווי א לעבענסשטיי־גער, וואס דער מענש שרייבט אים פאר, צוליב א געוויסען ציל, זיך אליין, אדער אנדערע.

היות אבער זייער ווייניג מענשען ווייסען דעם אמתען ציל פון די געזעצען און דאס רוב מענשען זיינען גאר כמעט אינגאנצען ניט־פע־איג דאס צו באגרייפען און לעבען ניט אנדערש, ווי נאר נאך זייער שכל נאך, האבען די געזעצגעבער, כדי צו באצווינגען אלעמען אויף א גלייכען שטייגער, גאנץ קלוג אנגעגעבען אן אנדער ציל, גאר פאר־שיידען פון דעם, וואס פאלגט נויטיגערהייט פון דער נאטור פון די געזעצען. זיי האבען, נעמליך, צוגעזאגט די אפּהיטער פון די גע־זעצען אזוינס, וואס די מאסע ליבט עס מער פון אלץ, און אנגע־שראָקען די פארלעצער פון די געזעצען מיט אזוינע זאכען, וואס די מאסע האט פאר דעם מער פון אלץ מורא. די געזעצגעבער זיינען, אלזוי, געצוואונגען ווי ווייט מעגליך איינצוהאלטען די מאסע, ווי מען האלט איין א פערד מיט דער הילף פון א צוים. דערפון נעמט זיך עס, וואס אונטער דעם געזעץ איז מערסטענטייל פארשטאנען געוואָ־

רען דער לעבענסשטייגער, וואס ווערט מענשען פארגעשריבען דורכן באפעל פון אנדערע; און אין הסכם מיט דעם ווערט עס געזאגט ווע־גען די, וואס געהארכען דעם געזעץ, אז זיי לעבען אונטער דעם גע־זעץ און זיינען אזוי ווי זיינע דינער. אין דער אמתען, דער, וואס גיט יעדען איינעם, וואס אים קומט, מחמת דעם, וואס ער האט מורא פאר דער תליה, האנדעלט אזוי דורכן צוואנג פון אן אנדערענס בא־פעל, דורך דער מורא פאר דער שטראף, וואס ער וועט דארפען אפקור־מען, און קאן ניט אנגערופען ווערען גערעכטער. אקעגען־אבער דער, וואס גיט יעדען איינעם, וואס אים קומט, מחמת דעם, וואס ער בא־גרייפט דעם אמתען זין פון די געזעצען און זייער נויטיגקייט, האנ־דעלט אזוי מיט א פעסטען ווילען, דורך זיין אייגענעם און ניט פרעמ־דען באשלוס, און קאן דעריבער מיט רעכט אנגערופען ווערען גע־רעכטער. און דאס האט פולוס, לויט מיין מיינונג, טאקע געוואלט לערנען, ווען ער האט געזאגט, אז די, וואס לעבען אונטערן געזעץ, קאנען דורכן געזעץ ניט ווערען גערעכטפארטיגט*). אין דער אמתען, די גערעכטיגקייט איז, לויט דער געוויינליכער דעפיניציע, דער פעס־טער און אנהאלטענדיגער ווילען צו געבען יעדען איינעם זיין רעכט. און דעריבער זאגט שלמה אין מ ש ל י, קאפ. כ"א, פסוק 15, אז דער גערעכטער פרייט זיך, ווען מען טיילט אויס גערעכטיגקייט, אבער דער שלעכטער פילט זיך דערפון דערשלאגען.

היות אבער דאס געזעץ איז ניט קיין אנדער זאך, ווי דער לע־בענסשטייגער, וואס די מענשען שרייבען פאר, צוליב א געוויסען ציל, זיך אליין אדער אנדערע, דארף עס, דאכט זיך, צעטיילט ווערען אויף א ג ע ט ל י ך געזעץ און א מ ע נ ש ל י כ ס.

אונטער דעם מ ע נ ש ל י כ ע ן געזעץ פארשטיי איך דעם לעבענסשטייגער, וואס דינט נאר צו באשיצען דאס לעבען און דעם וועזען פון דער געמיינדע.

אונטער דעם ג ע ט ל י כ ע ן געזעץ פארשטיי איך דאס גע־זעץ, וואס איז נוגע נאר דאס העכסט־גוטע, און דאס איז, די אמתע דערקענטעניש און ליבע פון גאט.

דאס דאזיגע לעצטע געזעץ רוף איך געטליכס מחמת דער נאטור

*) „בריוו צו די רוימער", קאפ. III, פסוק 20.

פון דאס העכסט־גוטע, וואס איך וועל דאס באלד באווייזען אזוי קורץ און קלאר, ווי נאר מעגליך.

אזוי ווי דער בעסערער טייל פון אונזער וועזען איז די דערקענטעניש, בכן איז עס זיכער, אז מיר מוזען קודם כל זען פארפולקאמען די דערקענטעניש, ווי ווייט דאס לאזט זיך נאר, אויב מיר ווילען באמת שטרעבען צו דעם, וואס איז פאר אונז צום בעסטען; ווייל נאר אין דער פולקאמקייט פון אונזער דערקענטעניש קאן באשטיין דאס העכסט־גוטע פאר אונז.

און ווייטער, אזוי ווי אונזער גאנץ וויסען און די זיכערקייט, וואס נעמט באמת אוועק פון אונז יעדען צווייפעל, ווענדען זיך נאר אן דער דערקענטעניש פון גאט, ווייל אן גאט קאן קיין זאך ניט זיין און ניט ווערען באגריפען און ווייל מען קאן צווייפלען איבער אלץ אזוי לאנג, ווי מען האט ניט קיין קלארע און באשטימטע השגה וועגען גאט, בכן איז דערפון געדרונגען, אז דאס העכסט־גוטע פאר אונז און אונזער פולקאמקייט ווענדען זיך נאר אן דער דערקענטעניש פון גאט און אז. וו.

און לסוף, אזוי ווי אן גאט קאן קיין זאך ניט זיין און ניט ווערען באגריפען, בכן איז עס זיכער, אז יעדער זאך אין דער נאטור איז כולל אין זיך און דריקט אויס דעם באגריף פון גאט בנוגע זיין עצם און זיין השלמה; און דעריבער, וואס מער מיר זיינען משיג די נאטירלי־כע זאכען, אלץ גרעסער און פולקאמער ווערט אויך אונזער דערקענטע־ניש פון גאט, אדער (ווייל דערקענען א ווירקונג דורך איר סיבה הייסט ניט מער, ווי דערקענען א געוויסע אייגענשאפט פון דער סיבה) וואס מער מיר זיינען משיג די נאטירליכע זאכען, אלץ פולקאמער זיינען מיר משיג גאט'ס עצם, וואס איז די סיבה פון אלע זאכען. אונזער גאנצע דערקענטעניש, ד. ה. דאס העכסט־גוטע פאר אונז, ווענדט זיך ניט נאר אן דער דערקענטעניש פון גאט, נאר באשטייט אינגאנצען אין איר. און דאס איז צו זען אויך דערפון, וואס די פולקאמקייט פון דעם מענ־שען וואקסט אינאיינעם מיט דער טבע און דער פולקאמקייט פון דער זאך, וואס ער ליבט זי מער פון אלץ. און דעריבער איז דער מענש, וואס האט מער פון אלץ ליב די ריין־גייסטיגע דערקענטעניש פון גאט, פון אט־דעם פולקאמסטען וועזען, און געפינט אין דעם זיין גרעסטע פרייד, נויטיגערהייט דער פולקאמסטער און גליקזעליגסטער מענש.

דאָס העכסט־גוטע פאַר אונז און אונזער גליקזעליגקייט ליגט, אַלזוי, אין דער דערקענטעניש און ליבע פון גאָט.

אויף אַזאַ אופן קאָנען די מיטלען, וואָס פאָדערען זיך פון אָט־דעם ציל פון אַלע מענשליכע מעשים, ד. ה. פון גאָט גופא, אויף ווי ווייט זיין השגה איז אין אונז, אָנגערופען ווערען די באַפעלען פון גאָט, ווייל עס איז גלייך, ווי זיי וואָלטען אונז פאַרגעשריבען געוואָרען פון גאָט גופא, אויף ווי ווייט ער לעבט אין אונזער גייסט; און דער־ריבער ווערט דער לעבענסשטייגער, וואָס איז אין הסכם מיט דעם דאָזיגען ציל, גאַנץ ריכטיג אָנגערופען דאָס געטליכע געזעץ.

וואָס זיינען אָבער די דאָזיגע מיטלען? וואָס איז דער לעבענס שטייגער, וואָס דער דאָזיגער ציל פאָדערט? און ווי אַזוי קומען דער־פון אַרויס די יסודות פון אַ גוטער רעגירונג און די פאַרשריפטען פאַר דעם מענשליכען צוזאַמענלעבען? דאָס אַלץ געהערט דער אַלגעמיינער עטיק, און איך וויל דאָ לעת עתה רעדען נאָר וועגען דעם געטליכען געזעץ בכלל.

אויב, אַלזוי, די ליבע צו גאָט איז דאָס העכסטע גליק פון דעם מענשען, זיין גליקזעליגקייט, זיין לעצטע שטרעבונג און דער ענדציל פון אַלע מענשליכע מעשים, איז דערפון געדרונגען, אַז נאָר דער היט אָפּ דאָס געטליכע געזעץ, וואָס זוכט צו ליבען גאָט ניט מחמת מורא פאַר שטראָף אָדער מחמת ליבע צו אַנדערע זאַכען, ווי פאַרגע־ניגענס, כבוד און אַז. וו., נאָר מחמת דעם, ווייל ער דערקענט גאָט, ד. ה. ווייל ער ווייס, אַז די דערקענטעניש פון גאָט און די ליבע צו אים זיינען דאָס העכסט־גוטע פאַר אים.

אויף אַזאַ אופן איז דער הויפּטפּונקט פון דעם געטליכען געזעץ און זיין וויכטיגסטער געבאָט צו ליבען גאָט, ווי דאָס העכסט־גוטע און ניט, ווי מיר האָבען דאָס נאָר וואָס באַמערקט, מחמת מורא פאַר עפּעס אַ שטראָף, אָדער עפּעס שלעכטס, און אויך ניט מחמת ליבע צו עפּעס אַן אַנדער זאַך. וואָס זאָל אונז קאָנען פאַרשאַפען פאַרגעניגען. ווייל אין דער השגה גופא וועגען גאָט איז פאַרהאַן דער אמת, אַז גאָט איז דאָס העכסט־גוטע פאַר אונז, אָדער אַנדערש, אַז די דערקענטעניש פון גאָט און די ליבע צו אים זיינען דער לעצטער ציל, צו וועלכען אַלע אונזערע מעשים דאַרפען זיין געריכטעט.

דער מגושמדיגער מענש קען ניט פאַרשטיין די דאָזיגע פאַרשריפ־

טען און זיי קומען אים פאַר נאַריש, ווייל ער האָט א גאַנץ קנאַפּע דערקענטעניש פון גאָט און ווייל ער געפינט ניט אין אָט־דעם העכסט־גוטען אזוינס, וואס ער זאל עס קאָנען אנטאַפּען מיט די הענט און עסען, אָדער אזוינס, וואָס זאָל אָנרעגען זיינע חושים, וועלכע זיינען דער הויפּטקוואַל פון אַלע זיינע פאַרגעניגענס, — און אָט־דאָס העכסט־גוטע באַשטייט דאָך נאָר אין וויסען און אין ריינעם דענקען. דער אָבער, וואָס ווייס, אַז עס איז ניטאָ גאָר קיין העכערע זאַך, ווי דערקענטעניש און א געזונטער גייסט, וועט בלי ספק באַטראַכטען די דאָזיגע פאַרשריפטען פאַרן גרעסטען אוצר.

דערמיט האָב איך דערקלערט, אין וואָס עס באַשטייט דער עיקר דאָס געטליכע געזעץ און וואָס אזוינס עס איז דאָס מענשליכע געזעץ. צום לעצטען געהערען אַלע יענע געזעצען, וואָס פאַרפאָלגען אַן אַנדער ציל, ווי דאָס געטליכע געזעץ, אָדער זיינען לפּחות ניט סאַנקציאָנירט געוואָרען דורך אנטפּלעקונג, ווייל פון דעם שטאַנדפּונקט ווערען די זאַכען מייחס צו גאָט, ווי איך האָב דאָס געוויזען אויבען, און אין אָט־דעם זינען קאָן אויך תורת משה, הגם זי איז ניט אוניווערסאל און איז צוגעפּאַסט דעם עיקר צום גייסט פון אַן איינצעלן פאָלק און באַשטימט פאַר זיין דערהאַלטונג, דאָך אָנגערופען ווערען גאָט׳ס געזעץ, אָדער געטליך געזעץ, אויף ווי ווייט מיר גלויבען נאָר, אַז עס איז סאַנקציאָנירט געוואָרען דורך נביאישער אנטפּלעקונג.

אויב מיר וועלען איצט באַטראַכטען נעענטער דעם עצם פון דעם נאַטירליכען געטליכען געזעץ, ווי מיר האָבען עס נאָרוואָס דערקלערט, וועלען מיר געפינען:

1 — אַז עס איז אוניווערסאל, ד. ה. גילטיג פאַר אַלע מענשען גלייך, ווייל מיר האָבען עס אויסגעפירט פון דער אַלגעמיינער מענשליכער נאַטור;

2 — אַז עס פאָדערט ניט קיין גלויבען אין מעשיות פון וואָסער־עס־איז סאָרט, ווייל היות דאָס דאָזיגע נאַטירליכע געטליכע געזעץ לאָזט זיך פאַרשטיין שוין דורך דער באַטראַכטונג אַליין פון דער מענשליכער נאַטור, בכן איז עס קלאָר, אַז מיר קאָנען עס באַנעמען אין אדמען פּונקט אזוי, ווי אין יעדען אַנדער מענשען, אין איינעם, וואָס לעבט צווישען מענשען, פּונקט אזוי, ווי אין א פּרוש.

אנב איז דער גלויבען אין מעשיות, ווי פעסט ער זאל ניט זיין, ניט ביכולת צו געבען אונז די דערקענטעניש פון גאט און ממילא אויך ניט די ליבע צו גאט, ווייל די ליבע צו גאט ווערט געבוירען פון דער דערקענטעניש פון גאט. די דאזיגע דערקענטעניש מוז גיכער געשעפּט ווערען פון אלגעמיין־אנערקענטע באגריפען, וואס זייער זיכערקייט ליגט אין זיי גופא. עס איז, אלזוי, ווייט דערפון, אז דער גלויבען אין מעשיות זאל זיין פאר אונז אן אבסאלוט־נויטיגער באדינג פאר דער דערגרייכונג פון דעם העכסט־גוטען. אבער הגם דער גלויבען אין מעשיות איז ניט ביכולת צו געבען אונז די דערקענטעניש פון גאט און די ליבע צו אים, לייקען איך פונדעסטוועגען ניט, אז דאס לעזען אזוינע מעשיות איז זייער ניצליך בנוגע דעם בירגערליכען לעבען; ווייל וואס מער מיר באאבאכטען און דערקענען די זיטען און די פאר־העלטעניסען פון די מענשען, וועלכע מיר קענען גאר בעסער ניט משיג זיין, ווי נאר דורך זייערע האנדלונגען, אלץ לייכטער איז עס פאר אונז צו לעבען אין זיכערקייט צווישען זיי און אלץ בעסער קאנען מיר צופאסען אונזערע האנדלונגען און אונזער לעבענסשטייגער צו זייער כאראקטער, אויף ווי ווייט דער שכל דערלאזט עס נאר.

3 — זעען מיר, אז דאס דאזיגע נאטירליכע געטליכע געזעץ פאר־דערט ניט קיין שום רעליגיעזע צערעמאניעס, ד. ה. האנדלונגען, וואס זיינען פאר זיך אליין גלייכגילטיג און ווערען אנגערופען גוטע האנד־לונגען נאר פון יענער אינסטיטוציע, וועלכע האט זיי איינגעפירט, אדער אזוינע, וואס שטעלען בילדליך פאר א געוויס גוטס, וואס איז נויטיג פאר דער גליקזעליגקייט, אדער, אויב איר ווילט, גאר אזוינע, וואס זייער גרונד איז איבער דער מענשליכער השגה. ווייל דאס נא־טירליכע ליכט אין אונז פאדערט קיינמאל ניט אזוינס, וואס האט מיט אים גארניט צו טון; עס פאדערט נאר אזוינס, וואס מיר קענען עס קלאר אויפפאסען, ווי גוטס, אדער ווי א מיטעל צו אונזער גליקזעליגקייט. וואס אנבאלאנגט אבער די זאכען, וועלכע זיינען גוט נאר אויפן סמך פון א באפעל, אדער דורך אן אינסטיטוציע, אדער דערפאר, ווייל זיי שטעלען בילדליך פאר א געוויס גוטס, קאנען זיי ניט פארפולקאמען אונזער דערקענטעניש: זיי זיינען ניט מער, ווי שאטענס, און קאנען ניט צוגערעכענט ווערען צו יענע האנדלונגען, וועלכע זיינען, אזוי צו זאגען, קינדער אדער פרוכט פון דערקענטעניש און פון געזונטען דענ־

קען. עס איז דערווייל ניט נויטיג צו רעדען איבער דעם אויספיר־
ליכער.

4 — זעען מיר, לסוף, אז דער העכסטער לוין פון דעם געטליכען
געזעץ איז דאָס געזעץ גופא, און דאָס איז, צו דערקענען גאָט און אים
ליבען מיט אמתער פרייקייט און מיט א ריינעם און פעסטען הארצען;
אקעגען־אבער איז די העכסטע שטראָף פון דעם געטליכען געזעץ דאָס
אויספעלען פון אָט־דאָס גוטע און די פארשקלאפטקייט צום קערפער,
אדער א וואקעלדיגע און פארענדערליכע נשמה.

נאָך די דאָזיגע באמערקונגען וועל איך איצט ווייטער אונטער־
זוכען:

1 — צי קאָנען מיר דורך דעם נאַטירליכען ליכט אין אונז באַ־
נעמען גאָט, ווי א געזעצגעבער, אדער א פירשט, וואָס שרייבט די מענ־
שען פאָר געזעצען.

2 — וואָס די הייליגע שריפט לערנט אונז וועגען אָט־דעם נאַ־
טירליכען ליכט און וועגען אָט־דעם נאַטירליכען געזעץ.

3 — צוליב וועלכען ציל זיינען עס מקדמונים איינגעפירט גע־
ווארען די רעליגיעזע צערעמאָניעס.

4 — און, לסוף, ווי ווייט עס איז וויכטיג צו קענען די הייליגע
מעשיות און צו גלויבען אין זיי.

די ערשטע צוויי פּונקטען וועל איך באהאַנדלען אין דעם דאָזיגען
קאַפּיטעל, די אנדערע צוויי — אין דעם פאָלגענדיגען קאַפּיטעל.

דער ענטפער אויף דער ערשטער פראַגע ווערט לייכט אויסגעפ־
פירט פון דער נאַטור פון דעם געטליכען ווילען, וועלכער אונטערשיידט
זיך פון דעם געטליכען דענקען בלויז אין אונזער אויפפאסונג. מיט
אנדערע ווערטער, דער געטליכער ווילען און דאָס געטליכע דענקען זיי־
נען, אין דער אמתען, פאר זיך אליין איין־און־דיזעלביגע זאך. זיי אונ־
טערשיידען זיך איינס פון אנדערען נאָר בנוגע די השגות, וואָס מיר שאַ־
פען זיך וועגען גאָט.

ווען מיר באטראכטען, למשל, פון דער נאַטור פון א דרייעק נאָר
דאָס, וואָס ער איז פון אייביג אַן איינגעשלאָסען אין דער געטליכער
נאַטור, ווי אַן אייביגער אמת, אזוי זאָגען מיר, אז גאָט האָט די אידעע
פון א דרייעק, אדער אז גאָט דערקענט די נאַטור פון א דרייעק. אויב
אבער מיר וועלען נאָך ווייטער א טראַכט טון, אז די נאַטור פון א

דרייעק איז אזוי ארום איינגעשלאסען אין דער געטליכער נאטור נאר דורך דער נויטיגקייט פון דער געטליכער נאטור, אבער נים דורך דער נויטיגקייט פון דעם עצם און דער נאטור פון א דרייעק; נאך מער, אז די נויטיגקייט פון דעם עצם און פון די אייגענשאפטען פון א דרייעק, אויף ווי ווייט זיי ווערען אויך אויפגעפאסט, ווי אייביגע אמתען, ווענדט זיך בלויז אן דער נויטיגקייט פון דער געטליכער נאטור און דעם געטליכען געדאנק, אבער ניט אן דער נאטור פון א דרייעק, אזוי רופען מיר אן געטליכער ווילען, אדער באשלוס פון גאט דאס, וואס מיר האבען פריער גערופען געטליכער געדאנק.

עס איז, דעריבער, אלצאיינס בנוגע גאט, צי מיר זאגען, אז גאט האט פון אייביג אן באשלאסען און געוואלט, אז די דריי ווינקלען פון א דרייעק זאלען זיין גלייך צו צוויי רעכטע ווינק־לען, אדער מיר זאגען, אז ער האט דאס געטראכט. דערפון איז געדרונגען, אז גאט'ס „יא“, אדער „ניין“ איז שטענדיג כולל אין זיך אן אייביגע נויטיגקייט, אדער אמת.

למשל, אויב גאט האט געזאגט אדמ'ען, אז ער וויל ניט, אדם זאל עסען פון די פרוכט פון דעם עץ הדעת, וואלט געלעגען א סתירה אין דעם, אז אדם זאל קאנען עסען די פרוכט פון דעם דאזיגען בוים און ממילא וואלט עס אויך געווען אוממעגליך, אז אדם זאל דערפון האבען געגעסען, ווייל דער דאזיגער געטליכער באפעל האט געמוזט כולל זיין אין זיך אן אייביגע נויטיגקייט און אמת. אויב אבער די ביבעל דערציילט דאך, אז גאט האט דאס פארבאטען אדמ'ען און אז אדם האט פונדעסטוועגען געגעסען פון די פרוכט פון דעם עץ הדעת, מוז מען אומבאדינגט אננעמען, אז גאט האט אנטפלעקט אדמ'ען דאס שלעכטע, וואס וועט אים געוויס טרעפען, אויב ער וועט עסען פון די פרוכט פון דעם דאזיגען בוים, אבער ניט, אז אט־דאס שלעכטע וועט אים נויטיגערהייט מוזען טרעפען. דערפון נעמט זיך עס, וואס אדם האט אויפגעפאסט די דאזיגע אנטפלעקונג ניט ווי אן אייביגען און נויטיגען אמת, נאר ווי א געזעץ, ד. ה. ווי א פארארדענונג, פון וועל־כער עס פאלגט נוטס אדער שלעכטס ניט מחמת דער נויטיגקייט און דער נאטור פון דער באגאנגענער טאט, נאר מחמת דעם ווילען און דעם אבסאלוטען באפעל פון א הערשער. אויף אזא אופן איז די דאזיגע אנטפלעקונג געווען א געזעץ און גאט איז באטראכט געווארען פאר

א געזעצגעבער אדער א פירשט נאר בנוגע אדמ'ען אליין און נאר מחמת זיין ניט־פולקאמער דערקענטעניש.

אויפן זעלביגען סמך, ד. ה. אויך מחמת דער ניט־פולקאמער דער־קענטעניש, זיינען די עשרת הדברות געווען א געזעץ נאר בנוגע די העברעער אליין. אין דער אמתען, אזוי ווי זיי האבען ניט באנומען גאט'ס זיין, ווי אן אייביגען אמת, האבען זיי געמוזט אויפפאסען, ווי א געזעץ, דאס, וואס איז זיי אנטפלעקט געווארען אין די עשרת הדברות, ד. ה. אז עס איז פארהאן א גאט און אז מען דארף נאר אים אליין פארערען. וואלט גאט גערעדט צו זיי אוממיטעלבאר, אן דער אנווענדונג פון קערפערליכע מיטלען, וואלטען זיי די דאזיגע פאר־שריפטען ניט אויפגעפאסט, ווי א געזעץ, נאר ווי אן אייביגען אמת.

דאס, וואס מיר האבען דא געזאגט וועגען אדמ'ען און וועגען די בני ישראל, גילט אויך וועגען אלע נביאים, וועלכע האבען געשריבען געזעצען אין נאמען פון גאט; אויך זיי האבען ניט אויפגעפאסט די געטליכע באשליסען אויף א פולקאמען אופן, ווי אייביגע אמתען.

אזוי, למשל, דארף מען זאגען וועגען משהן אליין, אז ער האט דורך דער אנטפלעקונג, אדער דורך די גרונד־געדאנקען, וואס זיינען איר אנטפלעקט געווארען, באנומען דעם אופן, ווי אזוי דאס פאלק ישראל קאן צום בעסטען זיך פאראייניגען אין א געוויס לאנד און שאַ־פען א פולשטענדיגע געמיינדע אדער שטאט, און אויך דעם אופן; ווי אזוי צו באוועגען צום בעסטען זיין פאלק צו געהארכיגקייט; ער האט אבער ניט באנומען און עס איז אים ניט אנטפלעקט געווארען, צי אט־דער אופן איז געווען דער בעסטער, און אויך ניט, צי דורך דער געהאר־כיגקייט פון דעם גאנצען פאלק, וואס איז פאראייניגט אין אט־דעם לאנד, וועט מוזען דערגרייכט ווערען דער ציל, צו וועלכען זיי האבען גע־שטרעבט. און דעריבער האט משה אויפגעפאסט אט־די אלע געדאנקען ניט ווי אייביגע אמתען, נאר ווי באפעלען און פאראָרדענונגען, און זיי פארגעשריבען, ווי געזעצען פון גאט. דערפון נעמט זיך עס אויך, וואס ער האט זיך פארגעשטעלט גאט, ווי א פירער, א געזעצגעבער, א קיניג, בארעמהארציג, גערעכט און אז. וו., בעת אט־די אלע אייגענשאפטען געהערען נאר דער מענשליכער נאטור און מוזען פון דער געטליכער נאטור דורכאויס באזייטיגט ווערען.

דאס אלץ איז חל נאר אויף די נביאים, וועלכע האבען פארגע־

שריבען געזעצען אין נאָמען פון גאָט, אָבער ניט אויף ישו הנוצרי. ישו הנוצרי, דאַרף מען אָננעמען, האָט משיג געווען זאַכען אין זייער אמתער געשטאַלט און אויף אַ פולקאָמען אופן, הגם עס זעט אויס, אַז אויך ער האָט געגעבען געזעצען אין נאָמען פון גאָט. ער איז ניט אַזוי געווען אַ נביא, ווי ער איז געווען גאָט'ס מויל, און גאָט האָט דורך זיין (ישו'ס) גייסט (ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אין ערשטען קאַפּיטעל) אַנטפּלעקט דעם מענשליכען מין געוויסע אמתען פּונקט אַזוי, ווי ער האָט עס פריער געטון דורך מלאכים, ד. ה. דורך אַ באַשאַפענער שטימע, דורך זעאונגען און אַז. וו. עס וואָלט, דעריבער, געווען פּונקט אַזוי אומזיניג צו באַהויפּטען, אַז גאָט האָט צוגעפּאַסט זיינע אַנטפּלעקונגען צו ישו הנוצרי'ס מיינונגען, ווי צו זאָגען, אַז ער האָט זיי פריער צוגעפּאַסט צו די מיינונגען פון די מלאכים, ד. ה. פון דער באַשאַפענער שטימע, אָדער פון די זעאונגען, כדי מיטצוטיילען די נביאים די זאַכען, וועלכע ער האָט פאַר זיי געזאָלט אַנטפּלעקען. קיין גרעסערע נאַרישקייט, ווי דאָס, איז שוין אוממעגליך אויסצוטראַכטען, בפרט נאָך, ווען ישו הנוצרי איז געשיקט געוואָרען צו באַלערנען ניט נאָר די יידען אליין, נאָר דעם גאַנצען מענשליכען מין, און עס וואָלט, דעריבער, ניט געווען גענוג, אַז זיין גייסט זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די מיינונגען פון די יידען אליין, נאָר ער האָט געמוזט זיין צוגעפּאַסט צו די מיינונגען און איבערצייגונגען, וואָס זיינען געמיינשאַפטליך צו אַלע מענשען, ד. ה. צו די אַלגעמיין־מענשליכע און אמתע באַגריפען. שוין דערפון אַליין, וואָס גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט צו ישו'ן, אָדער צו זיין גייסט, אוממיטעלבאַר און ניט ווי צו די נביאים דורך ווערטער, אָדער בילדער, קאָן מען מיט זיכערקייט איינזען, אַז ישו האָט תופס געווען, אָדער פאַרשטאַנען די אַנטפּלעקטע זאַכען אין זייער פולען אמת, ווייל נאָר דאַן ווערט אַ זאַך פאַרשטאַנען, ווען מען איז זי תופס מיטן קלאָרען שכל און ווערטער און בילדער.

ישו האָט, אַלזוי, תופס געווען די אַנטפּלעקטע זאַכען אין זייער אמת און אויף אַ פולקאָמען אופן, און אויב ער האָט זיי אַמאָל פאַרגעשריבען, ווי געזעצען, האָט ער דאָס געטאָן מחמת דער אומוויסענקייט און עקשנות פון דער מאַסע. דערמיט האָט ער, הייסט עס, געהאַנדעלט, ווי גאָט אַליין, וועלכער האָט זיך צוגעפּאַסט צום גייסט פון פאָלק, און דערפון נעמט זיך עס, וואָס ער האָט די אַנטפּלעקטע זאַכען

געלערנט, הגם אביסעל קלערער פון די אנדערע נביאים, אבער דאָך אויף א טונקעלען אופן און צום מערסטען טייל דורך משלים, בפרט נאָך, ווען ער האָט גערעדט צו מענשען, וואָס עס איז זיי נאָך ניט גע־געבען געוואָרען צו פארשטיין דאָס מלכות שמים (זע מ ת י, קאַפּ. 13, פּסוק 10 און אז. וו.). פאר די אבער, וואָס עס איז זיי געגעבען געוואָרען צו פאַרשטיין די הימעלשע סודות, האָט ער אַן צווייפעל געלערנט די זאַכען, ווי אייביגע אמתען, און ניט פאַרגעשריבען זיי, ווי געזעצען. ער האָט זיי אַזוי ארום באפרייט פון דער שקלאַפעריי פון געזעץ, וואָס דערמיט האָט ער דאָס געזעץ נאָך מער באפעסטיגט און באשטעטיגט און עס איינגעקריצט טיף אין זייערע הערצער.

דאָס אייגענע, ווייזט אויס, טייט אויך פּולוס אַן אין אייניגע שטעלען, ווי, למשל, אין די בריוו צו די רוימער (קאַפּ. 7, פּסוק 6, און קאַפּ. 3, פּסוק 28). אבער אויך ער וויל זיך ניט אויסדריקען אָפע־נער, נאָר, ווי ער אליין זאָגט עס אין קאַפּ. 3, פּסוק 5, און קאַפּ. 6, פּסוק 19, פון דיזעלביגע בריוו, ע ר ר ע ד ט א ו י ף א מ ע נ ש ל י כ ע ן ש ט י י ג ע ר. ער ווייזט עס אַרום אויס־דריקליך, ווען ער רופט אַן גאָט ג ע ר ע כ ט ע ר און שרייבט אים צו, בלי ספק מחמת דער מענשליכער שוואכקייט, בארעמהארציגקייט, חסד, צאָרן און א. וו.. אָדער ווען ער פּאַסט צו זיינע ווערטער צום גייסט פון פאָלק, ד. ה. צו מגושמדיגע מענשען, ווי ער דריקט זיך אויס אין די בריוו צו די קארינטער, קאַפּ. 3, פּסוקים 1 און 2. אין דער אמתען, אין די בריוו צו די רוימער, קאַפּ. 9, פּסוק 18, לערנט ער באשטימט, אז גאָט'ס צאָרן און זיין בארעמהארציגקייט ווענדען זיך ניט אַן די מענשליכע מעשים, נאָר בלויז אַן גאָט'ס בארוף, ד. ה. אַן זיין ווילען; ווייטער לערנט ער, אז קיינער ווערט ניט גערעכט דורך די ווערק פון געזעץ, נאָר בלויז דורכ'ן גלויבען, (זע בריוו צו די רוימער, קאַפּ. 3, פּסוק 28), וואָס דערמיט פאַרשטייט ער זיכער ניט קיין אנדער זאַך, ווי די פולע צושטימונג פון דער נשמה; און לסוף לערנט ער, אז קיינער קאָן ניט זיין גליקליך, אויב ער האָט ניט אין זיך ישו'ס גייסט (זע בריוו צו די רוימער, קאַפּ. 8, פּסוק 9), דורך וועלכען מען איז תופס די געזעצען פון גאָט, ווי אייביגע אמתען.

מיר קאָנען, אַלזוי, באהויפּטען, אז גאָט ווערט געשילדערט, ווי אַ געזעצגעבער, אָדער א פירשט, און אָנגערופען גערעכטער, בארעמהאר־

ציגער און א. וו. נאר מחמת דעם צופאסען זיך צו די באגריפען פון דער פאלקס־מאסע און מחמת איר שוואכער פעאיגקייט צו דענקען. אז אין דער אמתען האנדעלט גאט און פירט אלץ אן נאר דורך דער נויטיגקייט פון זיין נאטור און השלמה, און אז זיינע באפעלען און די באשליסען פון זיין ווילען זיינען אייביגע אמתען און שליסען שטענדיג איין אין זיך די נויטיגקייט.

דערמיט ווערט דערלעדיגט דער ערשטער פונקט, וואס איך האב זיך פירגענומען אים דא צו דערקלערען.

מיר ווילען איצט איבערגיין צום צווייטען פונקט און דורכבלעטערען די הייליגע שריפט, כדי צו זען, וואס זי לערנט אונז וועגען דעם נאטירליכען ליכט אין אונז און וועגען דעם דאזיגען געטליכען געזעץ.

דאס ערשטע, וואס שטעלט זיך פאר פאר אונזער בליק, איז די געשיכטע פון דעם ערשטען מענשען, וואו עס ווערט דערציילט, אז גאט האט פארבאטען אדמען צו עסען פון די פרוכט פון דעם עץ הדעת. דאס קאן הייסען, אז גאט האט באפוילען אדמען צו טון גוטס און צו שטרעבען צום גוטען מיט זיין גוטען ווילען, אבער ניט דערפאר, ווייל עס איז להיפוך צום שלעכטען; מיט אנדערע ווערטער, ער זאל שטרעבען צום גוטען מחמת ליבע צום גוטען און ניט מחמת מורא פאר שלעכטס. אין דער אמתען, דער וואס טוט גוטס מחמת אמתער דערקענטעניש און ליבע צום גוטען, האנדעלט ער אזוי, ווי מיר האבען דאס שוין געוויזען, מיט א פרייען און פעסטען גייסט, בעת דער, וואס טוט גוטס אויס מורא פאר שלעכטס, שטייט ער אונטערן צוואנג פון דאס שלעכטע, האנדעלט, ווי א שקלאף, און לעבט אונטער דער הערשאפט פון אן אנדערען. אויף אזא אופן איז אט־די איינע פארשריפט, וואס גאט האט געגעבען אדמען, כולל אין זיך דאס גאנצע געטליכע נאטירליכע געזעץ און שטימט פולשטענדיג מיט דעם געבאט פון דעם נאטירליכען ליכט, וואס איז אין אונז. נאך דעם דאזיגען גרונד־געדאנק וואלט עס ניט געווען שווער צו דערקלערען די גאנצע געשיכטע אדער משל וועגען דעם ערשטען מענשען; איך קלייב אבער בעסער אויס צו לאזען עס אן א זייט, ווייל איך קאן, ערשטענס, ניט זיין אבסאלוט זיכער, אז מיין דערקלערונג וועט שטימען מיטן געדאנק פון דעם מחבר, און, צווייטענס, ווייל די מייסטע מענשען ווילען ניט צוגעבען, אז די דאזיגע געשיכטע איז א משל, נאר זיי באהויפטען מיט פעסטקייט, אז עס

איז אַן אמתע מעשה. עס וועט, דעריבער, זיין בעסער צו ברענגען דאָ אַנדערע שטעלען פון דער ביבעל און דער עיקר אַזוינע, וואָס שטאַמען אָפּ פון איינעם, וועלכער האָט גערעדט מיטן כח פון נאַטירליכען ליכט, איבערטרעפענדיג דערמיט אַלע זיינע צייט־חברים, און וואָס זיינע ווערטער זיינען ביים פּאָלק פּונקט אַזוי פאַרהייליגט, ווי די ווערטער פון די נביאים, — איך מיין דאָ שלמה המלך, וועלכער ווערט אין דער ביבעל גערימט ניט אַזוי פאַר זיין נבואה און יראת שמים, ווי פאַר זיין קלוגשאַפט און חכמה.

שלמה רופט אין מ ש ל י אַן די מענשליכע דערקענטעניש דער קוואַל פון אמתען לעבען און דאָס אומגליק באַשטייט ביי אים בלויז אין נאַרישקייט. ער זאָגט אין קאַפּ. ט"ז, פּסוק 22, אַזוי: „אַ קוואַל פון לעבען איז דער שכל פון זיין האַר (שכל בעליו) און די שטראָף פון די נאַרישע איז די נאַרישקייט". מען דאַרף דאָ באַמערקען, אַז אונ־טערן וואָרט ל ע ב ע ן ווערט אין העברעאישען פאַרשטאַנען דאָס וואַרהאַפטיגע לעבען, ווי דאָס איז צו זען קלאָר פון ד ב ר י ם, קאַפּ. ל', פּסוק 19. די פרוכט פון דער דערקענטעניש באַשטייט, אַלזוי, נאָר אין דעם וואַרהאַפטיגען לעבען, און די שטראָף — נאָר אין דעם, וואָס מען איז באַרויבט פון אָט־דעם לעבען. און דאָס שטימט אַבסאָ־לוט מיט דעם, וואָס מיר האָבען באַמערקט אויבען, אונטער פּונקט 4, וועגען דעם נאַטירליכען געטליכען געזעץ.

דער קלוגער שלמה לערנט נאָך אויסדריקליך, אַז נאָר אָט־דער קוואַל פון לעבען, אַדער די דערקענטעניש, שרייבט פאַר געזעצען די חכמים. אָט זאָגט ער אין קאַפּ. י"ג, פּסוק 14: „דאָס געזעץ פון דעם חכם איז דער קוואַל פון לעבען", ד. ה. די דערקענטעניש, ווי דאָס איז קלאָר פון דער שטעל, וואָס מיר האָבען נאָרוואָס ציטירט.

אין קאַפּ. ג', פּסוק 13, לערנט ער ווייטער אין קלאָרע ווערטער, אַז די דערקענטעניש מאַכט דעם מענשען גליקליך און צופרידען און גיט אים די אמתע נשמה־רו. ער זאָגט דאָרט אַזוי: „וואויל איז דעם מענשען, וואָס האָט געפונען חכמה, און דעם מענשען, וואָס האָט באַ־קומען פאַרשטענדעניש" (תבונה), ווייל, זאָגט ער ווייטער (פּסוקים 16 און 17), „אורך ימים*) איז אין איר רעכטער האַנט, און עושר

*) אַ העבראַאיזם, וואָס באַטייט ל ע ב ע ן. (אַנמערקונג פון מחבר).

און כבוד — אין איר לינקער האנט; אירע וועגען (די וועגען, וואס די חכמה ווייזט אן) זיינען וועגען פון אנגענעמליכקייט און אלע אירע שטעגען זיינען שלום".

עס קומט, אלזוי, אויס, נאך שלמה'ס מיינונג, אז נאר די חכמים אליין לעבען מיט א פרידליכען און רואיגען געמיט, אבער ניט די רשעים, וואס זייער נשמה איז באאומרואיגט דורך דעם קאמף פון ליידענשאפטען און זיי וויסען, דעריבער, ניט פון קיין שלום און רו, ווי דאס זאגט אויך ישעיה, קאפ. נ"ז, פסוק 21.

צום סוף מוזען מיר דא ספעציעל ברענגען נאך איין שטעל פון משלי, קאפ. ב', וועלכע באשטעטיגט אויפן קלערסטען אופן אונזער מיינונג. ער הויבט דארט אן אזוי: (פסוק 3): „אויב דו וועסט רופען צום וויסען און אויפהויבען דיין שטימע צו דער פארשטענדעניש און א. וו.„ וועסטו דעמאלט פארשטיין די פורכט פון גאט און דו וועסט געפינען דאס וויסען פון גאט (דעת אלהים) (אדער גיכער די ליבע, ווייל דאסווארט י ד ע באטייטביידע זאכען); ווייל (מערקט עס גוט!) גאט גיט חכמה, פון זיין מויל (שטראמט) וויסען און פארשטענדעניש."

מיט אט־די ווערטער זאגט אונז שלמה אויפן קלערסטען אופן:

1 — אז נאר די חכמה אליין, אדער די דערקענטעניש, לערנט אונז מורא צו האבען פאר גאט אויף א פארנינפטיגען שטייגער, ד. ה. צו פארערען אים מיט אמתער געטרייקייט.

2 — ווייטער לערנט ער, אז חכמה און וויסען פליסען פון גאט'ס מויל און גאט גיט זי דעם מענשען, וואס דאס האב איך אויך אויבען קלאר געמאכט, ווען איך האב אויפגעוויזען, אז אונזער דערקענטעניש און אונזער וויסען ווענדען זיך נאר אן דער השגה און וויסען, וואס מיר האבען וועגען גאט, און אז פון אט־דעם וויסען אנטשטייען זיי און דורך אים באקומען זיי זייער גאנצע השלמה.

אין פסוק 9 לערנט שלמה ווייטער, אז דאס דאזיגע וויסען איז כולל אין זיך די אמתע עטיק און די אמתע פאליטיק און אז זיי ווער־רען ביידע דערפון אויסגעפירט. „דעמאלט וועסטו פארשטיין גערעכ־טיגקייט, משפט, ערליכקייט און יעדען גוטען וועג". און ניט באנו־גענט דערמיט, וואס ער האט געזאגט, איז ער נאך מוסיף: „ווייל ווען די חכמה וועט אריינקומען אין דיין הארץ און דאס וויסען וועט זיין

אנגענעם צו דיין זעל, וועט (דיין) פּאַרזיכט*) דאַן וואכען איבער דיר, און (דיין) קלוגשאפט וועט דיך באהיטען".

אַט־די לעצטע ווערטער שטימען דורכאויס מיטן נאַטירליכען וויסען; ווייל ערשט נאכדעם, ווי מיר באַקומען די דערקענטעניש פון זאכען און שעצען אָפּ דעם ווערט פון וויסען, לערנט אונז דאָס נאַטירליכע וויסען די עטיק און די גוטע מדות. און דעריבער ווענדט זיך, לויט שלמה'ס מיינונג, דאָס גליק און די רו פון דעם, וואָס קולטיווירט דאָס נאַטירליכע וויסען, ניט אַן דער מאכט פון שיקזאל (ד. ה. אַן גאָט'ס אויסערער הילף), נאָר הויפּטזאכליך אַן זיין אינערליכער טוגענד (ד. ה. אַן גאָט'ס אינערליכער הילף), ווייל ער דערהאַלט זיך אויפן בעסטען אופן דורך וואכזאמקייט, טעטיגקייט און דענקען.

עס דאַרף דאָ, לסוף, נאָך דערמאָנט ווערען איין שטעל פון פּולוס'עס בריוו צו די רוימער (קאַפּ. 1, פּסוק 20), וואָס טרעמעליוס האָט פון דעם סירישען טעקסט איבערגעזעצט אַזוי: „ווייל גאָט'ס ניט־אנזיכטיגע זאכען ווערען פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט פאַרשטאַנען דורך די זאכען, וואָס זיינען באַשאַפען, אַזוי אויך זיין אייביגע מאכט און געטליכקייט, און אַזוי אַרום איז פאַר זיי ניטאָ קיין רעכטפאַרטיגונג".

מיט די דאָזיגע ווערטער זאָגט פּולוס גאַנץ דייטליך, אַז יעדער מענש קאָן קלאָר פאַרשטיין מיטן נאַטירליכען ליכט, וואָס איז אין אים, גאָט'ס קראַפט און זיין אייביגע געטליכקייט און דערפון זיך דערוויסען און אויספירען, צו וואָס ער זאָל שטרעבען און וואָס ער זאָל אויסמיידען. און ער מאכט, דעריבער, דעם אויספיר, אַז קיינער קאָן זיך ניט רעכטפאַרטיגען און זיך אנטשולדיגען מיט אומוויסענקייט, וואָס דאָס וואָלט זיכער געווען דער פאַל, ווען פּולוס וואָלט דאָ גערעדט וועגען אַן איבערנאַטירליך ליכט, אָבער וועגען ישו'ס יסורי הגוף, וועגען זיין לעבעדיג־ווערען און א. וו. מחמת דעם זאָגט ער באַלד נאָך דעם (פּסוק 24) אַזוי: „צוליב דעם האָט זיי גאָט איבערגעגעבען דער אומריינקייט דורך די גלוסטונגען פון זייערע הערצער"

*) דאָס וואָרט מ ז מ ה באַטייט, אייגענטליך, נאָכדענקונג, איבערלעגונג, וואַכזאַמקייט (אַנמערקונג פון מחבר).

און אַז. וו.. ביזן סוף פון קאַפּיטעל, וואו ער באַשרייבט די זינד פון אומוויסענקייט און רעכענט זיי אויס, ווי א שטראָף פאר דער אומוויסענקייט. וואָס דאָס שטימט פולשטענדיג מיט שלמה'ס אויבען־געבראַכטען שפּריכוואָרט (קאַפּ. ט"ז, פּסוק 22): „און די שטראָף פון די נאַרישע איז זייער נאַרישקייט".

עס איז, אַלזוי, קיין חידוש נים. וואָס פּולוס זאָגט. אַז די רשעים האָבען ניט קיין אנטשולדיגונג, ווייל ווי איינער זייט, אַזוי שניידט ער, פון רשעים מוז אַרויסקומען נאַר רשעות, סיידען זיי מאַכען עס גוט אויף א פאַרנינפטיגען אופן, און פון גוטע לייט קומט אַרויס נאַר גוטס, אויב נאַר דער פעסטער ווילען באַלייט זיי.

די ביבעל רימט, אַלזוי, גאַנץ באַשטימט די נאַטירליכע דערקענטניש און דאָס נאַטירליכע געטליכע געזעץ. דערמיט האָב איך דערלעדיגט דעם ענין, וואָס איך האָב זיך פאָרגענומען צו באַהאַנדלען אין דעם דאָזיגען קאַפּיטעל.

---

קאַפּיטעל פינף.

## וועגען דעם גרונד פון די רעליגיעזע צערעמאָניעס און וועגען דעם גלויבען אין מעשיות, — וואָרום און פאַר וועמען דער דאָזיגער גלויבען איז נויטיג.

מיר האָבען געוויזען אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל, אַז דאָס געטליכע געזעץ, וואָס מאַכט די מענשען באמת גליקליך און לערנט זיי דאָס רעכטע לעבען, איז דאָס געמיינשאַפטליכע פאַרמעג פון אַלע מענשען; נאָך מער, מיר האָבען דאָס דאָזיגע געטליכע געזעץ אויסגעפירט פון דער מענשליכער נאַטור אַזוי, אַז מען דאַרף עס באַטראַכטען פאַר איינגעבוירען און אַזוי ווי איינגעקריצט אין דער מענשליכער נשמה.

היות אבער די רעליגיעזע צערעמאָניעס, לכל הפּחות די, וואָס

מען געפינט זיי אין תנ"ך, זיינען איינגעפירט געוואָרען נאָר פאַר די העברעער אליין און צוגעפּאַסט נאָר פאַר זייער שטאַט אַזוי, אַז זיי קאָנען מערסטענטייל געאיבט ווערען נאָר פון דעם גאַנצען פאָלק, אָבער ניט פון יעדען יחיד, איז עס דעריבער זיכער, אַז זיי האָבען קיין שום שייכות ניט צום געטליכען געזעץ און ממילא העלפען זיי מיט קיין זאַך ניט די גוטע מדות און דער גליקזעליגקייט; זיי זיינען נוגע נאָר דער אויסדערוויילטקייט פון די יידען, ד. ה., לויט אונזער אויספיר אין דריטען קאַפּיטעל, דעם צייטליכען קערפּערליכען וואויל־זיין און דער זיכערקייט פון זייער שטאַט, און זיי האָבען אַזוי אַרום געקאָנט האָבען אַ ווערט נאָר אַזוי לאַנג, ווי זייער שטאַט האָט געהאַט אַ קיום. און אויב די דאָזיגע צערעמאָניעס ווערען אין תנ"ך צוריק־געבראַכט צו אַ געזעץ פון גאָט, איז עס געשעען נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען דורך אַנטפּלעקונג, אָדער אויפן סמך פון אַנטפּלעקטע לערעס.

היות אָבער אַז אַרגומענט, ווי שטאַרק ער זאָל ניט זיין, נעמט ווייניג וואָס אויס ביי דעם דורכשניטליכען טעאָלאָג, וויל איך באַשטעטיגען דאָס, וואָס איך האָב דאָ נאָר וואָס באַהויפּטעט, דורך דער אויטאָ־ריטעט פון דער ביבעל גופא און אויך ווייזען, כדי צו מאַכען דעם ענין נאָך קלערער, וואָרום און אויף וועלכען אופן די רעליגיעזע צערעמאָ־ניעס האָבען געדינט צו באַפעסטיגען און דערהאַלטען דעם יידישען שטאַט.

ישעיה לערנט קיין זאַך ניט אַזוי קלאָר, ווי דאָס, אַז דאָס געט־ליכע געזעץ, ווען גענומען אין אַבסאָלוטען זינען, באַצייכענט יענעם אוניווערסאַלען געזעץ, וואָס באַשטייט אין דעם רעכטען לעבענס־שטייגער, אָבער ניט אין די רעליגיעזע צערעמאָניעס. אין דער אמת'ן, אין קאַפּ. א', פּסוק 10, פאָדערט ער אויף זיין פאָלק צו הערען פון אים דאָס געטליכע געזעץ. ער שליסט דערפון אויס קודם כל אַלע מינים קרבנות און פעסטען און לערנט דערנאָך דאָס געטליכע געזעץ גופא (זע פּסוקים 16 און 17), וואָס ער פאַסט עס איין אין אַט־די עטליכע פאַרשריפטען: ריינינגונג פון דער נשמה, טוגענדהאַפטיגקייט און מילד־קייט פון געפיל און האַנדלונג און הילף פאַר די אָרימע.

ניט קיין ווייניגער קלאָרע ראיה שטעלט פאַר מיט זיך די שטעל פון תהלים, קאַפּ. מ', פּסוקים 7 און 9, וואו דער בעל התהלים

רעדט צו גאָט בזו הלשון: „אָפּער און גאָבען האָסטו ניט באַגערט; דו האָסט מיר געעפענט די אויערען*); דו האָסט ניט פאַרלאַנגט קיין בראַנד־אָפּער; דיין ווילע, גאָט, האָב איך געוואָלט טון, ווייל דיין געזעץ איז אין מיין אינגעווייד".

דער בעל התהלים רופט, אלזוי, אַן געטליך נאָר דאָס געזעץ, וואָס איז איינגעקריצט אין זיין אינגעווייד אָדער אין זיין נשמה, און שליסט דערפון אויס די רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועלכע זיינען גוט נאָר מחמת אַ באַזונדער פאָראָרדענונג, אָבער ניט מחמת זייער אייגענער נאַטור, און ממילא זיינען זיי ניט איינגעקריצט אין דער נשמה.

אין דער ביבעל זיינען פאַרהאַן נאָך אַנדערע שטעלען, אויסער אָט־די צוויי, וועלכע ווייזען אויף דיזעלביגע זאַך, מיר וועלען זיך אָבער באַנוגענען מיט די צוויי, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט.

אַז די רעליגיעזע צערעמאָניעס העלפען מיט קיין זאַך ניט דער גליקזעליגקייט און צילען נאָר צו דעם צייטליכען וואוילשטאַנד פון שטאַט, איז צו זען קלאָר פון דער ביבעל גופא, וועלכע זאָגט קיין אַנדער זאַך ניט צו פאַר דער אָפּהיטונג פון די צערעמאָניעס, ווי נאָר קערפּערליכע געווינסען און אַנגענעמליכקייטען; אַקעגען־אָבער זאָגט זי צו גליקזעליגקייט פאַר אויספאָלגען דאָס אוניווערסאַלע געטליכע געזעץ.

אין די פינף ספרים, וואָס הייסען מיטן אַלגעמיינעם נאָמען תורת משה, ווערט, ווי מיר האָבען דאָס שוין באַמערקט, קיין אַנדער זאַך ניט צוגעזאָגט, ווי נאָר אָט־דאָס צייטליכע גליק, ד. ה., כבוד, בארימטקייט, נצחונות, עשירות, פריידען און געזונט. און הגם די דאָזיגע פינף ספרים אַנטהאַלטען, אַחוץ די רעליגיעזע צערעמאָניעס, אויך פיל זיטען־לערעס, ווערען אָבער די לעצטע ניט געבראַכט דאָרט, ווי מאָראַלישע פאָרשריפטען, וואָס גילטען פאַר אַלע מענשען, נאָר ווי באַפעלען, וואָס זיינען הויפּטזאַכליך צוגעפּאַסט צו דער תפיסה און גייסט פון דעם העברעאישען פאָלק אַליין און ממילא איז אויך זייער

*) „אזנים כרית לי", אַ רעד־אַרט, וואָס באַצייכענט די פעאיגקייט צו פאַרנעמען (אַנמערקונג פון מחבר).

ציל ניט מער, ווי נאָר דער וואוילשטאַנד פון דעם העברעאישען שטאַט.

אזוי, למשל, גיט משה איבער די יידען דעם פאַרבאָט צו טויטען און גנבנען ניט ווי א לערער, אדער א נביא, נאָר ווי א געזעצגעבער און א הערשער, וייל ער באַגרינדעט דאָס ניט מיטן שכל, נאָר שטעלט אוועק א שטראָף דערפאַר; און שטראָפען קאָנען און מוזען דאָך זיין פאַרשיידען, לויט דעם גייסט פון יעדען איינצעלן פאָלק, ווי עס לערנט אונז גאַנץ גענוג די ערפאַרונג. אזוי האָט משה אויך ביים פאַרבאָט פון נאָוף געהאָט אין זינען נאָר דעם וואוילשטאַנד פון כלל און שטאַט, ווייל ווען ער וואָלט וועלען איבערגעבען א מאָראַלישע פאַרשריפט, וואָס זאָל צילען ניט נאָר צום וואוילשטאַנד פון כלל, נאָר אויך צו דער נשמה־רו און דער אמתער גליקזעליגקייט פון יעדען מענ־שען, וואָלט ער דאָן פאַרדאַמט ניט נאָר די אויסערע האַנדלונג, נאָר אויך דאָס אינוועניגסטע געפיל, ווי דאָס האָט געטאָן ישו, וועלכער האָט געלערנט בלויז אוניווערסאַלע פאַרשריפטען (זע מ ת י, קאַפּ. 5, פּסוק 28). און מחמת דעם האָט ישו ניט צוגעזאָגט אזוי, ווי משה, קערפּערליכע באַלוינונג, נאָר גייסטיגע. ווייל ישו איז ניט געשיקט געוואָרען, ווי איך האָב דאָס שוין געזאָגט, צו דערהאַלטען דעם שטאַט און איינצופירען געזעצען, נאָר צו לערנען דאָס אוניוועוסאַלע געזעץ אליין. און דערפון קאָנען מיר לייכט פאַרשטיין, אז ישו האָט באַין אופן ניט מבטל געמאַכט תורת משה, ווייל ער האָט כלל ניט געוואָלט איינ־פירען קיין שום נייע מלוכה־געזעצען, נאָר זיין איינציגע זאָרג איז גע־ווען צו לערנען מאָראַלישע פאַרשריפטען און זיי אָפּטיילען פון די מלוכה־געזעצען. און ישו האָט דער עיקר געהאַנדעלט אזוי מחמת דער עם־הארצות פון די פּרושים, וועלכע האָבען געגלויבט, אז דער מענש, וואָס היט אָפּ די געזעצען פון דער מלוכה, ד. ה. תורת משה, לעבט גליקליך, בעת תורת משה האָט, ווי געזאָגט, גענומען אין אכט נאָר די אינטערעסען פון דער מלוכה און געדינט ניט אזוי צו באַלערנען די העברעער, ווי צו באַצווינגען זיי מיט געוואַלט.

מיר וועלען איצט זיך אומקערען צוריק צו אונזער ענין און ברענ־גען נאָך אנדערע שטעלען פון דער ביבעל, וואָס זיינען מבטיח, אַלס שכר פאַר דער אָפּהיטונג פון די רעליגיעזע צערעמאָניעס, בלויז קער־פּערליכע געווינסען, בעת פאַר דער דורכפירונג פון דעם אוניווערסאַ־לען געטליכען געזעץ אליין זאָגען זיי צו דעם שכר פון גליקזעליגקייט.

צווישען די נביאים האָט דאָס קיינער ניט געלערנט אזוי קלאָר, ווי ישעיה. אין קאַפּ. נ"ח פאַרדאַמט ער די צביעות און רעקאָמענדירט די פרייהייט און די ליבע פון דעם מענשען צו זיך אליין און צו זיין נאָענטען; און פאַר דער אָפּהיטונג פון די דאָזיגע פאַרשריפטען זאָגט ער צו אָט־דאָס: „דאַן וועט דיין ליכט דורכברעכען, ווי די מאָרגענ־רויט, און דיין גענעזונג וועט באַלד אויפבליען, דיין גערעכטיגקייט וועט גיין פאַר דיר און גאָט'ס כבוד וועט דיך פאַרזאַמלען*) און אַז. וו. נאָך דעם רעקאָמענדירט ער אויך דעם שבת, און דאָס איז דער שכר, וועל־כען ער זאָגט צו פאַר דער געטרייער אָפּהיטונג פון דעם דאָזיגען טאָג: „דאַן וועסטו זיך פרייען מיט גאָט**) און איך וועל דיך לאָזען רייַ־טען***) אויף די הויכקייטען פון דער ערד און דיך לאָזען עסען די ערבשאַפט פון דיין פאָטער יעקב, ווי גאָט'ס מויל האָט דאָס גע־רעדט". מיר זעען, אַלזוי, אַז דער נביא זאָגט צו פאַר פרייהייט און ליבע א געזונטען גייסט אין א געזונטען קערפּער און גאָט'ס כבוד נאָכ'ן טויט. אָקעגען־אָבער זאָגט ער צו פאַר דער אָפּהיטונג פון די רעליגיעזע צערעמאָניעס ניט מער, ווי די זיכערקייט און גדרייאונג פון דער מלוכה און קערפּערליך גליק.

אין תהלים, קאַפּ. ט"ו און כ"ד ווערען גאָרניט געבראַכט קיין רעליגיעזע צערעמאָניעס, נאָר מאָראַלישע פאַרשריפטען אליין. און דאָס איז זיכער דערפאַר, ווייל עס רעדט זיך דאָרט נאָר וועגען דער גליקזעליגקייט און ווייל נאָר זי אליין ווערט דאָרט פאַרגעשלאָגען, הגם אין א פאַראַבעלישער פאָרם. עס איז דאָך גאָר קיין ספק ניט, אַז אונ־טער גאָט'ס באַרג, אונטער זיינע געצעלטען און זייער באַוואוינען, וואָס עס רעדט זיך וועגען דעם אין אָט־די קאַפּיטלען תהלים, דאַרף

---

*) א העבראַאיזם, וואָס באַטייט דעם מאָמענט פון טויט. „ווערען פאַר־זאַמעלט צו די אבות" באַטייט שטאַרבען. זע בראשית, קאַפּ. מ"ט, פּסוקים 29 און 33 (אָנמערקונג פון מחבר).

**) ד. ה. זיך פרייען אויף אַן ערליכען אופן, ווי מען זאָגט עס אויך אין האָלענדיש Met godt, en met erre (מיט גאָט און מיט ערע). (אָנמערקונג פון מחבר).

***) דאָס באַטייט הערשען, ווי מען האַלט א פערד אין צוים. (אָנמערקונג פון מחבר).

מען פארשטיין די גליקזעליגקייט און נשמה־רו, אבער ניט דעם בארג פון ירושלים און ניט משה'ס משכן, ווייל די דאזיגע ערטער זיינען פון קיינעם ניט געווען באוואוינט און זיינען פארוואלטעט געווארען נאר פון די לוויים אליין. פונקט אזוי זיינען שלמה'ס אלע משלים, וועלכע מיר האבען ציטירט אין דעם פאריגען קאפיטעל, מבטיח די אמתע גליקזעליגקייט נאר פאר קולטיווירען דעה אינטעלעקט און חכמה, ווייל נאר אזוי ארום ווערט באנומען די גאטספורכט און געפונען די דער־קענטעניש פון גאט.

אז די העברעער זיינען נאך דער צעשטערונג פון זייער מלוכה מער ניט געווען פארפליכטעט אפצוהיטען זייערע רעליגיעזע צערעמאָ־ניעס, איז צו זען פון ירמיה'ן. ווען דער נביא האט געזעען און פאר־אויסגעזאגט די באלדיגע צעשטערונג פון ירושלים, האט ער געזאגט, אז גאט ליבט נאר די, וואס ווייסען און פארשטייען, אז ער איז דער גאט, וואס טוט חסד, משפט און צדקה אויף דער ערד, און אז נאר אָט־די מענשען פארדינען לויב (זע קאפ. ט', פסוק 23); דערמיט וויל ער זאגען, אז נאך דעם חורבן ירושלים פארלאנגט ניט גאט פון די יידען קיין שום באזונדערע זאכען, נאר ער וויל, אז זיי זאלען אין דער צו־קונפט אפהיטען דאס נאטירליכע געזעץ, וואס גילט פאר אלע מענשען.

אויך דער נייער טעסטאמענט באשטעטיגט דאס פולשטענדיג, ווייל עס ווערען דארט געלערנט, ווי מיר האבען דאס שוין באמערקט, נאר מאראלישע פארשריפטען, וואס פאר זייער אפהיטונג ווערט צו־געזאגט דער שכר פון מלכות שמים. וואס אנבאלאנגט די רעליגיעזע צערעמאניעס, האבען די אפאסטאלען זיי מבטל געווען נאכדעם, ווי די עוואנגעליע האט אנגעהויבען געפרעדיגט ווערען אויך צו אנדערע פעל־קער, וועלכע האבען געלעבט אונטער אנדערע מלוכה־געזעצען. און אויב די פרושים האבען אפגעהיט די רעליגיעזע צערעמאניעס, אדער, ווע־ניגסטענס, א גרויסען טייל פון זיי, אויך נאכן אונטערגאנג פון דער מלוכה, האבען זיי דאס גיכער געטאן מחמת געגנערשאפט צו די קריס־טען, איידער כדי צו געפעלען גאט. אין דער אמתען, נאכן ערשטען חורבן, ווען די יידען זיינען אוועקגעפירט געווארען אין געפאנגענשאפט קיין בבל, האבען זיי באלד אויפגעהערט אפצוהיטען די צערעמאניעס, ווייל זיי זיינען דעמאלט, אויף ווי ווייט איך ווייס, נאך ניט געווען צע־

טיילט אויף סעקטעס. נאך מער, זיי האבען זיך אפגעזעגענט מיט תורת משה, האבען פארגעסען, ווי גאנץ איבעריגע זאכען, די מנהגים פון זייער פאטערלאנד און אנגעהויבען זיך אויסמישען מיט אנדערע פעלקער, ווי מיר זעען דאס זייער קלאר ארויס פון עזרא און נחמיה. עס איז, דעריבער, גאר קיין ספק ניט, אז די יידען זיינען איצט, נאך דער אויפלייזונג פון זייער מלוכה, פונקט אזוי ווייניג פארפליכטעט אפצוהיטען תורת משה, ווי זיי זיינען געווען פאר דער גרינדונג פון זייער געזעלשאפט און שטאט. אין דער אמתען, פאר יציאת מצרים, ווען זיי האבען נאך געלעבט צווישען אנדערע פעלקער, האבען זיי ניט געהאט קיין שום באזונדערע געזעצען און זיינען ניט געווען אונטערגעווארפען קיין שום אנדער געזעץ, ווי נאר דעם נאטירליכען און בלי ספק אויך די געזעצען פון דעם שטאט, אין וועלכען זיי האבען געלעבט, אויף ווי ווייט די דאזיגע געזעצען האבען ניט סותר געווען דעם נאטירליכען געטליכען געזעץ.

און אויב די אבות האבען פונדעסטוועגען געבראכט קרבנות צו גאט, האבען זיי, לויט מיין מיינונג, דאס געטאן, כדי מער אנצורעגען צו יראת שמים זייער הארץ, וואס איז פון קינדהייט אן געווען געוואוינט צו קרבנות; ווייל נאך פון דער צייט פון אנוש אן זיינען די מענשען געווען געוואוינט צו קרבנות, וואס זאלען זיי שטארקער אנרעגען צו יראת שמים. אויף אזא אופן האבען די אבות געבראכט קרבנות צו גאט ניט דורכן באפעל פון עפעס א געטליכען געזעץ און אויך ניט מחמת דעם, וואס זיי זיינען באלערנט געווארען פון די אוניווערסאלע גרונדלאגען פון דעם געטליכען געזעץ, נאר בלויז דערפאר, ווייל דאס איז געווען דער מנהג פון זייער צייט. און אויב זיי האבען דאס געטאן אויף עמיצענס באפעל, האט דאס ניט געקאנט זיין קיין אנדער באפעל, ווי נאר דאס געזעץ פון דעם שטאט, אין וועלכען זיי האבען געלעבט, וואס זיי האבען אים געמוזט געהארכען, ווי איך האב דאס אנגעוויזען נארוואס און אויך אין קאפ. 3, בעת איך האב גערעדט וועגען מלכי צדק.

מיט די דאזיגע אלע ציטאטען האב איך, אלזוי, באשטעטיגט מיין מיינונג דורך דער אויטאריטעט פון דער ביבעל. עס בלייבט מיר נאך איצט איבער צו ווייזען, ווארום און ווי אזוי די רעליגיעזע צערעמאניעס האבען געדינט צו באפעסטיגען און צו דערהאלטען דעם שטאט פון

די העברעער. איך וועל דאָס טון אַזוי קורץ, ווי דאָס איז נאָר מעגליך, דורך אַלגעמיינע גרונדזאַצען.

די מענשליכע געמיינשאַפט איז אויסערגעוויינליך ניצליך און אַפילו העכסט־נויטיג ניט נאָר כדי צו פאַרזיכערען זיך קעגען די שונאים, נאָר אויך צוליב דער דערגרייכונג פון אַ סך ניצליכע זאַכען. אין דער אמתען, ווען די מענשען וואָלטען ניט געהאָלפען איינע די אַנדערע, וואָלט זיי ניט געקלעקט קיין פעאיגקייט און קיין צייט זיך צו דערנערען און דערהאַלטען ביים לעבען; ווייל די מענשען זיינען ניט אַלצאַיינס פעאיג צו יעדער זאַך און דער יחיד וואָלט, דעריבער, ניט געווען אימשטאַנד איינצושאַפען זיך דאָס, וואָס נאָר ער אַליין נויטיגט זיך אין דעם. דעם איינצעלנעם מענשען, זאָג איך, וואָלט ניט געקלעקט קיין כח און קיין צייט, ווען ער וואָלט אַליין באַדאַרפט אַקערען, זייען, שניידען די תבואה, מאָלען, קאָכען, וועבען, נייען און טון אַן אַ שיעור אַנדערע זאַכען, וואָס זיינען נויטיג צו דערהאַלטען זיך ביים לעבען, ניט רעדענדיג שוין וועגען קונסטען און וויסענשאַפטען, וואָס זיינען ניט ווייניגער נויטיג פאַר דער פאַרפולקאָמונג פון דער מענשליכער נאַטור און פאַר דעם מענשענ'ס גליקזעליגקייט. מיר זעען, באמת, אַז די מענשען, וואָס לעבען אין אַ באַרבאַרישען צושטאַנד, אָן אַ מלוכה, פירען אַן עלענד און כמעט חיה'יש לעבען, אָבער אַפילו דאָס ווייניגע, וואָס זיי האָבען געשאַפען אויף אַ גראָבען און מיזערנעם אופן, האָבען זיי דאָס אויך געשאַפען ניט אָן אַ געוויסער קעגענזייטיגער הילף.

ווען די מענשען וואָלטען פון דער נאַטור אַזוי באַשאַפען געוואָרען, אַז זיי זאָלען גאָר קיין אַנדער זאַך ניט באַגערען, ווי נאָר דאָס, וואָס דער געזונטער שכל ווייזט זיי אָן, וואָלט די געזעלשאַפט אודאי ניט גענויטיגט זיך אין קיין געזעצען; עס וואָלט דאַן געווען גאַנץ גענוג צו לערנען די מענשען די אמתע מאָראַל־פאָרשריפטען, כדי זיי זאָלען ספּאָנטאַן און מיט אַ פרייען גייסט טון דאָס, וואָס איז באמת ניצליך. אָבער די מענשליכע נאַטור איז גאַנץ אַנדערש באַשאַפען. אַלע זוכען זיי טאַקע דאָס, וואָס איז פאַר זיי ניצליך, אָבער ניט לויט די אָנווייזונגען פון דעם געזונטען פאַרשטאַנד. זיי פאַרלאַנגען געוויסע זאַכען און האַלטען זיי פאַר ניצליך בלויז דורכן אַנטריב פון קאַפּריזען און ליידענשאַפטען. וואָס רעכענען זיך גאָרניט מיט דער צוקונפט און אַלע אַנדערע זאַכען. דערפון נעמט זיך עס, וואָס קיין געזעלשאַפט קאָן

ניט האבען קיין קיום אז א רעגירונג און אז געוואלט און ממילא אויך ניט אז געזעצען. וועלכע מעסיגען און האלטען איין די קאפריזען פון די מענשען און זייערע פרייגעלאזענע באגערען.

די מענשליכע נאטור לאזט זיך פונדעסטוועגען ניט איינגאנצען באצווינגען. און ווי זאגט ס ע נ ע ק א ד ע ר ט ר א ג י ק ע ר: „קיינער האט לאנג ניט דערהאלטען קיין געוואלטזאמע הערשאפט: נאר די מעסיגע האבען א קיום". אין דער אמתען, כל זמן די מענשען האנדלען בלויז מחמת מורא, טוען זיי אזוינס, וואס זיי האבען דערצו גאר קיין חשק ניט, און זיי רעכענען זיך גארניט מיט דער ניצליכקייט און נויטיגקייט פון דעם, וואס זיי מוזען טון, נאר זיי זארגען בלויז פאר דעם, ווי אזוי זיי זאלען ניט ברענגען אויף זיך דעם טויט, אדער עפעס אן אנדער שטראף. נאך מער, זיי מוזען זיך פרייען, ווען עס טרעפט מיט זייער הערשער עפעס א צרה, אפילו דאן, ווען זיי אליין ליידען דערביי, און זיי מוזען אים ווינשען אלדאס בייז און טאקע אליין דאס ברענגען אויף אים, ווי נאר זיי באקומען דערצו א מעגליכ־קייט. קיין זאך איז פאר די מענשען ניט אזוי אומדערטרעגליך, ווי צו זיין אונטערטעניג צו זייער גלייכען און צו לאזען זיך פון זיי רע־גירען, און קיין זאך איז, לסוף, ניט אזוי שווער, ווי צוריקצונעמען פון מענשען די פרייהייט נאכדעם, ווי זי איז זיי איינמאל געגעבען געווארען.

פון דעם אלעם פאלגט:

ע ר ש ט ע נ ס, אז די גאנצע געזעלשאפט דארף, אויב דאס איז מעגליך, אנהאלטען די רעגירונג אויף א קאלעקטיווען אופן, כדי אלע זאלען זיין אונטערגעווארפען נאר זיך אליין און קיינער ניט — זיין גלייכען. אויב אבער די מאכט איז אין די הענט פון א מעוט, אדער גאר פון איינעם, מוזען זיי פארמאגען עפעס אזוינס, וואס זאל זיי ארויסהויבען פון דער געוויינליכער מענשליכער נאטור, אדער לפחות זיך באמיען מיט אלע כחות צו איבערצייגען אין דעם דאס פאלק.

צ ו ו י י ט ע נ ס, אז די געזעצען פון וואסער־עס־איז שטאט מוזען אזוי געמאכט ווערען, אז די מענשען זאלען זיך זיי אונטערוואר־פען ניט אזוי דורך מורא, ווי דורך האפענונג אויף עפעס גוטס, צו וועלכען זיי האבען א באזונדערען פארלאנג, ווייל נאר אזוי ארום וועט איינער טון זיין פליכט מיט א פרייען ווילען.

און ל ס ו ף, אזוי ווי די געהארכיגקייט באשטייט אין דעם,

וואס יעדער איינער פאלגט אוים די געזעצען נאר מחמת דער אויטא־ריטעט פון דער רעגירונג, בכן איז געדרונגגען, אז אין א געזעלשאפט, וואו די רעגירונג איז אין אלעמענס הענט און די געזעצען ווערען סאנקציאנירט דורך דער אלגעמיינער צושטימונג, קאן גאר קיין רייד ניט זיין וועגען געהארכיגקייט; און אין אזא געזעלשאפט בלייבט דאס פאלק אלצאיינס פריי, צי די געזעצען ווערען פארמערט, אדער געמינערט, ווייל עס האנדעלט ניט דורך דער אויטאריטעט פון אן אנדערען, נאר לויט זיין אייגענער צושטימונג.

גאר אנדערש איז אבער דער פאל, וואו איין־איינציגער מענש האט די גאנצע מאכט פאר זיך, ווייל דא פאלגען שוין אלע אוים די געזעצען פון דער רעגירונג נאר דורך דער אויטאריטעט פון א יחיד. און אויב די בירגער זיינען לכתחילה ניט דערצויגען געווארען צו גע־הארכיגקייט, וועט פאר אזא רעגירונג זיין שווער איינצופירען, ווען דאס איז נויטיג, נייע געזעצען און אוועקצונעמען פון פאלק די פריי־הייט, וואס איז אים איינמאל נאכגעגעבען געווארען.

נאך אט־די אלגעמיינע באטראכטונגען וועלען מיר איצט זיך צוריק אומקערען צו דעם שטאט פון די העברעער.

ווען די העברעער זיינען ארוים פון מצרים, זיינען זיי מער ניט געוועזען פארפליכטעט צו די געזעצען פון קיין שום אנדער פאלק און עס איז זיי, דעריבער, געוועזען דערלויבט צו שאפען נייע געזעצען, ווי זיי אליין האבען געוואלט, ד. ה. צו שאפען נייע רעכט, צו גרינדען א שטאט, וואו זיי וואלטען אליין אויסגעקליבען, און צו פארנעמען פאר זיך די לענדער, וואס וואלטען זיך געפאסט פאר זיי צום בעסטען. זיי זיינען אבער צו קיין זאך ניט געוועזען וועניגער פעאיג, ווי איינצופירען קלוגע געזעצען און צו שאפען אן אלגעמיינע פאלקס־רעגירונג. זיי זיינען כמעט אלע געוועזען אומגעבילדעט און דערשלאגען פון שווערער שקלאפעריי. און דעריבער האט זייער רעגירונג געמוזט געפירט ווע־רען פון איין מענשען, וואס זאל באפעלען אנדערע, וואס זאל בא־צווינגען מיט געוואלט און זיי פארשרייבען געזעצען, וועלכע ער וועט ערשט שפעטער דערקלערען. משה האט די דאזיגע מאכט געקאנט לייכט אנהאלטען, ווייל ער האט איבערגעטראפען אלע אנדערע מיט זיינע געטליכע מעלות און איבערגעצייגט דאס פאלק, אז ער האט זיי פארמאגט, אויפווייזענדיג דאס דורך פיל ציינעניסען (זע ש מ ו ת,

קאפ. ד׳, לעצטער פסוק, און קאפ. י״ט, פסוק 9).

דורך אט־דער געטליכער קראפט, וואס איז אים געגעבען געווא־רען, האט משה, אלזוי, אויפגעשטעלט געזעצען און זיי פארגעשריבען דעם פאלק, אנוועגדענדיג דערביי די גרעסטע מי, אז דאס פאלק זאל טון זיין פליכט ניט אזוי מחמת מורא, ווי מיט זיין פרייען ווילען. צוויי זאכען האבען אים באזונדערס באוועגט דערצו: דער ווידער־שפעניגער גייסט פון פאלק, וואס לאזט זיך ניט באצווינגען דורך געוואלט אליין, און די מלחמה, וואס איז זיי דאן פארגעשטאנען, ווייל אויב ער האט געוואלט ארויסקומען דער זיגער, האט ער געמוזט מער דערמוטיגען די קריגסלייט, ווי אנשרעקען זיי מיט שטראפען און דרא־אונגען, וואס נאר אזוי ארום וועט יעדער סאלדאט זען אויסצוצייכענען זיך מיט מוט און העלדישקייט און ניט בלויז אין זינען האבען ווי אזוי צו פארמיידען די שטראף.

אויף אט־דעם סמך, ד. ה. כדי דאס פאלק זאל טון זיין חוב ניט אזוי מחמת מורא, ווי מחמת פרומקייט, האט משה דורך זיין געטליכער קראפט און אויפן געטליכען באפעל איינגעפירט די רעליגיע אין דעם שטאט. ווייטער האט ער באאיינפלוסט די העברעער דורך מעשים טובים און זיי מבטיח געווען אין גאט׳ס נאמען פיל גוטס אין דער צו־קונפט. ער האט אויך ניט איינגעפירט קיין צו־שטרענגע געזעצען, ווי יעדער איינער, וואס וועט זיי אויפמערקזאם דורכקוקען, וועט דאס קא־נען לייכט באשטעטיגען, דערהויפט נאך, ווען ער וועט האבען אין אויג די אומשטענדען, וואס האבען זיך געפאדערט אויף צו פאראורטיילען א באשולדיגטען.

און לסוף, כדי דאס פאלק, וואס האט ניט געקאנט זיין זיין איי־גענער געזעצגעבער, זאל זיין אפהענגיג פון דעם הערשער׳ס ווילען, האט ער די דאזיגע מענשען, וואס זיינען געווען געוואוינט צו קנעכט־שאפט, ניט דערלויבט קיין שום אייגענווילליגע האנדלונגען. דאס פאלק האט קיין זאך ניט געקאנט טון, ניט זייענדיג געצוואונגען צו געדענ־קען דאס געזעץ און צו דערפילען געבאטען, וואס האבען זיך געווענדט בלויז אן דעם ווילען פון דעם געזעצגעבער. ניט מיט זייער פרייען ווילען, נאר אויף א פעסטען און באשטימטען באפעל פון געזעץ איז עם זיי דערלויבט געווארען צו אקערען, זייען און שניידען די תבואה. פונקט אזוי איז זיי ניט דערלויבט געווארען צו עסען, קליידען זיך, רא־

זירען זיך, משמח זיין זיך, און בכלל טון וואס־עס־איז, ווי נאר לויט געבאטען און פאראָרדענונגען, וואס זיינען פארגעשריבען געוואָרען אין די געזעצען. און דאס איז נאך ניט געווען גענוג. זיי האבען אפילו אויף די ביישטידלען פון זייערע הייזער, אויף די הענט און צווישען די אויגען געמוזט האבען געוויסע סימנים, וואס זאלען זיי אן אויפהער דערמאנען אן געהארכיגקייט.

דער ציל פון די רעליגיעזע צערעמאניעס איז, אלזוי, געווען, אז די מענשען זאלען קיין זאך ניט טון מיט זייער אייגענעם ווילען, נאר אלץ אויפן באפעל פון אן אנדערען, און זאלען דורך אלע זייערע מעשים און אלע זייערע געדאנקען האבען דעם באוואוסטזיין, אז זיי זיינען ניט זעלבשטענדיג, נאר אינגאנצען אפהענגיג פון אן אנדערענס מאכט.

פון דעם אלעם איז קלאר, ווי דער טאג, אז די רעליגיעזע צערע־מאניעס העלפען מיט קיין זאך ניט דער גליקזעליגקייט און אז די צע־רעמאניעס, וואס זיינען פארהאן אין תנ"ך, נאך מער, משה'ס גאנצע תורה, זיינען געווען בארעכענט נאר אויף דעם שטאט פון די העברעער און ממילא נאר אויף מאטעריעלע געווינסען.

וואס איז שייך די רעליגיעזע צערעמאניעס פון די קריסטען, ווי דאס טויפען, דאס אווענטמאל, די פעסטען, די עפענטליכע תפלות און אלע אנדערע זאכען, וואס זיינען פארהאן און שטענדיג געווען אין ־ער גאנצער קריסטליכער אמונה, אויב זיי זיינען נאר ווען־עס־איז איינגעפירט געוואָרען פון ישו'ן, אדער פון די אפאסטאלען, וואס דאס איז פאר מיר ביז איצט נאך ניט גענוג באוויזען, — זיינען זיי איינגע־פירט געוואָרען, ווי אויסערע סימנים פון דער אוניווערסאלער קירך און ניט ווי זאכען, וואס העלפען עפעס מיט דער גליקזעליגקייט אדער פארמאגען וואסער־עס־איז קדושה. און הגם די דאזיגע צערעמאניעס זיינען ניט איינגעפירט געוואָרען צוליב דעם שטאט, האבען זיי אבער די באדייטונג פון אן אויסערען בונד פאר דער קריסטליכער רעלי־גיאנס־געזעלשאפט און ממילא איז דער מענש, וואס לעבט אליין, צו זיי ניט פארפליכטעט. נאך מער, דער מענש, וואס לעבט אין א מלוכה, וואו די קריסטליכע רעליגיע איז פארבאטען, איז געצוואונגען אפצו־האלטען זיך פון די דאזיגע צערעמאניעס און דאך קאן ער אויך אן זיי לעבען גליקליך. א ביישפיל דערפון זעען מיר אין יאפאן: די קריסט־

ליכע רעליגיע איז דארט פארבאטען און די האלענדער, וואס וואוינען דארט, מוזען, לויט דער פאראָרדענונג פון דער מ ז ר ח - א י נ ד י - ש ע ר ג ע ז ע ל ש א פ ט, זיך אפּהאלטען פון יעדען אויסערען ריטואל.

איך רעכען ניט, אז איך זאל די דאזיגע מיינונג נאך דארפען באַגרינדען דורך אַן אנדער אויטאָריטעט. הגם עס וואלט פאר מיר ניט געווען שווער דאס צו טון דורך די גרונדלעגעס פון דעם נייעם טעסטאמענט און צו ברענגען נאך פיל אנדערע ראיות; איך יועל דאס אבער לאזען אַן א זייט, ווייל איך וויל שנעלער צוקומען צו א צווייטען ענין. איך גיי, אלזוי, אריבער צום צווייטען פונקט, וואס איך האב זיך פירגענומען צו באהאנדלען אין דעם דאזיגען קאפּיטעל, און דאס איז: פאר וועלכע מענשען און צוליב וואס עס איז נויטיג דער גלויבען אין די ביבלישע מעשיות. מיט דער הילף פון דעם נאטירליכען ליכט אין אונז רעכען איך אויף דעם פאלגענדיגען אופן צו געפינען אַן ענטפער אויף דער דאזיגער פראגע.

אויב איינער וויל לאזען מענשען גלויבען אַדער ניט גלויבען אין עפּעס א זאך, וואס טראגט ניט דעם אמת אין זיך גופא, מוז ער, כדי זיינע צוהערער זאלען אננעמען זיין מיינונג, אויספירען זיין באהויפּטונג פון אנגענומענע פאקטען און זיי איבערצייגען אַדער דורך דער ערפארונג, אַדער על פּי שכל, ד. ה. אַדער דורך פאקטען, וואס קאנען אויפגענומען ווערען מיט די חושים, אַדער דורך אקסיאָמען, וואס טראַגען דעם אמת אין זיך גופא.

אויב די ערפארונג איז ניט פון אזא מין, אַז זי זאל פארשטאַנען ווערען קלאר און דייטליך, וועט זי, אמת, באוועגען די מענשען צו מאַכען א באשטימטע הנחה, זי וועט אבער ניט טרעפען דעם שכל און ניט צעשטרייען דעם נעפּיל, וואס נעמט אים ארום, מיט דערזעלביגער קראפט, ווי ווען א לערע ווערט אויסגעפירט פון אקסיאָמען, וואס זייער זיכערקייט איז אין זיי גופא, ד. ה. דורך דעם שכל אליין און זיינע געזעצען, דערהויפּט נאך, ווען עס האנדעלט זיך וועגען א רוחניותדיגער זאך, וואס קאן באין אופן ניט ארונטערפאלען אונטער די חושים.

פון דער אנדער זייט פאָדערט אבער אזא אויספיר פון לויטער גע־דאנקען־אמתען, בדרך כלל, א לאנגע קייט פון באגריפען און אויך די גרעסטע פארזיכט, שארפזין און אנשטרענגונג, — אלץ אזוינע איי־

גענשאַפטען, וואָס טרעפען זיך זייער זעלטען צוזאַמען ביי מענשען. און דעריבער ווילען די מענשען זיך ליבערשט לערנען דורך דער ערפאַרונג, איידער אויספירען זייערע אַנזיכטען פון אַ קליינער צאָל אַקסיאָמען און זיי פאַרקניפען לאָגיש איינס מיטן אַנדערען.

דערפון נעמט זיך עס, וואָס אויב עמיצער וויל ברענגען אַ לערע צו אַ גאַנץ פאָלק, אָדער גאָר צו דער גאַנצער מענשהייט, און פאַרשטאַנען ווערען פון יעדען איינעם, אַזוי מוז ער באַשטעטיגען זיין ענין דורך דער ערפאַרונג אַליין און צופּאַסען ווי ווייט מעגליך זיינע מאָטיוועז און דעפיניציעס צו דעם שכל פון דער מאַסע, צו וועלכער דאָס רוב מענשען געהערט, און ניט צוזאַמענקייטלען זיי פילאָזאָפיש, אָדער געבען אַזוינע דעפיניציעס, וואָס זאָלען דינען דער דער בעסערער צוזאַמענקייטלונג פון די מאָטיוועז, ווייל אַנדערש וועט ער שרייבען נאָר פאַר געלערנטע, ד. ה. ער וועט קאָנען פאַרשטאַנען ווערען נאָר פון אַ פאַרגלייכליך זייער קליינער צאָל מענשען.

און אַזוי ווי די גאַנצע ביבעל איז קודם כל אַנטפּלעקט געוואָרען פאַר איין פאָלק און ערשט דערנאָך — פאַר דעם גאַנצען מענשליכען געשלעכט, האָט איר אינהאַלט געמוזט נויטיגערהייט זיין שטאַרק צוגעפּאַסט צו דער השגה פון די גרויסע פאָלקס־מאַסען און באַשטעטיגט ווערען בלויז דורך דער ערפאַרונג.

איך וועל אַט־דעם ענין דערקלערען מער דייטליך.

די ריין־ספּעקולאַטיווע פונקטען, וואָס די ביבעל וויל לערנען, באַשטייען הויפּטזאַכליך אין דעם:

אַז עס איז פאַרהאַן אַ גאָט, ד. ה. אַ וועזען, וואָס האָט אַלצדינג באַשאַפען; וואָס דערהאַלט און פירט אַלצדינג מיט דער גרעסטער חכמה; וואָס זאָרגט פאַר די מענשען, וועלכע לעבען אין פרומקייט און ערליכקייט, באַשטראָפט די שלעכטע מיט פיל שטראָפען און טיילט זיי אָפּ פון די גוטע.

אַט־די אַלע פונקטען באַשטעטיגט די ביבעל דורך דער ערפאַרונג אַליין, ד. ה. דורך די מעשיות, וואָס זי דערציילט. זי גיט ניט קיין שום דעפיניציעס פון זאַכען, נאָר זי פּאַסט צו אַלע אירע ווערטער און גרונדען צו דער השגה פון דער מאַסע. און הגם די ערפאַרונג קאָן ניט געבען קיין קלאָרען באַגריף וועגען אַט־די זאַכען און אויך ניט לערנען, וואָס עס איז גאָט און ווי אַזוי ער דערהאַלט און פירט אַלצדינג און

זאָגט פאַר די מענשען, קאָן זי אָבער באַלערנען די מענשען און זיי אויפקלערען וועגען דעם אויף אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט דאָס פאָדערט זיך, כדי צו ניינגען זיי צו געהאָרכיגקייט און איינצופּריצען גאָטס־פורכט אין זייערע הערצער.

איך רעכען, אַז איך האָב דערמיט אויפגעוויזען גאַנץ קלאָר, פאַר וועלכע מענשען און צוליב וואָס עס איז נויטיג דער גלויבען אין די ביבלישע מעשיות. פון אָט־די לעצטע באַמערקונגען מיינע איז צו זען אויפן קלערסטען אופן, אַז דאָס קענען די דאָזיגע מעשיות און דער גלויבען אין זיי איז שטאַרק נויטיג פאַר דער פשוטער פאָלקס־מאַסע, וואָס איר גייסט איז ניט גענוג בכח צו באַנעמען די זאַכען אויף אַ קלאָרען און באַשטימטען שטייגער. דערפון איז אויך צו דרינגען, אַז דער, וואָס לייקענט אָפּ די דאָזיגע מעשיות, ווייל ער גלויבט ניט אין גאָט און אין זיין השגחה איבער די מענשען, איז נאָטלאָז; אנקעגען אָבער דער מענש, וואָס קען ניט די דאָזיגע מעשיות און ווייס דאָך דורך דעם נאַטירליכען ליכט, וואָס איז אין אים, אַז עס איז דאָ אַ גאָט, וועלכער ברייט אוים זיין השגחה איבער די מענשען, און פירט נאָך דערצו אַ רעכט לעבען, — דער איז העכסט־גליקזעליג, נאָך גליקזעליגער פון פשוטען פאָלק, ווייל אחוץ דעם אמתען גלויבען, האָט ער נאָך אַ קלאָרען און באַשטימטען באַגריף וועגען זאַכען. עס איז, לסוף, אויך צו דרינגען דערפון, אַז דער, וואָס קען ניט די ביבלישע מעשיות און ווייס אויך קיין זאַך ניט דורך דעם נאַטירליכען ליכט, איז, אויב ניט קיין גאָטלאָזער און ווידערשפּעניגער מענש, כמעט אַ חיה, וואָס האָט ניט קיין מענשליכקייט אין זיך און האָט ניט באַקומען פון גאָט קיין שום גאָב.

עס איז נויטיג צו מאַכען דאָ נאָך איין באַמערקונג: אויב איך זאָג, אַז דאָס קענען די ביבלישע מעשיות איז שטאַרק נויטיג פאַר דעם המון עם, מיין איך ניט דערמיט אַלע ביבלישע מעשיות צוזאַמענגענו־מען, נאָר בלויז די וויכטיגסטע פון זיי, וואָס נאָר זיי אַליין, אָן דער הילף פון די אַנדערע, באַווייזען אויפן דייטליכסטען אופן די לערערס, וועגען וועלכע מיר האָבען אויבען גערעדט, און זיינען מער פון אַלץ ביכולת צו רירען דאָס מענשליכע האַרץ. ווייל ווען עס וואָלטען נויטיג געווען אַלע ביבלישע געשיכטעס פאַר דער באַשטעטיגונג פון די דאָזיגע לערעס און ווען מען וואָלט אַנדערש ניט געקאָנט מאַכען קיין

אויספיר, ווי נאר דורך דער אלגעמיינער באטראכטונג פון אלע ביב־לישע דערציילונגען צוזאמענגענומען, וואלט עס זיכער געווען העכער פון דער אלגעמיינער מענשליכער השגה, ניט נאר פון דער השגה פון דער מאסע, צו באווייזען אזוי ארום די דאזיגע לערעס און צו מאכען דערפון די מעגליכע אויספירען. ווייל ווער וואלט, אין דער אמתען, געקאנט באטראכטען אזוי פיל געשיכטעס מיטאמאל, ווי אויך די אלע אומשטענדען און אונטערגעדאנקען, וואס ער וואלט באדארפט אויס־פירען פון אזוי פיל פארשיידענע מעשיות? איך, פון מיין זייט, קאן זיך ניט איינרעדען, אז די, וואס האבען אונז איבערגעלאזט די ביבעל אזוי, ווי מיר האבען זי איצט, האבען פארמאגט אזא געוואלטיגען גייסט, אז זיי זיינען געווען ביכולת צו באוועלטיגען אזא מין באוויי־מאטעריאל. און נאך ווענינער קאן איך גלויבען, אז מען זאל ניט קא־נען פארשטיין די ביבלישע לערע, אויב מען ווייס ניט וועגען יצחק'ס קריגערייען, וועגען די עצות, וואס אחיתפל האט געגעבען אבשלום'ען, וועגען דעם בירגערקריג צווישען די בני־יהודה און די בני־ישראל און נאך אנדערע כראניקעס פון דעמזעלביגען סארט; אדער אז מען זאל די ערשטע יידען, וואס האבען געלעבט אין משה'ס צייטען, ניט קאנען פונקט אזוי לייכט באווייזען די ביבלישע לערע דורך מעשיות, ווי די יידען, וואס האבען געלעבט אין עזרא'ס צייטען. אבער וועגען דעם וועל איך רעדען מער באריכות אין די ווייטערדיגע קאפיטלען.

דאס פאלק דארף, אלזוי, וויסען נאר יענע מעשיות, וואס קאנען באזונדערס באווענען זיין הארץ צו געהארכיגקייט און גאטספורכט. אליין אבער איז עס ניט גענוג פעאיג ארויסצוטראגען אן אורטייל אי־בער די דאזיגע מעשיות, ווייל עס געפעלט אים מער די עצם מעשה און דער אויסערגעוויינליכער און אומגעריכטער אויסגאנג פון די גע־שעענישען, איידער דאס, וואס די מעשה לערנט. און דעריבער איז עס ניט גענוג, וואס דאס פאלק לייענט די דאזיגע מעשיות, נאר עס דארף נאך האבען גייסטליכע, אדער דינער פון דער קירך, וואס זאלען אים אין זיין גייסטיגער שוואכקייט באלערנען.

כדי ניט אפצוטרעטען ווייטער פון אונזער ענין, ווילען מיר דא מאכען דעם אויספיר, וועלכען מיר האבען זיך הויפטזאכליך פירגע־נומען דא צו מאכען, און דאס איז: אז דער גלויבען אין וואסערע־עס־איז מעשיות האט ניט קיין שום שייכות מיטן געטליכען געזעץ; אז

אט־דער גלויבען מאכט ניט פאר זיך אליין די מענשען גליקליך; אז זיין איינציגער ווערט באשטייט אין אונטערשטיצען די לערע, וואס ער איז כולל אין זיך; און אז נאר אין דעם פרט קאן איין געשיכטע זיין העכער פון אן אנדערער.

די דערציילונגען פון דעם אלטען און נייעם טעסטאמענט שטייען, אלזוי, העכער פון וועלטליכע דערציילונגען און אויך איינע פון די אנ־דערע נאר אין דעם פרט פון די הייליזאמע לערעס, וואס פאלגען פון זיי. און דעריבער, אויב איינער לייענט די ביבלישע מעשיות און גלויבט אין זיי באמונה שלמה, ניט אכטענדיג גאר אויף די לערעס, וואס די ביבעל וויל דורך זיי לערנען, און ניט ענדערענדיג צום בעסערען זיין לעבען, איז עס גלייך, ווי ער וואלט געלייענט דעם קאראן, אדער פאע־טישע דראמעס, אדער געוויינליכע כראניקעס מיט דערזעלביגער לייכטקייט און ניט־אויפמערקזאמקייט, מיט וועלכער פשוטע מענשען לייענען געוויינליך אזוינע זאכען. אנקעגען־אבער דער, וואס וויים גארניט פון די דאזיגע געשיכטעס און דאך קען ער די הייליזאמע לע־רעס און פירט א רעכט לעבען, איז, ווי מיר האבען דאס שוין באַ־מערקט, אבסאלוט גליקזעליג און ישו׳ם גייסט איז באמת אין אים.

די יידען האבען וועגען דעם א גאנץ אנדער מיינונג. זיי באַ־הויפּטען, אז אמתע אידעען און דער אמתער לעבענסשטייגער העלפען מיט קיין זאך ניט דער גליקזעליגקייט, כל זמן די מענשען באנעמען דאס דורכן נאטירליכען שכל און ניט ווי לערעס, וואס זיינען נביאיש אנטפלעקט געווארען צו משה׳ן. דער רמב״ם וואגט צו באשטעטיגען דאס אפען, ווען ער שרייבט אויף פאלגענדיגען אופן איבער מלכים, קאפ. ח׳, געזעץ 2: „יעדער איינער, וואס נעמט אן די זיבען געבאט*) און היט זיי געטריי אפ, געהערט צו די חסידי האומות העולם און האט א חלק לעולם הבא; דאס איז, ווען ער נעמט זיי אן און פאלגט זיי אוים מחמת דעם, וואס גאט האט זיי פארגעשריבען אין דער תורה און אונז

*) די יידען גלויבען, אז גאט האט נח׳ן געגעבען זיבען געבאט, וואס אלע פעלקער זיינען פארפליכטעט זיי אפצוהיטען. די העברעער אבער האט גאט, אחוץ אט־די געבאטען, געגעבען נאך פיל אנדערע, כדי צו מאכען זיי גליקזעליגער פון אנדערע פעלקער. — אנמערקונג פון מחבר.

מגלה געווען דורך משה׳ן, אַז ער האָט זיי פריער פאַרגעשריבען נח׳ס זין; אויב אָבער ער פאָלגט אויס די דאָזיגע פאַרשריפטען מחמת דעם, וואָס דער שכל האָט אים דערצו באַוועגט, איז ער ניט קיין גר תושב און געהערט ניט צו די חסידים און חכמים פון די אומות העולם״.

צו די דאָזיגע ווערטער איז הרב יוסף בן שם־טוב מוסיף אין זיין ספר „כבוד אלהים״ אַט־דאָס: הגם אריסטאָטעל, וועלכער האָט, לויט דעם מחבר׳ס מיינונג, געשריבען די בעסטע ע ט י ק און שטייט העכער פון אַלע פילאָזאָפען, האָט ניט עובר געווען אויף קיין זאַך פון דער עכטער מאָראַל און אויך ניט פון דעם, וואָס איז איינגעשלאָסען אין זיין אייגענער ע ט י ק, האָט ער פונדעסטוועגען קיין זאַך ניט געטון, וואָס זאָל אים ניצען פאַר זיין הצלת הנפש, ווייל דאָס, וואָס ער לערנט, האָט ער ניט באַנומען, ווי געטליכע לערעס, וואָס זיינען נביאיש אַנטפּלעקט געוואָרען, נאָר בלויז ווי פאַרשריפטען פון דעם שכל.

איך רעכען, אַז יעדער איינער, וואָס וועט לייענען אויפמערקזאַם די דאָזיגע שורות, וועט גאַנץ קלאָר איינזען, אַז דאָס אַלץ איז ניט מער, ווי לויטער איינבילדונג, וואָס האָט ניט קיין שום אַנהאַלט ניט אין דעם שכל און ניט אין דער אויטאָריטעט פון דער ביבעל, און עס איז, דעריבער, גענוג נאָר איבערצוגעבען זיי, אַז זיי זאָלען שוין ♣ערמיט אַליין אָפּגעלייקענט ווערען. פונקט אַזוי וועניג האָב איך אויך בדעה צו לייקענען דאָ די מיינונג פון די, וואָס באַהויפּטען, אַז דער נאַ־טירליכער פאַרשטאַנד קאָן אונז ניט לערנען קיין שום שכלדיגע זאַך בנוגע דער אמתער גליקזעליגקייט, ווייל די, וואָס גיבען צו, אַז זיי האָבען ניט אין זיך אפילו דאָס מינדסטע קערנדעל פון געזונטען פאַר־שטאַנד, קאָנען מיטן שכל ניט באַווייזען זייער מיינונג. און אויב זיי באַרימען זיך, אַז זיי פאַרמאָגען עפּעס א י ב ע ר דעם שכל, איז עס ניט מער, ווי לויטער איינבילדונג, און זיכער א ו נ ט ע ר דעם שכל, וואָס זייער געוויינליכער לעבענסשטייגער באַווייזט עס, אגב, איבערגענוג.

עס איז ניט נויטיג צו רעדען ווייטער וועגען דעם דאָזיגען ענין. איין זאַך אָבער וועל איך דאָ נאָך צוגעבען, און דאָס איז, אַז מען קאָן יעדען איינעם דערקענען נאָר דורך זיינע מעשים. און דעריבער, ווער עס איז פול מיט די פרוכט פון גייסט, מיט ליבע, פרייד, שלום, סבלנות, גוטען ווילען, גוטסקייט, גלויבען, ווייכהאַרציגקייט און איינגעהאַלטענ־

קייט, פאר דעם איז, לויט פּולוס׳עס אויסדרוק (בריוו צו די גאלאטער, קאפּ. 5, פסוק 22), דאָס געזעץ ניט געגעבען; צי איז ער באַלערנט געוואָרען דורכן שכל, אָדער דורך דער ביבעל, איז ער באמת באַלערנט געוואָרען פון גאָט און איז העכסט גליקזעליג.

דערמיט איז דערלעדיגט אלץ, וואָס איך האָב זיך פאָרגענומען צו זאָגען וועגען דעם געטליכען געזעץ.

---

## קאַפּיטעל זעקס.

## וועגען נסים.

פונקט ווי מען רופט געטליך דאָס וויסען, וואָס איז העכער פון דער מענשליכער השגה, אזוי רופט מען געוויינליך געטליך, אָדער דאָס ווערק פון גאָט, יעדער ערשיינונג, וואָס איר סיבה איז אומבאַוואוסט פאַר דער מאַסע.

אין דער אמתען, די פאָלקס־מאַסע גלויבט, אז גאָט׳ס מאַכט און זיין השגחה ווייזען זיך ארויס צום דייטליכסטען, ווען עס געשיעט אין דער נאַטור עפּעס אַזוינס, וואָס איז אומגעוויינליך און להיפוך דער מיינונג, וואָס זי האָט זיך געשאַפען וועגען דער נאַטור, לויט די אַל־טעגליכע ערשיינונגען, דערהויפּט נאָך דאָן, ווען די דאָזיגע געשעעניש ברענגט מיט זיך עפּעס א געווינס פאַר איר אָדער א נוצען; און קיין זאַך קאָן, לויט איר מיינונג, ניט באַווייזען דייטליכער גאָט׳ס זיין, ווי דאָס, וואָס די נאַטור, ווערדליג זי שטעלט זיך זי פאָר, האַלט ניט איין איר געוויינליכען סדר, און זי מיינט, דעריבער, אז די, וואָס דער־קלערען, אָדער זוכען צו באַגרייפען די זאַכען און די נסים דורך זייערע נאַטירליכע סיבות, צעשטערען די השגה וועגען גאָט, אָדער, לפּחות, וועגען דער געטליכער השגחה.

גאָט, האַלטען זיי, טוט גאַרנים, כל זמן די נאַטור ווירקט, לויט איר געוויינליכען סדר, און פאַרקערט: די מאַכט פון דער נאַטור און די נאַטירליכע סיבות פאַרבלייבען ניט־אַקטיוו אין דער צייט, ווען גאָט ווירקט.

זיי שטעלען זיך, אַלזוי, פאַר צוויי מעכטען, וואָס זיינען פאַרשיי־דען איינע פון דער אנדערער, און דאָס איז:

1 — די מאַכט פון גאָט;

און 2 — די מאַכט פון די נאַטירליכע זאַכען, וואָס זיינען דאָך באַשטימט פון גאָט אויף אַ געוויסען אופן, אָדער פון אים באַשאַפען, לויט דער מיינונג, וואָס איז ביים היינטיגען טאָג אנגענומען פון דאָס רוב מענשען.

זיי ווייסען אָבער אליין ניט, וואָס זיי פאַרשטייען אונטער אָט־די צוויי מעכטען, אונטער גאָט און נאַטור, נאָר זיי שטעלען זיך פאָר גאָט'ס מאַכט, ווי אַ מין הערשאַפט פון עפּעס אַ קיניגליכער מאַיעס־טעט, און די מאַכט פון דער נאַטור — ווי עפּעס אַ קראַפט, אָדער אַן אויסברוך.

דער המון עם רופט, דעריבער, די אויסערגעוויינליכע ווערק פון דער נאַטור נסים, אָדער גאָט'ס ווערק, און וויל ניט וויסען, — טייל־ווייז מחמת פרומקייט און טיילווייז מחמת דעם פאַרלאַנג סותר צו זיין די, וואָס קולטיווירען די נאַטור־וויסענשאַפטען, — פון די נאַטיר־ליכע סיבות פון זאַכען, נאָר פאַרלאַנגט צו הערען בלויז וועגען אַזוינע זאַכען, וואָס ער פאַרשטייט זיי ווענינער פון אַלץ און באַוואונדערט זיי, דעריבער, מער פון אַלץ. די דאָזיגע פאַרפירונג פון גייסט נעמט זיך זיכער דערפון, וואָס דער המון עם פילט זיך געטריבען צו פאַרע־רען גאָט און מייחס זיין אַלצדינג צו זיין הערשאַפט און ווילען נאָר דאַן, ווען ער פאַרקוקט די נאַטירליכע סיבות און שטעלט זיך פאָר די זאַכען אויסער דעם סדר פון דער נאַטור; און מחמת דעם באַוואונ־דערט ער קיינמאָל ניט אַזוי פיל די געטליכע מאַכט, ווי דאַן, ווען ער שטעלט זיך פאָר די מאַכט פון דער נאַטור אַזוי ווי זי וואָלט געווען באַצוואונגען פון גאָט.

אַזאַ קוק אויף זאַכען שטאַמט אפנים פון די ערשטע יידען, וועלכע האָבען דערציילט די וואונדער פון גאָט, כדי צו איבערצייגען די גע־צענדינער פון זייער צייט, וועלכע האָבען פאַרערט אַנזיכטיגע געטער, ווי די זון, די לבנה, די ערד, די לופט און א. וו., און זיי באַווייזען, אַז די דאָזיגע געטער זיינען שוואַך און ניט־פעסט, אָדער פאַרענדער־ליך, און געפינען זיך אונטער דער הערשאַפט פון אַ ניט־אַנזיכטיגען

גאָט; דערבײַ האָבען זײ מיט דער הילף פון די דאָזיגע נסים אויך גע־זוכט צו ווײַזען, אַז די גאַנצע נאַטור ווערט געפירט דורך דער מאַכט פון דעם גאָט, וועלכען זײ האָבען פאַרערט, פון זײַער אייגענער טובה וועגען. און דער דאָזיגער געדאַנק איז די מענשען אַזוי געפעלען גע־וואָרען, אַז זײ האָבען נאָך עד היום ניט אויפגעהערט אויסצוטראַכטען נסים, כדי מען זאָל גלויבען, אַז זײ זײַנען גאָט טײַערער, ווי אַלע אַנ־דערע מענשען און אַז נאָר פון זײַערטוועגען האָט עס גאָט אַלצדינג באַ־שאַפען און פירט עס כסדר אַן. איז דען גאָר פאַרהאַן אַזאַ זאַך, וואָס די נאַרישקייט פון דער מאַסע זאָל דערויף ניט האָבען קיין פּרעטענזיע! און דאָס איז דערפאַר, ווײַל די מאַסע האָט ניט קיין שום געזונטען באַגריף ניט וועגען גאָט און ניט וועגען דער נאַטור, ווײַל זי מישט צו־זאַמען דעם געטליכען ווילען מיטן מענשליכען און שטעלט זיך פאָר די נאַטור אַזוי באַשרענקט, אַז זי האַלט דעם מענשען פאַר איר מי־טעלפונקט.

דערמיט האָב איך גענוג אויספירליך אויפגעוויזען די מיינונגען און די פאַראורטיילען פון דער מאַסע וועגען דער נאַטור און וועגען וואונדער. כדי אָבער צו באַלײַכטען גרינדליך דעם דאָזיגען ענין, וועל איך איצט ווײַזען:

1 — אַז קיין זאַך געשיט ניט קעגען דער נאַטור, נאָר אַז זי דער־האַלט אייביג אַ פעסטען און ניט־פאַרענדערליכען סדר; אין דער־זעלביגער צײַט וועל איך אויך ווײַזען, וואָס אַזוינס מען דאַרף פאַר־שטיין אונטער נסים;

2 — אַז מיר קאָנען דורך נסים ניט משיג זײַן ניט דעם עצם גאָט, ניט זײַן דאַזײַן און ממילא אויך ניט זײַן השגחה, נאָר אַז מיר קאָנען אַז אַן ערך בעסער באַנעמען די דאָזיגע אַלע אַטריבוטען דורך דעם פעסטען און אומפאַרענדערליכען סדר פון דער נאַטור;

3 — וועל איך ווײַזען מיט דער הילף פון אייניגע בײַשפּילען פון דער ביבעל, אַז אויך די ביבעל פאַרשטייט אונטער גאָט'ס באַשלי־סען, גאָט'ס ווילען און ממילא אויך גאָט'ס השגחה ניט קיין אַנדער זאַך, ווי טאַקע נאָר אַט־דעם סדר פון דער נאַטור, וואָס פאָלגט נויטי־גערהייט פון אירע אייביגע געזעצען;

4 — לסוף וועל איך באַהאַנדלען די אויסטײַטשונג פון די ביב־

לישע נסים און אלץ, וואס דארף הויפטזאכליך באמערקט ווערען ווע־נען וואונדער־מעשיות.

דאס זיינען די הויפט־פונקטען, וואס שטעלען פאר מיט זיך דעם ענין פון דעם דאזיגען קאפיטעל און זיינען, לויט מיין מיינונג, זייער וויכטיג אויך פאר דעם ציל פון דעם דאזיגען גאנצען ווערק.

וואס איז שייך דעם ערשטען פונקט, לאזט ער זיך לייכט דער־קלערען דורך די גרונד־געדאנקען, וואס מיר האבען אויסגעפירט אין דעם 4־טען קאפיטעל וועגען דעם געטליכען געזעץ, און דאס איז, אז אלץ, וואס גאט וויל, אדער באשטימט, שליסט איין אין זיך אן אייביגע נויטיגקייט און אמת.

מיר האבען דארט געוויזען, אז גאט'ס דענקען און גאט'ס ווילען זיינען איין־און־דיזעלביגע זאך און דעריבער באהויפטען מיר איין־און־דיזעלביגע זאך סיי ווען מיר זאגען, אז גאט וויל עפעס, סיי ווען מיר זאגען, אז גאט טראכט וועגען עפעס. מיט דערזעלביגער נויטיג־קייט, מיט וועלכער עס פאלגט דורך דער געטליכער נאטור און דער געטליכער השלמה, אז גאט ט ר א כ ט וועגען א געוויסער זאך אזוי ווי זי איז, פאלגט, אלזוי, אויך, אז גאט ו ו י ל דיזעלביגע זאך אזוי ווי זי איז. היות אבער קיין זאך איז ניט אמתדיג על פי הכרח, נאר דורך דעם געטליכען באשלוס, איז דערפון געדרונגען אויפן קלערסטען אופן, אז די אלגעמיינע געזעצען פון דער נאטור זיינען לויטער געט־ליכע באשליסען, וואס פאלגען פון דער נויטיגקייט און השלמה פון דער געטליכער נאטור.

ווען עס וואלט, אלזוי, געשעען אין דער נאטור עפעס אזוינס, וואס וואלט געווען להיפוך אירע אלגעמיינע געזעצען, וואלט עס אויך געמוזט זיין להיפוך גאט'ס באשלוס, זיין דענקען און נאטור; אדער ווען עמיצער וואלט באהויפטעט, אז גאט האט עפעס געטאן קעגען די געזעצען פון דער נאטור, וואלט ער נויטיגערהייט געמוזט אין דער־זעלביגער צייט אויך באהויפטען, אז גאט ווירקט קעגען זיין אייגענער נאטור, וואס דאס איז אן אוממעגליכער אנמזין. דער דאזיגער אמת וואלט אויך געקאנט לייכט באוויזען ווערען דערפון, וואס די מאכט פון דער נאטור איז די געטליכע מאכט און קראפט גופא און וואס די געטליכע מאכט איז דער עצם גאט. איך וועל דאס אבער פארלויפיג לאזען אן א זייט.

קיין זאך געשיט, אלזוי, ניט אין דער נאטור*), וואס זאל זיין להיפוך אירע אלגעמיינע געזעצען, אבער אויך ניט קיין זאך, וואס זאל ניט זיין אין הסכם מיט די דאזיגע געזעצען, אדער ניט פאלגען פון זיי. ווייל אלץ, וואס עס געשיט, געשיט דורך גאט'ס ווילען און זיין אייביגען באשלוס, ד. ה. ווי מיר האבען דאס שוין געוויזען, אז אלץ, וואס עס געשיט, געשיט לויט געזעצען און כללים, וואס שליסען איין אין זיך אן אייביגע נויטיגקייט און אמת.

די נאטור היט, אלזוי, שטענדיג אפ אט־די געזעצען און כללים, וואס שליסען איין אין זיך אן אייביגע נויטיגקייט און אמת, הגם ניט אלע פון זיי זיינען אונז באקאנט, און דערהאלט, דעריבער, א פעסטען און אומפארענדערליכען סדר. און קיינמאל וועט א געזונטען פאר־שטאנד ניט איינפאלען צוצוגעבען דער נאטור א באשרענקטע מאכט און קראפט, אדער צו באהויפטען, אז אירע געזעצען זיינען פאסיג נאר פאר געוויסע זאכען און ניט פאר אלצדינג.

אין דער אמתען, אזוי ווי די קראפט און מאכט פון דער נאטור זיינען די קראפט און מאכט פון גאט גופא און אזוי ווי די געזעצען און כללים פון דער נאטור זיינען די באשליסען פון גאט גופא, איז מוזען מיר אבסאלוט אננעמען, אז די מאכט פון דער נאטור איז אומענדליך און אירע געזעצען זיינען אזוי ברייט, אז זיי נעמען ארום אלץ, וואס קאן נאר באנומען ווערען פון דעם געטליכען געדאנק גופא. ווייל אנ־דערש וואלטען מיר דאך געמוזט אננעמען, אז גאט האט באשאפען אזא אוממעכטיגע נאטור און איר געגעבען אזוינע פעלערהאפטיגע געזעצען, אז ער מוז אפט איר קומען פון־דאס־ניי צו הילף, אויב ער וויל זי דער־האלטען און לאזען די זאכען זיך אנטוויקלען, לויט זיין פארלאנג, וואס אזא הנחה איז זיכער ניט־שכלדיג אין העכסטען גראד.

פון דעם דאזיגען גרונד־געדאנק, אז קיין זאך געשיט ניט אין דער נאטור, וואס זאל ניט פאלגען פון אירע געזעצען; אז אירע געזע־צען ברייטען זיך אויס אויף אלץ, וואס ווערט באנומען פון דעם געט־ליכען געדאנק גופא; און לסוף, אז די נאטור דערהאלט א פעסטע און

*) אונטער דער נאטור פארשטיי איך דא ניט נאר דעם חומר און זיינע פארמען פון באוועגונג, נאר אויסער דעם חומר נאך פיל אנדערע זאכען.

— אנמערקונג פון מחבר.

אומפאַרענדערליכע אָרדענונג, איז צו זען אויפן קלערסטען אופן, אַז דאָס וואָרט וואונדער האָט אַ זין נאָר בנוגע די מענשליכע מיינונגען און באַצייכענט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַן ערשיינונג, וואָס מיר קאָנען איר נאַטירליכע סיבה ניט דערקלערען דורכן ביישפּיל פון אַן אַנדער באַקאַנטער זאַך, אָדער, לפּחות, וואָס דער, וועלכער באַשרייבט זי אָדער דערציילט וועגען איר, קאָן זי ניט דערקלערען.

איך וואָלט, אמת טאַקע, געקאָנט זאָגען, אַז אַ וואונדער איז עפּעס אַזוינס, וואָס די נאַטירליכע סיבה דערפון קאָן ניט דערקלערט ווערען דורך די נאַטור־געזעצען, וועלכע ווערען אונז באַקאַנט מיט דער הילף פון דעם נאַטירליכען ליכט אין אונז. היות אָבער די וואונדער זיינען געשעען פאַר דער השגה פון דער מאַסע, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין שום ידיעה וועגען די גרונד־געזעצען פון די נאַטירליכע זאַכען, בכן איז עס זיכער, אַז די אוראַלטע האָבען אַנגענומען פאַר אַ וואונדער אַלץ, וואָס זיי האָבען ניט געקענט דערקלערען אַזוי, ווי די מאַסע פּלעגט געוויינליך דערקלערען די נאַטירליכע זאַכען, ד. ה. דורך דעם, וואָס זיי האָבען זיך דערמאָנט אָן אַן ענליכען פאַל, וועלכען זיי האָבען זיך געוויינליך פאָרגעשטעלט אָן פאַרוואונדערונג, ווייל די מאַסע רעדט זיך איין, אַז זי פאַרשטייט אַ זאַך גאַנץ גוט, אויב זי וואונדערט זיך ניט איבער איר.

די אוראַלטע און אַן ערך אַלע מענשען ביז צום היינטיגען טאָג האָבען, אַלזוי, ניט קיין אַנדער סימן פאַר אַ וואונדער, ווי נאָר אָט־דעם. און דעריבער ווערען איז דער ביבעל בלי ספק דערציילט, ווי וואונדער, פיל זאַכען, וואָס זייערע סיבות וואָלטען לייכט געקאָנט דערקלערט ווערען מיט באַוואוסטע נאַטור־געזעצען, ווי מיר האָבען דאָס שוין געוויזען אויבען, אין 2־טען קאַפּיטעל, ווען מיר האָבען גערעדט וועגען דעם אָפּשטעלען זיך פון דער זון אין יהושע'ס צייטען און איר צוריקטרעטען אין אחז'עס צייטען. מער וועגען דעם דאָזיגען ענין וועלען מיר באַלד רעדען, ווען מיר וועלען צוקומען צו דער דערקלערונג פון נסים, וואָס איך האָב דאָס צוגעזאָגט צו באַהאַנדלען אין דעם דאָזיגען קאַפּיטעל.

אָבער קודם כל וועל איך איבערגיין צום צווייטען פונקט און אויפווייזען, אַז מיר קאָנען דורך וואונדער ניט משיג זיין ניט גאָט'ס עצם, ניט זיין דאַזיין און ניט זיין השגחה, נאָר אַז אָט־די אַלע אַטרי־

בוטען קאנען א סך בעסער באנומען ווערען דורך דעם פעסטען און אומפארענדערליכען סדר פון דער נאטור. איך וועל דאס באווייזען אויף דעם פאלגענדיגען אופן:

אזוי ווי גאט'ס זיין איז ניט זיכער פון זיך אליין, מוז עס, דער־ריבער, אויסגעפירט ווערען פון באגריפען, וואס זייער אמת איז אזוי פעסט און ניט צום רירען, אז עס קאן גאר ניט זיין בנמצא און אויך ניט פארגעשטעלט ווערען אין געדאנק אזא מאכט, וואס זאל זיין ביכולת זיי צו ענדערען*).

פאר אונז, וועניגסטענס, מוזען די דאזיגע באגריפען, פון דעם מאמענט אן, ווען מיר האבען דורך זיי אויסגעפירט גאט'ס זיין, אננעמען את־דעם כאראקטער, אויב מיר ווילען אויספירען דורך זיי דאס דאזיגע זיין אזוי, אז עס זאל אוועקפאלען יעדער שאטען פון ספקות. ווייל ווען עס וואלט געווען מעגליך זיך פארצושטעלען, אז

*) מיר צווייפלען אין גאט'ס זיין און ממילא אויך אין דעם זיין פון אלע זאכען, כל זמן מיר האבען וועגען גאט ניט קיין קלארע און דייט־ליכע השגה, נאר א מטושטשע; ווייל פונקט ווי איינער, וואס קען ניט גוט די נאטור פון א דרייעק, וויים ניט, אז זיינע דריי ווינקלען זיינען גלייך צו צוויי רעכטע, אזוי זעט ניט דער, וואס באנעמט די געטליכע נא־טור אויף א מטושטשען אופן, אז דאס זיין געהערט צו דער נאטור פון גאט.

כדי אבער מיר זאלען קאנען קלאר און דייטליך דערקענען די נאטור פון גאט, מוזען מיר נעמען אין אכט געוויסע, גאנץ פשוטע באגריפען, וועל־כע מען רופט אלגעמיינע באגריפען, און מיט זייער הילף צוזאמענקניטלען די אייגענשאפטען, וואס געהערען צו דער געטליכער נאטור.

און דאן ווערט אונז קודם כל קלאר, אז גאט עקזיסטירט אומבאדינגט און אז ער איז דא אומעטום. אין דערזעלביגער צייט ווייזט זיך אויך ארויס, אז אלצדינג, וואס מיר באנעמען, שליסט איין אין זיך די נאטור פון גאט און ווערט פון איר באנומען; און, לסוף, אז אלץ, וואס מיר בא־נעמען אויף אן אנטשפרעכענדיגען שטייגער, איז אמתדיג.

וועגען דעם דאזיגען ענין זע די הקדמת צום בוך, וואס האט דעם טיטעל: „פרינציפען פון דער פילאזאפיע, אויפגעוויזען, לויט דעם געאמעטרישען מעטאד". — אנמערקונג פון מחבר.

די דאזיגע באגריפען קאנען געענדערט ווערען דורך א באשטימטער מאכט, וואלטען מיר דאן מסופק געווען אין דעם אמת פון די דאזיגע באגריפען און ממילא אויך אין אונזער אויספיר, ד. ה. אין גאט'ס ז י י ן, און וואלטען קיינמאל אין קיין זאך ניט געקאנט זיין זיכער.

מיר ווייסען ווייטער, אז אלץ, וואס איז אין הסכם מיט דער נא־טור, אדער להיפוך צו איר, מוז, ווי מיר האבען דאס געוויזען, זיין אין הסכם מיט אירע געזעצען, אדער להיפוך צו זיי. ווען עס וואלט, אל־זוי, געווען מעגליך זיך פארצושטעלען, אז עס קאן אין דער נאטור געשען דורך וואסער־עס־איז מאכט עפעס אזוינס, וואס זאל זיין להיפוך דער נאטור, וואלט דאס אויך געווען להיפוך די דאזיגע הויפט־באגרי־פען, און מיר וואלטען דאן געמוזט טון איינס פון די ביידע, אדער פארווארפען די דאזיגע הנחה, ווי אן אומזין, אדער מסופק זיין, ווי מיר האבען דאס נאר וואס געוויזען, אין די הויפט־באגריפען און ממילא אויך אין גאט און בכלל אין יעדען מין וויסען.

עס איז, אלזוי, ווייט דערפון, אז די נסים, אויף ווי ווייט זיי ווערען פארשטאנען, ווי א ווערק, וואס איז להיפוך דעם סדר פון דער נאטור. זאלען אונז באווייזען גאט'ס ז י י ן; זיי זיינען, פארקערט, מער מסוגל צו לאזען אונז מסופק זיין אין דעם. מיר קאנען זיין אבסא־לוט זיכער אין דעם דאזיגען ז י י ן נאר אהן דער הילף פון נסים, אויב מיר ווייסען נאר, אז אלץ אין דער נאטור פאלגט, לויט א באשטימטען און אומפארענדערליכען סדר.

ווען אבער מיר ווילען אננעמען, אז א וואונדער איז עפעס אזוינס, וואס קאן ניט דערקלערט ווערען דורך נאטירליכע סיבות, אזוי קאן דאס פארשטאנען ווערען אויף א צווייענדיגען שטייגער:

1 — אדער דאס זאל הייסען, אז דער וואונדער ווענדט זיך טאקע אן נאטירליכע סיבות, נאר די מענשליכע דערקענטעניש קאן זיי ניט דערגרונטעווען;

2 — אדער אז עס ווערט ניט אנגענומען קיין שום אנדער סיבה דערפון, ווי נאר גאט, ד. ה. גאט'ס ווילען.

היות אבער אלץ, וואס געשיט דורך נאטירליכע סיבות, געשיט אין דערזעלביגער צייט נאר דורך גאט'ס מאכט און ווילען, בכן מוזען מיר אומבאדינגט קומען צום אויספיר, אז א וואונדער, מעג ער האבען נאטירליכע סיבות, אדער ניט, איז א געשעעניש, וואס קאן ניט דער־

קלערט ווערען דורך א סיבה, אדער מיט אנדערע ווערטער, א פאקט, וואס איז איבער דער מענשליכער השגה.

אבער פון א פאקט און לחלוטין פון יעדער זאך, וואס איז איבער אונזער השגה, קאנען מיר קיין זאך ניט וויסען, ווייל אלץ, וואס מיר ווייסען קלאר און דייטליך, מוזען מיר עס באנעמען דורך דער זאך גופא, אדער דורך עפעס אן אנדער זאך, וואס ווערט קלאר און דייטליך פארשטאנען פון זיך גופא.

אויף אזא אופן קאנען מיר דורך א נס, ד. ה. דורך א געשעעניש, וואס איז איבער אונזער השגה, ניט פארשטיין ניט דעם עצם גאט, ניט זיין דאזיין און לחלוטין ניט קיין שום זאך פון גאט און פון דער נאטור.

פארקערט, ווען מיר ווייסען, אז אלץ ווערט באשטימט און סאנקציאנירט פון גאט; אז די ווערק פון דער נאטור זיינען דער פועל יוצא פון גאט'ס ווען; אז די געזעצען פון דער נאטור זיינען גאט'ס אייביגע באשליסען און די אויסדריקען פון זיין ווילען, — מוזען מיר דאן אומבאדינגט מאכען דעם אויספיר, אז וואס בעסער מיר דערקענען די נאטירליכע זאכען און וואס קלערער מיר זעען איין, ווי זיי ווענדען זיך אן זייער ערשטער סיבה און חירקען, לויט די אייביגע געזעצען פון דער נאטור, אלץ בעסער דערקענען מיר גאט און זיין ווילען.

אויף אזא אופן קאן מען די ערשיינונגען, וועלכע מיר פארשטייען קלאר און דייטליך, מיט מער רעכט אנרופען, בנוגע אונזער דערקענטניש, די ווערק פון גאט און זיי באציען צו זיין ווילען, איידער די ערשיינונגען, וועלכע מיר פארשטייען גאר ניט, ווען אפילו זיי מאכען א טיפען איינדרוק אויפן כח־הדמיון און רופען ארוים ביי די מענשען די גרעסטע פארוואונדערונג; ווייל נאר די ווערק פון דער נאטור, וואס מיר פארשטייען זיי קלאר און דייטליך, גיבען אונז דערהויבענע געדאנקען וועגען גאט און ווייזען אונז אן אויפן קלערסטען אופן גאט'ס ווילען און זיינע באשליסען. עס איז, אלזוי, א גרויסער אומזין מצד די מענשען צו קומען צו גאט'ס ווילען אזוי גיך, ווי זיי פארשטייען ניט עפעס א זאך; באמת, א לעבערליכער שטייגער פון מודה זיין זיך אין אומוויסענקייט.

און, לסוף, ווען מיר וואלטען אפילו געקאנט מאכען פון די וואונדער עפעס אן אויספיר, וואלטען מיר פונדעסטוועגען באין אופן ניט געקאנט אויספירען דערפון גאט'ס זיין. ווייל אזוי ווי א וואונ־

דער איז א באגרענעצט ווערק און דריקט אויס ניט מער, ווי א באַ־שטימטע באגרענעצטע מאכט, איז עס זיכער, אז מיר קאָנען פון אזא ווירקונג ניט ארויסדרינגען דאָס דאַזיין פון א סיבה, וואָס איר מאכט איז אומבאַגרענעצט, נאָר העכסטענס דאָס דאַזיין פון א סיבה, וואָס איר מאכט איז גרעסער פון איר ווירקונג. איך זאָג ה ע כ ס ט ע נ ס, ווייל דורך דעם גלייכצייטיגען צוזאַמענווירקען פון פיל סיבות, קאָן אנטשטיין א ווערק, וואָס זיין קראַפט און מאכט זיינען קלענער פון דער מאכט פון אלע סיבות צוזאַמענגענומען, הגם פיל גרעסער פון דער מאַכט פון יעדער סיבה באזונדער.

אזוי ווי אבער די געזעצען פון דער נאַטור, ווי מיר האָבען דאָס שוין פריער קלאָר געמאַכט, ברייטען זיך אויס אין דער אומענדליכ־קייט און ווערען פון אונז באַנומען אונטער א געוויסען כאַראַקטער פון דער אייביגקייט, און אזוי ווי די נאַטור ווירקט, לויט די דאַזיגע גע־זעצען, אין א באַשטימטער און פעסטער אָרדענונג, ווייזען זיי עס אונז אָן אין א געוויסען גראַד גאָט׳ס אומענדליכקייט, אייביגקייט און אומ־פאַרענדערליכקייט.

מיר מאַכען, אלזוי, דעם אויספיר, אז מיר קאָנען דורך וואונדער ניט דערקענען גאָט און אויך ניט זיין דאַזיין און השגחה, נאָר אז די דאַזיגע אמתען לאָזען זיך פיל בעסער אויספירען פון דער פעסטער און אומפאַרענדערליכער אָרדענונג פון דער נאַטור.

ביי אָט־דעם אויספיר רעד איך וועגען א וואונדער, וואָס ווערט פאַרשטאַנען, ווי א ווערק, וואָס איז העכער, אָדער זעט אויס צו זיין העכער פון דער מענשליכער השגה. ווייל ווען עס וואָלט דערמיט באַ־צייכענט געוואָרען א ווערק, וואָס צעשטערט אָדער ברעכט דורך די אָרדענונג פון דער נאַטור, אָדער איז ווידערשפּרעכיג צו אירע געזע־צען, וואָלט עס, ווי מיר האָבען דאָס נאָר וואָס אויפגעוויזען, ניט נאָר ניט געקאָנט געבען קיין שום דערקענטעניש פון גאָט, נאָר עס וואָלט אפילו געמאַכט צונישט די דערקענטעניש, וואָס מיר האָבען זי דער־גרייכט אויף א נאַטירליכען אופן, און אונז געלאָזט צווייפלען אין גאָט און אין אלע אנדערע זאכען.

איך דערלאָז דאָ אויך ניט קיין שום חילוק צווישען א ווערק, וואָס איז ק ע ג ע ן דער נאַטור, און א ווערק, וואָס איז א י ב ע ר דער נאַטור, ד. ה. ווי איינינגע זאָגען, א ווערק, וואָס איז טאַקע ניט קע־

גען דער נאַטור, דערפאַר אָבער קאָן עס אויך פון איר ניט געשאַפן, אָדער באַווירקט ווערן. ווייל אַזוי ווי אַ נס געשיט ניט, אויסער נאָר אין דער נאַטור, ווען אַפילו ער ווערט דערקלערט פאַר אי־בערנאַטירליך, מוז ער דאָך נויטיגערהייט דורכברעכן די אָרדענונג פון דער נאַטור, וואָס אַזוי באַנעמען מיר זי אומעטום, ווי אַ פעסטע און אומפאַרענדערליכע, לויט די באַשליסן פון גאָט.

אויב, אַלזוי, עס וואָלט אין דער נאַטור געשען עפּעס אַזוינס, וואָס וואָלט ניט געפאָלגט פון אירע געזעצן, וואָלט דאָס נויטיגער־הייט געמוזט ווידערשפּרעכן דער אָרדענונג, וואָס גאָט האָט זי פעסט־געשטעלט פאַר אַלע צייטן אין דער נאַטור דורך די אוניווערסאַלע נאַטור־געזעצן, און עס וואָלט, דעריבער, אויך געווען קעגן דער נאַ־טור און קעגן אירע געזעצן, און דער גלויבן אין דעם וואָלט אונז געלאָזט אין אַלץ צווייפלען און אונז געפירט צום אַטעאיזם.

איך רעכן, אַז איך האָב דאָ מיט גאַנץ שטאַרקע אַרגומענטן באַ־וויזן דאָס, וואָס איך האָב זיך פירגענומען צו באַווייזן אין דעם צוויי־טן פונקט, און מיר קאָנען דערפון מאַכן ווידעראַמאָל דעם אויספיר, אַז אַ נס, וואָס זאָל זיין קעגן דער נאַטור, אָדער איבער איר, איז אַ ריינער אומזין, און ממילא קאָן אונטער נסים אין דער הייליגער שריפט, ווי געזאָגט אויבן, ניט פאַרשטאַנען ווערן קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר אַ ווערק פון דער נאַטור, וואָס איז, אָדער זעט אויס צו זיין איבער דער מענשליכער השגה.

איידער איך וועל איצט איבערגיין צום דריטן פונקט, וויל איך קודם כל באַשטעטיגן דורך דער אויטאָריטעט פון דער ביבעל די מיי־נונג, וואָס איך האָב פריער אַרויסגעזאָגט, און דאָס איז, אַז עס איז אוממעגליך פאַר אונז צו דערקענען גאָט דורך נסים. און הגם די ביבעל לערנט דאָס אין ערגעץ ניט אויסדריקליך, קאָן עס אָבער לייכט פון איר אַרויסגעדרונגען ווערן, דערהויפּט דערפון, וואָס משה (ד ב ר י ם, קאַפּ. י״ג) פאַרזאָגט צו פאַרמשפּטען צום טויט אַ פאַלשען נביא אַפילו דאַן, ווען עס טוט נסים. ער זאָגט אַזוי: און (ווען אַפילו) דער צייכען און דער וואונדער, וואָס ער האָט דיר פאָראויסגעזאָגט, וועט געשען און אַ. וו.. זאָלסטו (פונדעסטוועגען) ניט גלויבן די ווערטער פון דעם דאָזיגען נביא און אַ. וו.. ווייל אייער גאָט פּרוּווט אייך אויס און אַ. וו. אַט־דער נביא זאָל (אַלזוי) באַשטראָפט ווערן מיטן טויט״.

דערפון איז קלאר, אז אויך די פאלשע נביאים האבען געקענט טון נסים און אז די מענשען, וואס זיינען ניט גאנץ פעסט אין דער אמתער דערקענטעניש פון גאט און אין דער ליבע צו אים, קאנען דורך נסים פונקט אזוי לייכט אננעמען פאלשע געטער, ווי דעם אמתען. און משה ניט טאקע צו: „ווייל ה׳, אייער גאט, פרואווט אייך אויס, כדי צו ווי־סען, אויב איר ליבט אים מיט אייער גאנצען הארצען און אייער גאנ־צער נשמה".

ניט געקוקט, ווידער, אויף אזוי פיל נסים, האבען די בני־ישראל, ווי די ערפארונג אליין ווייזט עס, דאך ניט געקאנט זיך שאפען קיין געזונטען באגריף וועגען גאט. אין דער אמתען, ווי נאר זיי האבען זיך איינגערעדט, אז משה האט זיך פון זיי דערווייטערט, אזוי האבען זיי גלייך פארלאנגט פון אהרונען אן אנזיכטיגע גאטהייט און א קאלב איז געווארען, צו זייער שאנד, די אידעע וועגען גאט, וואס זיי האבען זיך געשאפען נאך אזוי פיל נסים.

אסף, וועלכער האט געהערט רעדען וועגען אזוי פיל נסים, האט פונדעסטוועגען געצווייפעלט אין דער געטליכער השגחה און ער וואלט כמעט אראפ פון דעם דרך הישר, ווען ער וואלט ניט, לסוף, דאך דער־קענט די אמתע גליקזעליגקייט (זע תהלים, קאפ. ע״ג).

און אפילו שלמה אליין, וואס אין זיין צייט איז דער מצב פון די יידען געווען דער בליענדיגסטער, האלט, אז אלץ געשיט דורך צו־פאל (זע קהלת, קאפ. ג׳, פסוקים 19, 20 און 21, און קאפ. ט׳, פסוקים 2, 3 און ווייטער).

עס איז, לסוף, געווען א גאנץ טונקעלע זאך כמעט פאר אלע נביאים צו וויסען, ווי אזוי צו פאראייניגען דעם סדר פון דער נאטור און דעם מענשליכען גורל מיט דער אידעע, וואס זיי האבען זיך גע־שאפען וועגען דער געטליכער השגחה, בעת פאר די פילאזאפען, וועלכע באמיען זיך צו שעפען זייער וויסען ניט פון נסים, נאר פון קלארע באגריפען, איז די דאזיגע פראגע געווען אלעמאל זייער קלאר; דער־הויפט נאך פאר אזוינע פילאזאפען, וועלכע זעען דאס אמתע גליק נאר אין גוטע מדות און אין נשמה־רו און פארשטייען, אז ניט די נאטור דארף זיי געהארכען, נאר זיי מוזען געהארכען דער נאטור, ווייל זיי וויסען, באמת, אויך זיכער, אז גאט פירט אן די נאטור אזוי, ווי דאס פארלאנגען אירע אוניווערסאלע געזעצען, אבער ניט די באזונ־

דערע געזעצען פון דער מענשליכער נאטור, און גאט האט, דעריבער, אין זינען ניט נאר דעם מענשליכען מין אליין, נאר די גאנצע נאטור. אויף אזא אופן באשטעטיגט דאך די ביבעל גופא, אז די נסים גיבען ניט קיין אמתען באגריף וועגען גאט און לערנט ניט קלאר די געטליכע השגחה.

און ווען אפילו מען געפינט אפט אין דער ביבעל, אז גאט האט געטאן וואונדער, כדי צו לאזען זיך דערקענען צו מענשען, ווי דאס איז צו זען פון ש מ ו ת, קאפ. ו', פסוק 2, וואו עס ווערט געזאגט, אז גאט האט אפגענארט די מצריים און געגעבען צייכענס פון זיך, כדי די קינדער פון ישראל זאלען וויסען, אז ער איז דער אמתער גאט, איז עס נאך דערפון ניט געדרונגען, אז די נסים לערנען, באמת, אט־דאס וויסען, נאר ניט מער, אז די קינדער פון ישראל האבען געהאט אזוינע מיינונגען, אז זיי האבען לייכטער געקאנט איבערגעצייגט ווערען דורך די דאזיגע וואונדער.

שוין אויבען, אין 2־טען קאפיטעל, האב איך קלאר געוויזען, אז די טעמים, וואס די נביאים באנוצען זיך מיט זיי, אדער מיט אנדערע ווערטער, די טעמים, וואס ווערען געשאפען דורך דער אנטפלעקונג, ווערען ניט ארויסגעבראכט פון אלגעמיינע באגריפען, וואס גילטען פאר אלע מענשען, נאר פון אנגענומענע, ווען אפילו אומזיניגע, באַגריפען און פון מיינונגען פון די, וואס האבען באקומען די אנטפלעקונג, ד. ה. וואס דער רוח הקודש האט זיי געוואלט איבערצייגען; דאס אלץ האבען מיר אויבען קלאר אויפגעוויזען מיט פיל ביישפילען און אפילו מיטן עדות־זאגען פון פולוס. וועלכער איז געווען א גריך צווישען גריכען און א ייד צווישען יידען.

אבער ווען אפילו די דאזיגע נסים האבען געקאנט איבערצייגען די מצריים און די יידען אויפן סמך פון זייערע אלגעמיינע מיינונגען, האבען זיי פונדעסטוועגען ניט געקאנט זיי געבען אן אמתע אידעע און דערקענטעניש פון גאט. אלץ, וואס זיי האבען געקאנט אויפטון, איז געווען צו ווייזען די דאזיגע פעלקער, אז עס איז פאראן א געטליך וועזען, וואס איז מעכטיגער פון אלע אנדערע זיי באקאנטע וועזענס און זארגט מער פון אלץ פאר די העברעער, וועלכע האבען אין יענער צייט אין אלצדינג מצליח געווען מער, ווי זיי אליין האבען זיך דערוויף גערעכט. די דאזיגע נסים האבען אבער ניט געקאנט לערנען, אז גאט

זאָרגט פאַר אַלע מענשען גלייך, ווייל אַט־דער אמת קען געלערנט ווע־
רען נאָר פון דער פילאָזאָפיע. און דעריבער האָבען די יידען און אַלע
אַנדערע, וועלכע האָבען גענומען זייער ווּיסען וועגען דער געטליכער
השגחה בלויז פון דעם וואַקעלדיגען צושטאַנד פון די מענשליכע ענינים
און פון דעם ניט־גלייכען גורל פון מענשען, זיך איינגערעדט, אַז די
יידען זיינען גאָט טייערער, ווי אַלע אַנדערע מענשען, הגם זיי האָבען
די לעצטע ניט איבערגעטראָפען מיט דער אמתער מענשליכער פולקאָמקייט, ווי מיר האָבען דאָס שוין געהאַט געוויזען אין דעם 3־טען קאַפּיטעל.

איך קום איצט צו צום ד ר י ט ע ן פונקט און וועל ווייזען
דורך דער ביבעל גופא, אַז גאָט'ס באַשליסען און געבאָטען און ממילא
אויך זיין השגחה זיינען באמת ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דער סדר פון
דער נאַטור, ד. ה. אַז ווען די ביבעל דערציילט, אַז אַזאַ און אַזאַ זאַך
איז געטאָן געוואָרען פון גאָט, אָדער פון זיין ווילען, פאַרשטייט זיך
אין דער אמתען ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר דאָס, אַז יענע געשעעניש איז פאָרגעקומען אין הסכם מיט די געזעצען און דעם סדר פון
דער נאַטור, אָבער ניט, ווי דער המון עם גלויבט, אַז די נאַטור האָט
אין משך פון אַט־דער צייט אויפגעהערט צו ווירקען, אָדער אַז איהר
סדר איז אויף אַ געוויסער צייט אונטערגעבראָכען געוואָרען.

אָבער די ביבעל לערנט ניט אויף אַ דירעקטען אופן אַזוינס, וואָס
האָט ניט צו טון מיט איהר לערע, ווייל עס איז ניט איהר ציל צו דערקלערען זאַכען מיט זייערע נאַטירליכע סיבות, אָדער צו לערנען ריין־
ספּעקולאַטיווע זאַכען, ווי איך האָב דאָס שוין געוויזען אין דער אָפּ־
האַנדלונג וועגען דעם געטליכען געזעץ. און דעריבער מוז איך דאָ באַ־
ווייזען דאָס, וואָס איך וויל באַווייזען, דורך אויספירען פון איינינע
ביבלישע מעשיות, וועלכע זיינען גראַד דערציילט געוואָרען אויף אַ מער
יעטאַלירטען אופן און מיט מער נעבען־אומשטענדען. איך וועל דאָ
ציטירען עטליכע אַזוינע מעשיות.

אין ש מ ו א ל א, קאַפּ. ט', פּסוקים 15 און 16, ווערט דער־
ציילט, אַז גאָט האָט אַנטפּלעקט שמואלען, אַז ער וועט אים שיקען
שאולען. אָבער גאָט האָט ניט געשיקט שאולען צו שמואלען אַזוי ווי
מענשען שיקען געוויינליך איין מענשען צו אַן אַנדערען. די דאָזיגע
שליחות פון גאָט איז געווען ניט מער, ווי דער געוויינליכער גאַנג פון

דער גאטור. שאול האט געזוכט די אייזלען, וואס זיינען אים פארלוי־רען געגאנגען, ווי דאס ווערט דערציילט אין דעם ציטירטען קאפיטעל, און ווען ער האט שוין געהאט זיך מיישב געווען צו גיין אהיים אן די אייזלען, האט ער זיך געלאזט איינרעדען פון זיין דינער צו גיין פרעגען ביים נביא שמואל, וואו ער קאן זיי געפינען. און פון קיין שום טייל פון אט־דער דערציילונג איז ניט צו זען, אז שאול זאל האבען געהאט עפעס א באפעל פון גאט צו גיין געפינען שמואלען, אחוץ אט־דעם נאטירליכען מאטיוו.

אין ת ה ל י ם, קאפ. ק"ה, פסוק 24, ווערט געזאגט, אז גאט האט פארענדערט דאס הארץ פון די מצריים, זיי זאלען האסען די בני־ישראל. דער דאזיגער שנוי איז אויך געווען א גאנץ נאטירליכער, ווי דאס איז צו זען פון ש מ ו ת, קאפ. א', וואו עס ווערט אנגעגעבען גארניט קיין אומבאדייטענדיגער גרונד מצד די מצריים צו ברענגען די בני־ישראל צו שקלאפעריי.

אין ב ר א ש י ת, קאפ. ט', פסוק 13, זאגט גאט צו נח'ן, אז ער וועט געבען זיין בויגען אין דעם וואלקען. די דאזיגע האנדלונג פון גאט איז זיכער ניט מער, ווי די איבערברעכונג און די צוריקווארפונג פון די זונשטראלען אין טראפענס וואסער.

אין ת ה ל י ם, קאפ. קמ"ז, פסוק 18, ווערט די נאטירליכע ווירקונג און ווארימקייט פון ווינט, דורך וועלכע עס ווערען צעשמאל־צען שניי און אייז, אנגערופען גאט'ס ווארט; און אין פסוק 15 ווע־רען ווינט און קעלט אנגערופען גאט'ס באפעל און ווארט.

אין ת ה ל י ם, קאפ. ק"ד, פסוק 4, ווערען ווינט און פייער אנגערופען גאט'ס שליחים און דינער, און עס זיינען פאראן אין דער ביבעל נאך פיל אנדערע אזוינע שטעלען, וואס באווייזען אויפן קלערס־טען אופן, אז אונטער דעם ב א ש ל ו ס, ב א פ ע ל און ו ו א ר ט פון גאט ווערט פארשטאנען ניט קיין אנדער זאך, ווי די ווירקונג און די ארדענונג פון דער נאטור.

עס איז, אלזוי, גאנץ זיכער, אז אלע געשעענישען, וואס די ביבעל דערציילט וועגען זיי, זיינען געשעען אויף א נאטירליכען אופן, ניט מער זיי ווערען מייחס צו גאט, ווייל דער ציל פון דער ביבעל איז ניט, ווי מיר האבען דאס שוין געוויזען, צו דערקלערען זאכען דורך זייערע נאטירליכע סיבות, נאר צו דערציילען בלויז אזוינע זאכען, וואס מא־

כען א טיפען איינדרוק אויף דעם כח־הדמיון, און דאָס אויף אַזאַ שטיי־
גער און אין אַזאַ סטיל, וואָס קאָן צום בעסטען ארויסרופען באַוואונ־
דערונג ביים פאָלק און ממילא באַוועגען זיין הארץ צו גאָטספורכט.
און אויב אפילו עס געפינען זיך אין דער הייליגער שריפט אַזוינע גע־
שעענישען, וואָס מיר קענען ניט אָנגעבען זייערע סיבות און וואָס קר־
מען, דאכט זיך, פאַר אויסער דעם סדר, אָדער גאָר קעגען דעם סדר
פון דער נאַטור, דאַרף דאָס אונז אויך אויף קיין פאַל ניט אָפּשטעלען.
נאָר מיר דאַרפען גלויבען מיט זיכערקייט, אז אַלץ, וואָס עס איז אויף
אַן אמתען געשעען, איז עס געשעען אויף א נאַטירליכען אופן. אַט־די
מיינונג אונזערע ווערט אויך באַשטעטיגט דורך דעם, וואָס די נסים
האָבען אסך נעבען־אומשטענדען, הגם זיי ווערען ניט אַלעמאָל באַריכ־
טעט, דערהויפּט נאָך ווען זיי ווערען איבערגעגעבען אין א פּאָעטישען
סטיל; אַט־די נעבען־אומשטענדען ווייזען קלאָר, אז די נסים פאָדערען
נאַטירליכע סיבות. אַזוי, למשל, האָט משה געמוזט פונאַנדערוואַרפען
אַש אין דער לופט, כדי צו פאַרפּעסטען די מצריים מיט קרעץ
(ש מ ו ת. קאַפּ. ט׳, פּסוק 10). פונקט אַזוי איז דער היישעריק גע־
קומען אויפן לאַנד מצרים אויך דורך א נאַטירליכען באַפעל פון גאָט,
און דאָס איז, דורך א מזרח־ווינט, וואָס האָט געבלאָזען א גאַנצען טאָג
און א גאַנצע נאַכט, און אַוועק איז ער פון דאָרטען אויך דורך א העפ־
טיגען מערב־ווינט (זע ש מ ו ת, קאַפּ. י׳, פּסוקים 14 און 19). דורך
אַן ענליכען געטליכען באַפעל האָט דער ים געעפענט א וועג פאַר די
יידען (זע ש מ ו ת, קאַפּ. י״ד, פּסוק 21), און דאָס איז, דורך א
מזרח־ווינט, וואָס האָט זייער שטאַרק געבלאָזען א גאַנצע נאַכט. ווען
אלישע, ווידער, האָט לעבעדיג געמאכט דאָס יינגעל, וועלכען מען האָט
געהאַלטען פאַר טויט, האָט ער געמוזט זיך לייגען אויף אים עטליכע
מאָל, ביז וואַנען ער האָט אים דערוואַרימט און דאָס יינגעל האָט גע־
עפענט די אויגען (זע מ ל כ י ם ב, קאַפּ. ד׳, פּסוקים 34 און 35).
פונקט אַזוי ווערט אויך דערציילט אין יוחנן׳ס עוואַנגעליע (קאַפּ. 9)
וועגען געוויסע מיטלען, וואָס ישו האָט זיי אָנגעווענדט צו היילען א
בלינדען. און עס זיינען פאַראַן אין דער ביבעל נאָך אסך אַנדערע
שטעלען, וואָס ווייזען קלאָר, אז די נסים פאָדערען א גאַנץ אַנדער
זאַך, ווי גאָט׳ס אבסאָלוטען באַפעל.

און הגם אַט־די נעבען־אומשטענדען פון די וואונדער און זייערע

נאַטירליכע סיבות ווערען ניט אַלעמאַל און ניט אינגאַנצען איבערגע־נעבען, דאַרפען מיר פונדעסטוועגען אַננעמען, אַז די וואונדער זיינען קיינמאַל ניט געשעען אַן אַט־די נאַטירליכע סיבות. דאָס איז קלאָר פון שמות. קאַפּ. י"ד, פסוק 27, וואו עס ווערט בלויז דערציילט, אַז משה האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און דער ים איז ווידער אַנ־געפילט געוואָרען מיט וואַסער, און עס ווערט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגען דעם ווינט; אַבער אין „אז ישיר" (קאַפּ. ט"ו, פסוק 10) ווערט געזאָגט, אַז דאָס איז געשעען דערפאַר, ווייל גאָט האָט גע־בלאָזען מיט זיין ווינט (ד. ה. מיט א זייער שטאַרקען ווינט). אויף אַזאַ אופן איז אַט־דער נעבען־אומשטאַנד אויסגעלאָזען אין דער דער־ציילונג, וואָס דערמיט זעט דער וואונדער אויס צו זיין נאָך גרעסער.

אַבער עמיצער וועט נאָך אפשר ארויס מיט דער טענה, אַז מיר געפינען אין דער ביבעל פיל זאַכען, וואָס קאָנען, דאַכט זיך, גאָרניט דערקלערט ווערען דורך נאַטירליכע סיבות, ווי למשל, אַז די מענשליכע זינד אָדער די מענשליכע תפילות קאָנען זיין די סיבה פון רעגען און פון דער ערד'ס פרוכטבאַרקייט, אָדער אַז דער גלויבען קאָן אויסהיי־לען בלינדע, און נאָך אנדערע אַזוינע זאַכען, וואָס די ביבעל דער־ציילט וועגען זיי.

איך רעכען, אַז איך האָב שוין געענטפערט אויף אַט־די טענות, ווייזענדיג, אַז די ביבעל דערקלערט ניט די זאַכען דורך זייערע נאָענטע סיבות, נאָר דערציילט בלויז וועגען זיי אין אַזאַ סדר און אין אַזאַ סטיל, וואָס פּאַסט זיך צום בעסטען צו דערוועקען אין די מענשען, דערהויפּט אין דעם פאָלק, דאָס געפיל פון גאָטספורכט. און דעריבער רעדט עס די ביבעל וועגען גאָט און וועגען אנדערע זאַכען אויף אַזאַ ניט־פּאַסיגען אופן, ווייל זי וויל ניט איבערצייגען דעם שכל, נאָר זי זוכט צו טרעפען און באַהערשען די מענשליכע פאַנטאַזיע. ווען די ביבעל וואָלט, אַשטייגער, דערציילט וועגען דער צעשטערונג פון א מלוכה אַזוי, ווי דאָס טוען פּאָליטישע געשיכטס־שרייבער, וואָלט דאָס ניט געלאָזען אויפ'ן פאָלק קיין שום רושם; אַקעגען־אַבער וועט דער רושם זיין א טיפער, ווען זי וועט אַלץ שילדערען אין פּאָעטישע פאַרבען און עס מייחס זיין צו גאָט, ווי זי טוט עס געוויינליך.

ווען די ביבעל דערציילט, אַז די ערד איז אומפרוכטבאַר מחמת די מענשליכע זינד, אָדער אַז בלינדע זיינען דורך זייער גלויבען גע־

היילט געוואָרען, דאַרף דאָס אונז ניט מער איבערראַשען, ווי ווען זי דערציילט, אַז גאָט צאָרנט און איז באַטריבט איבער די מענשליכע זינד, אַז ער האָט חרטה אויף דאָס גוטע, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, אָדער געטאָן, אַז דער אַנבליק פון עפּעס א צייכען דערמאָנט אים אַן א צוזאָג, וואָס ער האָט געגעבען, און נאָך פיל אַנדערע אַזוינע באַ־הויפּטונגען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אויף א פּאָעטישען שטייגער, אָדער דערציילט אין הסכם מיט די מיינונגען און פאָראורטיילען פון דעם שרייבער.

מיר קאָנען, אַלזוי, באַהויפּטען מיט זיכערקייט, אַז אַלץ, וואָס די ביבעל דערציילט וועגען דעם, ווי וועגען א זאַך, וואָס איז באמת גע־שעען, האָט, ווי אַלע אַנדערע זאַכען, געמוזט געשעען אין הסכם מיט די געזעצען פון דער נאַטור. און אויב מען געפינט אין דער ביבעל עפּעס א געשעעניש, וואָס מען קאָן אויף אַן אַנטשיידענדיגען אופן באַווייזען, אַז זי איז סותר די געזעצען פון דער נאַטור, אָדער אַז זי קאָן ניט אויסגעפירט ווערען פון די דאָזיגע געזעצען, מוז מען אומבאַדינגט אַננעמען, אַז דאָס איז צוגעגעבען געוואָרען צו דער הייליגער שריפט מיט לעסטערענדיגע הענט, ווייל אַלץ, וואָס איז קעגען דער נאַטור, איז קעגען דעם שכל, און וואָס עס איז קעגען דעם שכל, איז אומזיניג און ממילא דאַרף עס פאַרוואָרפען ווערען.

עס בלייבט מיר איצט מער ניט איבער, ווי נאָר צו מאַכען א פּאָר באַמערקונגען וועגען דער אויסטייטשונג פון די נסים, אָדער גיכער צו ווידערהוילען זיי, ווייל דאָס וויכטיגסטע איז שוין געזאָגט געוואָרען, און באַלייכטען זיי מיט איינעם אָדער צוויי ביישפּילען, וואָס איך האָב דאָס צוגעזאָגט צו באַהאַנדלען, אַלס דעם פערטען פּונקט. איך וויל דאָס טון, בכדי קיינער זאָל דורך א פאַלשער אויסטייטשונג פון עפּעס א וואונדער ניט קאָנען מאַכען קיין איבערגעאיילטע הנחה, אַז ער האָט געפונען אין דער ביבעל עפּעס אַזוינס, וואָס איז להיפוך דעם נאַטירליכען שכל.

עס טרעפט זייער זעלטען, אַז מענשען זאָלען איבערגעבען א גע־שעעניש אַזוי איינפאַך, ווי זי האָט געטראָפען, און ניט צומישען צו זייער דערציילונג עפּעס פון זייער אייגענער אויפפאַסונג. נאָך מער, ווער זיי זעען אָדער הערען עפּעס נייעס, זיינען זיי דאָס רוב אַזוי פאַר־

נומען מיט זייערע פון פריער געשאפענע מיינונגען, אויב נאר זיי זיי־
נען ניט אויף דער וואך קעגען דעם, אז דאס, וואס זיי זעען אדער
הערען דערציילען נעמט אן אין זייער קאפ א גאנץ אנדער געשטאלט,
בפרט נאך, ווען דאס, וואס עס האט פאסירט, איז העכער פון דעם
דערציילער׳ס אדער צוהערער׳ס השגה, און נאך מער, ווען זיי אליין
זיינען פאראינטערעסירט, אז די זאך זאל פאסירען אויף א געוויסען
שטייגער. דערפון נעמט זיך עס, וואס אין זייערע כראניקעס און גע־
שיכטעס דערציילען די מענשען מער זייערע אייגענע מיינונגען, איידער
די אמתע פאסירונגען; וואס איין־און־דערזעלביגער פאקט ווערט אזוי
פארשיידען דערציילט פון צוויי מענשען מיט פארשיידענע מיינונגען,
אז עס זעט אויס, ווי זיי וואלטען גאר גערעדט פון צוויי באזונדערע
פאסירונגען; און לסוף, וואס עס איז אפט גאנץ לייכט צו דערקענען
פון די געשיכטעס אליין די מיינונגען פון דעם כראניק־ און געשיכט־
שרייבער. כדי דאס צו באשטעטיגען, וואלט איך געקאנט ברענגען פיל
ביישפילען סיי פון פילאזאפען, וואס האבען געשריבען איבער דער
נאטור־געשיכטע, סיי פון כראניקשרייבער. אבער איך האלט דאס פאר
איבעריג און וועל, דעריבער, ברענגען ניט מער, ווי איין איינציגען
ביישפיל פון דער ביבלישער געשיכטע, און לאזען דאס איבעריגע צום
לעזער׳ס אייגענעם אורטייל.

אין יהושע׳ס צייטען האבען די העברעער (ווי מיר האבען דאס
שוין באמערקט) געגלויבט, נאכן ביישפיל פון דעם המון עם, אז די זון
באוועגט זיך, ווי מען זאגט, אין איר טעגליכען לויף און אז די ערד
שטייט שטיל. צו דער דאזיגער פון פריער אנגענומענער מיינונג הא־
בען זיי צוגעפאסט דעם נס, וואס עס איז זיי געשעען, בעת זיי האבען
מלחמה געהאלטען מיט די פינף מלכים. זיי האבען ניט דערציילט
בלויז, אז יענער טאג איז געווען לענגער פון יעדען געוויינליכען טאג,
נאר אז די זון אין די לבנה זיינען געשטאנען שטיל, אדער אויפגע־
הערט צו באוועגען זיך. אט־די דערציילונג האט זיי אין יענער צייט
געקאנט פיל דינען צו איבערצייגען די היידען, וועלכע האבען פאר־
ערט די זון, און זיי באווייזען דורך דער ערפארונג גופא, אז די זון
שטייט אונטער דער מאכט פון אן אנדער גאטהייט, וואס קאן זי צווינ־
גען צו ענדערען איר נאטירליכע ארדענונג. אויף אזא אופן האבען די
העברעער, טיילווייז מחמת רעליגיעזע מאטיוועו, טיילווייז מחמת זיי־

ערע פון פריער אַנגענומענע מיינונגען, אויפגעפּאַסט און דערציילט די זאַך גאַנץ אַנדערש, ווי זי איז אין דער אמתען פאַרגעקומען.

כדי צו דערקלערען די נסים פון דער ביבעל און צו פאַרשטיין פון דעם, וואָס עס ווערט וועגען זיי דערציילט, ווי אַזוי זיי זיינען באמת געשעען, מוז מען, אַלזוי, וויסען די מיינונגען פון די, וואָס האָבען די ערשטע דערציילט וועגען זיי, און אויך די מיינונגען פון די, וואָס האָבען זיי אונז איבערגעלאָזען אין שריפט, און אָפּשיידען אָט־די מיינונגען פון דעם, וואָס די דערציילער האָבען געקאָנט אויפנעמען מיט זייערע חושים, אַניט וועלען מיר פאַרמישען די מיינונגען און די אורטיילען פון די כראָניק־שרייבער מיטן נס גופא, ווי ער איז אויף אַן אמתען געשעען. און ניט נאָר צוליב דעם אליין איז וויכטיג צו קענען די מיינונגען פון די דערציילער, נאָר אויך צוליב דעם, אַז מיר זאָלען ניט פאַרמישען אמתע געשעענישען מיט זאַכען, וואָס זיינען געבווירען געוואָרען אין דעם כח־ההדמיון און געווען ניט מער, ווי נביאישע זעאונגען.

פיל זאַכען ווערען טאַקע דערציילט אין דער ביבעל, ווי אמתע זאַכען, און זיי ווערען אויך פון אַלעמען געהאַלטען פאַר אַזוינע, בעת אין דער אמתען זיינען זיי געווען ניט מער, ווי זאַכען איינגעבילדעטע, ווי למשל דאָס, אַז גאָט (דער העכסטער וועזען!) האָט אַראָפּגענידערט פון הימעל (זע ש מ ו ת, קאַפּ. י"ט, פּסוק 18, און ד ב ר י ם, קאַפּ. ה', פּסוק 28), אַז דער באַרג סיני האָט זיך געראויכערט, ווייל גאָט איז אויף אים אַראָפּגעקומען, איינגעהילט אין פלאַמען; אָדער אַז אליהו איז אין אַ פייערדיגען רייטוואָגען מיט פייערדיגע פערד ארויף אויפן הימעל. דאָס אַלץ זיינען זיכער געווען ניט מער, ווי פאַרשטעלונגען, צוגעפּאַסט צו די מיינונגען פון די, וואָס האָבען זיי אונז איבערגעגעבען אַזוי, ווי זיי האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט, ד. ה. ווי אמתע זאַכען. ווייל יעדער איינער, וואָס דענקט נאָר אַביסעל העכער פון דעם המון עם, ווייס, אַז גאָט האָט ניט קיין רעכטע און ניט קיין לינקע האַנט, אַז ניט ער באַוועגט זיך און ניט ער רוט, אַז ער געפינט זיך ניט אויף עפּעס אַ באַשטימטען פּלאַץ, נאָר ער איז אַבסאָלוט אומענדליך און שליסט איין אין זיך יעדער השלמה. דאָס, זאָג איך, ווייסען אַלע, וואָס שאַפען זייער אורטייל וועגען זאַכען לויט די באַגריפען פון דעם ריינעם פאַרשטאַנד און ניט לויט די איינדריקען, וואָס דער

כח־הדמיון באקומט זיי פון די אויסערע חושים, ווי דאָס טוט געוויינ־ליך דער המון עם, וועלכער שטעלט זיך, דעריבער, פאַר גאָט אין אַ קערפּערליכער געשטאַלט, ווי אַ קעניגליכען מאַכטהאַבער, וואָס זיין טראָן געפינט זיך אויפן הימעלגעוועלב, איבער די שטערען, וועלכע זיינען, ווי דער המון עם גלויבט, גאַרנישט ווייט פון דער ערד. צו אַט־אַזוינע און ענליכע מיינונגען ווערען עס, ווי שוין געזאָגט, צוגעפּאַסט די מערסטע דערציילונגען פון דער ביבעל, און דעריבער דאַרפען פי־לאָזאָפען ניט אָננעמען זיי פאַר אמתע געשעענישען.

און לסוף, כדי צו פאַרשטיין די נסים אַזוי, ווי זיי זיינען באמת געשעען, איז אויך וויכטיג צו קענען די רעדאַרטען און די בילדליכע אויסדריקען פון די העברעער. דער, וואָס וועט ניט שענקען דערצו גענוג אויפמערקזאַמקייט, וועט זען אין דער ביבעל פיל וואונדער דאָרט, וואו די ביבלישע דערציילער האָבען אפילו ניט געחלומט צו דערציי־לען דאָס, ווי וואונדער, און וועט ניט נאָר אויפפאַסען די געשעענישען און די נסים אַנדערש, ווי זיי זיינען באמת פאָרגעקומען, נאָר ער וועט נאָך אינגאַנצען שלעכט פאַרשטיין די מיינונג פון די מחברים פון די הייליגע שריפטען.

זכריה, למשל, רעדענדיג וועגען אַ צוקונפטיגער מלחמה, רופט אויס אַזוי (קאַפּ. י״ד, פסוק 7): „עס וועט זיין איין איינציגער טאָג, וואָס וועט זיין באַוואוסט צו גאָט אליין; עס וועט זיין ניט טאָג און ניט נאַכט, אָבער צו אָווענט־צייט וועט זיין ליכט“. עס זעט אויס, ווי ער וואָלט מיט די דאָזיגע ווערטער פאָראויסגעזאָגט אַ גרויסען נס, בעת אין דער אמתען וויל ער דערמיט זאָגען ניט מער, ווי דאָס, אַז דעם גאַנצען טאָג וועט די שלאַכט זיין צווייפעלהאַפטיג און איר אויסגאַנג וועט זיין באַוואוסט צו גאָט אליין, אָבער צו אָווענט צו וועלען זיי אַרויס די זיגער; ווייל מיט אַזוינע פראַזען פלעגען די נביאים געוויינ־ליך פאָראויסזאָגען און באַשרייבען די נצחונות און מפּלות פון די פעלקער.

דאָסזעלבינע זעען מיר אויך אין ישעיה, וועלכער שילדערט די צעשטערונג פון בבל אַזוי (קאַפּ. י״ג, פסוק 10): „ווייל די שטערען פון הימעל און זייערע מיטשטערען וועלען ניט לייכטען מיט זייער ליכט, די זון וועט פאַרטונקעלט ווערען ביי איר אויפגאַנג און די לבנה וועט ניט אויסשטראַלען דעם גלאַנץ פון איר ליכט“. קיינער גלויבט

דאַך זיכער ניט, אַז די דאָזיגע ערשיינונגען זיינען באמת פאַרגעקומען ביי דער צעשטערונג פון בבל, ווי אויך ניט אין דעם, וואָס דער נביא גיט צו אביסעל ווייטער: „דערפאַר וועל איך מאַכען דעם הימעל ציטערען און די ערד וועט געריררט ווערען פון איר פּלאַץ". אויך אין קאַפּ. מ"ח, פּסוק 21, וואו ישעיה וויל אַנזאָגען די יידען, אַז זיי וועלען בשלום זיך אומקערען צוריק פון בבל קיין ירושלים און וועלען אין וועג ניט ליידען פון דאָרשט, זאָגט ער אַזוי: „און זיי האָבען ניט געליטען קיין דאָרשט, ער האָט זיי געפירט דורך די וויסטענישען, ער האָט פאַר זיי געלאָזט פליסען וואַסער פון די פעלזען; ער האָט געשפּאָלטען דעם שטיין און דאָס וואַסער האָט אַרויסגעשלאָגען". מיט די דאָזיגע ווערטער, זאָג איך, וויל ישעיה זאָגען ניט מער, ווי דאָס, אַז די יידען וועלען געפינען אין דער וויסטעניש, ווי דאָס קומט אָפט פאָר, קוואַלען וואַסער, וואו זיי וועלען שטילען זייער דאָרשט. אין דער אמתען, ווען זיי האָבען זיך אומגעקערט מיט כורש'עס הסכמה צוריק קיין ירושלים איז זיי, ווי דאָס איז באַוואוסט, ניט געשעען קיין שום וואונדער פון אַט־דעם מין.

עס זיינען אין דער הייליגער שריפט פאַרהאַן נאָך פיל אַזוינע שטעלען, וואָס זיינען ביי די יידען געווען ניט מער, ווי געוויינליכע רעדאַרטען. עס איז ניט נויטיג אָפּצושטעלען זיך דאָ אויף זיי באריכות.

איך וויל אָבער בכלל באַמערקען דאָ נאָר איין זאַך, און דאָס איז, אַז די העברעער האָבען געהאַט די טבע ניט נאָר צו פאַרשענערען מיט אַזוינע רעדאַרטען זייערע דערציילונגען, נאָר דער עיקר אויסצודריקען זיך אַזוי מחמת זייער פרומקייט. אויף דעם סמך ווערט אין דער הייליגער שריפט געזאָגט „ב ע נ ט ש ע ן גאָט" אנשטאָט „פלוכען" (זע מ ל כ י ם א, קאַפּ. כ"א, פּסוק 10, און א י ו ב, קאַפּ. ב', פּסוק 9). און אויף דעמזעלביגען סמך האָבען די העברעער אַלצדינג מייחס געווען צו גאָט. מחמת דעם זעט עס אויס, ווי די ביבעל וואָלט דערציילט וועגען נסים אפילו דאַן, ווען זי רעדט וועגען די נאַטירליכסטע זאַכען. איך האָב אויבען שוין געבראַכט עטליכע ביישפּילען דערפון. ווען די ביבעל זאָגט, אַז גאָט האָט האַרט געמאַכט פרעה'ס האַרץ, דאַרף מען, דעריבער, פאַרשטיין, אַז זי מיינט דערמיט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר דאָס, אַז פרעה איז געווען פאַרעקשנט. און ווען זי זאָגט, אַז גאָט האָט געעפענט די פענסטער פון הימעל, וויל זי

דערמיט גאַנץ פּשוט זאָגן, אַז עס האָט שטאַרק גערעגנט, און אַז. וו.

ווען מיר וועלן דאָס האַבן אין זינען און דערצו נאָך באַמער־קען, אַז פיל זאַכן ווערן דערציילט אין דער ביבעל גאַנץ קורץ, אָן שום נעבענאומשטענדן, און כמעט אויף אַ צעדרייטן שטייגער, וועלן מיר זען, אַז עס איז קוים צו געפינען דאָרט עפּעס אַזוינס, וואָס מען זאָל קאָנען באַווייזן, אַז עס איז סותר דעם נאַטירליכן שכל. אדרבה, פיל זאַכן, וואָס זעען אויס צו זיין גאַנץ טונקעל, קאָנען נאָך אַביסעל נאָכדענקען פאַרשטאַנען און לייכט דערקלערט ווערן.

איך רעכען, אַז איך האָב דערמיט גענוג קלאָר באַוויזען דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט באַווייזן. אָבער איידער איך וועל ענדיגען דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל, וויל איך דאָ נאָך אָנווייזן אויף איין זאַך, און דאָס איז, אַז איך האָב ביי דער באַהאַנדלונג פון די וואונדער אָנגע־נומען אַ גאַנץ אַנדער מעטאָד, ווי ביי דער באַהאַנדלונג פון נבואה.

מכח נבואה האָב איך ניט באַהויפּטעט קיין שום זאַך, וואָס זאָל ניט קאָנען אויסגעפירט ווערן פון די גרונדלערעס, אַנטפּלעקטע אין דער הייליגער שריפט, בעת אין אַט־דעם קאַפּיטעל האָב איך אויסגע־פירט מיינע הויפּט־אַרגומענטען בלויז פון די גרונדזאַצען, וואָס ווערן אונז באַוואוסט דורך דעם נאַטירליכן שכל.

און דאָס איז אַזוי געטאָן געוואָרען ניט אָן אַ ציל. ניט זייענדיג ביכולת עפּעס צו באַהויפּטען וועגען נבואה, ווייל זי איבערשטייגט דאָס מענשליכע וויסען און איז אַ ריין־טעאָלאָגישע פראַגע; נאָך מער, ניט זייענדיג ביכולת צו וויסען, אין וואָס זי באַשטייט, ווי נאָר דורך די אַנטפּלעקטע גרונדלערעס, בין איך, אַלזוי, געווען געצוואונגען צו־זאַמענצושטעלען אַ געשיכטע פון נבואה און צו מאַכען דערפון געוויסע אויספירען, וואָס זאָלען מיר לערנען, אויף ווי וויט דאָס איז מעגליך, די נאַטור פון נבואה און אירע אייגענשאַפטען.

אָבער דאָ, ביי די וואונדער, האַנדעלט זיך דאָך וועגען אַ ריין־פילאָזאָפישער פראַגע, — און דאָס איז, צי מיר קאָנען צוגעבען, אַז עס טרעפט אין דער נאַטור עפּעס אַזוינס, וואָס איז סותר אירע געזעצען, אָדער קאָן פון זיי ניט אויסגעפירט ווערן, — און איך האָב זיך אין אַזאַ מעטאָד ניט גענויטיגט. איך האָב געהאַלטען פאַר פּאַסיגער אויפ־צואוויקלען די דאָזיגע פראַגע, לויט די גרונדזאַצען, וואָס ווערן אונז אויף אַ זיכערען אופן באַוואוסט דורך דעם נאַטירליכן שכל. איך זאָג,

אז איך האב דאס געהאלטען פאר פאסיגער, ווייל איך וואלט דאך די דאזיגע פראגע געקאנט לייכט לייזען בלויז לויט די דאגמעס און די גרונדלעגעס פון דער ביבעל. און כדי דאס זאל זיין קלאר פאר יעדען איינעם, וועל איך דאס איצט ווייזען אין עטליכע ווערטער.

אין אייניגע שטעלען מאכט די ביבעל אן אלגעמיינע באהויפטונג וועגען דער נאטור, אז זי היט אויף א פעסטען און אומפארענדערליכען סדר; למשל, אין ת ה ל י ם, קאפ. קמ"ח, פסוק 6, און אין י ר מ י ה, קאפ. ל"א, פסוקים 35 און 36. אויך דער פילאזאף לערנט אויפן קלערסטען אופן אין זיין ק ה ל ת, קאפ. א', פסוק 10, אז קיין שום נייס קומט ניט פאר אין דער נאטור, און אין פסוקים 11 און 12 איז ער מוסיף, דערקלערענדיג דאס נאר־וואס געזאגטע, אז הגם עס טרעפט אמאל עפעס אזוינס, וואס עס זעט אויס צו זיין נייס, איז עס אבער אין דער אמתען ניט נייס, נאר עס איז שוין געוועזען אין די פריי־ערדיגע יארהונדערטער, וואס עס איז פון זיי ניט פארבליבען קיין שום אנדענק. ווייל ווי ער אליין זאגט עס, די מענשען פון היינט האבען ניט קיין שום געדעכעניש וועגען די מענשען פון אמאל, און די צוקונפטיגע דורות וועלען ניט האבען קיין אנדענק פון די מענשען פון היינט. אין קאפ. ג', פסוק 11, זאגט ער ווייטער, אז גאט האט יעדער זאך ריכטיג געאָרדענט צו איר צייט, און אין פסוק 14 זאגט ער, ער ווייס, אז אלץ, וואס גאט האט געמאכט, וועט פארבלייבען אין דער אייביגקייט, אז קיין זאך קאן דערצו ניט געמוסיפט און קיין זאך דערפון ניט גענומי־גערט ווערען.

דאס אלץ ווייזט אויפן קלערסטען אופן, אז די נאטור היט אויף א פעסטען און אומפארענדערליכע אָרדענונג; אז גאט איז געוועזען איין־און־דערזעלביגער אין אלע באקאנטע און אומבאקאנטע יארהונדער־טער; אז די געזעצען פון דער נאטור זיינען אזוי פולקאם און פרוכט־באר, אז קיין זאך קאן צו זיי ניט געמוסיפט און קיין זאך פון זיי ניט געמינערט ווערען; און לסוף, אז די וואונדער זעען אויס צו זיין נייע נאר מחמת דער מענשליכער אומוויסענקייט.

דאס ווערט, אלזוי, אויסדריקליך געלערנט אין דער ביבעל, אבער עס ווערט דארט אין ערגעץ ניט געזאגט, אז עס געשיט אין דער נא־טור עפעס אזוינס, וואס איז סותר אירע געזעצען אדער קאן פון זיי

ניט אויסגעפירט ווערען; און דעריבער דאַרף מען ניט צושרייבען דער ביבעל אַזוינע לערעס.

גיט נאָך צו דעם צו, אַז די וואונדער פאָדערען אורזאַכען און נעבענאומשטענדען, ווי מיר האָבען דאָס שוין אויפגעוויזען, און אַז זיי פאַלגען ניט פון מי יודע וואָסער קיניגליכער מאַכט, וואָס דער המון עם איז זי מייחס צו גאָט, נאָר פון דער געטליכער מאַכט און דעם געטליכען באַשלוס, ד. ה. (ווי מיר האָבען דאָס געוויזען פון דער ביבעל גופא) פון די געזעצען פון דער נאַטור און פון איר אָרדענונג; און לסוף, אַז וואונדער קאָנען געמאַן ווערען אויך פון פאַלשע נביאים, ווי דאָס איז צו זען פון **דברים, קאַפּ. י"ג און פון מתי, קאַפּ. 24, פסוק 24.**

דאָס אַלץ ווייזט אויפן קלערסטען אופן, אַז די וואונדער זיינען געווען נאַטירליכע פאַסירונגען. און דעריבער דאַרף מען זיי דערקלערען אַזוי, אַז זיי זאָלען ניט אויסזען ניי, צו באַנוצען זיך מיט שלמה׳ס ווערטער, און ניט להיפוך דער נאַטור, נאָר, ווי ווייט מעגליך, ווי זאַכען, וואָס זיינען אין פולען הסכם מיט נאַטירליכע פאַסירונגען. און כדי יעדער איינער זאָל קאָנען דערקלערען די וואונדער אויף אַט־אַזאַ שטייגער, האָב איך געגעבען אייניגע כללים, וואָס איך האָב זיי אַרויסגענומען פון דער הייליגער שריפט.

הגם איך זאָג, אַז די ביבעל לערנט אַט־די אַלע זאַכען, פאַרשטייט איך פונדעסטוועגען ניט אונטער דעם, אַז זי לערנט זיי, ווי פאַרשריפטען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער גליקזעליגקייט, נאָר בלויז אַז די נביאים האָבען אויפגעפאַסט די וואונדער פונקט אַזוי, ווי מיר. און דעריבער איז יעדער איינער פריי צו דענקען וועגען אַט־דעם ענין אַזוי, ווי ער האַלט עס פאַר בעסער און פאַסיגער אויף צו פאַרערען גאָט און צו זיין מיט אַ ריין האַרץ איבערגעגעבען דער רעליגיע. דאָס איז אויך די מיינונג פון יוסיפוס, וועלכער שרייבט צום שלום פון צווייטען בוך פון זיינע „אַלטערטימליכקייטען" אַזוי: „זאָל קיינער זיך ניט אָפּזאָגען צו גלויבען אין דעם וואָרט **וואונדער**, ווען עלטערע און וואוילמיינענדיגע מענשען גלויבען, אַז דער וועג פון רעטונג איז געגאַנגען דורכן ים, צי דאָס איז געשעען דורך גאָט׳ס ווילען, אָדער פון זיך אַליין. דער פאַמפּילישער ים האָט זיך אויך איינמאָל פונאַנדערגעטיילט צו מאַכען אַ וועג פאַר די סאָלדאַטען פון אַלכסנדר, דעם קי־

ניג פון מאַצעדאָניע, ווען קיין אנדער וועג איז פאַר זיי ניט געווען. און גאָט האָט געוואָלט דורך אים פאַרניכטען די מלוכה פון די פּערזער. דאָס באַשטעטיגען אלע, וואָס האָבען באַשריבען די מעשים פון אלקסנדר מוקדון. זאָל דריבער יעדער איינער דענקען וועגען דעם, ווי אים געפעלט".

אַט־דאָס זיינען די ווערטער פון יוסיפוס און זיין מיינונג וועגען דעם גלויבען אין וואונדער.

---

## קאַפּיטעל זיבען.

### וועגען דער דערקלערונג פון דער ביבעל.

מען קאָן הערען פון יעדען איינעמס מויל, אז די היילינע שריפט איז דאָס וואָרט פון גאָט, וואָס לערנט די מענשען די עכטע גליקזעליגקייט, אדער דעם וועג פון הצלחה, בעת אין דער אמתען דענקען די מענשען גאַנץ אנדערש איבער דעם; ווייל פאַר קיין זאַך זאָרגט ניט דער המון אזוי וועניג, ווי פאַר דעם לעבען אין הסכם מיט די פאַרשריפטען פון דער ביבעל, און מיר זעען, אז דאָס רוב מענשען גיבען באַרימעריש אַז זייערע אייגענע פּרושים פאַר גאָט'ס וואָרט און טוען אלץ, וואָס זיי קאָנען, צו צווינגען, אונטער דער מאַסקע פון רעליגיע, אנדערע מענשען צו דענקען אזוי, ווי זיי. מיר זעען, זאָג איך, אז די טעאָלאָגען זאָרגען מערסטענטייל נאָר פאַר דעם, ווי אזוי אַרויסצודרינגען מיט געוואַלט פון דער היילינער שריפט זייערע אייגענע אויסטראַכטונגען און פאַנטאַזיעס און זיי באַפעסטיגען מיט דער געטליכער אויטאָריטעט. ביי קיין זאַך ווייזען זיי ניט אַרויס אזוי וועניג געוויסען און אזוי פיל חוצפה, ווי ביי דער דערקלערונג פון דער ביבעל, אדער די געדאַנקען פון דעם היילינען גייסט. און אויב עפּעס באַאומרואיגט זיי אמאָל, איז עס ניט די מורא צוצושרייבען צום היילינען גייסט עפּעס א טעות און אָפּצואווייכען פון דעם וועג פון רעטונג, נאָר

די מורא צו ווערען פון אנדערע באשולדיגט אין א טעות און אזוי ארום אונטערגראבען זייער אויטאריטעט און ארויסרופען צו זיך פאר־אכטונג.

ווען די מענשען וואלטען אויפריכטיג געגלויבט אין דעם, וואס זיי באווייזען מיט די ווערטער פון דער ביבעל, וואלטען זיי זיכער געפירט א גאנץ אנדער לעבען. זייער גייסט וואלט ניט אויפגערעגט געווארען פון אזוי פיל שטרייטען, זיי וואלטען ניט באקעמפט איינע די אנדערע מיט אזא פארביטערטען האס; זיי וואלטען ניט באהערשט געווארען פון אט־דעם בלינדען ניט־באזונענעם חשק צו טייטשען די הייליגע שריפט און אויסצוטראכטען נייקייטען אין דער רעליגיע; זיי וואלטען ניט געוואגט צו אנערקענען פאר ביבליש א לערע, וואס זיי וואלטען זי ניט געקאנט קלאר אויספירען פון דער ביבעל גופא; און, לסוף, וואלטען אט־די גאטלעסטערער, וואס האבען זיך געווינט אפגע־שראקען צו פעלשען אין פיל שטעלען די ביבעל, זיך אויסגעהיט פון אזא גרויס פארברעכען און אפגעהאלטען דערפון זייערע לעסטערענדיגע הענט.

אבער כבוד־זוכעניש און געוויסענלאזיגקייט האבען באקומען אזא שליטה, אז רעליגיע הייסט ניט אזוי דאס געהארכען די פארשריפטען פון דעם הייליגען גייסט, ווי דאס פארטיידיגען די מענשליכע אויס־טייטשונגען; די רעליגיע איז אזוי ארום מער ניט איינס מיט ליבע צו מענשען, נאר מיט פארשפרייטען מחלוקותען צווישען זיי און מיט זייען פארביטערטע שנאה, פארשטעלט אונטערן פאלשען נאמען פון קנאת ה׳ און רעליגיעזען ברען. צו אט־די איבלען קומט נאך צו דער אבערגלויבען, וואס לערנט די מענשען צו פאראכטען דעם שכל און די נאטור און צו באוואונדערען און פארערען דאס, וואס איז ווידער־שפרעכיג צו אט־דיביידע. איז עס דען א חידוש, וואס מענשען שטרע־בען אויסצוטייטשען די ביבעל, כדי צו קאנען זי בעסער באוואונדערען און פארערען, אויף אזא אופן, אז עס זאל אויסזען, ווי זי וואלט ווי וויט מעגליך סותר געווען דעם שכל און דער נאטור? מחמת דעם־זעלבינען טעם טרוימען זיי, אז די טיפסטע סודות זיינען פארבארגען אין דער הייליגער שריפט און זיי שטרענגען אן אלע זייערע כחות צו דערגרונטעווען אט־דעם אומזין, פארנאכלעסענדיג דערביי אלע, וואס

עס איז ניצליך. אט־די אלע קראנקהאפטיגע פארשטעלונגען זייערע שרייבען זיי צו דעם הייליגען גייסט און פארטיידיגען זיי מיטן גרעס־טען אייפער און ליידענשאפטליכקייט. ווייל עס איז אין דער טבע פון דעם מענשען צו פארטיידיגען מיטן שכל דאס, וואס ער באגרייפט מיטן ריינעם שכל, און צו פארטיידיגען מיט ליידענשאפט דאס, וואס ער קומט דערצו דורך ליידענשאפט.

כדי מיר זאלען ווערען לויז פון דעם דאזיגען ווירוואר און באַ־פרייען אונזער גייסט פון די טעאלאגישע פאראורטיילען, כדי מיר זאלען נים אננעמען לייכטזיניג מענשליכע אויסטראכטונגען פאר געט־ליכע לערעס, מוזען מיר באהאנדלען דעם אמתען מעטאד צו דערקלע־רען די ביבעל און זיך גרינדליך אפשטעלען דערויף. ווייל אויב מיר האבען נים קיין קלארע ידיעה אין אט־דעם מעטאד, קאנען מיר גאר נים וויסען מיט זיכערקייט, וואס אזוינס די ביבעל אדער דער הייליג־גער גייסט ווילען לערנען.

כדי צו געבען איצט אין עטליכע ווערטער א באגריף וועגען דעם, זאג איך, אז דער מעטאד צו דערקלערען די ביבעל אונטערשיידט זיך מיט קיין זאך נישט פון דעם מעטאד צו דערקלערען די נאטור, נאר איז אין פולען הסכם מיט אים

באמת, פונקט ווי דער מעטאד צו דערקלערען די נאטור באַ־שטייט דער עיקר אין צוזאמענשטעלען א נאטור־געשיכטע, פון וועל־כער מיר פירען אויס, ווי פון זיכערע אקסיאמען, די דעפיניציעס פון נאטור־ערשיינונגען, אזוי איז נויטיג פאר דער ביבעל־דערקלערונג אויסצואַרבעטען אן עכטע געשיכטע פון דער ביבעל און אויסצופירען דערפון, ווי פון זיכערע אקסיאמען און גרונד־כללים, דורך א ריכטיגער שלום־ציאונג די מיינונג פון אירע מחברים. אויף אזא אופן וועט יעדער איינער אלע מאל מאכען פארטשריט, אויב נאר ער וועט נים צולאזען צו דער דערקלערונג פון דער ביבעל און ביי דער באהאנדלונג פון איר אינהאלט קיין שום אנדערע גרונד־כללים, ווי נאר די, וואס ווערען גענומען פון דער ביבעל גופא און פון איר געשיכטע, און ער וועט קאנען אן דער געפאר צו טועה זיין זיך, באהאנדלען מיט אלצ־איינער זיכערקייט סיי זאכען, וואס זיינען העכער פון אונזער השגה.

אַזוי אויך זאַכען, וואָס מיר באַנעמען זיי דורך דעם נאַטירליכען ליכט פון שכל.

כדי אָבער עס זאָל קלאָר באַוויזען ווערען, אַז אָט דער מעטאָד איז ניט נאָר אַ זיכערער, נאָר אויך דער איינציגער, און אַז ער איז אין הסכם מיט דעם מעטאָד, וואָס ווערט באַנוצט צו דערקלערען די נאַטור, מוז איך באַמערקען, אַז די ביבעל באַהאַנדעלט זייער אָפט זאַכען, וועלכע קאָנען נישט אויסגעפירט ווערען פון די גרונד־כללים, וואָס מיר באַנעמען זיי מיט דער הילף פון דעם נאַטירליכען שכל, ווייל די ביבעל באַשטייט דאָך צום גרעסטען טייל פון מעשיות און אַנט־פּלעקונגען. די מעשיות אָבער אַנטהאַלטען דער עיקר וואונדער, ד. ה. (ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל) דערציי־לונגען וועגען אויסערגעוועהנליכע פּאַסירונגען אין דער נאַטור, צוגע־פּאַסט צו די מיינונגען און אורטיילען פון די געשיכטשרייבער, וואָס האָבען זיי איבערגעגעבען. פּונקט אַזוי זיינען אויך די אַנטפּלעקונגען צוגעפּאַסט צו די מיינונגען פון די נביאים, ווי מיר האָבען דאָס געווי־זען אין 2טען קאַפּיטעל, און זיינען באמת העכער פון דער מענשליכער השגה. און דעריבער מוזען די ידיעות וועגען אָט־די אַלע זאַכען, ד. ה. כמעט וועגען אַלץ, וואָס די ביבעל אַנטהאַלט, געשעפּט ווערען נאָר פון דער ביבעל אַליין, פּונקט אַזוי ווי די ידיעות וועגען די נאַטור דאַרפען געשעפּט ווערען נאָר פון דער נאַטור אַליין.

וואָס איז שייך די מאָראַלישע לערער, וואָס געפינען זיך אויך אין דער ביבעל, קאָנען זיי אוודאי אויסגעפירט ווערען פון אַלגעמיינע אמתען; עס קאָן אָבער ניט באַוויזען ווערען דורך די דאָזיגע אמתען, אַז די ביבעל לערנט יענע מאָראַלישע לערעס, — דאָס קאָן באַוויזען ווערען נאָר דורך דער ביבעל אַליין. נאָך מער, אויב מיר ווילען אויפ־ווייזען אָן פאָראורטייל די געטליכקייט פון דער ביבעל, דאַרף די בי־בעל אַליין אונז איבערצייגען אין דעם, אַז זי לערנט אמתע מאָראַלישע פאָרשריפטען, ווייל נאָר אַזוי אַרום קאָן איר געטליכקייט אויפגעוויזען ווערען. האָבען מיר דען, באמת, נישט געוויזען אויבען, אַז די זי־כערקייט פון די נביאים האָט זיך דער עיקר גענומען דערפון, וואָס זייער נשמה האָט געהאַט אַ נטיה צו דעם, וואָס גוט איז און גערעכט? און אויך מיר מוזען אין דעם זיין איבערגעצייגט, כדי מיר זאָלען קאָ־

נען האבען גלויבען אין זיי. מיר האבען אויך אויפגעוויזען אויבען. אז נסים קאָנען אונז נישט איבערציינען אין דער געטליכקייט פון גאָט, שוין אוועקגעקוקט דערפון, וואָס אויך די פאַלשע נביאים האָ־בען געקאָנט טון וואונדער. די געטליכקייט פון דער ביבעל דאַרף, דעריבער, באוויזען ווערען נאָר דורך דעם, וואָס זי לערנט די עכטע טוגענד.

די ביבעל איז אימשטאַנד צו געבען אונז דעם דאָזיגען באַווייז. ווען זי וואָלט דאָס ניט געקאָנט טון, וואָלטען מיר אַנדערש ניט גע־קאָנט אַננעמען די ביבעל און אויפווייזען איר געטליכקייט, סיידען מיר וואָלטען באַהערשט געוואָרען פון געוואָלטיגע פאַראורטיילען.

אונזער גאַנץ וויסען וועגען דער ביבעל מוז, אַלזוי, געשעפּט ווע־רען נאָר פון איר אַליין.

די ביבעל, לסוף, פּונקט אַזוי ווי די נאַטור, גיט אונז ניט קיין דעפיניציעס פון די זאַכען, פון וועלכע זי רעדט. און דעריבער מוזען מיר אויספירען די דעפיניציעס פון די ביבלישע ענינים נאָר פון די פאַרשיידענע דערציילונגען, וואָס מיר טרעפען זיי אין דער ביבעל איבער איין־און־דעמזעלבינגען ענין, פּונקט אַזוי ווי מיר מוזען אויס־פירען די דעפיניציעס פון די נאַטור־קרעפטען נאָר פון די פאַרשיידענע ערשיינונגען אין דער נאַטור.

דער הויפּט־כּלל פון דער ביבעל־דערקלערונג איז, אַלזוי, נישט צו־צושרייבען דער ביבעל קיין שום לערע, וואָס לאָזט זיך נישט אויספי־רען קלאָר און דייטליך פון איר איינענער געשיכטע.

איך וועל איצט דערקלערען, וואָס אַזוינס עס דאַרף זיין די גע־שיכטע פון דער ביבעל און וואָס אַזוינס זי מוז דער עיקר אַנטהאַלטען.

1. די געשיכטע פון דער ביבעל דאַרף באַלייכטען די נאַטור און די איינענשאַפטען פון דער שפּראַך, אין וועלכער עס זיינען גע־שריבען געוואָרען די ביבלישע שריפטען און אויף וועלכער זייערע מחברים זיינען געוועזען געוואוינט צו רעדען. אַזוי אַרום וועלען מיר נאָך דעם אַלגעמיינעם געברויך פון דער שפּראַך קאָנען אויסגעפינען יעדען מעגליכען זין פון אַ רעדע. אור אַזוי ווי אַלע שרייבער סיי פון דעם אַלטען, סיי פון דעם נייעם טעסטאַמענט זיינען געווען העברעער, בכן איז עס קודם כּל זיכער נויטיג צו האבען אַ געשיכטע פון דער

העברעאישער שפּראַך, ניט נאָר כדי מיר זאָלן קאָנען פאַרשטיין דעם אַלטן טעסטאַמענט, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין דער דאָזיגער שפּראַך, נאָר אויך דעם נייעם, ווייל הגם די ביכער פון דעם נייעם טעסטאַמענט זיינען פאַרעפנטליכט אין אַנדערע שפּראַכן, זיינען זיי אָבער פול מיט העבראַאיזמען.

2 — די געשיכטע פון דער ביבעל דאַרף זאַמלען די שפּריכן פון יעדן בוך און זיי גרופּירן אונטער רובריקן, כדי מיר זאָלן קאָנען האָבן אונטער דער האַנט אַלץ, וואָס עס ווערט געזאָגט וועגן איין־און־דעמזעלביקן ענין. זי דאַרף, ווידער, פאַרצייכענען אַלע צווייטייטיגע און טונקעלע שטעלן, אַזוי אויך די שטעלן, וואָס זעען אויס סותר צו זיין איינס ס'אַנדערע. טונקעלע אָדער קלאָרע רוף איך דאָ אָן יענע שפּריכן, וואָס זייער זין לאָזט זיך שווער אָדער לייכט פאַרשטיין, לויטן צוזאַמענהאַנג פון דער רעדע, ווייל עס האַנדעלט זיך דאָ נאָר וועגן דעם זין פון אַ רעדע און ניט וועגן איר אינעווייניקסטן אמת. נאָך מער, מיר מוזן באַזונדערס זיין אָפּגעהיט, כל זמן מיר זוכן בלויז דעם זין פון דער ביבעל, נישט צו לאָזן זיך באַאיינפלוסן פון אונזער אַרט זען, אויף ווי ווייט זי איז באַגרינדעט אויף די גרונד־כללים פון דער נאַטירליכער דערקענטעניש (שוין אָפּגערעדט פון פאָר־אורטיילן). כדי אָבער מיר זאָלן נישט פאַרמישן דעם אמת'ן זין פון אַ שטעל אין דער ביבעל מיט דעם אמת פון איר אינהאַלט, מוזן מיר אויספאָרשן אָט־דעם זין נאָך דעם באַטייט פון די ווערטער אָדער על פּי שכל, וואָס דאָס דערלאָזט אָבער נישט קיין שום אַנדער יסוד, ווי נאָר די ביבעל אַליין.

כדי דאָס זאָל קלערער פאַרשטאַנען ווערן, וועל איך דאָ ברענגען אַ ביישפּיל: משה'ס ווערטער, אַז „גאָט איז אַ פייער" און „גאָט איז אייפערדיק" זיינען גאַנץ קלאָר, כל זמן מיר ווילן וויסן בלויז דעם באַטייט פון אָט־די ווערטער. און מחמת דעם רעכען איך זיי צו צו די קלאָרע שטעלן, כאָטש בנוגע דעם אמת און דעם שכל זיינען זיי זייער טונקעל. נאָך מער, הגם דער בוכשטעבליכער זין פון אָט־די ווערטער איז סותר דעם נאַטירליכן שכל, מוז ער פונדעסטוועגן דערהאַלטן ווערן, אויב נאָר ער איז נישט דורכאויס סותר די גרונד־כללים און די יסודות, וואָס ווערן גענומען פון דער געשיכטע פון דער ביבעל. און פאַרקערט, די דאָזיגע שטעלן וואָלטן געמוזט דערקלערט ווערן אויף

אן אנדער אופן, ד. ה. מעטאפאריש, ווען עס וואלט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי זיינען אין זייער בוכשטאבליכען זין סותר די גרונד־כללים, וואס ווערען גענומען פון דער ביבעל, ווען אפילו זיי זאלען זיין אין פולען הסכם מיטן שכל.

כדי מיר זאלען וויסען, צי משה האט געגלויבט, אז גאט איז א פייער, אדער ניט, דארפען מיר באין אופן נישט ציען קיין שלום דערפון, וואס די דאזיגע מיינונג שטימט מיטן שכל, אדער ווידערשפרעכט אים, נאר פון אנדערע מיינונגען משה'ס אליין. און אזוי ווי משה לערנט קלאר אין פיל שטעלען, אז גאט האט ניט קיין שום ענליכקייט מיט אנזיכטיגע זאכען, וואס זיינען אויפן הימעל, אויף דער ערד, אדער אין וואסער, בכן מוז מען דא מאכען דעם אויספיר, אז אט־די איינע שטעל, אדער די אלע אנדערע שטעלען דארפען דערקלערט ווערען מעטאפאריש. היות אבער מען דארף וואס ווייניגער אפווייכען פון דעם בוכשטאבליכען זין, בכן מוזען מיר קודם כל אונטערזוכען, צי דער דאזיגער איינציגער אויסדרוק "גאט איז א פייער" דערלאזט ניט קיין אנדער זין, ווי נאר אט־דעם בוכשטאבליכען, ד. ה. צי דאס ווארט פייער באטייט ניט נאך אן אנדער זאך, א חוץ דעם נאטירליכען פייער. און אויב מען געפינט נישט אויס פון דעם שפראכען־געברויך, אז דאס דאזיגע ווארט זאל האבען אן אנדער באטייט, אזוי קאן אט־דער אויסדרוק אנדערש נישט אויסגעטייטשט ווערען, אויב אפילו ער איז סותר דעם שכל; און פארקערט, אלע אנדערע אויסדריקען, ווען אפילו זיי שטימען מיטן שכל, דארפען געבראכט ווערען אין איינקלאנג מיט אים. אויב אבער דאס לעצטע לאזט זיך נישט אויספירען אויך פון דעם שפראכען־געברויך, הייסט דאס, אז איין אויסדרוק קאן נישט פאראייניגט ווערען מיטן אנדערן און מען מוז זיך אפהאלטען פון אן אורטייל איבער דעם דאזיגען ענין.

היות אבער דאס ווארט פייער ווערט אויך באנוצט צו באצייכענען צארן און אייפערזוכט (זע איוב, קאפ. ל"א, פסוק 12), בכן לאזען זיך אט־די אויסדריקען משה'ס גאנץ גוט פאראייניגען צווישען זיך און מיר קאנען מיט רעכט אננעמען, אז ביידע אויסדריקען "גאט איז א פייער" און "גאט איז אייפערדיג" באטייטען איין־און־דיזעלביגע זאך.

היות, ווידער, משה לערנט קלאָר, אז גאָט איז אייפערדיג און היות
ער ווייזט אין קיין פלאַץ נישט, אז גאָט זאָל זיין פריי פון לײדענשאַפ־
טען און נשמה־באַוועגונג, בכן קאָנען מיר דורכאויס אָננעמען, אז משה
האָט אין דעם געגלויבט, אָדער, וועניגסטענס, אז ער האָט עס געוואָלט
לערנען, ווי דאָס זאָל, לויט אונזער מיינונג, ניט סותר זיין דעם שכל,
ווייל עס איז דאָך אונז ניט דערלויבט, ווי מיר האָבען דאָס שוין געהאַט
אויפגעוויזען, צו פאַרדרייען דעם זין פון די ביכער אין הסכם מיט די
אָנווייזונגען פון אונזער שכל און אונזערע פון פריער אָנגענומענע מיי־
נונגען; דאָס גאַנצע וויסען וועגען די ביכער פון דער ביבעל דאַרף גענו־
מען ווערען נאָר פון זיי אַליין.

3 — צולעצט דאַרף די געשיכטע פון דער ביבעל איבערגעבען די
אומשטענדען בנוגע אַלע ביכער פון די נביאים, וואָס זייער אָנדענק איז
אויפגעהיט צווישען אונז . זי דאַרף דערציילען וועגען דעם לעבען, די
זיטען און דער באַשעפטיגונג פון דעם מחבר פון יעדען בוך, ווער ער
איז געווען, ביי וועלכער געלעגענהייט, אין וועלכער צייט, פאַר וועמען
און, לסוף, אין וועלכער שפּראַך ער האָט געשריבען. זי דאַרף ווייט׳ער
דערציילען וועגען דעם שיקזאַל פון יעדען בוך באַזונדער, ד. ה. ווי אַזוי
עס איז צוערשט דערהאַלטען געוואָרען און אין וועלכע הענט עס איז
אַריינגעפאַלען; און ווייטער, וויפיל פאַרשיידענע נסחאות עס
זיינען דערפון געמאַכט געוואָרען און וועלכע פאַרזאַמלונג האָט באַשלאָ־
סען אַריינצונעמען עס צווישען די הייליגע ביכער; און לסוף, ווי אַזוי
אַלע ביכער, וואָס ווערען פון אַלעמען אָנערקענט פאַר הייליגע, זיינען
פאַראייניגט געוואָרען אין איין גאַנצע זאַך. אָט־די אַלע פרטים, זאָג
איך, מוז אַנטהאַלטען א געשיכטע פון דער ביבעל, ווייל כדי צו וויסען,
וועלכע זאַצען דאַרפען אויפגעשטעלט ווערען, ווי געזעצען, און וועלכע
— ווי מאָראַלישע לערעס, מוז מען קענען דאָס לעבען, די זיטען און
די באַשעפטיגונג פון דעם מחבר. דערצו קומט נאָך צו דער אומשטאַנד,
וואָס מיר קענען פיל לייכטער דערקלערען די ווערטער פון א מענשען,
ווען מיר זיינען גענויער באַקאַנט מיט זיין גייסט און כאַראַקטער.

כדי מיר זאָלען ווידער ניט צוזאַמענמישען די אייביגע פאַר־
שריפטען מיט אַזוינע, וואָס האָבען געקאָנט האָבען א ווערט נאָר פאַר
א געוויסע צייט, אָדער נאָר פאַר איינצעלנע מענשען, מוז מען אויך
וויסען ביי וועלכער געלעגענהייט, אין וועלכער צייט און פאַר וועלכען

פאָלק, אָדער וועלכער עפּאָכע די דאָזיגע פאַרשריפטען זיינען געשריבען געוואָרען.

צולעצט מוז מען אויך וויסען די אנדערע פונקטען, וואָס איך האָב דערויף אָנגעוויזען, כדי מיר זאָלען אויסער דער עכטקייט פון יעדען בוך נאָך אויסגעפינען, צי עס האָט געקאָנט פאַרדאָרבען ווערען דורך די הענט פון א פעלשער, אָדער ניט, צי עס האָבען זיך דאָרט אריינגע־כאַפּט טעותען און צי זיי זיינען אויסגעבעסערט געוואָרען פון ערפאַרענע און פאַרטרויענסווערטע מענשען. דאָס אַלץ איז העכסט־וויכטיג צו וויסען, כדי מיר זאָלען נישט אננעמען מיט בלינדער התפעלות אַלץ, וואָס ווערט אויף אונז ארויפגעצוואונגען, נאָר בלויז דאָס, וואָס איז זיכער און אומצווייפעלהאַפטיג.

ערשט ווען מיר וועלען האָבען אזאַ געשיכטע פון דער ביבעל און וועלען זיין פעסט אנטשלאָסען צו באַטראַכטען פאַר אומצווייפעלהאַפ־טיג־נביאישע לערעס נאָר דאָס, וואָס פאָלגט פון דער דאָזיגער געשיכטע, אָדער לאָזט זיך אויפן קלערסטען אופן אויספירען פון איר, ערשט דאַן וועט זיין די צייט צוצוגרייטען זיך צו דער אויספאָרשונג פון דעם זין פון די נביאים און פון דעם הייליגען גייסט. אויך דאָ פאָדערט זיך א מעטאָד און א סדר, ענליך צו די, וואָס מיר האָבען אָנגעווענדט פאַר דער דערקלערונג פון דער נאַטור דורך איר אייגענער געשיכטע.

ביי דער אויספאָרשונג פון די נאַטור־ערשיינונגען מיען מיר זיך קודם כל צו דערגרונטעווען די גאָר אוניווערסאַלע זאַכען, וואָס זיינען געמיינשאַפטליך דער גאַנצער נאַטור, ווי באַוועגונג און רו מיט זייערע געזעצען און כללים, וואָס די נאַטור היט זיי שטענדיג אָפּ און וואָס דורך זיי ווירקט זי אומאונטערבראָכען; דורך זייער הילף גייען מיר בהדרגה איבער צו אנדערע ווייניגער אַלגעמיינע זאַכען. פונקט אזוי מוז מען דורך דער געשיכטע פון דער ביבעל צוערשט אויספאָרשען דאָס אוניווערסאַלע, דעם יסוד און דער אונטערגרונד פון דער גאַנצער ביבעל און צולעצט דאָס, וואָס ווערט דאָרט פון אַלע נביאים רעקאָמענדירט פאַר דער אייביגער לערע, דער ניצליכסטער פאַר אַלע מענשען, ווי למשל, אז עס איז פאַרהאַן איין־איינציגער און אַלמעכטיגער גאָט, אז נאָר אים אליין דאַרף מען פאַרערען; אז ער זאָרגט פאַר אַלע וועזענס און האָט באַזונדערס ליב די, וואָס פאַרערען אים און ליבען זייערע נאָענטסטע אזוי ווי זיך אליין, און אַז. וו.

די דאָזיגע און ענליכע פאַרשריפטען לערנט, זאָג איך, די ביבעל אומעטום אזוי קלאָר און אזוי דייטליך, אז קיין שום מענש האָט בנוגע דעם קיינמאָל נישט געצווייפעלט אין איר זין. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער די פראַגעס — וואָס אזוינס איז גאָט, ווי אזוי זעט ער אַלע זאכען און ווי אזוי ברייט ער אוים איבער זיי זיין השגחה? — אָט־די און ענליכע פראַגעס לערנט נישט די ביבעל אויסדריקליך און ווי אַן אייביגען אמת. פאַרקערט, די נביאים אליין האָבען, ווי מיר האָבען דאָס שוין געוויזען אויבען, אויך ניט געשטימט צווישען זיך איבער אָט־דעם ענין. און מהאי טעמא דאַרף פון אזאַ מאַטעריאַל נישט אויפגעשטעלט ווערען קיין לערע פון דעם הייליגען גייסט, ווען אפילו מען קאָן מיט דעם נאַטירליכען שכל זיך שאַפען גאַנץ גוט אַ מיינונג איבער דעם.

נאָכדעם ווי די דאָזיגע אוניווערסאַלע לערע פון דער ביבעל איז געהעריג אויסגעפאָרשט, קאָן מען איבערגיין צו אַנדערע ווייניגער אַלגעמיינע זאכען, וואָס האָבען אָבער אַ שייכות צום געוויינליכען לעבענס־שטייגער און פליסען, ווי שטראָמלאָך, ארוים פון יענער אוניווערסאַלער לערע. דערצו געהערען אַלע באַזונדערע אויסערליכע האַנדלונגען פון דער עכטער טוגענד, וועלכע קאָן ארויסגעוויזען ווערען נאָר ביי געוויסע געלעגענהייטען. דאָס טונקעלע אָדער צווייטייטיגע, וואָס מען געפינט אין דער ביבעל בנוגע אָט די זאכען, דאַרף ערקלערט און באַשטימט ווערען דורך איר אוניווערסאַלער לערע. אויב מען טרעפט דערביי איינינע זאַכען, וואָס זיינען סותר איינע די אַנדערע, דאַרף מען אויסגעפינען, ביי וועלכער געלעגענהייט, אין וועלכער צייט און פאַר וועמען די דאָזיגע שטעלען זיינען געשריבען געוואָרען.

למשל, ווען ישו זאָגט: „גליקליך זיינען די, וואָס וויינען, ווייל זיי וועלען באַקומען אַ טרייסט", ווייסען מיר נאָך נישט פון אָט־די ווערטער אליין, וועלכע באַטריבטע ער האָט אין זינען. אזוי ווי ער לערנט אָבער שפּעטער, אז מיר זאָלען פאַר קיין שום אַנדער זאַך נישט זאָרגען, ווי נאָר פאַר מלכות שמים און איר גערעכטיגקייט, וואָס ער רעקאָמענדירט עס, ווי דאָס העכסט־גוטע פאַר אונז (זע מתי, קאַפּ. 4, פסוק 33), בכן איז דערפון געדרונגען, אז אונטער די וואָס וויינען, האָט ישו פאַרשטאַנען בלויז די, וואָס וויינען איבער דעם, וואָס די מענשען האָבען פאַרנאַכלעסיגט דאָס הימעלרייך און די גערעכטיגקייט; ווייל איבער דעם קאָנען וויינען נאָר אזוינע מענשען, וואָס ליבען בלויז

דאָס געטליכע רייך, ד. ה. די טוגענד, און פאַראַכטען פולשטענדיג אַלע אַנדערע גימער.

דאָס אייגענע איז אויך, ווען ישו זאָגט: "אויב איינער שלאָגט דיך אין דער רעכטער באַק, שטעל אויך אָן די לינקע און אַז. וו." ווען ישו וואָלט אָזוינע כללים פאַרגעשריבען די ריכטער, ווי אַ געזעצגעבער, וואָלט ער מיט אָט־דער פאַרשריפט צעשטערט דאָס מאָזאַאישע געזעץ, בעת ער זאָגט זיך דייטליך אַרויס קעגען דעם (זע מ ת י, קאַפּ. 5, פּסוק 17). מען האָרף, דעריבער, אויספאָרשען, ווער עס איז די פּערזאָן, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט אָט־די ווערטער, צו וועמען און אין וועלכער צייט זיי זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרען.

ישו האָט גערעדט ניט, ווי אַ געזעצגעבער, וואָס האָט אַרויסגע־געבען געזעצען, נאָר ווי אַ לערער, וואָס האָט געלערנט פאַרשריפטען; ווייל ער האָט, ווי מיר האָבען דאָס אויבען אויפגעוויזען, געוואָלט אויס־בעסערען ניט אָזוי די אויסערע האַנדלונגען, ווי דאָס האַרץ גופא. ווייטער האָט ישו געוועגדט די דאָזיגע רייד צו אונטערגעדריקטע מענ־שען, וואָס האָבען געלעבט אין אַ פאַרדאָרבענע שטאָט, וואו די גערעכ־טיגקייט איז אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען און וואָס ער האָט פאָראויסגעזעהען זיין באַלדיגען אונטערגאַנג. און מיר זעען, אַז דאָס אייגענע, וואָס ישו לערנט דאָ אין דער צייט פון חורבן ירושלים, האָט אויך ירמיה געלערנט אַרום דער צייט פון ערשטען חורבן, ד. ה. אין אַן ענליכער עפּאָכע (זע א י כ ה, קאַפּ. ג׳ אותיות ט׳ און י׳).

אַלזוי, היות די נביאים האָבען דאָס געלערנט נאָר אין אַ צייט פון אונטערדריקונג און קיינמאָל נישט פאַרגעשריבען עס, ווי געזעצען; און היות, משה, וועלכער האָט נישט געשריבען אין אַ צייט פון אונטערדרי־קונג, נאָר האָט זיך געמיט (מערקט דאָס!) צו גרינדען אַ רעכטען שטאָאַט, האָט, פאַרקערט, פאַרזאָגט צו נעמען אַן אויג פאַר אַן אויג, הגם אויך ער האָט פאַרדאַמט נקמה און שנאה קעגען דעם נאָענטען, בכן איז געדרונגען אויפן קלערסטען אופן פון די גרונדלערעס פון דער ביבעל גופא, אַז אָט־די פאַרשריפטען ישו׳ס און ירמיה׳ס מכח פאַרגעבען אַן אומרעכט און נאָכגעבען אין אַלצדינג די שלעכטע, קאָנען פּראַקטי־צירט ווערען נאָר אין די לענדער, וואו די גערעכטיגקייט איז פאַרנאַכ־לעסיגט, און אין צייטען פון אונטערדריקונג, אָבער באַין אופן נישט אין אַ גוט־איינגעאָרדנעטען שטאָט. פאַרקערט, אין אַ גוט־איינגעאָרדנעטען

שטאַט, וואו די גערעכטיגקייט ווערט געשיצט, איז יעדער בירגער, אויב ער וויל נאָר זיך באַנעמען, ווי אַ מענש פון יושר, מחוייב פאַרצוברעכ־גען פאַרן ריכטער דאָס אומרעכט, וואָס עס איז אים געטאָן געוואָרען (זע ויקרא, קאַפּ. ה', פּסוק 1), נישט מחמת נקמה (זע ויקרא, קאַפּ. י"ט, פּסוקים 17 און 18), נאָר מיט דער כונה צו פאַרטיידיגען די גערעכטיגקייט און די געזעצען פון פאָטערלאַנד, און נישט צו העלפען די שלעכטע אין זייער שלעכטיגקייט. דאָס אַלץ איז אין פולען הסכם מיט דעם נאַטירליכען שכל.

איך וואָלט דאָ געקאָנט ברענגען נאָך פיל אַזוינע ביישפּילען. איך רעכען אָבער, אַז אַט־די אַליין זיינען גאַנץ גענוג צו דערקלערען מיין געדאַנק און די ניצליכקייט פון דעם אָנגעגעבענעם מעטאָד, און דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס איך האָב איצט אין זינען.

ביז אַהער האָבען מיר געלערנט צו אונטערזוכען נאָר אַזוינע שטע־לען פון דער ביבעל, וואָס זיינען נוגע דעם לעבענסשטייגער און קאָנען, דעריבער, לייכטער פאַרשטאַנען ווערען; ווייל אין דעם פּרט איז צווישען די ביבלישע שריפטשטעלער באמת קיינמאָל נישט געווען קיין סתירה. אַקעגען־אָבער קאָנען די אַנדערע שטעלען, וואָס מען טרעפט זיי אין דער ביבעל און וואָס זיי געהערען צו דעם ריין־ספּעקולאַטיווען מין, נישט אַזוי גרינג פאַרשטאַנען ווערען: דער וועג צו זיי איז אַן ענגערער.

אין דער אמתען, אַזוי ווי די נביאים, ווי מיר האָבען דאָס שוין אויפגעוויזען, האָבען געהאַט פאַרשיידענע מיינונגען בנוגע ספּעקולאַ־טיווע ענינים און אַזוי ווי די געשעעענישען זיינען דערציילט געוואָרען אין הסכם מיט די פאָראורטיילען פון דער צייט, בכן קאָנען מיר גאָר־נישט דערקלערען דעם געדאַנק פון אַ נביא דורך די מער קלאָרע שטע־לען פון אַן אַנדער נביא און אויך נישט מאַכען דערפון קיין אויספיר, סיידען עס איז פעסטגעשטעלט, אַז זיי האָבען ביידע געהאַט איין־און־דיזעלביגע מיינונג. איך וועל דאָ אין קורצען קלאָר מאַכען, ווי אַזוי מען קאָן אין אַזוינע פעלען אויסגעפינען דעם געדאַנק פון די נביאים דורך דער געשיכטע פון דער ביבעל.

אויך דאָ דאַרף מען אָנהויבען מיט די אַלגעמיינסטע אידעען און קודם כל אונטערזוכען דורך די דייטליכסטע גרונדזאַצען פון דער ביבעל, וואָס אַזוינס עס איז נבואה, אָדער אַנטפּלעקונג, און אין וואָס

זי באַשטייט הויפּטזאַכליך; ווייטער דאַרף מען אונטערזוכען, וואָס אַזוינס עס איז אַ נס, און אַזוי ווייטער, ביז די סאַמע געוויינליכע זאַכען. פון דאַנען דאַרף מען זיך אַרונטערלאָזען צו די מיינונגען פון יעדען נביא באַזונדער, און פון אַט־די מיינונגען, ווידער, גיין ווייטער, כדי אויסצוגעפינען דעם זין פון יעדער אַנטפּלעקונג, אָדער נבואה, דעם זין פון יעדער מעשה און פון יעדען נס. ווי פאַרזיכטיג מען מוז זיין, כדי מען זאָל דאָ נישט פאַרבייטען דעם געדאַנק פון די נביאים און פון די געשיכטשרייבער מיטן געדאַנק פון דעם הייליגען גייסט און מיט דעם אמת פון דער זאַך, — דאָס האָב איך שוין געוויזען אויבען, אויף דעם פאַסיגען פּלאַץ, דורך פיל ביישפּילען, און איך האַלט, דעריבער, פאַר איבעריג צו רעדען דאָ נאָך מער וועגען דעם דאָזיגען ענין. איין זאַך דאַרף מען פונדעסטוועגען דאָ באַמערקען וועגן דעם זין פון די אַנט־פּלעקונגען, און דאָס איז, אַז דער דאָזיגער מעטאָד לערנט צו אונטער־זוכען נאָר דאָס, וואָס די נביאים האָבען באמת געזעען, אָדער געהערט, און נישט דאָס, וואָס זיי האָבען געוואָלט פאַרצייכענען, אָדער פאַר־שטעלען מיט זייערע סימבאָלען. דאָס לעצטע קאָנען מיר נאָר טרעפען, אָבער ניט אויספירען עס מיט זיכערקייט פון דער ביבעל גופא.

מיר האָבען אַלזוי, געוויזען דעם אופן, ווי אַזוי צו דערקלערען די ביבעל, און אין דערזעלביגער צייט אויך אויפגעוויזען, אַז דאָס איז דער איינציגער און זיכערסטער וועג אויסצוגעפינען איר עכטען זין. איך גיב, אמת, צו, אַז נאָך מער זיכער אין דעם פּרט זיינען די, — אויב נאָר אַזוינע זיינען פאַרהאַן, — וואָס האָבען באַקומען פון די נביאים גופא אַ זיכערע מסורה, אָדער אַן אמתע דערקלערונג, ווי עס פּרעטענ־דירען דערויף די פּרושים, אָדער די, וואָס האָבען אַ פּריסטער, וועלכער קאָן זיך נישט טועה זיין בנוגע דער דערקלערונג פון דער ביבעל, ווי עס באַרימען זיך דערמיט די רוימישע קאַטאָליקען. היות אָבער מיר קאָנען נישט זיין זיכער ניט אין אַט־דער מסורה און ניט אין דער אויטאָריטעט פון דעם רוימישען פּויפּסט, בכן קאָנען מיר אויף אַט־די באַהויפּטונגען קיין שום זיכערע זאַך נישט בויען: די עלטסטע קריסטען האָבען אָפּגעלייקענט אַט־די מסורה פון די פּרושים און די עלטסטע אידישע סעקטעס האָבען אָפּגעלייקענט אַט־די אויטאָריטעט פון דעם פּויפּסט. אויב מיר װעלען, ווידער, נעמען אין אַכט די דריי יאָרען (ניט רעדענדיג שוין וועגען אַנדערע זאַכען), וואָס די פּרושים האָבען זי באַ־

קומען פון זייערע רבנים און וואס דורך איר ברייטען זיי אויס די האזיגע מסורה ביז משה'ן, וועלען מיר געפינען, אז זי איז פאלש, וואס דאס וועל איך ווייזען אויף אן אנדער פלאץ.

אזא מסורה מוז אונז, דעריבער, זיין זייער פארדעכטיגט. און הגם מיר זיינען ביי אונזער מעטאד געצוואונגען אנצונעמען פאר ניט־גע־פעלשט א געוויסע מסורה פון די אידען, און דאס איז, דעם פירוש המלות פון דער העברעאישער שפראך, וואס מיר האבען זי באקומען פון זיי, זיינען מיר פונדעסטוועגען בארעכטיגט מסופק צו זיין אין דער ערשטער מסורה און אננעמען אט־די לעצטע, ווייל עס האט קיינמאל נישט געקאנט זיין פאר עמיצען ניצליך איבערצואנדערשען דעם באַ־טייט פון א ווארט, אבער נישט זעלטען ווערט אזוינס געטאן מיטן זין פון א רעדע. נאך מער, עס איז אויסערגעוויינליך שווער צו ענדערן דעם באטייט פון א ווארט, ווייל דער, וואס וואלט זיך געמיט דאס צו טון, וואלט אין דערזעלביגער צייט געוועזען געצוואונגען צו דערקלערען אלע מחברים, וואס האבען געשריבען אין יענער שפראך און באנוצט אט־דאס ווארט אין זיין אנגענומענער באטייטונג, לויט דעם גייסט און זין פון יעדען איינעם באזונדער, אדער אויסצופירען זיין פעלשונג בלויז מיט דער גרעסטער אויסגעהיטקייט. ווייטער ווערט די שפראך דערהאלטען נישט נאר פון די געלערנטע, נאר אויך פון פשוטען פאלק, בעת אבער די ביכער און דער זין פון די רעדעס ווערען דערהאלטען נאר פון די געלערנטע אליין. דערפון לאזט זיך עס לייכט פארשטיין, אז די געלערנטע האבען געקאנט ענדערען, אדער פארהארבען דעם זין פון א רעדע אין וועלכען־עס־איז זעלטענעם בוך, וואס זיי האבען עס געהאט אין זייער רשות אבער ניט דעם באטייט פון די ווערטער. גיט נאך צו דעם צו, אז ווען עמיצער וויל פארבייטען דעם באטייט פון א ווארט, צו וועלכען ער איז צוגעוואוינט, אויף אן אנדערן, וועט ער נישט קאָ־נען אן שוועריקייט שטענדיג אפהיטען אט־די ענדערונג אין ריידען און אין שרייבען.

דורך אט־דעם און נאך אנדערע גרונדען דארפען מיר, אלזוי, איינ־זעען, אז עס קאן קיינעם נישט איינפאלען צו פעלשען א שפראך, הגם אפטמאל ווערט דאס געטאן מיטן געדאנק פון א שרייבער דורך ענדערען זיינע רעדעס, אדער דורך אויסטייטשען זיי אויף א פארקערטען שטייגער.

און אַזוי ווי אונזער מעטאָד, וואָס איז באַגרינדעט אויף דעם פּונקט, אַז דאָס וויסען פון דער ביבעל דאַרף געשעפּט ווערען נאָר פון איר אליין, איז דער איינציג־ריכטיגער, וועלען מיר מוזען אינגאַנצען אויפגעבען די האָפענונג צו פאַרשטיין גוט די ביבעל דאָרט, וואו אָט־דער מעטאָד וועט אונז נישט קאָנען באַזאָרגען מיט דעם נויטיגען מאַטעריאַל. וועלכע שוועריגקייטען שטעלט אָבער פאָר מיט זיך דער דאָזיגער מעטאָד, אָדער אין אַנדערע ווערטער, וואָס פעלט אים, ער זאָל אונז קאָנען פירען צו אַ פולשטענדיגער און זיכערער פאַרשטענדע־ניש פון די הייליגע שריפטען? וועגען דעם וועל איך איצט רעדען.

א גרויסע שוועריגקייט פון דעם דאָזיגען מעטאָד ווערט הויפּט־זאַכליך ארויסגעוואַקסען דערפון, וואָס ער פאָדערט אַ גרינדליכע קענ־טעניש פון דער העברעאישער שפּראַך. אָבער פון וואַנען זאָלען מיר דאָס באַקומען? די אַלטע העברעאישע לינגוויסטען האָבען קיין זאַך נישט איבערגעלאָזט די נאָכקומענדיגע דורות וועגען די יסודות און דער לערע פון דער דאָזיגער שפּראַך; ווענינגסטענס האָבען מיר פון זיי קיין זאַך נישט: נישט קיין ווערטערבוך, נישט קיין גראַמאַטיק און נישט קיין רע־טאָריק. דאָס העברעאישע פאָלק האָט פאַרלוירען אַלץ, וואָס עס איז געווען זיין צירונג און הערליכקייט, און דאָס איז גאַרנישט קיין חידוש נאָך אַזוי פיל מפּלות און רדיפות, וואָס עס האָט געליטען. עס האָט דערהאַלטען בלויז שטיקלעך פון זיין שפּראַך און אַ קליינע צאָל ביכער. כמעט אַלע נעמען פון פירות, פייגעל, פיש און פון פיל אַנדערע זאַכען זיינען פאַרלוירען געגאַנגען דורך די שלעכטע צייטען. דער באַ־טייט, ווידער, פון פיל נעמען און ווערטער, וואָס מען טרעפט זיי אין דער ביבעל, איז טיילווייז אינגאַנצען נישט באַוואוסט און טיילווייז אַזוי צווייפעלהאַפטיג, אַז עס רופט ארויס חלוקי דעות. און נישט נאָר דאָס אליין פעלט אונז, נאָר דער עיקר די פראַזעאָלאָגיע פון דער דאָזיגער שפּראַך, ווייל די רעדאַרטען און אויסדריקען, וואָס זיינען געווען אייגענטימליך דעם העברעאישען פאָלק, האָט די צעשטערענדיגע מאַכט פון דער צייט כמעט אינגאַנצען אָפּגעווישט פון דער געדעכעניש פון מענשען. מיר וועלען, דעריבער, נישט קאָנען, ווי שטאַרק מיר זאָלען דאָס נישט וועלען, אַלע מאָל געפינען די פאַרשיידענע באַטייטען, וואָס יעדער רעדע קאָן האָבען, לויט דעם שפּראַך־געברויך, און מיר וועלען טרעפען פיל דערציילונגען, וואָס זייער זין וועט פאַרבלייבען טונקעל

און אומפארשטענדליך, הגם אויסגעדריקט מיט גענוי־בעקאנטע ווער־טער.

צו די דאזיגע סיבות, וואס שטערען אונז צו האבען א פולשטענ־דיגע געשיכטע פון דער העברעאישער שפראך, קומט נאך צו דאס גע־בוי גופא און די נאטור פון דער דאזיגער שפראך, וואס דערפון קומען ארויס אזוי פיל צווייטייטיגקייטען, אז עס איז גאר אוממעגליך צו געפינען א מעטאד*), וואס זאל אונז לערנען אויסצוגעפינען מיט זיכערקייט דעם אמתען זין פון אלע רעדעס אין דער ביבעל. ווייל א חוץ די סיבות פון צווייטייטיגקייט, וואס זיינען געמיינשאפטליך צו אלע שפראכען, זיינען אין אט־דער שפראך פארהאן נאך געוויסע אנדערע סיבות. איך האלט פאר ניצליך דא אנצואווייזען אויף זיי:

1 — די ערשטע סיבה פון צווייטייטיגקייט און טונקעלקייט פון די רעדעס אין דער ביבעל נעמט זיך אפט דערפון, וואס די אותיות פון איין־און־דעמזעלביגען שפראך־ארגאן ווערען פארביטען איינע אויף די אנדערע.

די העברעער טיילען, נעמליך, איין דעם גאנצען אלף־בית אין פינף קלאסען, לויט די פינף ארגאנען פון מויל, וואס דינען פאר דער אויס־שפראך, און דאס איז: די ליפען, די צונג, די ציין, דער גומען און די קעל. למשל, די אותיות א ח ע ה ווערען אנגערופען וואקאלען און ווערען אן יעדען אונטערשייד, — מיר, ווייניגסטענס, איז אזא זאך ניט באַ־קאנט, — גענוצט איינער אנשטאט דעם אנדערן. אזוי ווערט דאס ווארט „אל“, וואס באטייט „צו“, אפטמאל באנוצט אנשטאט „על“, וואס באטייט „איבער“, און פארקערט. דערפון נעמט זיך עס, וואס אלע טיילען פון א רעדע ווערען אפטמאל אדער צווייטייטיג, אדער ווי ווערטער, וואס האבען נישט קיין שום זין.

2 — די צווייטע סיבה פון צווייטייטיגקייט אין די רעדעס נעמט זיך פון דעם פילפאכיגען באטייט פון די בינדווערטער און נעבענ־ווערטער.

למשל, דער אות „ו“ ווערט אן אונטערשייד באנוצט דא צו באַ־צייכענען פארבינדונג, דא פונאנדערטיילונג: עס באַ־

*) פאר אונז, ווייניגסטענס, וואס מיר זיינען נישט געוואוינט צו דער דאזיגער שפראך און וואס אונז פעלט איר פראזעאלאגיע. — אנמערקונג פון מחבר.

טיט: „און", „אבער", „ווייל", „דאך", „דאן". פונקט אזוי האט דאס וואָרט „כי" זיבען אָדער אכט באַטייטען, און דאס איז: „ווייל", „כאטש", „אויב", „ווען", „ווי", „דען", „פארברענונג" און אז. וו. און אזוי איז עס כמעט מיט אלע פּאַרטיקעלען.

3 — דרי דריטע סיבה און א קוואל פון פיל צווייטייטיגקייטען איז דאס, וואס דעם פועל פעלט אין אינדיקאטיוו דער הוה, דאס פרעטע־ריום אימפערפעקטום, דאס פלוס־קוואם־פערפעקטום, דאס פוטורום־פערפעקטום און פיל אנדערע צייטפארמען, וואס ווערען פיל געברויכט אין אנדערע שפראכען. אין דעם אימפעראטיוו און אינפיניטיוו פעלען אלע צייטען, אויסער דעם הוה, פאר דעם קאָניוקטיוו פעלען אינגאנצען אלע צייטפארמען, און הגם אַט־די אלע אויספעלענדיגע פארמען פון צייט און מאָדוס וואלטען געקאנט לייכט און אפילו מיט פיל פיינקייט דערפילט ווערען דורך געוויסע פון די יסודות פון דער שפראך אויסגע־פירטע כללים, האבען אבער די עלטסטע שרייבער זיי אינגנאצען פאר־נאכלעסיגט און גענוצט אַן אונטערשייד דעם עתיד פאר דעם הוה און דעם עבר, און דעם עבר — פאר דעם עתיד, און דעם אינדיקאטיוו — פאר דעם אימפעראטיוו און דעם קאָניונקטיוו, וואס מחמת דעם אנט־האלטען זייערע רעדעס פיל צווייטייטיגקייטען.

אויסער אַט־די דריי סיבות פון צווייטייטיגקייט אין דער העברע־אישער שפּראך, הארף מען דא זיך אפשטעלען נאך אויף צוויי אנדערע, וואס יעדערע פון זיי האט נאך א פיל גרעסערען באטייט.

1 — די ערשטע סיבה באשטייט אין דעם, וואס די העברעער הא־בען נישט קיין אותיות פאר וואקאלען.

2 — די צווייטע סיבה באשטייט אין דעם, וואס זיי האבען גע־האט די טבע נישט אפצוטיילען מיט קיין שום צייכענס די טיילען פון די זאצען און נים אויסצודריקען אדער אנצוטייטען עס אויף וואסער־עס־איז אנדער שטייגער. און הגם אַט־די צוויי זאכען, די וואקאַ־ל'ען און צייכענס, ווערען געוועגליך פארביטען מיט פינטע־לעך און טראפ־צייכענס, קאנען מיר פונדעסטוועגען אויף זיי זיך נישט פארלאזען, ווייל זיי זיינען אין א פיל שפּעטערער צייט אויסגעפונען און איינגעפירט געווארען פון מענשען, וואס מיר קאנען זייער אויטאָ־ריטעט נישט אננעמען. די אלטע גופא האבען געשריבען אן פינטעלעך (ד. ה. אן וואקאל־און טראפ־צייכענס), ווי דאס איז קלאר באוויזען

דורך פיל צייגענישען, אבער די, וואס זיינען געקומען שפעטער, האבען צוגעגעבען אט־די ביידע זאכען, לויט דעם, ווי עס איז זיי געפעלען געווען צו טייטשען די ביבעל. אויף אזא אופן זיינען די טראפ־צייכענס און די נקודות, וועלכע מיר האבען איצט, בלויז אויסטייטשונגען פון די נייערע און פארדינען נישט מער גלויבען און אויטאריטעט, ווי אנדערע דערקלערונגען פון געוויינליכע מחברים.

די, וואס ווייסען נישט די דאזיגע פרטים, קאנען זיך גארנישט פארשטעלען, ווי אזוי מען קאן אנטשולדיגען דעם מחבר פון "די בריוו צו די העברעער" פאר דעם, וואס ער האט אין קאפ. 11, פסוק 21, אויסגעטייטשט דעם טעקסט פון בראשית, קאפ. מ"ז. פסוק 31, גאנץ אנדערש, ווי דאס קומט אויס, לויט די נקודות פון דעם העברעאישען טעקסט, גלייך ווי דער אפאסטעל האט געמוזט לערנען דעם זין פון דער ביבעל פון די בעלי־הנקוד. מיר, ווענינגסטענס, זעט עס אויס, אז שולדיג זיינען גיכער די בעלי־הנקוד. און כדי יעדער איינער זאל זיך שאפען ווענען דעם א מיינונג און אין דערזעלביגער צייט קאנען אליין זען, אז אט־די פארשיידענקייט נעמט זיך נאר דערפון, וואס עס פעלען וואקאל־אותיות, וועל איך דא ברענגען די צוויי פארשיידענע אויסטייטשונגען.

די בעלי־הנקוד האבען מיט זייערע נקודות אויסגעטייטשט דעם דאזיגען טעקסט אזוי: און ישראל האט זיך אנגעבויגען איבער, אדער (ווען מען פארבייט דעם "ע" אויף אן "א", ד. ה. אויף אן אות פון דעמזעלביגען שפראך־ארגאן) צו דעם צוקאפענס פון בעט. אקעגען־אבער זאגט דער מחבר פון "די בריוו צו די העברעער" אזוי: "און ישראל האט זיך אנגעבויגען איבער דעם קאפ פון שטעקען, לייענענדיג מטה (מאטע), אנשטאט מטה (מיטא), ווי עס לייענען אנדערע, — אן אונטערשייד, וואס נעמט זיך נאר פון די נקודות. אזוי ווי אבער אין יענער דערציילונג האנדעלט זיך נאר וועגען יעקב'ס אלטקייט און ניט, ווי אין דעם פאלגענדיגען קאפיטעל, וועגען זיין קראנקהייט, זעט עס אויס מער קרוב לאמת, אז דער דערציילער האט געוואלט זאגען, אז יעקב האט זיך אנגעבויגען איבער דעם קאפ פון א שטעקען (וואס זקנים פון טיפען עלטער נויטיגען זיך איז דעם אויף אנצושפארען זיך) און נית איבער דעם צוקאפענס פון א בעט, בפרט נאך ווען עס

איז ביי אַמ־דער אויסטייטשונג נישט נויטיג אָנצונעמען אַ פּאַרטויר־שונג פון אותיות.

מיט דעם דאָזיגען ביישפּיל האָב איך נישט נאָר געוואָלט מאַכען אַ פּשרה צווישען אַמ־דער שטעל פון „ד י ב ר י ו ו צ ו ד י ה ע ב ר ע ע ר" מיט דעם טעקסט פון ב ר א ש י ת, נאָר דער עיקר ווייזען, ווי ווייניג מען דאַרף זיך פאַרלאָזען אויף די איצטיגע נקודות און טראָפּ־צייכענס. ווער עס וויל, אַלזוי, אויסטייטשען די ביבעל אָן שום פאָראורטייל, מוז מסופק זיין אין אַמ־די צייכענס און אויספאָרשען זיי פון דאָס ניי.

ביי אַמ־דעם געביי און נאַטור פון דער העברעאישער שפּראַך, — כדי אומצוקערען זיך צוריק צו אונזער עניין, — מוזען ארויסקומען, ווי יעדער איינער קאָן זיך דאָס לייכט פאָרשטעלען, אַזוי פיל צווייטייטיג־קייטען, אַז עס קאָן גאָר נישט זיין בנמצא אַ מעטאָד, מיט וועלכען מען זאָל קאָנען זיי אַלע דערקלערען אויף אַ באַשטימטען שטייגער. אומזיסט איז אונזער האָפענונג צו קאָנען דורך דער קעגענזייטיגער פאַרגלייכונג פון די רעדעס דערגרייכען אויף אַן אַבסאָלוטען שטייגער דעם דאָזיגען רעזולטאַט (דער איינציגער וועג, האָבען מיר אויבען געוויזען, אויסצוגעפינען דעם עכטען זין פון אַמ־די פילע אויסטייטשונגען, וואָס עס איז מעגליך צו מאַכען ביי יעדער רעדע, לויט דעם געברויך פון דער שפּראַך); ווייל פון איין זייט, קאָן אַזאַ פאַרגלייך בלויז אין איינ־צעלנע פעלען מאַכען קלאָר די רעדעס (קיין שום נביא האָט דאָך נישט געשריבען מיט דער כונה צו פאַלייכטען די ווערטער פון אַן אנדער נביא, אָדער אפילו זיינע אייגענע) און פון דער אַנדער זייט, איז אומ־מעגליך אויסצופירען דעם געדאַנק פון אַ נביא, אָדער אַפּאָסטעל און אַ. וו. פון דעם געדאַנק פון אַן אנדער נביא, אָדער אַן אַנדער אַפּאָסטעל, סיידען נאָר אין זאַכען, וואָס זיינען נוגע דעם לעבענסשטייגער. ווי מיר האָבען דאָס שוין קלאָר אויפגעוויזען. ווען אָבער די נביאים און די אַפּאָסטאָלען רעדען וועגען ספּעקולאַטיווע ענינים, אָדער ווען זיי דער־ציילען נסים און מעשיות, איז אַזאַ זאַך אוממעגליך.

איך וואָלט געקאָנט ווייזען דורך איניגע ביישפּילען, אַז עס זיי־נען אין די הייליגע שריפטען פאַרהאַן פיל אומדערקלערטע שטעלען, איך וועל אָבער איצט זיך בעסער צוריקהאַלטען דערפון און איבערגיין

צו אנדערע באמערקונגען מכח די ווייטערע שוועריגקייטען און פעלערען פון אט־דעם עכטען מעטאד פון דער ביבעל־דערקלערונג.

נאך א שוועריגקייט אין דעם דאזיגען מעטאד קומט ארויס, וואס ער פאדערט די געשיכטע פון יעדען בוך פון דער ביבעל, פון אלץ, וואס עס איז מיט אים געשעען זינט זיין אנטשטייאונג. אין דעם האבען מיר גאנץ קנאפע ידיעות. ביי פיל ביכער ווייסען מיר גארנישט זייערע מחברים, אדער אויב איר ווילט, די פערזאנען, וואס האבען זיי אויפגעשריבען, אדער מיר זיינען אין צווייפעל בנוגע זיי, ווי איך וועל דאס ווייזען באריכות אין די ווייטערדיגע קאפיטלען. מיר ווייסען אויך נישט ביי וואסער געלעגענהייט און אין וואסער צייט עס זיינען אנגעשריבען געווארען די ביכער, וואס זייערע שרייבער זיינען אונז אומבאקאנט. פונקט אזוי ווייסען מיר אויך נישט, אין וועלכע הענט אט־די ביכער זיינען אריינגעפאלען, אין וועלכע עקזעמפליארען האט מען געפונען אזוי פיל פארשיידענע נסחאות און, לסוף צי זיינען נישט געווען נאך פיל אנדערע נסחאות. ווי וויכטיג עס איז צו ווייסען אט־די אלע פרטים, האב איך געוויזען בקצור אויפן געהעריגען פלאץ; איך האב אבער דארט בכיוון אויסגעלאזען איניגע באטראכטונגען, וואס עס איז דא דער פלאץ זיי צו ברענגען.

ווען מיר לייענען א בוך, וואס שליסט איין אין זיך אומגלויבליכע און אומבאגרייפליכע זאכען, אדער איז געשריבען אין זייער טונקעלע אויסדריקען, און מיר ווייסען נישט, ווער עס איז זיין מחבר, אין וואסער צייט און ביי וואסער געלעגענהייט עס איז אנגעשריבען געווארען, וועט זיין אומזיסט אונזער מי צו וועלען ווערען קלאר איבער זיין אמתדיגען זין. ווען מיר האבען נישט קיין שום ידיעה אין אט־די אלע זאכען, קאנען מיר גארנישט וויסען, וואס דער מחבר האט געהאט אדער געקאנט האבען אין זינען. זיינען אבער אט־די אלע זאכען אונז גענוי בעקאנט, וועט דאס קלאר באשטימען אונזערע געדאנקען אזוי, אז קיין שום פאראורטייל וועט אונז נישט לאזען מייחס זיין צום מחבר, אדער צו דעם, פאר וועמען ער האט געשריבען.

איך רעכען, אז דאס איז קלאר פאר יעדען איינעם. טרעפט דען נישט גאנץ אפט, אז מיר לייענען אין פארשיידענע ביכער מעשיות, וואס זיינען זייער ענליך איינע צו די אנדערע, און דאך טראגען מיר ארויס איבער זיי גאנץ פארשיידענע אורטיילען, לויט דער פארשיידענ־

קייט פון די מיינונגען, וואס מיר האבען וועגען זייערע פארפאסער? איך דערמאן זיך, ווי איך האב איינמאל געלייענט אין א בוך וועגען א קריגס־מאן מיטן נאמען „דער צארנדיגער ראלאנד", וועלכער פלעג רייטען אין דער לופט אויף א געפליגעלטען מאנסטער, פליען איבער אלע געגענטען, וואס ער האט נאר געוואלט, און איינער אליין פארטיליגען א געוואלטיגע מאסע מענשען און ריזען, און נאך פארשיידענע אנדערע פאנטאסטישע שטיק פון אט־דעם סארט, וואס זיינען דורכאויס אומבאגרייפליך, ווען באטראכט מיט שכל. א גאנץ ענליכע געשיכטע האב איך אויך געלייענט ביי אווידיוס וועגען פערסעוס, און נאך איינע, ווידער, אין שופטים און אין מלכים וועגען שמשונען, וועלכער האט איינער אליין און אן כלי זין פארטיליגט טויזענטער מענשען; און וועגען אליהון, וועלכער איז געפלויגען אין דער לופט און איז צולעצט ארויף אויפן הימעל מיט פייערדיגע פערד אויף א פייערדיגען רייטוואגען. דאס זיינען, זאג איך, אבסאלוט ענליכע מעשיות און דאך טראגען מיר ארויס איבער יעדערער פון זיי א באזונדערן אורטייל. דער ערשטער, אורטיילען מיר, האט געוואלט בלויז שרייבען א מעשהלע; דער צווייטער — וועגען פאליטישע פאסירונגען; דער דריטער — וועגען הייליגע זאכען; און אט־די פארשיידענקייט פון אונזער אורטייל איז באגרינדעט בלויז אויף די פארשיידענע מיינונגען, וואס מיר האבען וועגען די פארפאסער פון אט־די מעשיות. עס איז, אלזוי, קלאר, אז מיר מוזען קודם כל קענען די פארפאסער, וועלכע האבען געשריבען טונקעלע אדער אומבאגרייפליכע זאכען, אויב מיר ווילען דערקלערען זייערע שריפטען.

מחמת דיזעלביגע טעמים וועלען מיר צווישען די פארשיידענע נסחאות פון די טונקעלע מעשיות קענען אויסגעפינען דעם ריכטיגען טעקסט נאר דאן, ווען מיר וועלען וויסען, ווער עס זיינען געווען די פערזאנען, וועלכע האבען פארמאגט די עקזעמפליארען מיט אט־די פארשיידענע נסחאות, און אויך, צו עס זיינען נישט געווען בנמצא נאך אנדערע נסחאות ביי פערזאנען פון גרעסערער אויטאריטעט.

נאך א שוועריגקייט אויסצוטייטשען לויט אונזער מעטאד געוויסע ביכער פון דער ביבעל נעמט זיך, לסוף, דערפון, וואס מיר האבען נישט מער אט־די ביכער אין דער שפראך, אין וועלכער זיי זיינען לכתחילה געשריבען געווארען. אין דער אמתען, דאס עוואנגעליום פון מתי

און בלי ספק אויך "די בריוו צו די העברעער" זיינען, לויט דער אלגע־מיינער הנחה, אנגעשריבען געווארען אין העברעאיש, אבער אט־דער אריגינעלער טעקסט איז מער נישט בנמצא. וואס איז שייך דעם ספר איוב, ווייס מען נישט אויף זיכער, אין וועלכער שפראך ער איז גע־שריבען געווארען. אבן־עזרא פארזיכערט אין זיינע פירושים, אז איוב איז איבערגעזעצט געווארען פון אן אנדער שפראך אין העברע־אישען און אז דאס איז די סיבה, וואס עס זיינען דארט פאראן אזוי פיל טונקעלע שטעלען. וועגען די כתובים אחרונים (אפאקריפען), וועל איך דא גארנישט זאגען, ווייל זייער באטייטונג איז א גאנץ אנדערע.

אט־דאס זיינען די אלע שוועריגקייטען פון דעם דאזיגען מעטאד צו דערקלערען די ביבעל דורך איר אייגענער געשיכטע (אויף ווי ווייט מיר קאנען אזא געשיכטע האבען), וואס איך האב זיך פארגענומען זיי דא צו ברענגען. איך האלט זיי פאר אזוי גרויס, אז איך שטעל זיך גארנישט אפ צו באהויפטען, אז מיר ווייסען גארנישט דעם אמתען זין פון א גרויסער צאל שטעלען פון דער ביבעל, אדער מיר ווייסען עס בלויז על פי השערה. איך מוז פונדעסטוועגען דא נאכאמאל באמערקען, אז אט־די אלע שוועריגקייטען קאנען אונז שטערען צו פארשטיין די נביאים נאר אין זאכען, וואס זיינען אומבאגרייפליך, אדער געהערען דעם געביט פון דעם כח־הדמיון, אבער נישט אין זאכען, וואס מיר קאנען זיי משיג זיין מיטן שכל און וואס מיר קאנען זיך לייכט שאפען וועגען זיי א קלארען באגריף. ווייל די זאכען, וואס ווערען לויט זייער נאטור לייכט באגריפען, קאנען קיינמאל נישט אויסגעדריקט ווערען אזוי טונקעל, אז מען זאל זיי נישט קאנען לייכט פארשטיין; ווי עס זאגט דאס ווערטעל: "פארן קלוגען איז גענוג איין ווארט". אייקליד, וועלכער האט געשריבען נישט מער, ווי גאנץ פשוטע און זייער פאר־שטענדליכע זאכען, ווערט לייכט פארשטאנען פון יעדען איינעם אין יעדער שפראך, און כדי צו באנעמען זיין געדאנק און צו זיין זיכער אין זיין אמתען זין, איז נישט נויטיג צו קענען גרינדליך די שפראך, אין וועלכער ער האט געשריבען, נאר עס איז גענוג צו האבען אן אויבערפלאכליכע און אפילו אומבאטייטענדיגע ידיעה; עס איז אויך נישט נויטיג צו וויסען דאס לעבען, באשעפטיגונג און זיטען פון דעם מחבר, אזוי אויך נישט, אין וועלכער שפראך, פאר וועמען און ווען ער

האָט געשריבן, אויך נישט דעם גורל פון בוך און זיינע פאַרשיידענע נסחאות און, צולעצט, אויך נישט, ווי אזוי און פון וועלכע פּערזאָנען עס איז אָנגענומען געוואָרן. און דאָס, וואָס איך זאָג דאָ וועגן איקלידן, גילט אויך פאַר יעדן שריפטשטעלער, וואָס האָט געשריבן איבער זאַכן, פאַרשטענדליכע דורך זיך אַליין. מיר וועלן, דעריבער, אָננעמען, אז מיר זיינען ביכולת לייכט צו פאַרנעמען דעם זין פון די זיטנלערעס, וואָס די ביבל גיט אונז, און צו זיין זיכער אין זייער אמתן באַטייט, דורך דער געשיכטע פון דער ביבל, וואָס מיר קאָנען האָבן.

אין דער אמתן, די פאַרשריפטן פון עכטער פיעטעט ווערן אויסגעדריקט מיט די סאַמע פשוטע ווערטער, ווייל זיי זיינען גילטיק פאַר אַלעמען, זייער איינפאַך און לייכט צום פאַרשטיין. און אזוי ווי די אמתע הצלת הנפש און די אמתע גליקזעליגקייט באַשטייען אין דער אמתער רו פון דער נשמה; און אזוי ווי אָט־די רו, ווידער, קאָן דערוואָרבן ווערן נאָר דורך פולשטענדיק־קלאָרער דערקענטניש, בכן איז דערפון צו דרינגען אויפן קלערסטן אופן, אז מיר קאָנען פאַרנעמען מיט זיכערקייט דעם זין פון דער ביבל בנוגע זאַכן, וואָס זיינען נויטיק פאַר הצלת הנפש און גליקזעליגקייט. מיר דאַרפן דעריבער, זיך נישט צופיל באַאומרואיגן מכח דעם איבעריגן, ווייל דאָס איבעריגע, וואָס צום גרעסטן טייל קאָן עס אויך באַנומען ווערן מיטן שכל און דערקענטעניש, איז מער א זאַך פון נייגיר, ווי פון ניצליכקייט.

דערמיט, רעכן איך, האָב איך אויפגעוויזן דעם ריכטיגן מעטאָד צו דערקלערן די ביבל און גענוג קלאָר געמאַכט מיין מיינונג איבער אָט־דעם ענין. יעדער לעזער האָט אָן צווייפל שוין באַמערקט, אז בער דאָזיגער מעטאָד פאָדערט נישט קיין שום אַנדער באַלייכטונג, ווי נאָר די באַלייכטונג פון דעם נאַטירליכן שכל. אין דער אמתן, די נאַטור און די מעלה פון אָט־דער באַלייכטונג באַשטייען דער עיקר אין אויספירן און שליסן אומבאַקאַנטע זאַכן פון זאַכן, וואָס זיינען באַקאַנט, אָדער אָנגענומען פאַר אזוינע, דורך ריכטיגער שלוסציאונג, און קיין אנדער זאַך פאַרלאַנגט גאָר אונזער מעטאָד נישט. און הגם מיר גיבן צו, אז דער דאָזיגער מעטאָד איז נישט גענוג צו געבן אונז א זיכערע אויפקלערונג איבער אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין דער ביבל, איז אָבער אין דעם נישט שולדיג די פעלערהאַפטיגקייט פון אָט־דעם

מעטאָד, נאָר דאָס, וואָס קיינער האָט נאָך קיינמאָל נישט אויסגעקליבען פאַר זיך און נישט באַטראַכטען דעם וועג, וועלכען ער ווייזט אָן, אַלס דעם אמתען און ריכטיגען, וואָס מחמת דעם איז אָט־דער וועג אין לויף פון דער צייט געוואָרען שווער און כמעט נישט דורכצוגיין, ווי דאָס, רעכען איך, איז צו זען זייער קלאָר פון די אָנגעוויזענע שוועריגקייטען.

עס בלייבט אונז נאָך איצט איבער צו אונטערזוכען די מיינונגען, וואָס זיינען פאַרשיידען פון אונזערע.

די ערשטע צום אונטערזוכען איז די מיינונג פון די, וואָס באַהויפּטען, אז דער נאַטירליכער שכל אליין איז נישט ביכולת צו דערקלערען די ביבעל, נאָר אז עס איז פאַר דעם נאָך נויטיג אן איבערנאַטירליכע באַלייכטונג. וואָס אַזוינס די דאָזיגע באַלייכטונג איז, — דאָס לאָז איך איבער צו זיי אליין צו דערקלערען. איך, פון מיין זייט, קאָן זיך די זאַך נישט אַנדערש דערקלערען, ווי נאָר, אז די דאָזיגע מענשען האָבען געוואָלט אין גאַנץ טונקעלע אויסדריקען געבען צו פאַרשטיין, אַז זיי צווייפלען אין א סך פעלען אין דעם אמתען זין פון דער ביבעל. אין דער אמת'ען, אויב מיר וועלען גענוי באַטראַכטען זייערע דערקלערונגען, וועלען מיר געפינען, אז זיי אַנטהאַלטען נישט קיין שום איבערנאַטירליכע זאַכען, נאָר זיינען אין תוך נישט מער, ווי לויטער השערות. פאַרגלייכט מען נאָר די דאָזיגע דערקלערונגען מיט די דערקלערונגען פון די, וואָס זיינען אָפען מודה, אז זיי האָבען נישט קיין שום אַנדער באַלייכטונג, ווי נאָר די באַלייכטונג פון דעם נאַטירליכען שכל, אַזוי זעט מען, אז זיי זיינען גאַנץ ענליך איינע צו די אַנדערע, ד. ה. אז זיי זיינען ריין־מענשליכע דערקלערונגען, וואָס זיינען געפונען געוואָרען דורך לאַנגען נאָכדענקען און מי. ווען אָבער זיי זאָגען, אז דאָס נאַטירליכע ליכט איז נישט גענוג צו דערקלערען די ביבעל, זעט זיך די פאַלשקייט פון אָט־דער באַהויפּטונג אַרויס סיי פון דעם, וואָס די שווערקייט צו דערקלערען די ביבעל, נעמט זיך, ווי מיר האָבען שוין דאָס פריער אויפגעוויזען, נישט פון דער שוואַכקייט פון דעם נאַטירליכען ליכט, נאָר פון דער פוילקייט (נישט צו זאָגען שלעכטיגקייט) פון די מענשען, וועלכע האָבען פאַרנאַכלעסיגט צו שאַפען די געשיכטע פון דער ביבעל אין דער צייט, ווען דאָס איז נאָך געווען מעגליך; סיי פון אָט־דער צווייטער באַהויפּטונג, אז דאָס איבערנאַטירליכע ליכט איז א געטליכע גאָב, וואָס נאָר גלויביגע (ווי אַלע זיינען איז דעם מסכים, אויב איך האָב קיין טעות

נישט) זיינען דערמיט באשאנקען. אבער די נביאים און די אפאסטאלען פלעגען פרעדיגען נישט נאר פאר גלויביגע, נאר אויך און דער עיקר פאר אומגלויביגע און שלעכטע, וועלכע זיינען, הייסט עס, געווען פעאיג צו פארשטיין דעם געדאנק פון די נביאים און די אפאסטאלען, ווייל אנ־דערש וואלטען די נביאים און די אפאסטאלען געהאט א פנים, ווי זיי וואלטען געפרעדיגט פאר קליינע קינדער און ניט פאר מענשען מיט שכל. אויך וואלט משה אומזיסט פארגעשריבען זיינע געזעצען, ווען זיי וואלטען געקאנט פארשטאנען ווערען נאר פון גלויביגע, וועלכע נויטיגען זיך נישט אין קיין געזעצען. די מענשען, וואס זוכען אן איבער־נאטירליך ליכט, כדי צו פארשטיין דעם געדאנק פון די נביאים און די אפאסטאלען, פעלט, אלזוי, ווי עס ווייזט אויס, דאס נאטירליכע ליכט און איך בין ווייט פון צו גלויבען, אז אזוינע מענשען פארמאגען אן איבערנאטירליכע געטליכע מתנה.

דער רמב״ם האט איבער דעם א גאנץ אנדער מיינונג. נאך זיין מיינונג, דערלאזט יעדער שטעל פון דער ביבעל פארשיידענע און אפילו קעגענזאצליכע באדייטונגען, און מיר זיינען נישט זיכער אין דעם אמתען זין פון א שטעל, אויב מיר ווייסען נישט, אז זי, ווען מיר טייטשען זי אויס, אנטהאלט נישט קיין שום זאך, וואס זאל זיין נישט אין הסכם מיטן שכל, אדער גאר להיפוך צו אים. אויב אבער מען גע־פינט, אז די שטעל איז לויט איר בוכשטאבליכען זין להיפוך דעם שכל, מוז זי, נאך זיין מיינונג, אויסגעטייטש ווערען אנדערש, מעג זי ווי קלאר זיין אזוי. דאס זאגט ער ארוים זייער דייטליך אין זיין ספר „מורה נבוכים", חלק ב', קאפ. 25. אט־דאס זיינען זיינע ווערטער: "זייט ווי־סען, אז מיר שטעלען זיך נישט אפ צו זאגען, אז די וועלט איז געווען פון אייביג אן מחמת דעם, וואס די שטעלען פון דער ביבעל וועגען דער באשאפונג פון דער וועלט ווידערשפרעכען דעם. ווייל די שטעלען, וואס לערנען, אז די וועלט איז באשאפען געווארען, זיינען נישט גרעסער אין צאל, ווי די שטעלען, וואס לערנען, אז גאט איז קערפערליך; און דער צוגאנג צו דער דערקלערונג פון די שטעלען, וואס באהאנדלען די בא־שאפונג פון דער וועלט, איז פאר אונז ניט פארשלאסען און ניט פאר־באטען, נאר מיר וואלטען זיי געקאנט דערקלערען פונקט אזוי, ווי מיר האבען דאס געטאן, ווען מיר האבען אוועקגענומען פון גאט זיין קערפער־ליכקייט. און דאס וואלט פאר אונז אפשר געווען נאך לייכטער און

מיר וואלטען געקאנט דערקלערען די דאזיגע שטעלען און דערהאלטען די אייביגקייט פון דער וועלט פיל באקוועמער, ווי ווען מיר האבען דערקלערט די אנדערע שטעלען, כדי צו צעשטערען דעם געדאנק, אז גאט ברוך הוא איז קערפערליך. עס זיינען אבער פארהאן צוויי טעמים, וואס לאזען מיך נישט ניט צו טון דאס און ניט צו גלויבען אין דעם (ד. ה. אז די וועלט איז אייביג).

1 — ערשטענס דערפאר, ווייל עס איז קלאר באוויזען געווארען, אז גאט איז נישט קערפערליך, וואס מחמת דעם איז נויטיג צו דערקלערען אלע יענע שטעלען, וואס זייער בוכשטאבליכער זין איז סותר דעם דאזיגען באוויז; עס איז דאך זיכער, אז אט־די שטעלען מוזען אומבאדינגט פארטייטשט ווערען (ד. ה. אנדערש ווי אין זייער בוכשטאבליכען זין). אבער די אייביגקייט פון דער וועלט לאזט זיך נישט באווייזען מיט קיין שום ראיה און עס איז, דעריבער, נישט נויטיג אנצוטון דער ביבעל געוואלט און דערקלערען אט־די שטעלען צוליב א מיינונג, וואס זעט אונז אוים צו זיין ריכטיג, בעת מיר וועלען אפשר קאנען זי פארטוישען אויף א קעגענזאצליכע מיינונג, ווען מיר וועלען דערצו האבען וואסער־עס־איז גרונד.

2 — דער צווייטער טעם איז דער, וואס דער גלויבען אין גאט'ס אומקערפערליכקייט איז נישט סותר די יסודות פון געזעץ און אז. וו. אקעגען־אבער דער גלויבען אין דער אייביגקייט פון דער וועלט אין אריסטאטעל'ס זין צעשטערט דאס געזעץ אין זיין יסוד און א. וו.".

אט־דאס זיינען דעם רמב"מ'ס ווערטער, פון וועלכע עס ווערט קלאר דאס, וואס מיר האבען פריער געזאגט. ווען ער וואלט, הייסט עס, געווען איבערגעצייגט על פי שכל אין דער אייביגקייט פון דער וועלט, וואלט ער זיך גארנישט אפגעשטעלט צו דרייען די ביבעל און צו טייטשען זי אזוי, אז עס זאל אויסזען, ווי זי וואלט געלערנט דיזעלביגע זאך. נאך מער, ער וואלט גלייך געווען איבערגעצייגט, אז די ביבעל האט געוואלט לערנען די דאזיגע אייביגקייט פון דער וועלט, הגם זי לערנט אומעטום גאנץ דייטליך דעם היפוך. אויף אזא אופן וועט ער נישט קאנען זיין זיכער אין דעם אמתען זין פון א שטעל אין דער ביבעל, ווי קלאר זי זאל נישט זיין, כל זמן ער וועט קאנען מסופק זיין אין דעם אמת פון דער זאך גופא, אדער ער וועט נישט זיין פאר אים גאנץ בעסט. ווייל כל זמן מיר זיינען נישט זיכער אין דעם אמת פון א זאך,

קאָנען מיר נישט וויסען, צו זי איז אין הסכם מיטן שכל אָדער להיפוך צו אים. און ממילא ווייסען מיר אויך נישט, צו דער בוכשטאַבליכער זין איז אמת אָדער פאַלש.

ווען די דאָזיגע מיינונג וואָלט געווען ריכטיג, וואָלט איך אומ־באַדינגט צוגעגעבען, אַז מיר מוזען פאַר דער דערקלערונג פון דער בי־בעל האָבען נאָך אַן אנדער ליכט, אויסער דעם נאַטירליכען. ווייל כמעט אַלע, וואָס עס איז פאַרהאַן אין דער ביבעל, קאָן נישט אויסגעפירט ווע־רען, ווי מיר האָבען דאָס שוין געוויזען, פון גרונדזאַצען, וואָס מיר באַנעמען זיי דורך דעם נאַטירליכען שכל, און ממילא קאָן אונז דער נאַטירליכער שכל קיין זאַך נישט באַווייזען בנוגע דעם און אויך נישט בנוגע דעם אמתען זין און דעם אמתען באַטייט פון דער ביבעל, נאָר מיר וואָלטען פאַר דעם באַדאַרפט האָבען אַן אנדער מין באַלייכטונג. ווען די דאָזיגע מיינונג וואָלט געווען אַן אמתע, וואָלט דערפון ווייטער געפאָלגט, אַז דער המון עם, וועלכער איגנאָרירט געוויינליך די באַוויי־זען, אָדער קאָן זיך מיט זיי נישט פאַרנעמען, וואָלט בנוגע דער ביבעל זיך פאַרלאָזט בלויז אויף דער אויטאָריטעט און די צייגענישען פון די פילאָזאָפען און ממילא געמוזט אָננעמען, אַז די פילאָזאָפען קאָנען זיך נישט טועה זיין אין דעם ענין פון ביבעל־דערקלערונג. דאָס וואָלט באמת געווען א נייע קירכען־אויטאָריטעט, א נייער מין פּריסטער אָדער פּויפּסטען, וואָס די מאַסע וואָלט זיי גיכער אויסגעלאַכט איידער פאַר־ערט. און הגם, ווידער, אונזער מעטאָד פאָדערט דאָס קענען די העברע־אישע שפּראַך, וואָס דערמיט קאָן זיך די מאַסע פונקט אַזוי נישט פאַר־נעמען, קאָן דאָס פונדעסטוועגען נישט דינען פאַר א טענה קעגען אונז. ווייל די מאַסע יידען און היידען, פאַר וועמען די נביאים און די אַפּאָס־טאָלען האָבען אמאָל געפּרעדיגט און געשריבען, האָט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון די נביאים און אַפּאָסטאָלען און זייער גוט באַגריפען דעם זין פון זייערע ווערטער, אָבער באַין אופן נישט די טעמים פון די זאַכען, וואָס זיינען איר געפּרעדיגט געוואָרען און וואָס זי האָט, נאָך דעם רמב"מ'ס מיינונג, געמוזט וויסען, כדי צו קאָנען באַגרייפען דעם זין פון די נביאים.

פון דעם דאָזיגען מעטאָד אונזערען פאָלגט, אַלזוי, נישט, אַז די מאַסע מוז זיך באַרואיגען מיט דער צייגעניש פון די מפרשים, ווייל איך רעד דאָ וועגען א מאַסע, וואָס האָט זייער גוט פאַרשטאַנען די

שפראך פון די נביאים און די אפאסטאלען, און דער רמב"ם וועט נישט קאנען אנווייזען קיין שום מאסע, וואס זאל באגרייפען די טעמים פון זאכען און דערפון באנעמען דעם זין פון די נביאים, וואס איז שייך דער מאסע פון דער היינטיגער צייט, האב איך שוין געוויזען, אז אלץ, וואס עס איז נויטיג פאר דער גליקזעליגקייט, קאן עס לייכט פארשטאנען ווערען אין יעדער שפראך, ווען אפילו מען ווייס נישט דעם טעם דערפון, ווייל דאס זיינען גאנץ אלגעמיינע און פיל געברויכליכע פאר־שריפטען. דאס דאזיגע פארשטיין באפרידיגט די מאסע, אבער נישט די ציינעניש פון די מפרשים; וואס אנבאלאנגט אלע איבעריגע זאכען בנוגע דעם, האט די מאסע דעמזעלביגען גורל, וואס די געלערנטע.

מיר וועלען אבער זיך אומקערען צוריק צו דעם רמב"מ'ס מיינונג און זי נאך גענויער אונטערזוכען.

ער נעמט קודם כל אן, אז די נביאים שטימען צווישען זיך אין אלע פונקטען און אז זיי זיינען געווען גרויסע פילאזאפען און טעאלאגען, ווייל ער מיינט, אז זיי האבען פארמולירט זייערע שליסען נאך דעם אמת נאך פון א זאך. אז די דאזיגע באהויפטונג איז פאלש, האב איך דאס שוין געהאט געוויזען אין קאפיטעל צוויי.

ער נעמט ווייטער אן, אז דער זין פון דער ביבעל קאן נישט קלאר זיין פון איר אליין. דער אמת פון זאכען ווערט דאך נישט באוויזען פון דער ביבעל גופא, ווייל זי ברענגט נישט קיין שום ראיות און גיט נישט קיין דעפיניציעס פון די זאכען, איבער וועלכע זי רעדט, און פירט נישט צוריק צו זייערע ערשטע סיבות. און דעריבער קאן דער אמתער זין פון דער ביבעל, לויט דעם רמב"מ'ס מיינונג, נישט באוויזען ווערען דורך איר גופא און ממילא דארף מען דאס דארט נישט זוכען.

אז אויך אט־די באהויפטונג איז פונקט אזוי פאלש, איז צו זען פון דעם איצטיגען קאפיטעל. מיר האבען דאך אויפגעוויזען מיט ארגומענטען און ביישפילען, אז דער זין פון דער ביבעל איז קלאר פון דער ביבעל גופא, און אז נאר ביי איר אליין דארף מען אים זוכען, ווען אפילו זי רעדט וועגען זאכען, וואס מיר באנעמען זיי מיטן נאטיר־ליכען שכל.

דער רמב"ם נעמט נאך צולעצט אן, אז עס איז אונז דערלויבט צו דערקלערען און צו דרייען די ווערטער פון דער ביבעל, לויט אונזערע פון פריער אנגענומענע מיינונגען, אפצולייקענען זייער בוכשטאבלי־

כען זין, מעג ער זיין ווי קלאר און נישט צווייטייטיג, און אים פארביימען אויף אן אנדערן.

וער זעט נישט, אז אזא פרייקייט איז נישט נאר דיאמעטראל קעגענזאצליך צו דעם, וואס מיר האבען באוויזען אין אט־דעם און אין די פריערדיגע קאפיטלעך, נאר עס איז אויך העזה'דיג און טרעט אריבער די גרעניצען פון דעם, וואס עס דערלויבט?

אבער ווען אפילו מיר וועלען אים צולאזען די דאזיגע ווייטגייענדיגע פרייקייט, איז וואס וועט ער דערמיט אויפטון? טאקע גארנישט, ווייל מיר וועלען נישט קאנען אויף אט־דעם אופן דערגיין דעם זין פון דער ביבעל, וואס צום גרעסטען טייל אנטהאלט זי זאכען, וועלכע קאנען גארנישט באוויזען ווערען, און אויך נישט דערקלערען זיי אדער אויסטייטשען דורך דעם דאזיגען כלל. ווען אבער מיר וועלען אנווענדען אונזער מעטאד, וועלען מיר קאנען דערקלערען א סך שטעלען פון דעם דאזיגען מין און רעדען וועגען זיי מיט זיכערקייט, ווי מיר האבן דאס שוין אויפגעוויזען דורך ארגומענטען און טאקע בפועל. וואס אנבאלאנגט זאכען, וועלכע זיינען בטבע באגרייפליך, קאן זייער זין לייכט אויסגעפונען ווערען פון דעם טעקסט גופא, ווי מיר האבען דאס שוין פונקט אזוי אויפגעוויזען. און דאריבער איז דער מעטאד פון רבינו משה בן מימן לחלוטין ווערטלאז. גיט נאך צו דעם צו, אז דער דאזיגער מעטאד נעמט אינגאנצען אוועק יעדער זיכערקייט איבער דעם זין פון דער ביבעל, וואס דאס פאלק קאן האבען פון תמימות'דיגען לייענען, און אלע מענשען — פון אנווענדען אן אנדער מעטאד. מיר פארווארפען, אלזוי, אט־די מיינונג דעם רמב"ם, ווי א שעדליכע, ווערטלאזע און אומזיניגע.

וואס אנבאלאנגט דער מסורה פון די פרושים, האבען מער שוין פריער באמערקט, אז זי איז נישט אין הסכם מיט זיך אליין. די אויטאריטעט פון די רוימישע פריסטער, ווידער נויטיגט זיך אין א קלערערער צייגעניש; און דאס אליין איז שוין דער גרונד, וואס איך פארווארף זי. און וואלטען די רוימישע פריסטער געקאנט אונז אויפווייזען דורך דער ביבעל אט־די אויטאריטעט זייערע מיט דערזעלביגער זיכערקייט, ווי די יידישע כהנים האבען אמאל געקאנט באווייזען זייער אויטאריטעט, וואלט איך אויך קיין שום געוויכט נישט געלייגט דערויף, אז עס זיינען צווישען די רוימישע פריסטער געווען הערעטיקער און

שלעכטע מענשען, ווייל אויך צווישען די אַמאָליגע יידישע כהנים זיינען געווען הערעטיקער און שלעכטע מענשען, וועלכע האָבען באַקומען דעם פריסטער־אַמט דורך אומערליכע מיטלען און דאַך האָבען זיי געהאַט, לויט דעם פאַרזאָג פון דעם ביבעל, די העכסטע מאַכט אין דעם ענין פון דערקלערען דאָס געזעץ (זע ד ב ר י ם, קאַפּ. י״ז, פסוקים 1 און 12, און קאַפּ. ל״ג, פסוק 10, און מ ל א כ י, קאַפּ. ב׳, פסוק 8).

אַזוי אָבער ווי די רוימישע פריסטער קאָנען אונז נישט באַווייזען אַזאַ צייגעניש, פאַרבלייבט זייער אויטאָריטעט פאַרדעכטיגט, און כדי קיינער זאָל נישט אָפּגענאַרט ווערען פון דעם ביישפּיל פון די יידישע כהנים און נישט אָננעמען, אַז די קאַטוילישע קירך נויטיגט זיך אין פריסטער, וועל איך דאָ באַמערקען, אַז מ ש ה׳ ס געזעצען האָבען צוליב זייער דערהאַלטונג זיך גענויטיגט אין אַ געוויסער עפענט־ליכער אויטאָריטעט, ווייל זיי האָבען געבילדעט די עפענטליכע רעכט פון לאַנד. ווען יעדער איינער וואָלט געהאַט די פרייקייט צו טייטשען די עפענטליכע רעכט, ווי אים געפעלט, וואָלט קיין שום שטאַט נישט געקאָנט האָבען אַ קיום, נאָר עס וואָל גלייך צעפאַלען געוואָרען און פון דעם עפענטליכען רעכט וואָלט געוואָרען נישט מער, ווי אַ פּרי־וואַט־רעכט.

גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער אין דער רעליגיע. אַזוי ווי די רעליגיע באַשטייט נישט אַזוי אין אויסערע האַנדלונגען, ווי אין דער תמימות און וואָרהאַפטיגקייט פון דער נשמה, בכן האָט זי נישט צו טון מיט קיין שום רעכט און קיין שום עפענטליכער אויטאָריטעט. די תמימות און די וואָרהאַפטיגקייט פון דער נשמה ווערען דאָך באמת נישט אַרויפ־געצוואונגען אויף מענשען ניט דורך דער מאַכט פון געזעצען און ניט דורך דער עפענטליכער אויטאָריטעט, און קיינער קאָן נישט מיט גע־וואַלט דורך געזעצען געצוואונגען ווערען צו ווערען גליקזעליג. דערצו פאָדערט זיך אַ מילדער און ברידערליכער ראַט, אַ גוטע דערציאונג, ועל כולם, די פרייקייט פון אייגענעם אורטייל.

און אַזוי ווי דאָס אומבאַשרענקטע רעכט פון פרייער מיינונג גע־הערט יעדען איינעם אויך בנוגע דער רעליגיע און עס לאָזט זיך גאַרנישט דענקען, אַז עמיצער זאָל דאָס דאָזיגע רעכט קאָנען אויפגעבען, בכן מוז יעדער מענש האָבען דאָס אומבאַשרענקטע רעכט און די העכסטע

אויטאריטעט צו דענקען פריי איבער רעליגיע און ממילא אויך צו טייטשען זי און דערקלערען.

אין דער אמתען, די העכסטע אויטאריטעט אין אויסטייטשען די געזעצען און דער אנטשיידענדיגער אורטייל אין עפענטליכע ענינים, געהערט די מאגיסטראטען נאר אויף דעם סמך, וואס אט־די געזעצען זיינען נוגע דעם עפענטליכען רעכט. אויף דעמזעלביגען סמך מוז, אלזוי, די העכסטע אויטאריטעט צו דערקלערען די ביבעל און ארויס־צוטראגען איבער איר אן אורטייל, געהערען יעדען איינצעלנעם מענשען, ווייל רעליגיע איז נוגע דעם פריוואטען רעכט.

עס איז, אלזוי, ווייט דערפון, אז מען זאל פון דער אויטאריטעט פון די כהנים ביי די העברעער אין דעם ענין פון אנטשיידען די געזע־צען פון לאנד, קאנען ציען א שלוס וועגען דער אויטאריטעט פון די רוימישע פריסטער אין אויסטייטשען די רעליגיע; עס לאזט זיך, פאר־קערט, גיכער אויספירען דערפון, אז יעדער איינער פארמאגט די דא־זיגע אויטאריטעט אין א פיל העכערען גראד. מיר קאנען דערפון אויך זען, אז אונזער מעטאד צו דערקלערען די ביבעל איז דער בעסטער.

אין דער אמתען, אויב יעדער איינער פארמאגט אליין די העכ־סטע אויטאריטעט צו דערקלערען די ביבעל, איז קאן גאר ביי דעם ניט זיין קיין אנדער וועגווייזער, ווי נאר דער נאטירליכער שכל, וואס איז געמיינשאפטליך צו אלע מענשען, און נישט עפעס אן איבערנאטירליך ליכט, אדער אן אויסערע אויטאריטעט. דער דאזיגער כלל פון אויס־טייטשען די ביבעל דארף אויך נישט זיין אזוי שווער, אז נאר זייער שארפזיניגע פילאזאפען זאלען אים קאנען אנווענדען, נאר דארף זיין צוגעפאסט צו דעם אלגעמיינעם גייסט און דער נאטירליכער פעאיגקייט פון מענשען, ווי דאס איז דער פאל מיט אונזער מעטאד. ווייל אלע שוועריגקייטען, וואס דער דאזיגער כלל האט, קומען ארויס, ווי מיר האבען דאס געזען, פון דער מענשליכער נאכלעסיגקייט און נישט פון דער נאטור פון דעם מעטאד.

## קאפיטעל אכט.

אין וועלכען עס ווערט געוויזען, אז די חמשה חמשי תורה, ווי אויך די ספרים יהושע, שופטים, רות, שמואל און מלכים זיינען נישט אויטענטיש. עס ווערט ווייטער אונטערזוכט, צו די דאזיגע ביכער האבען געהאט עטליכע פערפאסער, אדער בלויז איינעם.

אין דעם פאריגען קאפיטעל האבען מיר באהאנדעלט די יסודות און די הויפט־כללים פון קענען די ביבעל און מיר האבען געוויזען, אז זיי באשטייען בלויז אין א נישט־געפעלשטער געשיכטע פון די ביבלישע שריפטען. מיר האבען ווייטער געוויזען, אז הגם די דאזיגע געשיכטע איז נויטיגער פון אלץ, האבען זי די אוראלטע פונדעסטוועגען פארנאכלעסיגט, אדער ווען אפילו זיי האבען זי געשריבען, אדער איבערגעליפערט בעל־פה, איז זי פארלארען געגאנגען דורך די שלעכטע צייטען און ממילא זיינען מיט איר אויך פארלארען געגאנגען דאס רוב יסודות און הויפט־כללים פון קענען די ביבלישע שריפטען. די דאזיגע אבדה וואלט נאך געווען צו דערליידען, ווען די שפעטערדיגע שרייבער וואלטען זיך געהאלטען אין די ריכטיגע גרעניצען און ערליך איבערגעגעבען זייערע נאכקומען דאס ווייניגע, וואס זיי האבען באקומען, אדער געפונען, און וואלטען נישט אויסגעטראכט פון קאפ פארשיידענע נייאיגקייטען. דערפון האט זיך עס גענומען, וואס די געשיכטע פון דער ביבעל איז פארבליבען נישט נאר נישט־פולקאם, נאר אפילו געפעלשט, ד. ה. די יסודות פון קענען די ביבעל זיינען נישט נאר צו־ווייניג אין צאל, אז מען זאל אויף זיי קענען בויען א פולשטענדיגע געשיכטע פון דער ביבעל, נאר זיינען אפילו איבערגעאנדערשט געווארען.

צו פארריכטען די דאזיגע יסודות און צו פארניכטען די אלגעמיינע פאראורטיילען פון דער טעאלאגיע איז אן ארבעט, וואס גייט אריין אין דעם ציל, וועלכען איך האב זיך פארגענומען. איך האב אבער מורא, אז איך בין מיט דעם דאזיגען פארזוך מיינעם געקומען שוין צו־שפעט, ווייל די זאך איז שוין אזוי ווייט, אז די מענשען ווילען שוין מער נישט הערען פון קיין שום אויסבעסערונג. דאס, וואס זיי האבען איינמאל אנגענומען אונטער דעם שיין פון רעליגיע, פארטיידיגען זיי מיט דער גרעסטער עקשנות און עס בלייבט, דאכט זיך, מער נישט

קיין פּלאַץ פאַר'ן שכל, ווי נאָר ביי אַ ערד זייער קליינער צאָל מענשען. אַם־אַזוי זיינען די דאָזיגע פּאַראורטיילען מיט איינגעוואורצלט אין די מענשליכע נשמות.

איך וועל פונדעסטוועגען צונויפנעמען אַלע מיינע כחות אום נישט פאַרפאַלען צו מאַכען אַ פּאַרזוך, ווייל עס איז נישט קיין גרונד צו מיאש זיין זיך אינגאַנצען אין דער דאָזיגער זאַך.

כדי צו באַהאַנדלען דעם ענין מיט אַ סדר, וועל איך אַנהויבען מיט די פאַראורטיילען בנוגע די אמתע מחברים פון די הייליגע שריפטען, און קודם כל מיט דעם מחבר פון חמשה חומשי תורה.

כמעט אַלע מפרשים האָבען געגלויבט, אַז משה איז געווען דער מחבר פון חמשה חומשי תורה. די פרושים האָבען געשטיצט די דאָזיגע מיינונג מיט אַזאַ עקשנות, אַז זיי האָבען באַטראַכט פאַר אַן אפיקורס יעדען איינעם, וואָס האָט אויסגעזעהען צו דענקען אַנדערש. אבן־עזרא, אַ שרייבער מיט אַ פרייען גייסט און ברייטער ערודיציע, וועלכער האָט דער ערשטער צווישען די אַלע מחברים, וואָס איך האָב געלעזען, באַמערקט דעם דאָזיגען פּאַראורטייל, האָט פונדעסטוועגען נישט געוואַגט צו אַנטוויקלען אָפען זיין געדאַנק און האָט נישט מער, ווי אָנגעטייט דאַרויף אין גאַנץ טונקעלע ווערטער. איך, פון מיין זייט, וועל זיך נישט אפשרעקען צו באַלייכטען זיינע ווערטער און צו ווייזען קלאָר דעם ענין.

אָט זיינען אבן־עזראַ'ס ווערטער און זיין פּירוש אויף דברים: „אויף יענער זייט ירדן, און אַז. וו. — ווען דו פאַרשטייסט די געהיי־מעניש פון די צוועלף; — און משה האָט געשריבען דאָס געזעץ; — און דער כנעני איז דעמאָלט געווען אין לאַנד; — אויף גאָט'ס באַרג וועט ער זיך אַנטפּלעקען; — זע, זיין בעט איז געווען אַ בעט פון אייזען, — דאַן וועסטו דעם אמת דערקענען".

מיט די דאָזיגע עטליכע ווערטער טייט אבן־עזראַ אָן און באַווייזט צוגלייך, אַז ניט משה האָט געשריבען די חמשה חומשי תורה, נאָר עמיצער אַנדערש, וואָס האָט געלעבט אַ לאַנגע צייט נאָך אים, און אַז דער ספר, וואָס משה האָט באמת געשריבען, איז געווען גאָר אַן אַנדערער.

כדי דאָס צו באַווייזען, באַמערקט, זאָג איך, אבן־עזראַ:

1 — אַז די הקדמה גופא פון דברים האָט נישט געקאָנט

געשריבען ווערען פון משה'ן, ווייל ער איז נישט אריבערגעגאנגען דעם ירדן.

2 — אז דער גאנצער ספר משה'ס איז זייער אויספירליך אנגע־שריבען געוואָרען אויף דער פלאך פון איין־איינציגען מזבח (זע דברים, קאפ. כ"ז, און יהושע, קאפ. ח' פסוק 30), וועלכער איז, ווי די רבנים גיבען איבער, באשטאנען בלויז פון צוועלף שטיינער. דערפון איז געדרונגען, אז משה'ס ספר איז געווען פיל קלענער אין כמות ווי דער ספר דברים. דערויף האט דער מחבר, נאך מיין מיינונג, גע־וואלט אנטייטען מיט די ווערטער: „די געהיימניש פון די צוועלף", ווען ער האט אפשר נישט געמיינט די צוועלף קללות, וואס געפינען זיך אין דער אויבען־געבראכטען קאפיטעל פון דברים און וואס ער האט אוודאי געגלויבט, אז זיי זיינען נישט פארשריבען געוואָרען אין דעם בוך פון געזעץ, ווייל משה האט אויסער דער דערקלערונג פון געזעץ נאך באפוילען די לויים פארצוטראגען די דאזיגע קללות, כדי דאס פאלק זאל דורך אט־דער באשווערונג אנגערעגט ווערען אפצוהיטען די געשריבענע געזעצען. עס איז אויך מעגליך, אז ער האט דערמיט גע־מיינט דאס לעצטע קאפיטעל פון דברים, וואו עס רעדט זיך וועגען משה'ס טויט און וואס באשטייט פון צוועלף פסוקים. עס איז אבער נישט נויטיג צו אונטערזוכען דא גענויער אט־די און אנדערע השערות.

3 — אבן־עזרא באמערקט ווייטער, אז עס ווערט געזאגט אין דברים, קאפ. ל"א, פסוק 8: "און משה האט געשריבען די תורה", ווערטער, וואס קאנען נישט געהערען משה'ן, נאר אן אנדערן, וועלכער דערציילט וועגען משה'ס מעשים און שריפטען.

4 — ער ווייזט אן אויף דער שטעל פון בראשית (קאפ. י"ב, פסוק 6), וואו דער געשיכטשרייבער, דערציילענדיג, אז אברהם האט דורכגעוואנדערט דאס לאנד פון די כנענים, איז מוסיף, אז "דער כנעני איז דעמאלט געווען אין דעם דאזיגען לאנד". מיט די דאזיגע ווערטער שליסט דער שרייבער דייטליך אויס די צייט, ווען ער האט דאס גע־שריבען, און ממילא האבען די דאזיגע ווערטער געמוזט געשריבען ווערען נאך משה'ס טויט, און ערשט נאכדעם, ווי די כנענים זיינען שוין ארויסגעטריבען געוואָרען און מער נישט געווען די באזיצער פון לאנד. דערויף טייט אבן־עזרא אליין אן אין זיין פירוש אויף דער דאזיגער שטעל. ער זאגט אזוי: "און דער כנעני איז דעמאלט געווען אין דעם

דאָזיגען לאַנד. עס ווייזט אויס, אַז כנען (נח'ס איניקעל) האָט פאַר־נומען דאָס לאַנד כנען, וואָס אַן אַנדערער האָט עס באַזעסען. אויב דאָס איז נישט אמת, איז דערין פאַרהאַן אַ סוד, און ווער עס פאַרשטייט אים, דער זאָל שווייגען".

דאָס הייסט, אויב כנען האָט ערא בערט די דאָזיגע לענדער, וועט דער זין זיין, אַז "דער כנעני איז דעמאָלט שוין געווען אין דעם דאָזיגען לאַנד", אויסשליסענדיג דערמיט די פריערע צייט, ווען דאָס לאַנד איז געווען באַוואוינט פון אַן אַנדער פאָלק.

אויב אָבער כנען איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט קולטיווירט די דאָזיגע געגענטען (וואָס דאָס פאָלגט פון בראשית, קאַפּ. י') שליסט דער טעקסט אויס דעם הווה, ד. ה. די צייט פון דעם דערציילער, אָבער נישט משה'ס צייט, וואָס ביי זיין לעבען האָבען די כנענים נאָך באַזעסען יענע געגענטען. און דאָס איז די געהיימעניש, וואָס אבן־עזרא רעקאָמענדירט צו פאַרשווייגען.

5 — ער באַמערקט, אַז אין בראשית, קאַפּ. כ"ב, פּסוק 14, ווערט דער באַרג מוריה אַנגערופען גאָט'ס באַרג *), וואָס אָט־דעם נאָמען האָט דער באַרג באַקומען נאָכדעם, ווי ער איז געהייליגט גע־וואָרען פאַר דעם אויפבוי פון דעם בית המקדש. אָבער אין משה'ס צייט איז נאָך דער באַרג דערצו נישט אויסדערוויילט געוואָרען, ווייל משה ווייזט נאָך נישט אָן אויף קיין שום אָרט, וואָס זאָל אויסדער־ווײלט ווערען פון גאָט, נאָר זאָגט, פאַרקערט, פאָראויס, אַז גאָט וועט אַמאָל אויסדערוויילען עפּעס אַן אָרט, אויף וועלכען עס וועט געלעגט ווערען גאָט'ס נאָמען.

6 — אבן־עזרא באַמערקט צולעצט, אַז אין דברים, קאַפּ. ג', אין דער דערציילונג וועגען עוג מלך הבשן, איז אַריינגעשטעלט גע־וואָרען אָט־די שטעל: "עוג, דער קעניג פון בשן, איז פאַרבליבען אליין פון די אַנדערע ריזען.**) זע, זיין בעט איז געווען פון אייזען, עס איז

*) ד. ה. אַז דער באַרג מוריה איז אַזוי אַנגערופען געוואָרען פון דעם געשיכטשרייבער און נישט פון אברהם'ן; ווייל עס ווערט געזאָגט, אַז דאָס אָרט, וואָס ווערט איצט אַנגערופען „בהר ה' יראה" איז פון אברהם'ן אַנגע־רופען געוואָרען „ה' יראה". — אנמערקונג פון מחבר.

**) דאָס וואָרט רפאים אין העברעאישען באַטייט פאַרדאַמטע און איז, ווייזט אויס, אויך אַן אייגענגאָמען, לויט דברי הימים א, קאַפּ. ר', פּסוקים 4, 6 און 8, און דעריבער רעכען איך, אַז עס באַצייכענט אַ נאָמען פון עפּעס אַ פאַמיליע. — אַנמערקונג פון מחבר.

זיבער דאָסזעלביגע (בעט), וואָס איז אין רבת פון די זין פון עומו, נייז איילען לאַנג און א. וו." דער דאָזיגער אריינשטעל ווייזט זייער קלאָר, אַז דער מחבר פון די דאָזיגע ביבער האָט געלעבט א לאַנגע צייט נאָך משה'ן, ווייל אַזוי דריקט זיך אויס נאָר איינער, וואָס דערציילט גע־שיכטעס פון לאַנג־פאַרגאַנגענע צייטען און ווייזט אַז אויף איינצעלנע איבערבלייבענישען, כדי דערמיט צו איבערצייגען אין דעם, וואָס ער דערציילט. דאָס דאָזיגע בעט איז אַן צווייפעל אַנטדעקט געוואָרען ערשט אין דוד'ס צייטען, וואָס ער, דוד, האָט איינגענומען די דאָזיגע שטאָט, ווי עס ווערט דערציילט אין שמואל, קאַפּ. י"ב, פסוק 30.

אָבער נישט נאָר דאָס אַליין האָט דערזעלביגער געשיכטשרייבער אריינגעשטעלט פראַזען צווישען משה'ס ווערטער. אָט זאָגט ער אביסעל ווייטער: "יאיר, דער זון פון מנשה, האָט גענומען די גאַנצע געגענט פון ארגוב, ביז צו דער גרעניץ פון דעם גשורי און דעם מעכתי, און ער האָט אָט־די ערטער, אינאיינעם מיט בשן, אַנגערופען אויף זיין נאָמען, יאיר'ס דערפער, ביז אויף היינטיגען טאָג" די דאָזיגע פראַזע, זאָג איך, איז דער געשיכטשרייבער מוסיף, כדי צו מאַכען קלאָר משה'ס ווערטער, וועלכע ער האָט פריער געבראַכט. "און דאָס איבעריגע גלעד, און גאַנץ בשן, דאָס קעניגרייך פון עוג, האָב איך אוועקגעגעבען דעם האַלבען שבט מנשה; די גאַנצע געגענט ארגוב — אונטער גאַנץ בשן, וואָס ווערט אַנגערופען דאָס לאַנד פון די ריזען".

די העברעער פון אָט־דעם דערציילער'ס צייט, האָבען אַן צווייפעל געוואוסט, וועלכע דערפער אין שבט יהודה זיינען געווען יאיר'ס דער־פער, זיי זיינען אָבער זיי נישט געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען "די געגענט פון ארגוב און דאָס לאַנד פון די ריזען". און מחמת דעם האָט דער שרייבער געמוזט דערקלערען, וועלכע ערטער עס זיינען דאָס געווען, וואָס זיי האָבען אמאָל אַזוי געהייסען און אין דערזעלביגער צייט אַנגעבען דעם טעם, וואָרום זיי זיינען אין זיין צייט באַצייכענט געוואָרען מיט יאיר'ס נאָמען, וואָס ער איז געווען פון דעם שבט יהודה און נישט פון דעם שבט מנשה (זע דברי הימים א, קאַפּ. ב' פסוקים 22 און 23).

דערמיט האָב איך דערקלערט די באַמערקונג פון אבן־עזרא און אויך די שטעלען פון חומש, וואָס ער ציטירט ,ניי פאַר דער באַשטע־

טינונג פון זיין מיינונג. אָבער אבן־עזרא האָט נישט געבראַכט אַלע
שטעלען און אויך נישט די וויכטיגסטע פון זיי. עס בלייבט איבער
אָפּצושטעלען זיך אויף נאָך פיל אַנדערע שטעלען אין די דאָזיגע ביכער
און פון גרעסערער באַדייטונג, און דאָס איז:

1 — אַז דער מחבר פון די דאָזיגע ביכער רעדט וועגען משה'ן
נישט נאָר בלשון נסתר, נאָר ער זאָגט אויך עדות וועגען אים איבער
פיל זאַכען. למשל: "גאָט האָט גערעדט צו משה'ן", — "גאָט האָט
גערעדט צו משה'ן פּנים אל פּנים", — "משה איז געווען דער
עניוותדיגסטער פון אַלע מענשען" (במדבר, קאַפּ. י"ב, פּסוק 3).
— "משה איז דערצאָרנט געוואָרען קעגען די פירער פון דער אַרמיי"
(במדבר, קאַפּ. ל"א, פּסוק 14). — „משה, דער געטליכער מאַן"
(דברים, קאַפּ. ל"ג, פּסוק 1), — "משה, גאָטס קנעכט, איז געשטאָר־
בען", — "עס איז קיינמאָל נישט געווען קיין נביא אין ישראל, ווי
משה און א. וו."

אָנפאַנגען אָבער, אין דברים, וואו עס ווערט מיטגעטיילט דאָס
געזעץ, וואָס משה האָט עס אויפגעשריבען און דערקלערט דעם פאָלק,
רעדט משה און דערציילט זיינע מעשים אין דער ערשטער פּערזאָן.
למשל: "גאָט האָט גערעדט צו מיר" (דברים, קאַפּ. ב' פּסוקים 1,
17 און א. וו.), "איך האָב געבעטען גאָט און א. וו." און ווייטער, ביים
סוף בוך, נאָכדעם, ווי עס ווערען מיטגעטיילט משה'ס ווערטער, דער־
ציילט ווידער דער געשיכטשרייבער בלשון נסתר, ווי אַזוי משה האָט
דאָס דאָזיגע געזעץ (אָן צווייפעל דאָס געזעץ, וואָס משה האָט עס
דערקלערט) איבערגעגעבען שריפטליך דעם פאָלק, וואָס עס זיינען
געווען זיינע לעצטע פאַרזאָגען און ווי אַזוי ער האָט צולעצט פאַרענדיגט
זיינע טעג. דאָס אַלץ, ד. ה., דער אופן פון אויסדרוק, דאָס וואָס ער
זאָגט עדות וועגען אים און דער צוזאַמענהאַנג פון דער גאַנצער דער־
ציילונג, איבערצייגען מיך פולשטענדיג, אַז די דאָזיגע ביכער זיינען
אָנגעשריבען געוואָרען ניט פון משה'ן, נאָר פון עמיצען אַנדערש.

2 — מען דאַרף באַמערקען, אַז אין דער דאָזיגער געשיכטע ווערט
נישט נאָר דערציילט, ווי אַזוי משה איז געשטאָרבען, ווי אַזוי ער איז
געבראַכט געוואָרען צו קבורה און ווי אַזוי די העברעער האָבען דרייסיג

טעג געטרויערט נאך אים. נאר עס ווערט נאך געמאכט א פארגלייך צווישען אים און די נביאים, וואס האבען געלעבט נאך אים, און עס ווערט געזאגט, אז ער האט זיי אלעמען איבערגעשטיגען. „עס איז קיינ־מאל נישט, — ווערט דארט געזאגט, — געוועזען אין ישראל א נביא, ווי משה, וואס גאט האט אים געקענט פנים אל פנים". אזא צייגעניש האט משה אליין זיכער נישט געקאנט געבען און אויך נישט אזא איינער, וואס איז געקומען גלייך נאך אים, נאר א שרייבער, וואס האט געלעבט מיט פיל יארהונדערטער שפעטער, ווייל דער דאזיגער געשיכט־שרייבער רעדט דאך וועגען א פארגאנגענער צייט. "עס איז קיינמאל נישט געוועזען קיין נביא און א. וו.", — זאגט ער. און וועגען דעם קבר זאגט ער אזוי: "קיינער האט נישט געוואוסט פון אים ביז אויף היינטיגען טאג".

3 — מען דארף באמערקען, אז געוויסע ערטער ווערען נישט באצייכענט מיט די נעמען, וואס זיי האבען געהאט ביי משה'ס לעבען, נאר מיט אנדערע, וואס זיי האבען באקומען פיל שפעטער. עס ווערט, למשל, געזאגט וועגען אברהמען: "ער האט זיי (די שונאים) פאר־פאלגט ביז דן" (זע בראשית, קאפ. י"ה, פסוק 14). אבער דעם דאזיגען נאמען האט די שטאט באקומען ערשט א לאנגע צייט נאך יהושע'ס טויט (זע שופטים, קאפ. י"ח, פסוק 29).

4 — די דאזיגע געשיכטעס ווערען צומאל געפירט איבער דער צייט פון משה'ס לעבען. אזוי איז עס אין שמות, קאפ. ט"ז, פסוק 35, וואו עס ווערט דערציילט, אז די בני־ישראל האבען געגעסען מן אין משך פון פערציג יאר ביז וואנען זיי זיינען אנגעקומען צו די גרענ־ניצען פון דעם לאנד כנען, ד. ה. ביז דער צייט, וואס עס ווערט וועגען איר גערעדט אין ספר יהושע, קאפ. ה', פסוק 12. — אין בראשית, קאפ. ל"ו, פסוק 31, ווערט, ווידער, געזאגט אזוי: "און דאס זיינען די מלכים, וואס האבען געקיניגט איבער אדום, איידער א מלך האט גע־קיניגט איבער די בני־ישראל". עס איז גאר קיין צווייפעל נישט, אז דער געשיכטשרייבער דערציילט דא וועגען די מלכים, וואס די בני־אדום האבען געהאט, אייבער דוד האט זיי אונטערגעיאכט און עטאב־לירט שטאטהאלטער אין אדום (זע שמואל ב, קאפ. ח', פסוק 14).

פון דעם אלעם ווערט אונז קלאר, ווי דער טאג, אז די חמשה חומשי תורה זיינען נישט אנגעשריבען געווארען פון משה'ן, נאר פון

אַן אַנדערן, און פון אַזאַ איינעם, וואָס האָט געלעבט פיל הונדערטער יאָרן נאָך משה׳ן.

מיר וועלן אָבער איצט אויך באַטראַכטן, אויב איר ווילט, די ביכער, וואָס זיינען באמת געשריבן געוואָרן פון משה׳ן און וואָס ווערן ציטירט אין חומש; פון די דאָזיגע ביכער וועט אונז ווערן קלאָר, אַז זיי זיינען גאַנץ אַנדערע, ווי דער חומש.

ערשטנס, איז עס קלאָר פון ש מ ו ת, קאַפּ. י״ז, פּסוק 14, אַז משה האָט אויף גאָט׳ס באַפעל באַשריבן די מלחמה קעגן עמלק׳ן. אָבער פון יענעם קאַפּיטעל זעט מען נישט, אין וועלכן בוך דאָס איז געשריבן. אין ב מ ד ב ר, ווידער (קאַפּ. כ״א, פּסוק 14) ווערט ציטירט אַ בוך, וואָס האָט געהייסן „דאָס בוך פון גאָט׳ס מלחמות". אין דעם דאָזיגן בוך איז אַן צווייפעל דערציילט געוואָרן וועגן דער מלחמה קעגן עמלק׳ן, אַזוי אויך וועגן אַלע לאַגער־פּלעצער, וואָס דער מחבר פון חומש באַהויפּטעט (ב מ ד ב ר, קאַפּ. ל״ג, פּסוק 2), אַז זיי זיינען באַשריבן געוואָרן פון משה׳ן.

עס איז, צווייטנס, קלאָר פון ש מ ו ת, קאַפּ. כ״ד, פּסוקים 4 און 7, אַז עס איז געווען נאָך אַ בוך, מיטן נאָמען "ספר הברית"*), וואָס משה האָט עס פאָרגעלעזן פאַר די בני ישראל, ווען זיי האָבן געשלאָסן מיט גאָט זייער ערשטן בונד. אָבער דאָס דאָזיגע בוך, אָדער בריוו, האָט אַנטהאַלטן זייער ווייניג זאַכן. נעמליך, די געזעצן, אָדער באַפעלן פון גאָט, וואָס ווערן געבראַכט אין ש מ ו ת, קאַפּ. כ׳, פון פּסוק 22 ביז קאַפּ. כ״ה, און דאָס וועט קיינער נישט קאָנען אָפּלייקענען, אויב ער וועט עס נאָר לייענען מיט אַ געזונטען אורטייל און אומפּאַרטייאיש. אין דער אמתן, עס ווערט דאָרט דערציילט, אַז משה, ווי נאָר ער האָט געזעען, אַז דאָס פאָלק איז גרייט צו שליסען אַ בונד מיט גאָט, האָט ער גלייך אויפגעשריבן די רעדעס און געבאָטען פון גאָט, און אויף מאָרגען, ביים באַגינען פון טאָג, האָט ער, נאָך געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס, פאָרגעלייענט פאַרן גאַנצען פאַרזאַמעלטען פאָלק די תנאים פון דעם בונד, וואָס ער האָט געהאַט צו שליסען. נאָכדעם, ווי די תנאים זיינען פאָרגעליינעט און אַן צווייפעל פאַרשטאַ־

*) באַמערקט, אַז ס פ ר אין העברעאיש באַטייט אָפט אַ בריוו אָדער אַ דאָקומענט.

נען געוואָרען פון דעם גאַנצען פאָלק, האָט זיך דאָס פאָלק דערצו איינ־שטימיג פאַרפּליכטעט*). עס איז, אַלזוי, צו זען סיי פון דער קורצער צייט, אין וועלכער דאָס דאָזיגע בוך איז אויפגעשריבען געוואָרען, סיי פון דעם, וואָס עס האָט זיך דאָרט געהאַנדעלט וועגען דער שליסונג פון בונד, אַז עס האָט אַנטהאַלטען נישט מער, ווי די ווייניגע פּונקטען, וואָס איך האָב וועגען זיי נאָר וואָס גערעדט.

עס איז צולעצט אויך קלאָר, אַז משה האָט דערקלערט אַלע געזע־צען, וואָס ער האָט געגעבען, אויפן פערציגסטען טאָג נאָך יציאת מצרים (זע דברים, קאַפּ. א׳, פּסוק 5): אַז ער האָט פון דאָס ניי פאַרפּליכטעט דערצו דאָס פאָלק (זע דברים, קאַפּ. כ״ט, פּסוק 14) און אַז ער האָט צולעצט אויפגעשריבען דאָס בוך, וואָס האָט אַנטהאַל־טען אַט־די געזעצען, אינאיינעם מיט זייער דערקלערונג, און דעם נייעם אָפּמאַך (זע דברים, קאַפּ. ל״א, פּסוק 9). דאָס דאָזיגע בוך האָט געהייסען ״ספר תורת אלהים״ און יהושע האָט עס שפּעטער פאַרגרע־סערט, צוגעבענדיג דעם באַריכט וועגען דעם בונד, וואָס דאָס פאָלק האָט אין זיין צייט צום דריטען מאָל געשלאָסען מיט גאָט און דורך וועלכען ער האָט זיך אויפסניי פאַרפּליכטעט (זע יהושע, קאַפּ. כ״ד, פּסוקים 25 און 26).

אזוי ווי מיר האָבען אָבער איצט נישט קיין שום בוך, וואָס זאָל אַנטהאַלטען צוגלייך אי משה׳ס, אי יהושע׳ס בונד, בכן מוז מען נויטי־געררהייט צוגעבען, אַז דאָס דאָזיגע בוך איז פאַרלוירען געגאַנגען, אויב מען וויל נישט אינאיינעם מיטן כאַלדעאישען פאַרפראַזירער יונתן פאַרדרייען אויף אַן אומזיניגען און ווילקירישען שטייגער די ווערטער פון דער ביבעל; וייל ווען יונתן האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַט־דער שוועריגקייט, האָט ער בעסער אויסגעקליבען צו פעלשען די ביבעל, איידער צו מודה זיין זיך אין אומוויסענקייט. די ווערטער פון ספר יהושע (זע קאַפּ. כ״ד, פּסוק 26): ״און יהושע האָט אויפגע־שריבען די דאָזיגע ווערטער אין דעם ספר פון גאָט׳ס געזעץ״, זעצט ער איבער אין כאַלדעאישען אזוי: ״און יהושע האָט אויפגעשריבען די דאָזיגע ווערטער און זיי אויפגעהיט אינאיינעם מיט דעם ספר פון גאָט׳ס געזעץ״. וואָס זאָל מען טון מיט מענשען, וואָס זעען נאָר

*) זע שמות, קאַפּ. כ״ד, פּסוק 3 און ווייטער.

דאָס, וואָס זיי ווילען זען? און הייסט דען דאָס נישט, זאָג איך ווי־דעראַמאָל, צו פאַרוואַרפען די עכטע ביבעל און אויסצוטראַכטען אַ נייע פון דעם אייגענעם קאָפּ?

מיר וועלען, אַלזוי, מאַכען דאָ דעם אויספיר, אַז אַט־דער ספר פון גאָט׳ס געזעץ (ספר תורת אלהים), וואָס משה האָט אים געשריבען, איז נישט געווען דער חומש, נאָר אַ גאַנץ אַנדער ספר, וואָס דער מחבר פון חומש האָט אים אַריינגעשטעלט אויפן פּאַסיגען אָרט אין זיין חבור. און דאָס פאָלגט אויפן קלערסטען אופן סיי פון דעם, וואָס עס איז אויבען געזאָגט געוואָרען, סיי פון דעם, וואָס מיר וועלען באַלד זאָגען.

אין דער אמתען, אין דער פריער־ציטירטער שטעל פון דברים, וואו עס ווערט געזאָגט, אַז משה האָט געשריבען דאָס בוך פון געזעץ, איז דער געשיכטשרייבער מוסיף, אַז משה האָט דאָס איבערגעגעבען די כהנים און זיי אָנגעזאָגט פאָרצולייענען עס פאַרן גאַנצען פאָלק צו אַ באַשטימטער צייט, וואָס דאָס באַווייזט, אַז דער דאָזיגער ספר איז געווען פיל קלענער אין כמות, ווי דער חומש, ווייל ער האָט אויף איין איינציגער פאַרזאַמלונג געקאָנט פאַרגעלייענט ווערען אַזוי, אַז ער זאָל זיין פאַרשטענדליך פאַר יעדען איינעם.

עס האַרף דאָ אויך דערמאָנט ווערען, אַז פון אַלע ביכער, וואָס משה האָט געשריבען, האָט ער באַפוילען צו היטען און געטריי אויפ־צוהיטען נאָר דאָס בוך פון צווייטען בונד און האזינו, וואָס משה האָט עס אָנגעשריבען שפּעטער, כדי דאָס פאָלק זאָל עס לער־נען אויף אויסווענינג. אין דער אמתען, מיטן ערשטען בונד האָט משה פאַרפּליכטעט בלויז די בייזייענדיגע, בעת מיטן צווייטען — אויך אַלע זייערע נאָכקומער (זע דברים, קאַפּ. כ״ט, פּסוקים 14 און 15), וואָס מחמת דעם האָט ער באַפוילען אויפצוהיטען געטריי פאַר די קו־מענדיגע דורות, דאָס בוך פון אַט־דעם צווייטען בונד און אויך, ווי גע־זאָגט, האזינו, וואָס באַציט זיך דער עיקר אויף די צוקונפטיגע צייטען.

אַזוי ווי עס איז, אַלזוי, קלאָר, אַז משה האָט אויסער די צוויי דערמאָנטע ביכער מער קיין ביכער נישט געשריבען; אַזוי ווי, ווידער, ער האָט באַפוילען אויפצוהיטען געטריי פאַר די קומענדיגע דורות נישט מער ווי דאָס בוך פון געזעץ און האזינו; און אַזוי ווי עס

זיינען לסוף, פאַרהאַן אין חומש פיל שטעלען, וועלכע האָבען נישט געקאָנט געשריבען ווערען פון משה'ן, בכן איז דערפון צו דרינגען, אַז עס איז נישטאָ גאָר קיין גרונד און עס איז קעגען דעם שכל צו באַהויפּ־טען, אַז משה איז דער מחבר פון חומש.

דאָ וועט מען אונז אפשר שטעלען די פראַגע: האָט משה אויסער אָט־די צוויי ביכער קיין אַנדערע געזעצען טאַקע נישט געשריבען אין דער צייט, ווען זיי זיינען אים אַנטפּלעקט געוואָרען, אָדער מיט אַנ־דערע ווערטער, האָט משה אין משך פון פערציג יאָר אויפגעשריבען פון אַלע געזעצען, וואָס ער האָט געגעבען, טאַקע נישט מער, ווי אָט־די קליינע צאָל, וואָס איך האָב וועגען זיי געזאָגט, אַז זיי זיינען איינגע־שלאָסען אין דעם בוך פון דעם ערשטען בונד?

דערויף וועל איך ענטפערען, אַז ווען אפילו מיר זאָלען צוגעבען, אַז עס ליגט זיך אויפן שכל, אַז משה זאָל האָבען אויפגעשריבען די דאָזיגע געזעצען אין דערזעלביגער צייט און אויפן זעלביגען אָרט, וואָס עס איז אים אויסגעקומען וועגען זיי מיטגעטיילט צו ווערען, לייקען איך פונדעסטוועגען, אַז מיר זאָלען דאָס קאָנען אַננעמען פאַר אַ זיכערע זאַך. מיר האָבען דאָך שוין געוויזען, אַז מיר קאָנען אַזוינס גאַרנישט באַהויפּטען, סיידען עס ווערט דערוויזען פון דער ביבעל גופא, אָדער עס לאָזט זיך גוט אויספירען פון אירע יסודות, און אַז מיר האָבען אָבער קיין שום רעכט נישט דאָס צו זאָגען מחמת דעם, וואָס די דאָזיגע השערה זעט אונז אויס צו זיין אין הסכם מיטן שכל.

אגב צווינגט אונז גאַרנישט דער שכל צו מאַכען אַזאַ באַהויפּטונג, ווייל עס איז דאָך מעגליך, אַז די עלטסטע האָבען שריפטליך מיטגע־טיילט דעם פאָלק משה'ס געבאָטען, וואָס אַ געשיכטשרייבער האָט זיי שפּעטער געזאַמעלט און זיי איינגעפּאַסט אין זיין דערציילונג וועגען משה'ס לעבען.

אָט־דאָס האָב איך געהאַט צו זאָגען וועגען משה'ס פינף ספרים: עס איז איצט צייט צו אונטערזוכען די אַנדערע ספרים.

דורך דיזעלביגע טעמים קאָן באַוויזען ווערען, אַז אויך דער ספר יהושע איז נים געשריבען געוואָרען פון יהושע'ן גופא. נישט יהושע אַליין, נאָר אַן אַנדער שרייבער האָט עס געמוזט זאָגען עדות וועגען יהושע'ן, אַז זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערען איבער דער גאַנצער

ערד (זע קאַפּ. ו׳, פּסוק 26), אַז ער האָט קיין זאַך נישט אויסגעלאָזען פון דעם, וואָס משה האָט באַפוילען (זע קאַפּ. ח׳, לעצטען פּסוק, און קאַפּ. י״א, פּסוק 15); אַז ער איז געקומען אין טיפען עלטער, האָט ער פאַררופען די בני־ישראל אין אַ פאַרזאַמלונג און באַלד נאָכדעם אַרויס־געלאָזען די נשמה. עס ווערען ווייטער דערציילט איינִיגע זאַכען, וואָס האָבען געטראָפען שוין נאָך יהושע׳ס טויט. עס ווערט דערציילט, אַז נאָך זיין טויט האָבען די בני־ישראל פאַרערט גאָט אַזוי לאַנג, ווי עס האָבען געלעבט די זקנים, וועלכע האָבען אים געקענט. עס ווערט, ווי־דער, געזאָגט אין קאַפּ. ט״ז, פּסוק 10, אַז (אפרים און מנשה) האָבען ניט פאַרטריבען די כנענים, וועלכע האָבען געוואוינט אין גזר, נאָר (גיט דער געשיכטשרייבער צו) אַז דער כנעני האָט געוואוינט צווישען אפרים ביז אויף היינטיגען טאָג און איז געווען אַ צינזצאָלער. דאָס איז דאָס אייגענע, וואָס עס ווערט דערציילט אין ספר שופטים, קאַפּ. א׳, און דער אויסדרוק „ביז אויף היינטיגען טאָג" ווייזט, אַז דער מחבר דערציילט עפּעס פון דער אַלטער צייט. אַזוי איז אויך דער טעקסט פון קאַפּ. ט״ו (לעצטער פּסוק), וואו עס רעדט זיך וועגען די בני־יהודה, און די געשיכטע וועגען כלב, לויט פּסוק 15 פון דעמזעלבי־גען קאַפּיטעל. דער פאַקט, וואָס ווערט דערציילט אין קאַפּ. כ״ב, פון פּסוק 10 און ווייטער, וועגען די דריטהאַלבען שבטים, וועלכע האָבען אויפגעשטעלט אַ מזבח אויף יענער זייט ירדן, איז אַ פּנים פאָרגעקומען נאָך יהושע׳ס טויט, ווייל עס ווערט אין דער גאַנצער געשיכטע גאָר־נישט דערמאָנט יהושע׳ס נאָמען און דאָס פאָלק אַליין איז זיך מיישב, צו עס זאָל געפירט ווערען מלחמה, שיקט שליחים, וואַרט אויף זייער ענטפער און הייסט אים צולעצט גוט.

עס איז לסוף, קלאָר פון קאַפּ. י׳, פּסוק 14, אַז דאָס דאָזיגע בוך איז געשריבען געוואָרען פיל הונדערטער יאָרען נאָך יהושע׳ן, ווייל עס ווערט דאָרט געזאָגט עדות, אַז „עס איז נישט געווען נאָך אַזאַ טאָג, נישט פאַר דעם און נישט נאָך דעם, אַז גאָט זאָל (אַזוי) געהאָר־כען אַ מענשען און א. וו."

אויב, אַלזוי, יהושע האָט אַמאָל געשריבען אַ בוך, איז עס זיכער געווען דאָס בוך, וואָס ווערט ציטירט אין דערזעלביגער דערציילונג, קאַפּ. י׳, פּסוק 13.

וואָס איז שייך דעם ספר שופטים, גלויב איך נישט, אַז עס

זאָל זיך געפינען אַ לצוועך מיט געזונטען פאַרשטאַנד, וואָס זאָל זיך קאָנען איינריידען, אַז דאָס דאָזיגע בוך איז געשריבען געוואָרען פון די שופטים גופא. אין דער אמתען, דער סוף פון דער געשיכטע, אין קאַפּ. כ"א, ווייזט קלאָר, אַז דאָס גאַנצע בוך איז געשריבען געוואָרען פון איין איינציגען געשיכטשרייבער, און ווידער דערמאַנט דער מחבר פיל מאָל, אַז עס איז אין יענער צייט נישט געווען קיין מלך אין ישראל, וואָס דאָס לאָזט נישט איבער קיין שום צווייפעל, אַז דאָס בוך איז גע־שריבען געוואָרען ערשט נאָכדעם, ווי מלכים זיינען שוין אריין אין מאַכט.

פונקט אזוי האָבען מיר אויך נישט קיין גרונד אָפּצושטעלען זיך לאַנג אויף די ביכער שמואל, ווייל די געשיכטע ווערט געפירט ווייט אריבער שמואל'ס לעבען. איין זאַך וויל איך נאָר באַמערקען, און דאָס איז, אַז אויך דאָס דאָזיגע בוך איז געשריבען געוואָרען פיל הונדערטער יאָרען נאָך שמואל'ן. אין דער אמתען, אין דעם ערשטען בוך (קאַפּ. ט', פסוק 9) דערמאַנט דער געשיכטשרייבער אין קלאַמער־צייכענס, אַז "אין אַמאָליגע צייטען, אין ישראל, ווען איינער איז געגאַנגען צו פרעגען גאָט, האָט ער געזאָגט: "קומט, לאָמיר גיין צום זעער"; ווייל דער, וואָס הייסט היינט נביא, האָט אַמאָל געהייסען זעער".

וואָס איז, לסוף, שייך די ביכער מלכים, זיינען זיי, ווי דאָס פאָלגט פון זיי גופא, אַ טייל פון בוך "דברי שלמה" (זע מלכים א, קאַפּ. י"א, פסוק 41), פון בוך "דברי הימים למלכי יהודה" (זע קאַפּ. י"ד, פסוקים 19 און 29), און פון בוך "דברי הימים למלכי ישראל".

מיר ווען, אַלזוי, דאָ מאַכען דעם אויספיר, אַז די אַלע ביכער, מיט וועלכע מיר האָבען זיך ביז איצט באַשעפטיגט, זיינען פאַרפאַסט געוואָרען שפּעטער און די פאַקטען, וואָס געפינען זיך דאָרט, ווערען דערציילט, ווי שוין לאַנג־פאַרגאַנגענע.

אויב מיר וועלען איצט זיך צוקוקען צו דעם צוזאַמענהאַנג און דעם תוכן פון אַט־די אַלע ביכער, וועלען מיר לייכט איינזען, אַז זיי זיינען אַלע געשריבען געוואָרען פון איין־און־דעמזעלביגען געשיכט־שרייבער, וואָס האָט געוואָלט דערציילען די אַנטיקע געשיכטע פון די יידען פון אָנהויב אָן ביז צום ערשטען חורבן ירושלים. די דאָזיגע ביכער זיינען באמת צוזאַמענגעבונדען איינס מיטן אַנדערען אַזוי, אַז

מיר קאָנען שוין דערפון אַליין דערקענען, אַז זיי אַנטהאַלטען די גע־שיכטע פון אײן געשיכטשרייבער. נאָכדעם, ווי ער ווערט פאַרטיג מיט דער געשיכטע פון משה'ס לעבען, הויבט ער אָן יהושע'ס געשיכטע מיט אָט־די ווערטער:

"און עס איז געווען, ווען משה, גאָט'ס קנעכט, איז געשטאָרבען, אַז גאָט האָט געזאָגט צו יהושע'ן און א. וו.".

געענדיגט די געשיכטע פון יהושע'ס טויט, הויבט ער אָן די געשיכטע פון די שופטים מיטן זעלביגען איבערגאַנג און מיט דערזעל־ביגער פאַרבינדונג:

"און עס איז געווען, ווען יהושע איז געשטאָרבען, אַז די בני־ישראל האָבען געפרעגט גאָט".

צו דעם ספר שופטים גיט ער צו, ווי אַן אַנהאַנג, דאָס בוך רות אויף אָט־דעם אופן:

"און עס איז געווען אין די טעג, ווען די שופטים האָבען גע־משפט, אַז אַ הונגער איז געווען אין לאַנד".

אויפן זעלביגען אופן ווערט דאָס דאָזיגע בוך רות פאַרבונדען מיטן בוך שמואל א. געענדיגט אָט־דאָס ערשטע בוך, גייט ער מיטן געוויינליכען איבערגאַנג אַריבער צום צווייטען; און ער פאַרבינדט דאָס בוך שמואל ב מיט מלכים א איידער נאָך ער האָט געענדיגט דוד'ס געשיכטע; דערנאָך, דערציילענדיג ווייטער אָט־די געשיכטע דוד'ס, איז ער לסוף אויפן זעלביגען שטייגער מוסיף דאָס בוך מלכים ב צום בוך מלכים א.

עס איז אויך צו זען פון דעם צוזאַמענהאַנג און דעם סדר פון די געשיכטעס, אַז זיי שטאַמען פון אײן־און־דעמזעלביגען געשיכטשריי־בער, וואָס האָט זיך געשטעלט אַ באַשטימטען ציל. אין דער אמתען, ער הויבט אָן מיט דער דערציילונג וועגען דעם ערשטען אורשפּרונג פון דעם העברעאישען פאָלק, ער דערציילט ווייטער מיט אַ סדר, ביי וועלכער געלעגענהייט און אין וועלכער צייט משה האָט געגעבען גע־זעצען און פאָראויסגעזאָגט די העברעער פיל זאַכען. דערנאָך דערציילט ער, ווי אַזוי די העברעער זיינען, אין הסכם מיט משה'ס פאָראויסזאָ־גונגען, אַריינגעקומען אין דעם צוגעזאָגטען לאַנד (זע דברים, קאַפּ. ז'); ווי אַזוי זיי האָבען דערנאָך, האָבענדיג דאָס דאָזיגע לאַנד אין זייער באַזיץ, איבערגעטראָגען די געזעצען (דברים, קאַפּ. ל"א, פּסוק 16)

און ווי אזוי עס זיינען זיי דערפאר באפאלען פיל אומגליקען; ווי אזוי, ווידער, די העברעער האבען געוואלט דערוויילען מלכים (ד ב ר י ם, קאפ. י"ז, פסוק 14), וועלכע האבען מצליח געווען, אדער נישט, לויט דעם, צי זיי האבען אפגעהיט, אדער נישט אפגעהיט די געזעצען (ד ב ר י ם, קאפ. כ"ח, פסוק 36 און לעצטען), ביז דעם אונטערגאנג פון דער מלוכה, ווי משה האט עס פאראויסגעזאגט. וואס איז שייך דעם איבריגען, וואס העלפט מיט קיין זאך נישט צו באפעסטיגען דאס געזעץ, פארשווייגט ער דאס אינגאנצען, אדער ער שיקט אפ דעם לעזער צו אנדערע געשיכטשרייבער. אט־די אלע ביכער פארפאלגען, אלזוי, איין איינציגען ציל, און דאס איז, צו לערנען משה'ס ווערטער און גע־באטען און צו באשטעטיגען זיי דורך געשעענע פאקטען.

פון די דאזיגע דריי אומשטענדען צוזאמענגענומען, דהיינו: פון דער גלייכארטיגקייט פון דעם מאטעריאל פון אט־די ביכער, פון זייער צוזאמענהאנג און פון דעם, וואס זיי זיינען געשריבען געווארען פיל הונדערט יארען נאך די געשעענישען, וועגען וועלכע זיי דערציילען, האבען מיר, ווי געזאגט פריער, צו ציען דעם שלוס, אז זיי זיינען אלע געשריבען געווארען פון איין־און־דעמזעלביגען מחבר.

ווער אבער דער דאזיגער מחבר איז געווען, דאס קאן איך נישט אויפווייזען מיט דערזעלביגער באשטימטקייט. איך בין פונדעסטוועגען זיך משער, אז דאס איז געווען עזרא. עס זיינען פארהאן איניגע גאנץ וואגיגע טעמים, וואס פירען מיך צו אט־דער השערה. אזוי ווי דער געשיכטשרייבער, וועלכער איז, ווי מיר ווייסען עס איצט, געווען איין־און־דערזעלביגע פערזאן, פירט אן זיין געשיכטע ביז צו דער באפריי־אונג פון יהויכין און גיט צו דעם צו, אז יהויכין איז זיין גאנץ לעבען געזעסען ביים מלכ'ס טיש (ד. ה., אדער דאס גאנצע לעבען פון יהויכין, אדער פון נבוכדנצר'ס זון, ווייל דער זין פון די ווערטער איז דארט זייער נים זיכער), בכן איז דערפון געדרונגען, אז ער האט ניט געקאנט לעבען פאר עזרא'ן. די ביבעל דערמאנט אויך ניט קיין שום אנדער געשיכטשרייבער, וואס האט דעמאלט געלעבט, ווי נאר עזרא'ן (זע ע ז ר א, קאפ. ז', פסוק 10), וועלכער האט זיך מיט פליים איבערגע־געבען צו פארשען דאס געזעץ פון גאט, אריינצוברענגען איין דעם א סדר, און איז געווען א געניטער שריפטשטעלער אין תורת משה (דאס זעלביגע קאפיטעל, פסוק 6). און דעריבער קאן איך קיין אנדע־

רען, א חוץ עזרא'ן, ניט אַננעמען פאַרן מחבר פון די דאָזיגע ביכער. פון אַט־דער ווייטערדיגער צייגעניש װעגן עזרא'ן זעען מיר אויך, אַז ער האָט זיך געפלייסט ניט נאָר אויסצופאַרשען דאָס געטליכע גע־זעץ, נאָר אויך אריינצוברענגען אין דעם א סדר. און אין נ ח מ י ה, קאַפּ. ח', פּסוק 8, ווערט געזאָגט אַזוי: "ויקראו בספר האלהים מפרש ושם שכל ויבינו במקרא".

אַזוי ווי אָבער דער ספר ד ב ר י ם איז כולל אין זיך ניט נאָר דאָס בוך פון דת משה, אָדער זיין גרעסטען טייל, נאָר עס געפינען זיך דאָרט, צוליב מער קלאָרקייט, נאָך פיל צוזאַצען, בכן בין איך זיך משער, אַז דער ספר ד ב ר י ם איז עס דאָס בוך פון ג אָ ט'ס ג ע ז ע ץ, וואָס עזרא האָט עס געשריבען, געבראַכט אין אָרדענונג און דערקלערט און וואָס זיי האָבען עס דעמאָלט געלייענט.

אַז עס זיינען אין דעם ספר ד ב ר י ם פאַרהאַן פיל שטעלען, וואָס זיינען דאָרט אריינגעזעצט געוואָרען, כדי צו מאַכען קלערער דאָס איבעריגע, האָב איך דאָס שוין באַוויזען אויבען דורך צוויי ביישפּילען, ווען איך האָב דערקלערט אבן־עזרא'ס מיינונג. עס זיינען אָבער פאַרהאַן נאָך פיל אַנדערע ביישפּילען פון דעמזעלביגען מין. למשל, אין קאַפּ. ב', פּסוק 12: "און אין שעיר האָבען אַמאָל געוואוינט די חורים, אָבער די בני־עשו האָבען זיי פאַרטריבען און פאַרטיליגט פון זייער אנגעזיכט און געוואוינט אויף זייער אָרט, ווי ישראל האָט געטאָן אין דעם לאַנד פון זיין ערבשאַפט, וואָס גאָט האָט עס אים געגעבען". אַזוי דערקלערט ער אויך די פּסוקים 3 און 4 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל, און דאָס איז, אַז ניט די בני־עשו האָבען זיך באַזעצט אויפן באַרג שעיר, וואָס איז געווען נישט־באַוואוינט און וואָס ער איז צו זיי גע־קומען בירושה, נאָר אַז זיי האָבען אים עראָבערט און פאַרטריבען פון דאָרטען די חורים, וועלכע האָבען אים באַוואוינט פריער, און זיי אויס־געראָטען פונקט אַזוי, ווי די בני־ישראל האָבען נאָך משה'ס טויט פאַר־טריבען און אויסגעראָטען די כנענים.

אַזוי זיינען אויך משה'ס ווערטער אין קאַפּ. י', פּסוקים 6, 7, 8 און 9 צוגעגעבען, ווי א צוזאַץ, ווייל קיינער וועט ניט קאָנען נישט איינזען, אַז דער פּסוק 8, וועלכער הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: "און אין יענער צייט האָט גאָט אָפּגעזונדערט דעם שבט לוי", מוז זיך באַציען אויף פּסוק 5 און ניט אויף אהרונ'ס טויט, און אַז עזרא האָט

אים, ווייזט אויס, אַריינגעשטעלט נאָר צוליב דעם טעם, וואָס משה, דערציילענדיג די געשיכטע וועגען דעם קאַלב, וועלכען דאָס פאָלק האָט פאַרערט, האָט געזאָגט (זע קאַפּ. ט׳, פּסוק 20), אַז ער האָט געבעטען גאָט פאַר אהרונען.

עזרא דערקלערט ווייטער, אַז גאָט האָט אין יענער צייט, וועגען וועלכער משה רעדט, זיך אויסדערוויילט דעם שבט לוי, כדי צו ווייזען דעם מאָטיוו פון דער דאָזיגער אויסדערוויילונג און דעם טעם, וואָס די לויים זיינען ניט באַרופען געוואָרען צום אַנטייל פון דער ערבשאַפט. נאָך דעם פירט ער ווייטער מיט משה׳ס ווערטער דעם פאַדים פון דער געשיכטע.

גיט נאָך צו דעם צו די הקדמה פון בוך, אַלע שטעלען, וואו עס ווערט גערעדט וועגען משה׳ן בלשון נסתר, און נאָך פיל אַנדערע שטעלען, וועלכע מיר קאָנען שוין מער ניט אונטערשיידען און וועלכע ער האָט מוסיף געווען אָדער אויסגעדריקט אין אַנדערע ווערטער בלי ספק נאָר צוליב דעם, כדי זיינע צייט־חברים זאָלען זיי בעסער פאַרשטיין.

ווען מיר וואָלטען, זאָג איך, געהאַט משה׳ס בוך גופא, וואָלטען מיר אָן צווייפעל געפונען באַדייטענדיגע אָפּווייכונגען סיי אין די אויס־דריקע, סיי אין צונויפשטעל און סיי אין דער באַגרינדונג פון די פאַר־שריפטען. אין דער אמתען, ווען איך מאַך נאָר אַ פאַרגלייך צווישען די עשרת הדברות פון דברים מיט די עשרת הדברות פון שמות (וואו זייער געשיכטע ווערט דערציילט גרינדליך), אַזוי זע איך, אַז די ערשטע אונטערשיידען זיך פון די צווייטע אין אַט־די אַלע דריי פּונקטען: דער פערטער געבאָט איז אין דברים ניט נאָר אַנדערש אויסגעשטעלט, נאָר ער איז דאָרט אויך פיל ברייטער אַנטוויקעלט. זיין באַגרינדונג, ווידער, איז אויך אַנדערש פון דער באַגרינדונג אין שמות. דער סדר, אין וועלכען דער לעצטער געבאָט ווערט דער־קלערט אין דברים, איז אויך גאַנץ אַנדערש, ווי אין שמות.

די דאָזיגע שנויים, ווי אויך די, וואָס געפינען זיך אין אַנדערע שטעלען, זיינען, לויט מיין מיינונג, געמאַכט געוואָרען, ווי שוין גע־זאָגט, פון עזרא׳ן דערפאַר, ווייל ער האָט דערקלערט גאָט׳ס געזעץ פאַר די מענשען פון זיין צייט; און דעריבער האַלט איך דעם ספר דברים פאַר ספר פון גאָט׳ס געזעץ, וואָס עזרא האָט

אריינגעבראכט אין אים א סדר און אים דערקלערט. און איך גלויב אויך, אז פון אלע ביכער, וואס איך זאג, אז זיי זיינען געשריבען גע־ווארען פון עזרא'ן, איז דברים געווען דאס ערשטע בוך. אט־די השערה מאך איך אויף דעם סמך, וואס דאס דאזיגע בוך איז כולל אין זיך די געזעצען פון לאנד, וואס א פאלק נויטיגט זיך אין זיי מער פון אלץ, און אויך אויף דעם סמך, וואס עס איז ניט ווי אלע אנדערע ביכער, פארבונדען מיט א פריערדיגען בוך, נאר הויבט זיך גלייך אן אזוי: „דאס זיינען משה'ס ווערטער און א. וו.". אבער נאכדעם, ווי ער האט פארענדיגט דאס דאזיגע בוך און געלערנט דאס פאלק די געזעצען, ערשט נאכדעם, גלויב איך, האט ער גענומען פארפאסען א פולשטענדיגע געשיכטע פון דעם העברעאישען פאלק, פון ששת ימי בראשית ביז דעם לעצטען הורבן ירושלים, און דא האט ער אריינגע־שטעלט אויפן פאסיגען פלאץ דאס ספר דברים.

ער האט די ערשטע פינף ביכער פון זיין געשיכטע אנגערופען אויף משה'ס נאמען אן צווייפעל מחמת דעם, ווייל אין משה'ס לע־בען באשטייט דער הויפט־אינהאלט זייערער, און ער האט אויס־געקליבען דעם נאמען פון אט־דעם וויכטיגסטען טייל.

צוליב דעם דאזיגען מאטיוו האט ער דאס זעקסטע בוך אנגערו־פען מיט יהושע'ס נאמען; דאס זיבעטע — מיטן נאמען שופטים; דאס אכטע — מיטן נאמען רות; דאס ניינטע און אפשר אויך דאס לעצטע — מיט שמואלס נאמען; און צולעצט, דאס עלפטע און דאס צוועלפטע — מיטן נאמען מלכים.

איז אבער עזרא געווען דער לעצטער צו לייגען די האנט אויף אט־דעם ווערק און צו האט ער עס געבראכט צו דער געוואונשטער מדרגה פון השלמה — וועגען דעם, זע דאס קומענדיגע קאפיטעל.

## קאַפּיטעל נײַן.

ווייטערדיגע אונטערזוכונגען איבער דיזעלביגע ביכער: געמליך, צו עזרא איז געווען דער לעצטער צו לייגען די האַנט אויף זיי און צו די ראנד־באַמערקונגען, וואָס געפינען זיך אין העברעאישע כתבי־יד, האָבען געהאַט פאַרשיידענע נסחאות, אָדער ניט.

אויף ווי ווייט די פריערדיגע אונטערזוכונג וועגען דעם אמתען מחבר פון די דאָזיגע ביכער העלפט אונז צו פאַרשטיין זיי ריכטיג, דאָס איז לייכט צו זען שוין פון די שטעלען אליין, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט אויף צו פאַרשטאַרקען אונזער מיינונג מכח דעם דאָזיגען ענין און וואָס אָן דער דאָזיגער אונטערזוכונג וואָלטען זיי פאַר יעדען איינעם געמוזט אויסזען טונקעל. אָבער אויסער דער אונטערזוכונג פון דעם אמתען מחבר פון די דאָזיגע ביכער, בלייבט נאָך איבער צו באַמערקען אין זיי אייניגע אַנדערע פּונקטען, וואָס דער אַלגעמיינער אבערגלויבען דערלאָזט ניט די מאַסע דערויף אָפּצושטעלען זיך. דער וויכטיגסטער פון אָט־די פּונקטען איז, אַז עזרא, וועלכען איך וועל האַלטען פאַרן מחבר פון די פריער אָנגערופענע ביכער אזוי לאַנג ביז וואַנען עמיצער וועט מיר ניט אָנווייזען אַ מער זיכערען מחבר, האָט ניט דער לעצטער צוגעלייגט זיין האַנט אויף די דערציילונגען, וואָס געפינען זיך אין די דאָזיגע ביכער: אַז ער האָט ניט מער ווי בלויז גע־זאַמעלט די מעשיות פון פאַרשיידענע שריפטשטעלער, באַנוגענדיג זיך אייניגע מאָל פּשוט דערמיט, וואָס ער האָט זיי בלויז איבערגעשריבען: און אַז ער האָט זיי איבערגעלאָזען פאַר די קומענדיגע דורות, ניט האָ־בענדיג זיי אפילו אונטערגעזוכט, אָדער געבראַכט אין אָרדענונג.

איך קאָן זיך ניט משער זיין, וואָס עס זיינען געווען די סיבות (אויב אפשר ניט קיין פּריציזיטיגער טויט), וועלכע האָבען געשטערט עזראַ'ן צו פאַרענדיגען אָט־דאָס ווערק בשלמות. אָבער אַז די זאַך איז אין דער אמתען אזוי, דאָס קאָנען מיר, הגם עס פעלען אונז די עלטסטע העברעאישע געשיכטשרייבער, גאַנץ קלאָר איינזען פון דער קליינער צאָל פראַגמענטען, וואָס מיר פאַרמאָגען פון זיי.

אין דער אמתען, די געשיכטע וועגען חזקיהו'ן אין מלכים ב, קאַפּ. י"ח, פון פּסוק 17 אָן, איז קאָפּירט פון ישעיה'ס דערציילונג, ווי זי געפינט זיך אין ספר דברי הימים למלכי יהודה, ווייל

אין דעם ספר ישעיה, וואָס איז איינגעשלאָסען אין ספר דברי הימים למלכי יהודה (זע דברי הימים ב, קאַפּ. ל״ב, פאַרלעצטען פּסוק), לייענען מיר די דאָזיגע גאַנצע געשיכטע, דערציילט, א חוץ גאָר ווייניג אויסנאַמען, מיט דיזעלביגע ווערטער, וואָס אין ספר מלכים. דערפון מוז מען נויטיגערהייט ציען דעם שלוס, אַז עס זיינען געוועזן פאַרשיידענע נסחאות פון אָט־דער ישעי'הישער דערציי־לונג, אויב מען וויל נאָר ניט טרוימען, אַז אויך דערין שטעקט עפּעס א סוד.

דאָס לעצטע קאַפּיטעל, ווידער, פון מלכים ב, איז איינגעשלאָ־סען אין ירמיה, קאַפּ. ל״ט, מ׳, און לעצטען. אויך קאַפּ. ז׳ פון שמואל ב איז קאָפּירט אין קאַפּ. י״ז פון דברי הימים א; אָבער אין פאַרשיידענע שטעלען זיינען די ווערטער אַזוי מערקווירדיג פאַרענדערט, אַז מען דערקענט זייער לייכט, אַז די דאָזיגע צוויי קאַ־פּיטלען זיינען ארויסגענומען פון צוויי פאַרשיידענע עקזעמפּלאַרען פון נתנ'ס געשיכטע.

צולעצט איז אויך די גענעאַלאָגיע פון מלכי־אדום, וואָס געפינט זיך אין בראשית, קאַפּ. ל״ו, פון פּסוק 30 אָן, איבערגעגעבען מיט דיזעלביגע ווערטער ווי אין דברי הימים א, קאַפּ. א׳, הגם עס איז קלאָר, אַז דער מחבר פון דעם דאָזיגען בוך האָט גענומען די זאַכען, וועגען וועלכע ער דערציילט, פון אַנדערע געשיכטשרייבער און ניט פון די צוועלף ביכער, וואָס מיר שרייבען זיי צו עזרא'ן.

עס איז גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז ווען מיר וואָלטען געהאַט די געשיכטשרייבער'ס ווערק גופא, וואָלט די זאַך פון זיך אליין באַוויזען געוואָרען, היות אָבער אָט־די ווערק, ווי איך האָב דאָס שוין געזאָגט, פעלען אונז אויס, בלייבט אונז ניט קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר צו אונ־טערזוכען די געשיכטעס גופא, ד. ה., זייער סדר און צוזאַמענהאַנג, זייערע פאַרשיידענע ווידערהוילונגען און צולעצט זייערע סתירות אין די צייטרעכענונג: נאָר אַזוי אַרום וועלען מיר קאָנען זיך שאַפען א מיינונג וועגען די אַלע אַנדערע זאַכען.

מיר וועלען, אַלזוי, אונטערזוכען די דאָזיגע געשיכטעס, ווייניג־סטענס די וויכטיגסטע פון זיי, און קודם כל ־י געשיכטע וועגען יהודה און תמר, וואָס דער געשיכטשרייבער הויבט זי אָן צו דערציילען אין בראשית, קאַפּ. ל״ח, מיט אָט־די ווערטער: „און עס איז געוועזן אין

יענער צייט, אַז יהודה איז אוועק פון זיינע ברידער". די דאָזיגע צייט מוז אוודאי זיך באַציען אויף אַ צייט, וואָס עס איז גלייך פאַר דעם ווע־גען איר גערעדט געוואָרען; אָבער דאָך קאָן זי באַיין אופן ניט באַציען זיך אויף דער צייט, וואָס עס ווערט וועגען איר גלייך פאַר דעם גע־רעדט אין בראשית.

אין דער אמתען, פון אָט־דער צייט אַז, ד. ה. פון דער צייט, ווען יוסף איז אוועקגעפירט געוואָרען קיין מצרים, ביז צו דער צייט, ווען דער פּאַטריאַרך יעקב איז אוועק אַהין מיט זיין גאַנצען הויז־געזיינט, קאָנען מיר ניט ציילען מער פון צוויי־און־צוואַנציג יאָר; וויל ווען יוסף איז פאַרקויפט געוואָרען פון זיינע ברידער, איז ער אַלט געווען זיבעצען יאָר, און ווען פּרעה האָט אים געלאָזט רופען פון דער תפיסה, איז ער אַלט געווען דרייסיג יאָר. רעכענט נאָך צו דעם צו די זיבען פרוכטבאַרע יאָר און די צוויי יאָר הונ־גער, וועלען מיר האָבען אַ קימאַ־לן פון צוויי־און־צוואַנציג יאָר.

קיין מענש וועט אָבער ניט קאָנען זיך פאַרשטעלען, אַז אַזוי פיל זאַכען זאָלען קאָנען זיך פאַרלויפען אין משך פון צוויי־און־צוואַנציג יאָר. דהיינו: יהודה נעמט זיך אַ פרוי, וועלכע געבירט אים דריי קינדער, איינס נאָכן אַנדערן; דער עלטסטער פון אָט־די קינדער וואַקסט אויס און האָט חתונה מיט תמר'ן; ער שטאַרבט און דער צוויי־טער זון האָט חתונה מיט זיין שוועגערין; אויך ער שטאַרבט און אין אַ צייט אַרום פאַרבינדט זיך יהודה אליין מיט זיין שנור, וועלכע ער האָט ניט דערקענט; זי געבירט אים אַ צווילינג, צוויי זין, וואָס איינער פון זיי ווערט אַליין אַ פאָטער, אַלץ אין פאַרלויף פון אָט־דער צייט.

אַזוי ווי אָט־די אַלע זאַכען קאָנען זיך ניט באַציען אויף דער צייט, וועגען וועלכער עס רעדט זיך אין בראשית, מוז מען, הייסט עס, זיי באַציען אויף אַן אַנדער צייט, וועגען וועלכער עס האָט זיך גערעדט גלייך פאַר דעם אין אַן אַנדער בוך, און ממילא האָט עזרא פשוט קאָפּירט די דאָזיגע געשיכטע און זי אריינגעשטעלט צווישען אַנדערע, ניט האָבענדיג זי גאָר גענויער אונטערזוכט.

אָבער ניט נאָר אָט־דאָס קאַפּיטעל אַליין, נאָר די גאַנצע גע־שיכטע וועגען יוסף'ן און יעקב'ן איז, דאַרף מען אומבאַדינגט אָננע־

מען, ארויסגענומען און קאָפּירט געוואָרען פון פאַרשיידענע געשיכט־שרייבער: אזוי וויייניג שטימט זי מיט זיך אליין.

אין בראשית, קאַפּ. מ"ז, ווערט עס דערציילט, אז יעקב איז אלט געווען הונדערט און דרייסיג יאָר, בעת יוסף האָט אים צום ערשטען מאָל געפירט צו פּרעה'ן צו באַגריסען אים. נעמט פון אָט־די הונדערט און דרייסיג יאָר אראָפּ די צוויי־און־צוואנציג יאָר, וואָס ער האָט געטרויערט אויף יוסף'ס נעלם־ווערען, דערנאָך די זיבעצען יאָר, וואָס יוסף איז אלט געווען, ווען מען האָט אים פאַרקויפט, און צולעצט די זיבען יאָר, וואָס יעקב האָט געדינט פאַר רחל'ען, און איר וועט זען, אז ער איז שוין געווען אין גאַנץ טיפען עלטער, ארום פיר־און־אכציג יאָר אלט, ווען ער האָט גענומען לאה'ן פאַר א ווייב. איר וועט אויך זען, פון דער אנדער זייט, אז דינה איז קוים אלט געווען זיבען יאָר, ווען שכם האָט זי מאַנס געווען, און אז שמעון איז קוים אלט געווען צוועלף יאָר און לוי עלף, ווען זיי האָבען אויסגעפּלינדערט אָט די גאַנצע שטאָט און פאַרטיליגט מיט דער שאַרף פון שווערד אלע אירע איינוואוינער.

עס איז ניט נויטיג דורכצוגיין דאָ דעם גאַנצען חומש. שטעלט מען זיך בלויז אָפּ דערויף, אז אלע געבאָטען און געשיכטעס ווערען אין אָט־די פינף ביכער דערציילט אָן שום סדר און ניט האָבענדיג אין אכט די צייט, אז איין־און־דיזעלביגע געשיכטע ווערט אָפט איבערגע־חזרט און איניגע מאָל גאָר אויף פאַרשיידענע אופנים, אזוי מוז מען זיך איבערצייגען, אז די אלע געשיכטעס זיינען ווי־עס־איז צוזאַמענ־געקליבען און צוזאַמענגעוואָרפען געוואָרען, כדי מען זאָל זיי שפּעטער קאָנען בעסער אונטערזוכען און ברענגען אין אָרדענונג.

און ניט נאָר די געשיכטעס, וואָס זיינען פאַרהאַן אין חמשה חומשי תורה, זיינען אויף אזא אופן צונויפגעשטעלט געוואָרען, נאָר אויך די בערציילונגען פון די זיבען וויטערדיגע ביכער, וואָס ווערען געפירט ביזן חורבן ירושלים. ווער זעט דען ניט, אז אין שופטים, קאַפּ. ב', פון פּסוק 6 אָן ווערט ציטירט א נייער געשיכט־שרייבער (וועלכער האָט אויך באַשריבען יהושע'ס מעשים) און אז זיינע ווערטער ווערען גאָר פּשוט איבערגעגעבען, ווייל ווי אזוי גע־שיקט זיך עס, אז אונזער געשיכטשרייבער, נאָכדעם, ווי ער האָט דער־

ציילט אין לעצטען קאפיטעל פון י ה ו ש ע, אז יהושע איז געשטארבען און געבראכט געווארען צו קבורה, און נאכדעם, ווי ער האט אין ער־שטען קאפיטעל פון ש ו פ ט י ם צוגעזאגט צו דערציילען, וואס עס איז געשעען נאך יהושע'ס טויט, זאל קאנען צוגעבען צום ערשטען קאפיטעל דאס, וואס ער הויבט אן דערציילען וועגען יהושע'ן אין דעם צווייטען קאפיטעל, אויב נאר ער וויל אנהאלטען דעם פאדעם פון זיין געשיכטע?

פונקט אזוי זיינען די קאפיטלען י"ז, י"ח און א. וו. פון ש מ ו א ל א. גענומען פון אן אנדער געשיכטשרייבער, לויט וועלכען דוד האט אנגעהויבען אריינקומען אין שאול'ס הויף צוליב גאר אן אנדער מאטיוו, ווי דער, וואס ווערט אנגעגעבען אין קאפ. ט"ז פון דעמזעלביגען בוך. דער דאזיגער געשיכטשרייבער גלויבט נים, אז דוד איז געגאנגען צו שאולען, ווייל שאול האט אים גערופען אויפן ראט פון זיינע קנעכט (ווי דאס ווערט דערציילט אין קאפ. ט"ז), נאר אז ער האט זיך באקענט מיט שאולען אין לאגער, ווען זיין פאטער האט אים גראד געשיקט אהין צו זיינע ברידער, און שאול האט אים פאר־האלטען אין הויף צוליב זיין נצחון איבער גלית הפלשתי.

דאס אייגענע בין איך זיך אויך משער מכח קאפיטעל כ"ו פון דעמזעלביגען בוך, און דאס איז, אז דער געשיכטשרייבער דערציילט דארט, לויט אן אנדערענס באריכט, די געשיכטע, וועלכע געפינט זיך אין קאפיטעל כ"ד. אבער איך וועל דאס לאזען אן א זייט און איבער־גיין צו דער אונטערזוכונג פון דער צייטרעכענונג.

אין קאפ. 1, פון מ ל כ י ם א ווערט געזאגט, אז שלמה האט געבויט דעם בית המקדש אין 480טען יאר נאך יציאת מצרים. אבער אויפן סמך פון די געשיכטע גופא מוזען מיר אננעמען א פיל גרעסערען המשך פון יארען. דהיינו:

| | | |
|---|---|---|
| משה איז געווען דער פירער פון פאלק אין מדבר — — — — — — — — — — — — | 40 | יאר |
| יהושע, וועלכער האט געלעבט הונדערט און צען יאר, האט, לויט דער מיינונג פון יוסיפוס און אנדערע געשיכטשרייבער, געהערשט נים מער, ווי — — — — — — | 26 | יאר |

כושן רשעתים האט געהאלטען דאס פאלק
אין קנעכטשאפט — — — — — — — — — 8 יאר
עתניאל בן־קנז איז געווען ריכטער — — — 40 יאר
עגלון, דער קעניג פון מואב, האט געהערשט
איבערן פאלק — — — — — — — — — — 18 יאר
אהוד און שמגר זיינען געווען ריכטער — — 80 יאר
יבין, דער קעניג פון כנען, האט ווידעראמאל
געהאלטען דאס פאלק אונטער זיין הער־
שאפט — — — — — — — — — — — — 20 יאר
דאס פאלק האט דערנאך געהאט רו — — — 40 יאר
דאן איז עס ארונטערגעפאלען אונטער דעם
יאך פון מדין אויף — — — — — — — — 7 יאר
אין גדעונ'ס צייט האט עס געלעבט אין
פרייהייט — — — — — — — — — — — 40 יאר
עס איז געווען אונטער אבימלכ'ס הער־
שאפט — — — — — — — — — — — — 3 יאר
תולה בן־פואה איז געווען ריכטער — — — 23 יאר
דאס פאלק איז ווידעראמאל ארונטערגעפאלען
אונטער דער הערשאפט פון די פלשתים
און די בני־עמון — — — — — — — — 18 יאר
יפתח איז געווען ריכטער — — — — — — — 6 יאר
אבצן פון בית־לחם — — — — — — — — — — 7 יאר
אילון הזבולני — — — — — — — — — — — 10 יאר
עבדון הפרעתוני — — — — — — — — — — 8 יאר
דאס פאלק איז ווידעראמאל געקומען אונטער
דער הערשאפט פון די פלשתים — — 40 יאר
שמשון איז געווען ריכטער — — — — — — 20 יאר
עלי — — — — — — — — — — — — — — 40 יאר
איידער דאס פאלק איז באפרייט געווארען
פון שמואלען, איז עס ווידער ארונטערגע־
פאלען אונטער דער הערשאפט פון די
פלשתים — — — — — — — — — — — — 20 יאר
דוד האט רעגירט — — — — — — — — — 40 יאר

שלמה האָט רעגירט ביז דעם אויפבוי פון
בית־המקדש — — — — — — — — — — — 4 יאָר
אַט־די צאָלען געחיבורט גיבען דעם ס״ה פון— 480 יאָר

מען דאַרף נאָך דערצו צורעכענען די יאָרען פון יענער עפּאָכע, ווען דער העברעאישער שטאַט האָט געבליט נאָך יהושע׳ס טויט ביז ער איז אונטערגעיאָכט געוואָרען פון כושן רשעתים. אַט־די צאָל יאָרען האָט געמוזט זיין אַ גאַנץ היבשע, ווייל איך קאָן זיך גאָר ניט פאָר־שטעלען, אַז באַלד נאָך יהושע׳ס טויט זאָלען אויף איינמאָל האָבען אויסגעשטאָרבען די אַלע, וועלכע האָבען צוגעזעהן זיינע מעשים, אָדער אַז זייערע נאָכקומער זאָלען מיט איין קלאַפּ האָבען אָפּגעזאָגט זיך פון די געזעצען און אַרונטערזונקען פון דער העכסטער טוגענד צו דעם לעצטען גראַד פון פאַרדאָרבענקייט און נאָכגעלאָזענקייט, אָדער, לסוף, אַז כושן רשעתים זאָל זיי אין איין מאָמענט האָבען אונטערגעיאָכט. יעדער איינע פון אַט־די געשעענישען האָט געפאָדערט כמעט אַ גאַנצען דור און עס איז, דעריבער, גאָר קיין צווייפעל ניט, אַז אין שופטים, קאַפּ. ב׳, פּסוקים 7, 9 און 10, נעמט די ביבעל אַרום די געשיכטע פון אַ גרויסער צאָל יאָרען, וואָס זי גייט זיי פאַרביי מיט שטיל־שווייגען.

מיר מוזען אויך צוגעבען די יאָרען, וואָס שמואל איז געווען אַ שופט און וואָס די ביבעל גיט פּונקט אַזוי ניט אָן זייער צאָל. ווייטער מוזען מיר נאָך צורעכענען די יאָרען פון שאול׳ס הערשאַפט, וואָס איך האָב זיי אויסגעלאָזען אין דער רעכענונג פון אויבען, ווייל פון שאול׳ס געשיכטע איז ניט צו זען גענוג קלאָר, ווי לאַנג ער האָט רעגירט. עס ווערט, אמת, געזאָגט אין שמואל א, קאַפּ. י״ג, פּסוק 1, אַז שאול האָט געקיניגט צוויי יאָר, אָבער דער טעקסט איז אין אַט־דער שטעל פאַרדאָרבען און פון דער געשיכטע גופא לאָזט זיך אָננעמען אַ פיל לענגערע צייט. אין דעם, אַז דער טעקסט איז פאַרדאָרבען, קאָן ניט מסופק זיין אַזאַ איינער, וואָס איז אפילו צוגעקומען ניט מער, ווי נאָר צו דער שוועל פון דער העברעאישער שפּראַך. דער טעקסט הויבט זיך דאָ אָן אַזוי: ״בן שנה שאול במלכו ושתי שנים מלך על ישראל״ — ״שאול איז אַלט געווען איין יאָר, ווען ער האָט אָנגעהויבען קיני־גען, און צוויי יאָר האָט ער געקיניגט איבער ישראל״. ווער, זאָג

איך, זעט ניט, אז די צאל יארען פון שאול'ס עלטער אין דער צייט, ווען ער האט אנגעהויבען רעגירען, איז דא אויסגעלאזט געווארען ? און אז פון שאול'ס געשיכטע גופא לאזט זיך אננעמען א פיל גרעסערע צאל רעגירונגס־יארען קאן אין דעם אויך קיינער ניט מסופק זיין, ווייל אין קאפ. כ"ז, פסוק 7, פון דעמזעלביגען בוך, ווערט דערציילט, אז דוד האט איין יאר און פיר חדשי זיך אויפגעהאלטען ביי די פלשתים, צו וועלכע ער איז אנטלאפען פון שאול'ס פארפאלגונגען. לויט אט־דעם חשבון בלייבט, אלזוי, איבער פאר די איבעריגע געשעענישען פון שאול'ס רעגירונג א צייט פון אכט חדשים, וואס קיינער וועט דאך אין דעם ניט גלויבען. יוסיפוס, וועניגסטענס, האט צום סוף פון זעקסטען בוך פון זיינע "אלטערטימליכקייטען" פארבעסערט אט־דעם טעקסט אזוי: "שאול האט, אלזוי, געקיניגט אכטצען יאר ביי שמואל'ס לעבען און צוויי יאר נאך זיין טויט". נאך מער, די גאנצע געשיכטע פון קאפ. י"ג איז לחלוטין ניט אין הסכם מיט דעם פריערדיגען. צום סוף פון קאפ. ז' ווערט דערציילט, אז די פלשתים האבען געליטען פון די יידען אזא פולשטענדיגע מפלה, אז זיי האבען ביי שמואל'ס לעבען ניט געוואגט אריבערצוטרעטען די גרעניצען פון ישראל. אבער אין קאפ. י"ג ווערט דערציילט, אז די יידען זיינען ביי שמואל'ס לעבען איבער־געפאלען געווארען פון די פלשתים און דורך זיי געבראכט געווארען צו אזא עלענד און ארעמקייט, אז זיי האבען ניט געהאט קיין כלי־זין צו פארטיידיגען זיך, און אויך ניט קיין מיטלען צו מאכען נייע.

עס וואלט מיר אוודאי געקאסט גענוג מי, ווען איך וואלט דא פארזוכט צו הארמאניזירען די אלע געשיכטעס, וואס געפינען זיך אין ש מ ו א ל א, אזוי אז זיי זאלען אויסזען גלייך ווי זיי וואלטען געווען געשריבען און איינגעארדענט פון איין־איינציגען געשיכטע־שרייבער. איך וועל אבער זיך אומקערען צוריק צו מיין ענין. די יארען, וואס שאול האט רעגירט, מוזען, אלזוי, צוגעגעבען ווערען צו דעם פריהערדיגען חשבון. איך האב, צולעצט, אויך נישט אריינגערעכענט די יארען, וואס די העברעער זיינען געווען אהן א רעגירונג, ווייל פון דער ביבעל איז נישט צו זעהן זייער צאל. איך זאג נאכאמאל, אז איך קען נישט זיין זיכער אין דער צייט, ווען עס זיינען פארגעקומען די געשעענישען, וועגען וועלכע עס ווערט דערציילט אין ש ו פ ט י ם, פון קאפ. י"ז ביזן סוף בוך.

פון דעם, וואָס איז אויבען געזאָגט געוואָרען, פאָלגט, אַלזוי, אויפֿן קלערסטען אופֿן, אַז די געשיכטעם גופא געבען אונז נישט קיין אמת׳ע רעכנונג פון יאָרען און אַז די דערציילונגען זיינען נישט אויס־געהאַלטען בנוגע איין־און־ דערזעלביגער געשיכטע. מיר מוזען, דעריי־בער, אננעמען, אַז די דאָזיגע געשיכטעס זיינען צוזאַמענגעשטעלט גע־וואָרען פון פאַרשיידענע שרייבער און זיינען עד היום נאָך נישט אונ־טערגעזוכט און נישט געבראַכט אין אַן אָרדענונג.

נישט קלענער איז אויך דער ווידערשפרוך אין דער צייטרעכענונג, וואָס מיר געפינען אין דברי הימים למלכי יהודה און אין דברי הימים למלכי ישראל.

אין דער אמת׳ן, אין דברי הימים למלכי ישראל ווערט געזאָגט, אַז יהורם, אחאב׳ס זון, האָט אנגעהויבען רעגירען אין צווייטען רעגי־רונגס־יאָר פון יהורם, יהושפט׳ס זון (זע מ ל כ י ם ב , קאַפּ. א, פסוק 17), אָבער אין דברי הימים למלכי יהודה זעען מיר, אַז יהורם, יהושפט׳ס זון, האָט אנגעהויבען רעגירען אין דעם פינפטען רעגירונגס־יאָר פון יהורם, אחאב׳ס זון (זע מ ל כ י ם ב , קאַפּ. ח, פסוק 17). און אויב איינער וועט וועלען פערגלייכען די געשיכטעס פון ד ב ר י ה י מ י ם מיט די געשיכטעס פון מ ל כ י ם , וועט ער געפינען נאָך פיל אַזוינע ווידערשפרוכען. עס איז נישט נויטיג איך זאָל זיי דאָ ברענגען, און נאָך ווייניגער דאַרף איך דאָ אונטערזוכען די פירושים, דורך וועלכע געוויסע שריפטשטעלער מיען זיך צו האַרמאָניזירען די דאָזיגע געשיכטעס. וואָס די רבנים באַהויפּטען בנוגע דעם, איז לויטער אומזין. און די מפרשים, וואָס איך האָב געלייענט, טרוימען פאַרשיי־דענע זאַכען, טראַכטען אויס און פאַרדאַרבען ביז גאָר די שפּראַך.

למשל, ווען עס ווערט געזאָגט אין ד ב ר י ה י מ י ם ב , אַז אחזיהו איז אַלט געווען צוויי־און־פערציג יאָר, ווען ער האָט אנגעהוי־בען רעגירען, ווילען איינציגע מפרשים דווקא האָבען, אַז אָט־די יאָרען הייבען זיך אָן פון עמרים רעגירען און נישט פון אחזיהו׳ס געבוירען. ווען זיי וואָלטען געקענט באַווייזען, אַז דער מחבר פון ד ב ר י ה י מ י ם האָט באמת געמיינט אַזוי, וואָלט איך זיך גאָר נישט אָפּגעשטעלט צו באַהויפּטען, אַז ער האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי אויסצודריקען זיין געדאַנק. די מפרשים מאַכען נאָך פיל אַנדערע באַ־הויפּטונגען פון דעמזעלביגען מין, וואָס ווען זיי וואָלטען געווען אמת

וואלט איך געקאנט מיט דער פולסטער זיכערקייט זאגען, אז די אמאַ־ליגע העברעער האבען לחלוטין נישט געקענט זייער אייגענע שפראך און נישט געקענט דערציילען א פשוטע זאך. איך וואלט דאן נישט אנערקענט קיין שום מאטיוו אדער כלל אין דער אויסטייטשונג פון דער ביבעל, נאר איך וואלט אנגענומען, אז עס איז דערלויבליך אויס־צוטראכטען וואס איינעמס הארץ גלוסט.

אויב עמיצער האלט, אז איך רעד דא צו אלגעמיין און אן גענוג גרונד, וועל איך אים בעטען, ער זאל זיך אונטערנעמען אונז ווייזען אין די דאזיגע געשיכטעס עפעס א באשטימטען סדר, וואס אנדערע געשיכטשרייבער זאלען קענען אים פאלגען אין זייערע חראנאלאגיעס און זיך נישט טועה זיין. איך וועל אים אויך בעטען, ער זאל ביים אויסטייטשען די געשיכטעס פון דער ביבעל און ביי זיין מיען זיך צו ברענגען זיי אין הסכם איינס מיטן אנדערן אזוי גענוי אפהיטען די אויסדריקען און רעדארטען, ווי אויך דעם סדר און די פארבינדונג, און זיי אזוי דערקלערען, אז מיר זאלען ביים שרייבען זיי קאנען אנווענ־דען אין הסכם מיט זיינע דערקלערונגען. אויב ער וועט דאס דערגריי־כען, וועל איך אים גלייך געבען די האנט און אים פארעהרען, אלס גרויסען לערער, ווייל איך בין זיך מודה, אז הגם איך האב לאנג געזוכט, האב איך אבער אזוינס קיינמאל נישט געקענט געפינען. איך וויל דא אויך צוגעבען, אז איך שרייב דא איצט קיין זאך נישט, וואס איך זאל וועגען דעם נישט האבען נאכגעטראכט א לאנגע צייט. און כאטש איך בין פון מיינע קינדערשע יארען אן געווען בעאיינפלוסט מיט די גע־וויינליכע מיינונגען וועגען דער ביבעל, האב איך אבער לסוף דאך גע־מוזט אננעמען די מיינונגען, וועלכע איך ברענג דא ארויס.

עס איז נישט נויטיג אויפצוהאלטען וויטער דעם לעזער מיט אט־דער פראגע און אויפצופאדערן אים צו א פארצווייפעלטער זאך. איך האב פונדעסטוועגען געמוזט ווייזען די זאך, ווי זי איז, כדי צו מאכען מיין מיינונג אזוי קלאר ווי מעגליך. איך גיי איצט אריבער צו אנדערע באמערקונגען מכח דעם שיקזאל פון די ביבלישע ביכער. וואס איך האב זיך דא פארגענומען צו מאכען.

צו דעם, וואס מיר האבען נארוואס געוויזען, דארף מען נאך ווייַ־טער באמערקען, אז די דאזיגע ביכער זיינען נישט אפגעהיט געווארען פון דער ריי דורות אזוי, אז עס זאל זיך אין זיי נישט ארייננכאפען קיין

טעות. שוין די פארצייטיגע שרייבער האבען באמערקט אין זיי א סך צווייפעלהאפטיגע נסחאות און אייניגע פארדארבענע שטעלען; זיי האבען אבער נאך נישט אלץ געזען. צו די דאזיגע פעלערען זיינען פון אזא וויכטיגקייט, אז זיי זאלען קאנען לאנג אויפהאלטען דעם לעזער, וועל איך איבער דעם איצט נישט ריידען. איך בין געניינט צו גלויבען אז זיי זיינען נישט זעהר וויכטיג, וועניגסטענס פאר די, וואס לייענען די ביבעל מיט א פרייען אורטייל. איך קאן אבער מיט זיכערקייט באַהויפטען, אז איך האב נישט באמערקט אין די מאראלישע פארשריפטען קיין שום טעות, אדער פארשיידענקייט פון נוסח, וואס זאל קענען די דאזיגע פארשריפטען מאכען טונקעל, אדער צווייפעלהאפטיג.

אבער דאס רוב מפרשים ווילען ניט צוגעבען, אז עס זיינען פאראַן טעות'ן אפילו אין אנדערע שטעלען. זיי זאגען, אז גאט האט מיט זיין השגחה פרטית אפגעהיט פון פארדארבען ווערען אלץ, וואס עס געפינט זיך אין דער ביבעל, און אז די פארשיידענע נסחאות, זאגען זיי זיינען צייכענס פון די טיפסטע סודות. דאס איינענע זאגען זיי אויך וועגען די שטערענדלאך, וואס געפינען זיך אין דער מיט פון אכט־און־צוואנציגסטען פאראגראף, אפילו אין די שפיצען פון די אותיות, זעען זיי גרויסע סודות. איך וויים נישט, צי זיי זאגען דאס מחמת נארישקייט און אלטווייבערישער פרומקייט, אדער מחמת חוצפה און בייזוויליגקייט, כדי מען זאל גלויבען, אז נאר זיי אליין פארמאגען די געטליכע סודות. איך ווייס אבער, אז איך האב נישט געזעען ביי זיי קיין שום זאך, וואס זאל כאפען דעם אנבליק פון א געטליכען סוד. נאר איך האב אלץ געלייענט ביי זיי נישט מער, ווי קינדישע פלוידעריען. איך האב געלייענט און אפילו געקענט אייניגע פוסטע מקבלים און האב קיינמאל נישט געקאנט זיך גענוג אפחידוש'ן פון זייערע אומזיניגקייטען.

קיין מענש מיט א געזונטען פארשטאנד וועט, לויט מיין מיינונג, נישט קאנען צווייפלען, אז עס האבען אין דער ביבעל זיך אריינגעכאפט טעות'ן, ווען ער וועט לייענען די שטעל וועגען שאול'ן, וואס מיר האבען געבראכט אויבען פון שמואל א, (קאפ. י"ג, פסוק 1), און אויך שמואל ב, (קאפ. ו', פסוק 2): „און דוד האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועק מיטן גאנצען פאלק, וואס איז געוועזן מיט אים,

פון יהודה, צו ברענגען פון דארט גאט'ס ארון". קיינער קען ניט פאר־פעלען צו זען, אז עס איז דא אויסגעלאזען דער פלאץ, וואהין זיי זיי־נען געגאנגען, ד. ה. קרית־יערים און פון וואנען זיי האבען באדארפט ברענגען דעם ארון. מיר קענען אויך נישט לייקענען, אז שמואל ב, (קאפ. י"ג, פסוק 37), איז צודרייט און פארדארבען: „און אבשלום איז אנטלאפען, און ער איז אוועק צו תלמי, דעם זון פון עמיחור, קע־ניג פון גשור, און ער האט געטרויערט נאך זיין זון אלע טעג. און אבשלום איז אנטלאפען און איז אוועק קיין גשור און איז דארט גע־ווען דריי יאר". איך געדענק, אז איך האב אמאל באמערקט נאך אנדערע שטעלען פון אט־דעם מין, אבער זיי קומען מיר איצט נישט ארויף אויפ'ן זכרון.

מען קאן, ווידער, פונקט אזוי נישט צווייפלען אין דעם, אז די ראנדבאמערקונגען, וואס געפינען זיך דא און דארט אין די העברע־אישע זאמלונגען, זיינען געווען צווייפעלהאפטיגע נסחאות, ווען מען נעהמט נאר אין אכט, אז דאס רוב באמערקונגען נעמען זיך פון דער גרויסער ענליכקייט, וואס עס איז פארהאן צווישען אייניגע העב־רעאישע אותיות, ווי למשל, די ענליכקייט צווישען „כ" און „ב", „י" און „ו", „ד" און „ר" און אז. וו. אזוי,צום ביישפיל, אין שמואל ב, (קאפ. ה', פסוק 24), וואו עס שטייט געשריבען: „ויהי בשמעך". איז פארהאן א ראנדבאמערקונג: „כשמעך". אין שופטים, קאפ. כ"א, פסוק 22), וואו עס שטייט געשריבען: והיה כי יבאו אבותם אל אחיהם לרוב, איז פארהאן א ראנדבאמערקונג: „לריב".

אסך ראנדבאמערקונגען נעמען זיך אויך פון דעם געברויכען אזוי גערופענע שטומע אותיות, וועלכע ווערען גאנץ אפט אינגאנצען נישט אויסגעשפראכען און ווערען פארביטען איינס אויף ס'אנדערע אן אונטערשייד. למשל, אין ויקרא, (קאפ. כ"ה, פסוק 30), שטייט געשריבען: „וקם הבית אשר בעיר אשר לא חומה", און אויפן ראנד: „אשר לו חומה". א. אז. וו.

הגם דאס אלץ איז גענוג קלאר פון זיך אליין, וויל איך פונדעסט־וועגען ענטפערען אויף די אסמכתו'ת פון אייניגע פרושים, דורך וועל־כע זיי ווילען אונז איינריידען, אז די ראנדבאמערקונגען זיינען צוגע־געבען אדער אנגעצייכענט געווארען פון די מחברים פון די הייליגע שריפטען, כדי אנצוטייטען אויף עפעס א סוד.

די ערשטע אסמכתא, וואס איז, אגב, נישט איבעריג וויכטיג, נעמען זיי פון דעם מנהג פארצולייענען די הייליגע שריפט (קריאת התורה). אויב, זאגען זיי, די דאזיגע באמערקונגען זיינען צוגעגעבען געווארען מחמת דער פארשיידענקייט פון די נסחאות, וואס די שפעטערדיגע דורות האבען נישט געוואוסט אויף וועלכען זיי זאלען זיך אפשטעלען, איז ווי קומט עס, וואס עס איז געווארען א מנהג צו האלטען זיך ביי קריאת התורה, ביים נוסח פון די ראנד באמערקונגען? און וואס האבען די שרייבער פון די הייליגע שריפטען באצייכענט אויף די ראנדען דעם נוסח, וועלכען זיי האבען געוואלט אויפהיטען? זיי וואלטען דאך גיכער באדארפט שרייבען דעם טעקסט אזוי, ווי זיי האבען געוואלט, ער זאל געלייענט ווערען, און נישט אנצייכענען אויף די ראנדען דעם זין און דעם נוסח, וועלכען זיי האבען געהאלטען פארן ריכטיגען.

די צווייטע אסמכתא, וועלכע זעט שוין אויס צו האבען אביסעל מער געוויכט, ווערט גענומען פון דעם עצם עניז, און דאס איז, אז די טעות'ן זיינען געמאכט געווארען אין די הייליגע שריפטען נישט בכיוון, נאר האבען זיך צופעליג אהין אריינגעכאפט. אין דעם פאל דארפען די טעותן זיין גאנץ פארשיידענע. איז אבער, זאגען זיי, דאס ווארט „נ ע ר ה" געשריבען אומעטום אין די חמשה חומשי תורה מיט דער אויסנאהם פון איין שטעל, אויף א פעלערהאפטיגען אופן, אן דעם אות „ה", וואס דאס איז קעגען דעם כלל פון דקדוק. אקעגען־אבער אויף די ראנדען איז דאס ווארט געשריבען ריכטיג, לויט דעם אלגעמיינעם כלל פון דקדוק. איז דאס אויך געשען דורך א טעות פון דעם איבערשרייבער? ווי אזוי געשיקט זיך עס, אז די פען זאל זיך האבען געאיילט יעדען מאל, ווען עס איז איר אויסגעקומען צו שרייבען דאס דאזיגע ווארט? און האט מען דען מען נישט געקאנט דערנאך גאנץ לייכט און אן דער מינדסטער איבערלייגונג פאריכטען דעם דאזיגען טעות, לויט די כללים פון דקדוק? אזוי ווי אבער די דאזיגע נסחאות זיינען נישט ארויסגעקומען דורך א צופאל און אזוי ווי אזוינע דייטליכע טעותן זיינען נישט אויסגעבעסערט געווארען, בכן שליסען זיי, אז דאס אלץ איז פון די שרייבער לכתחילה געטאן געווארען בכיוון, כדי דערמיט אנצוטייטען אויף עפעס א סוד.

עס איז לייכט צו געבען אן ענטפער אויף די דאזיגע ארגומענטען;

די ראיה, וואס זיי ברענגען פון דעם מנהג, וועלכער האט זיך ביי זיי איינגעבירגערט, האט נישט פאר מיר קיין שום באטייט. ווייס איך דען, פון וועלכע אבערגלויבען זיי האבען געקאנט בעאיינפלוסט ווערען? און אפשר האט אט דער מנהג זיך גענומען דערפון, וואס זיי האבען געהאלטען, אז ביידע נסחאות זיינען אלצאיינס גוט, אדער קאנען אלצאיינס אנגענומען ווערען, און זיי האבען, דעריבער, באשלאסען, אז איינער זאל אנגעווענדט ווערען אין שריפט, דער אנדערער — ביים לעבען, כדי נישט צו פארלאזען קיין איינעם פון די ביידע נסחאות? זיי האבען בלי ספק מורא געהאט אנצונעמען א באשטימטען באשלוס אין אזא וויכטיגען ענין, זיי זאלען נאר נישט אנעמען דעם פאלשען נוסח פארן ריכטיגען. און דערפאר האבען זיי נישט געוואלט אויסקלייבען בעסער איין נוסח, איידער דעם אנדערען, וואס זיי וואלטען דאס זיכער געטאן, ווען זיי וואלטען באשטימט איינעם פון זיי, סיי פאר דער שריפט, סיי פארן פארלייענען, דערהויפט נאך ווען די ראנד באמערקונגען ווערען נישט פארצייכענט אין די ספרי־תורות.

און אפשר האט דער דאזיגער מנהג זיך גענומען דערפון, וואס זיי האבען געוואלט, אז איניגע שטעלען, הגם ריכטיג אויפגעשריבען, זאלען דאך קאנען געלייענט ווערען אויף אן אנדער שטייגער, ד. ה. אזוי ווי זיי זיינען פארצייכענט געווארען אויף די ראנדען, און זיי האבען, דעריבער, איינגעפירט אן אלגעמיינעם כלל, אז די ביבעל זאל געלייענט ווערען, לויט די ראנדבאמערקונגען.

איך וועל איצט אויפווייזען, וואס עס זיינען געווען די סיבות, וועלכע האבען באוואויגען די שרייבער צו מאכען ביי געוויסע שטעלען אנמערקונגען אויף די ראנדען אז זיי דארפען געלייענט ווערען אנדערש. נישט אלע ראנד באמערקונגען זיינען צווייפעלהאפטיגע נסחאות, עס זיינען פארצייכענט געווארען נסחאות, וואס זיינען ארויס פון געברויך, ווי אויך פארעלטערטע ווערטער און אויסדרוקען, וואס די זיטליכקייט פון יענער צייט האט נישט דערלויבט, זיי זאלען פארגעלייענט ווערען אויף אן עפענטליכער פערזאמלונג. די פארצייטיגע שרייבער, נישט האבענדיג דערביי קיין שום שלעכטע כונה, האבען זיך נישט באנוצט מיט העפליכע צווידייטיגקייטען, נאר האבען אנגערופען זאכען מיט זייערע נעמען. שפעטער אבער, ווען שלעכטע געדאנקען און לוקסוס האבען באהערשט די מענשען, האבען ווערטער, וועלכע פלעגען פון די

פאַרצייטיגע מענשען אַרויסגעזאָגט ווערען גאַנץ אומשולדיג, אָנגעהויבען בעטראַכט ווערען פאַר נבול־פה. צוליעב דעם איז נישט געווען נויטיג איבערצואַנדערשען די ביבעל גופא. כדי אָבער נאָכצוגעבען דער גייסטיגער שוואַכקייט פון פאָלק, האָבען די שרייבער פונדעסטוועגען איינגעפירט געוויסע אויסדריקען, וואַרשיינליך די, וואָס זיי האָבען זיי פאַרצייכענט אויף די ראַנדען, כדי די ווערטער, וואָס באַצייכענען געשלעכטליכען פאַרקער, אָדער קערפּערליכע אויסלעדיגונג, זאָלען אויף אַן עפענטליכער פערזאַמלונג פאַרביטען ווערען אויף מער אָנשטענדיגע ווערטער.

וואָס עס זאָל נישט זיין דער מאָטיוו, דורך וועלכען עס איז געשאַפען געוואָרען דער מנהג צו לייענען און מפרש צו זיין די ביבעל, לויט די נסחאות פון די ראַנדען, על כל פנים איז דאָס זיכער נישט געווען דערפאַר, ווייל מען האָט אָנגענומען, אַז די ראַנדבאַמערקונגען האָבען אַנטהאַלטען דעם ריכטיגען פירוש. ווייל אַחוץ דעם, וואָס די רבנים גופא ווייכען אָפּטמאָל אָפּ אין תלמוד פון די בעלי־המסרת און געבען אַן אַנדערע פון זיי אָנערקענטע נסחאות, ווי איך וועל דאָס באַלד אויפווייזען, געפינט מען נאָך אויף די ראַנדען געוויסע נסחאות, וואָס זעען אויס צו זיין ווענינער אין הסכם מיט דעם שפּראַך־געברויך. למשל, אין שמואל ב, (קאַפּ. יד, פּסוק 22), שטייט געשריבען: „אשר עשה המלך את דבר עבדו". דער דאָזיגער בוי פון זאַץ איז אַ גאַנץ ריכטיגער און איז אין הסכם מיט דעם בוי פון פּסוק 16 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל, אָבער די ראַנדבאַמערקונג („עבדך") איז נישט אין הסכם מיט דער פּערזאָן פון דעם פּעל. אַזוי איז עס אויך אין קאַפּיטעל ט"ז, לעצטען פּסוק, פון דעמזעלביגען ספר, וואו עס לייענט זיך: „כאשר ישראל בדבר אלהים". די ראַנדבאַמערקונג גיט צו „איש". ווי דאָס נאָמינאַטיוו פון דעם פּעל. דער דאָזיגער צוגאָב זעט נישט אויס צו זיין געמאַכט נענוג אויסגעהיט, ווייל עס איז געוועגליך אָנגענומען אין דער העברעאישער שפּראַך צו נוצען די דריטע פּערזאָן לשון יחיד פון דעם פּעל־יוצא אומפּערזענליך, ווי דאָס איז גוט באַוואוסט די בעלי־הדקדוק. אַזוינע ראַנדבאַמערקונגען זיינען פאַראַן נאָך אַ סך, וואָס זיי קאָנען באין אופן נישט פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון דעם געשריבענעם נוסח.

וואָס איז שייך דער צווייטער אסמכתא פון די פּרושים, לאָזט זי זיך לייכט פאַרענטפערען דורך דעם, וואָס עס איז דאָ נאָר וואָס געזאָגט

געוואָרען, און דאָס איז, אַז די שרייבער האָבען פאַרצייכענט אויף די ראַנדען נישט נאָר די צווייפעלהאַפטיגע נסחאות, נאָר אויך די ווער־טער, וואָס זיינען ארויס פון געברויך. עס איז גאָר קיין צווייפעל נישט, אַז אין דער העברעאישער שפּראַך, אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע שפּראַ־כען, זיינען פיל ווערטער אין פאַרלויף פון צייט ארויס פון געברויך און פאַרעלטערט געוואָרען. ווען די שרייבער פון אַ שפּעטערער צייט האָבען אַנגעטראָפען אַזוינע ווערטער, האָבען זיי, ווי געזאָגט, דאָס אָנגעמערקט אויף די ראַנדען, כדי זיי זאָלען פאַרגעלייענט ווערען פאַרן פאָלק, ווי דאָס איז דעמאָלס געווען דער מנהג. מחמת דעם איז ביים וואָרט „נער" אומעטום פאַרהאַן אַ באַמערקונג, ווייל עס האָט פאַרציי־טענס באַצייכענט ביידע געשלעכטער און עס האָט געהאַט דעמזעלבי־גען באַטייט, וואָס דאָס לאַטיינישע וואָרט Juvenis.

פונקט אַזוי האָט די הויפּט־שטאָט פון די העברעער זיך פאַרציי־טענס גערופען ירשלם און נישט ירושלים. דאָס איינגע־נע גלויב איך, איז אויך געווען מיטן פּירוואָרט הוא, און דאָס איז אַז ערשט די שפּעטערע שרייבער האָבען פאַרביטען דעם „ו" אויף „י" (אַ פאַרבייט, וואָס קומט גאַנץ אָפט פאָר אין דער הברעאישער שפּראַך) ווען זיי האָבען געוואָלט פאַרצייכענען לשון נקבה. די פאַרצייטיגע פלעגען אונטערשיידען לשון נקבה פון לשון זכר נאָר דורך די וואָקאַ־לען.

און פונקט אַזוי, זיינען אויך אייניגע אומרעגעלמעסיגע פאָרמען פון געוויסע פעלים געווען ביי די פאַרצייטיגע שרייבער אַנדערש, ווי ביי די שפּעטערדיגע. די פאַרצייטיגע האָבען, צולעצט, זיך אויך באַ־נוצט צוליב דער באַזונדערער עלעגאַנץ פון דער שפּראַך אין יענער צייט מיט די צוזאַץ־אותיות לאמנתיך.

איך וואָלט דאָס אַלץ געקאָנט קלאָר מאַכען מיט פיל ביישפּילען, אָבער איך וויל מער נישט באַלעסטיגען און אויפהאַלטען דערמיט דעם לעזער.

מען וועט מיך אוודאי פרעגען, פון וואַנען איך וויים דאָס אַלץ. וועל איך דערויף ענטפערען, אַז איך האָב אָט די אַלע פאַרעלטערטע פאָרמען אָפטמאָל געפונען ביי די סאַמע עלטסטע שרייבער אין דער ביבעל גופא, בעת די שפּעטערע שרייבער האָבען נישט געוואָלט זיי נאָכטון. און דאָס איז דאָך דאָס איינציגע מיטעל צו דערקענען אין

יעדער אפילו שוין טויטער שפראך די ווערטער, וואס זיינען ארויס פון געברויך.

אבער אפשר וועט עמיצער מיר נאך וועלען שטעלען אט־די פראגעס: אויב עס איז אמת, אז דאס רוב ראנדבאמערקונגען זיינען צוויי־פעלהאפטיגע נסחאות, איז ווארום געפינט מען נישט ביי קיין שום שטעל מער ווי צוויי נסחאות, ווארום געפינט מען נישט צומאל דריי און מער נסחאות? און ווייטער: אויב עס זיינען פארהאן אין דער ביבעל שטעלען, וואס זיינען אזוי אפען סותר די כללים פון דקדוק און וואס זיינען פאריכט געווארען אויף די ראנדען, איז ווי אזוי לאזט זיך עס גלויבען, אז די שרייבער זאלען קאנען איבער דעם זיך קווענקלען און נאר מסופק זיין, וועלכער פו אט־די נסחאות איז דער ריכטיגער?

אויך אויף די דאזיגע פראגעס איז ניט שווער צו געבען א ענטפער: וואס איז שייך דער ערשטער פראגע, וועל איך דערויף ענטפערען, אז עס זיינען געווען פיל מער נסחאות,ווי די, וואס מיר געפינען אין אונזערע ביכער. אין דער אמתן, מען געפינט אין תלמוד פיל נסחאות, וואס זיינען פארנאכלעסיגט געווארען פון די בעלי־המסרת און וואס זיינען אין פיל שטעלען אזוי פארשיידען איינע פון די אנדערע, אז דער אבערגלויביגער בעל־מגיה פון דער באמבערגיאנישער ביבעל־אויסגאבע איז געווען געצוואונגען מודה צו זיין זיך אין זיין הקדמה, אז ער האט זיי נישט געקאנט הארמאניזירען. „מיר קאנען דא, — שרייבט ער, — נישט מער זאגען, ווי נאר דאס, וואס מיר האבען שוין אויבען געזאגט, און דאס איז, אז דער תלמוד האט די טבע סותר צו זיין די בעלי־המסרת“.

מיר האבען אלזוי, נישט גענוג גרונד צו באהויפטען, אז עס זיינען קיינמאל נישט געווען מער ווי צוויי נסחאות פאר איין שטעל. איך גיב פונדעסטוועגען גאנץ גערען צו און איך גלויב אויך אין דעם, אז מען האט קיינמאל נישט געפונען מער ווי צוויי נסחאות פאר איין שטעל, און דאס מחמת צוויי טעמים:

1. ווייל די סיבה, וואס האט געבראכט אט־די פארשיידענקייט פון נסחאות, קאן נישט צולאזען מער ווי צוויי.

אין דער אמתן, מיר האבען געזעען,אז אט־די פארשיידענע נסחאות זיינען דער עיקר ארויסגעקומען פון דער ענליכקייט פון געוויסע אותיות. דער ספק איז, הייסט עס כמעט אלעמאל בעשטאנען אין דעם, וועלכער

פון אט־די צוויי אותיות האט באדארפט געשריבען ווערען: „ב“ אדער „כ“, „י“ אדער „ו“, „ד“ אדער „ר“ און אז. וו.דאס זיינען אותיות וואס ווערען זייער פיל געברויכט און עס האט דעריבער, אפטמאל גע־קאנט טרעפען, אז סיי דער, סיי דער אנדערער אות זאלען ביידע שא־פען א גאנץ נישקשה'דיגען זין.ווידער האט זיך ביי אט־די נסחאות געהאנדעלט אין דעם, צו א זילב, וואס איר קוואנטיטעט איז באשטימט געווארען פון אט־די אזוי גערופענע רוהענדיגע אותיות, איז געווען קורץ אדער לאנג. רעכענט נאך צו דעם צו, אז נישט אלע ראנד באַ־מערקונגען זיינען צוויופעלהאפטיגע נסחאות, ווייל א סך פון זיי זיינען ווי געזאגט, צוגעגעבען געווארען צוליב דעם געפיל פון אנשטענדיגקייט, אדער כדי צו דערקלערען די ווערטער, וואס זיינען געווארען פאר־עלטערט, אדער ארויס פון געברויך.

2. די צווייטע אסמכתא, וואס לאזט מיר אננעמען, אז עס זיינען קיינמאל נישט געווען בנמצא מער ווי צוויי נסחאות פאר יעדער שטעל, איז דאס, וואס די שרייבער האבען געפונען נאר א קליינע צאל עק־זעמפליארען, אפשר נישט מער ווי צוויי אדער דריי.

אין „סופרים“, קאפ. 6, ווערען דערמאנט נאר דריי עקזעמפליא־רען, וואס זאלען האבען געפונען געווארען אין עזרא'ס צייטען, ווייל זיי באהויפטען דארט, אז די ראנדבאמערקונגען זיינען געמאכט געווא־רען פון עזרא'ן אליין.

ווי די זאך זאל נישט זיין, אויב די שרייבער האבען געהאט נאר דריי עקזעמפליארען, קאנען מיר לייכט בעגרייפען, אז צוויי פון זיי זיי־נען אלעמאל געווען אין הסכם צווישען זיך ביי איין־און־דערזעלביגער שטעל, ווייל עס וואלט דאך געווען גאר א חידוש אין דער וועלט, ווען עס וואלטען אין דריי עקזעמפליארען זיך געפונען דריי פארשיידענע נסחאות פון איין־און־דערזעלביגער שטעל.

דער, וואס האט נאר געלייענט חשמונאים א, קאפ. 1, אדער יוסיפוס' „אלטערטימליכקייטען“, בוך XII, קאפ. 7, וועט זיך מער נישט וואונדערען, וואס עס איז נאך עזרא'ס טויט געווארען אזא דוחק אויף עקזעמפליארען. א גרעסערער וואונדער איז, וואס די יידען האבען נאך אזעלכע גרויסע און לאנג־דויערענדיגע רדיפות געקאנט דערהאלטען אפילו אט־די קליינע צאל עקזעמפליארען. אין דעם, גלויב איך, וועט נישט קאנען צווייפלען דער, וואס וועט נאר מיט געוויסער

אויפמערקזאמקייט דורכלייענען די געשיכטע פון יענע צייטען.

מיר האבען אלזוי, געזעען, ווארום עס איז אין קיין שום פלאץ פון דער ביבעל נישטא מער ווי צוויי נסחאות. אבער דערפון, וואס עס געפינען זיך אומעטום נישט מער, ווי צוויי פארשיידענע נסחאות, דארף מען נאך נישט דרינגען, אז די שטעלען, וואס האבען ראנדבא־מערקונגען, זיינען בכיוון געשריבען געווארען נישט ריכטיג,כדי דערמיט אנצוטייטען אויף א סוד.

וואס איז שייך דער צווייטער טענה, אז אייניגע שטעלען זיינען געשריבען אזוי פארגרייזט, אז זיי זיינען בלי ספק סותר דעם שטייגער שרייבען פון אלע צייטען און וואלטען, דעריבער, באדארפט אומ־באדינגט פארריכט ווערען אין טעקסט און נישט אויף די ראנדען, וועל איך דערויף ענטפערען, אז די דאזיגע טענה איז מיר ווייניג וואס נוגע און אז איך בין נישט מחוייב צו וויסען, צוליב וואסער רעליגיעזען מאטיוו די שרייבער האבען דאס אזוי געלאזען. אפשר האבען זיי דאס געטאן מחמת זייער תמימות, וועלענדיג איבערלאזען פאר די קומענדע דורות דעם טעקסט פון דער ביבעל אזוי, ווי זיי האבען אים געפונען אין דער קליינער צאל עקזעמפליארען, און פארצייכענען די פארשיידענקייטען, וואס זיי האבען דערזעען אין די דאזיגע עקזעמפליארען, נישט ווי צווייפעלהאפטיגע נסחאות, נאר ווי פארשיידענע נסחאות? איך, פון מיין זייט, האב די דאזיגע נסחאות אנגערופען צווייפעלהאפטיגע דערפאר, ווייל איך געפין, אז זיי האבען באמת כמעט אלע אט־דעם כאראקטער אויף אזוי ווייט, אז איך בין נישט ביכולת צו זאגען, וועלכען פון זיי מען דארף גיכער אננעמען.

צולעצט האבען די שרייבער אחוץ אט־די צווייפעלהאפטיגע נסחאות נאך פארצייכענט (איבערלאזענדיג א לעדיגען פלאץ אין מיטען (פאראגראף) פיל פארדארבענע שטעלען. די בעלי־המסרת גיבען אן זייער צאל: זיי ציילען אכט־און־צוואנציג שטעלען, וואו עס איז איבערגעלאזען א לעדיגער פלאץ אין מיטען פאראגראף. איך וויים נישט, צי זיי גלויבען, אז אויך אונטער אט־דער צאל איז פארבארגען עפעס א סוד, יעדענפאלס היטען די פרושים געוויסענהאפטיג אפ א באשטימטע לענג פאר אט־דעם לעדיגען פלאץ.

אזא לעדיגער פלאץ געפינט זיך, למשל, אין בראשית, קאפ. ד׳, פסוק 8, וואו עס שטייט געשריבען אזוי: „און קין האט

געזאגט צו זיין ברודער הבל... און עס איז געווען, ווען זיי זיינען גע־
ווען אויפן פעלד, אז קין, און אז. וו." אט־דא ווערט איבערגעלאזען
א לעדיגער פלאץ, וואו מיר ערווארטען צו דערוויסען זיך, וואס אזוינס
קין האט געזאגט זיין ברודער.

אויף אזא אופן׳ געפינען זיך (אחוץ די פונקטען, וואס מיר האָ־
בען פארצייכענט) אכט־און־צוואנציג אויסגעלאזענע שטעלען. אסך
פון זיי וואלטען נישט אויסגעזעען צו זיין פארדארבען, ווען זיי וואָל־
טען נישט געהאט אין דער מיט קיין לעדיגען פלאץ. אבער גענוג
שוין וועגען דעם דאזיגען ענין.

---

## קאפיטעל צען.

### די איבעריגע ביכער פון תנ"ך ווערען אונטערזוכט אויפן זעלביגען אופן, ווי די פריערדיגע.

איך וועל איצט איבערגיין צו די אנדערע ביכער פון תנ"ך. וואס
אנבאלאנגט די צוויי ביכער פון ד ב ר י ה י מ י ם, האב איך
נישט צו באמערקען וועגען זיי עפעס באשטימטעס און וויכטיגעס, סיי־
דען נאר, אז זיי זיינען אנגעשריבען געווארען א לאנגע צייט נאך
עזרא׳ן און אפשר אויך נאכדעם, ווי יהודה המכבי האט צוריק אויפ־
געריכט דעם בית המקדש. אין דער אמתען, אין קאפ. ט׳ פון ערש־
טען בוך דערציילט דער געשיכטשרייבער, וועלכע משפחות האבען די
ערשטע (ד. ה. אין עזרא׳ס צייטען) געוואוינט אין ירושלים, און אין
פסוק 17 רעכענט ער אויס די נעמען פון די טויערהיטער (שוערים).
וואס צוויי פון זיי ווערען אויך אנגערופען ביי די נעמען אין נ ח מ י ה,
קאפ. י"א, פסוק 19. דאס ווייזט, אז אט־די צוויי ביכער זיינען
אנגעשריבען געווארען א לאנגע צייט נאך דעם ווידעראויפבוי פון
דער שטאט. וואס איז שייך זייער אמתן מחבר, זייער אויטאריטעט,
ניצליכקייט און לערע, ווייס איך וועגען דעם קיין זאך נישט. נאך

מער, עס איז גאר מיר אלעמאל געווען א גרויס וואונדער, וואס זיי זיינען אריינגענומען געווארען צווישען די הייליגע ספרים פון מענ־שען, וועלכע האבען אויסגעשלאסען פון דעם קאנאן פון די הייליגע שריפטען דעם ס פ ר ה ח כ מ ה, ט ו ב י ה און די אלע אנ־דערע אזוי־גערופענע כתובים אחרונים. מיין כוונה איז אבער נישט צו פארמינערען די אויטאריטעט פון ד ב ר י ה י מ י ם; און אזוי ווי זיי זיינען פון אלעמען אנגענומען געווארען, וועל איך זיי לאזען אזוי, ווי זיי זיינען.

דער ת ה ל י ם איז געזאמעלט און איינגעטיילט געווארען אין פינף ספרים אין דער צייט פון בית שני, ווייל דאס קאפיטעל פ״ח איז, לויט פילון היהודי, פארעפענטליכט געווארען אין דער צייט, ווען יהויכין איז נאך געווען אין בבל געפאנגען אין תפיסה; און קאפ. פ״ט — אין דער צייט, ווען דערזעלביגער קעניג איז געווארען פריי. און איך גלויב נישט, אז פילון זאל דאס האבען געזאגט, ווען דאס וואלט נישט געווען די אנגענומענע מיינונג פון זיין צייט, אדער ווען ער וואלט זי נישט געהאט איבערגענומען פון גלויבענסווירדיגע מענ־שען.

מ ש ל י ש ל מ ה זיינען, גלויב איך, אויך געזאמעלט גע־ווארען אין דערזעלביגער צייט, אדער ווענינגסטענס אין דער צייט פון מלך הושע, ווייל אין קאפ. כ״ה, פסוק 1, שטייט געשריבען: „אט־די זיינען אויך שלמה׳ס משלים, וואס די לייט פון חזקיה, דעם קיניג פון יהודה, האבען זיי איבערגעליפערט“.

אבער איך קאן דא נישט פארבייגייען מיט שטילשווייגען די חוצפה פון די רבנים, וועלכע האבען געוואלט אויסשליסען פון דעם קאנאן פון די הייליגע שריפטען מ ש ל י ש ל מ ה און ק ה ל ת און זיי פארהוילען אינאיינעם מיט די איבעריגע, וועלכע מיר האבען שוין איצט מער נישט. און זיי וואלטען דאס זיכער געטאן, ווען זיי וואלטען דארט נישט געפונען אייניגע שטעלען, וואו תורת משה ווערט גע־פרייזט. עס איז אוודאי שטארק צו באדויערען, וואס אזוינע הייליגע און גוטע זאכען האבען זיך געווענדט אן דעם אויסוואל פון אזוינע לייט. איך בין זיי אבער דאנקבאר אויך דערפאר, וואס זיי זיינען געווען אזוי גוט אויפצוהיטען פאר אונז אט־די ביכער, הגם איך קאן זיך נישט אפהאלטען נישט צו צווייפלען, צי זיי האבען זיי אונז אי־

בערגעגעבען דורכאויס ריכטיג און נישט געפעלשט, וואָס איך וועל איצט נישט אָפּשטעלען זיך אויף דעם געגויער.

איך וועל, אַלזוי, איבערגיין צו די ביכער פון די נביאים. ווען איך באַטראַכט אויפמערקזאַם די דאָזיגע ביכער, זע איך, אַז די נביאות, וואָס זיי אַנטהאַלטען, זיינען געזאַמעלט געוואָרען פון אַנדערע ביכער, אַז זיי זיינען אין די דאָזיגע ביכער נישט אַלעמאָל אויפגעשריבען אין דעמזעלביגען סדר, ווי זיי זיינען אַרויסגעזאָגט, אָדער אָנגעשריבען געוואָרען פון די נביאים גופא, אַז נישט אַלע נביאות זיינען דאָרט פאַרהאַן, נאָר בלויז די, וועלכע זיינען דאַ און דאָרט געפונען געוואָרען. די דאָזיגע ביכער זיינען, אַלזוי, נישט מער, ווי פראַגמענטען פון די נביאים. אַזוי האָט ישעיה אָנגעהויבען נביאות־זאָגען בעת דער הערשאַפט פון עזיהו, ווי דער שרייבער אַליין זאָגט עס אַרויס אין ערשטען פּסוק. ער האָט אָבער נישט נאָר נביאות־געזאָגט אין יענער צייט, נאָר אויך באַשריבען אַלע מעשים פון דעם דאָזיגען קיניג (זע ד ב ר י ה י מ י ם ב, קאַפּ. כ"ו, פּסוק 22). דאָס דאָזיגע בוך איז צו אונז נישט דערגאַנגען און דאָס, וואָס מיר פאַרמאָגען, איז, ווי מיר האָבען דאָס שוין איבען געוויזען, אַרויסגענומען געוואָרען פון ד ב ר י ה י מ י ם ל מ ל כ י י ה ו ד ה און ד ב ר י ה י מ י ם ל מ ל כ י י ש ר א ל. גיט נאָך צו דעם צו די באַהויפּטונג פון די רבנים, אַז ישעיה האָט אויך נביאות־געזאָגט בעת דער הערשאַפט פון קיניג מנשה, וועלכער האָט אים שפּעטער געטויט; און הגם דאָס זעט אויס צו זיין נישט מער, ווי אַ מעשה, איז אָבער דערפון צו זען, אַז זיי האָבען, ווייזט אויס, געגלויבט, אַז נישט אַלע נביאות ישעיה'ס זיינען דערהאַלטען געוואָרען.

וואָס איז שייך ירמיה'ס נביאות, וועלכע ווערען איבערגעגעבען אין אַ געשיכטליכער פאָרם, זיינען זיי אַרויסגענומען און געזאַמעלט געוואָרען פון פאַרשיידענע כראָניקעס. אין דער אמתען, נישט נאָר זיינען זיי צוזאַמענגעוואָרפען אָן אַ סדר און נישט נעמענדיג נאָר אין אַכט די צייטען, נאָר אייך־און־דיזעלביגע געשיכטע ווערט דאָרט איבערגעחזרט אויף פאַרשיידענע אופנים. למשל, אין קאַפּ. כ"א ווערט דערציילט, אַז ירמיהו איז פאַרהאַפטעט געוואָרען מחמת דעם, וואָס ער האָט פאַראויסגעזאָגט צדקיהו'ן, וועלכער האָט ביי אים געפרעגט אַ עצה, דעם חורבן פון ירושלים. דערנאָך ווערט די דאָזיגע דערציי־

לונג איבערגעריסען און דאָס קאַפּיטעל כ"ב גייט איבער צו דער דער־ציילונג וועגען דעם נביא'ס שטראָף־רייד קעגען יהויקים, וועלכער האָט געקיניגט פאַר צדקיהו'ן, און וועגען זיין פּאַראויסזאָגען דעם קיניג'ס געפאַנגענשאַפט. דאָס קאַפּיטעל כ"ה, ווידער, באַשרייבט, וואָס עס איז אַנטפּלעקט געוואָרען דעם נביא פריער, ד. ה. אין דעם פערטען רעגירונגס־יאָר פון יהויקים, און דערנאָך — זיין אַנטפּלע־קונג אין דעם ערשטען רעגירונגס־יאָר פון דעמזעלביגען קיניג. אויף דעמזעלביגען אופן, נישט אָפּהיטענדיג גאָר די אָרדענונג פון דער צייט, וואַרפט ער ווידער צוזאַמען איין נבואה אויף דער אַנדערער, ביז וואַ־נען ער קומט צולעצט אין קאַפּ. ל"ח (גלייך ווי אַט־די זעכצען קאַ־פּיטלען וואָלטען געווען נישט מער, ווי אַן אַריינשטעל) צוריק צו דעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבען דערציילען אין קאַפּ. כ"א. אין דער אמתען, די פאַרבינדונג, מיט וועלכער דאָס דאָזיגע קאַפּיטעל הויבט זיך אָן, באַציט זיך צו די פסוקים 8, 9 און 10 פון קאַפּ. כ"א. ירמיה'ס לעצטע פאַרהאַפטונג ווערט באַשריבען אויף אַ גאַנץ אַנדער שטייגער און די סיבה פון זיין לאַנגער פאַרהאַפטונג אין הויף פון געפענגעניש, וואָס ווערט דאָ אָנגעגעבען, איז גאַנץ אַנדערש פון דער, וואָס ווערט אָנגע־געבען אין קאַפּ. ל"ז.

דאָס אַלץ ווייזט אונז קלאָר, אַז אַט־די אַלע פּרטים זיינען צו־זאַמענגעקליבען געוואָרען פון פאַרשיידענע געשיכטשרייבער און נאָר אַזוי אַרום קאָנען זיי ווערען גערעכטפאַרטיגט.

וואָס אין שייך די אַנדערע נביאות, וועלכע געפינען זיך אין די איבעריגע קאַפּיטלעך, וואו ירמיה רעדט אין דער ערשטער פּערזאָן, זעען זיי אויס צו זיין איבערגעשריבען פון אַ בוך, וואָס ירמיה אַליין האָט עס דיקטירט ברוכ'ן. אין דער אמתען, דאָס דאָזיגע בוך האָט אַנטהאַלטען (ווי דאָס איז צו זען פון קאַפּ. ל"ו, פסוק 2) נאָר דאָס, וואָס עס איז דעם נביא אַנטפּלעקט געוואָרען פון יאשיהו'ס צייט ביז דעם פערטען רעגירונג־יאָר פון יהויקים, וואָס פון דער צייט אָן הויבט זיך דאָס בוך אָן. דער טייל פון קאַפּ. מ"ה, פסוק 2, ביז קאַפּ. נ"א, פסוק 59, זעט אויך אויס צו זיין גענומען פון דעמזעלביגען בוך.

אַז דער ספר י ח ז ק א ל איז אויך נאָר אַ פראַגמענט, ווייזען עס גאַנץ קלאָר שוין זיינע ערשטע פסוקים. אין דער אמתען, ווער

זעט עס נישט, אַז די בינד־פאַרמעל, מיט וועלכער דאָס בוך הויבט זיך אָן, באַציט זיך צו זאַכען, וואָס זיינען שוין געזאָגט געוואָרען, און ווערט פאַרבונדען מיט דעם, וואָס דאַרף ערשט געזאָגט ווערען? אָבער נישט נאָר אָט־די פאַרבינדונג, נאָר דער גאַנצער טעקסט פון דער רעדע טייט אָן אויף אַנדערע שריפטען. אין דער אמתען, דאָס דרייסיגסטע יאָר, מיט וועלכען דאָס בוך הויבט זיך אָן, ווייזט אונז, אַז דער נביא הויבט נישט אָן, נאָר האַלט אין מיטען דערציילען. דער שרייבער אַליין באַשטעטיגט דאָס דורך דעם אַריינגעשטעלטען זאַץ פון פסוק 3 אויף אַזאַ אופן: „גאָט'ס וואָרט איז אָפט געקומען צו יחזקאל, דעם זון פון בוזי, כהן אין דעם לאַנד פון די כשדים און אַז. וו.“ דאָס הייסט גלייך ווי ער וואָלט געזאָגט, אַז יחזקאל'ס ווערטער, וועלכע ער האָט ביז איצט איבערגעשריבען, באַציען זיך צו זאַכען, וואָס זיי־נען אים אַנטפּלעקט געוואָרען פאַר אָט־דעם דרייסיגסטען יאָר. יוסיפוס, ווידער, דערציילט אין זיינע „אַלטערטימליכקייטען“, בוך X, קאַפּ. 9, אַז יחזקאל האָט נביאות געזאָגט, אַז צדקיהו וועט נישט זען בבל, בעת אין דעם בוך, וואָס מיר האָבען פון דעם דאָזיגען נביא, איז נישט נאָר אַזאַ נבואה נישט בנמצא, נאָר מיר לייענען גאָר אין קאַפּ. י״ז, אַז צדקיהו וועט אַוועקגעפירט ווערען אַ געפאַנגענער קיין בבל.

וועגען הושע'ן קאָן איך נישט זאָגען מיט זיכערקייט, צי ער האָט אָנגעשריבען מער, ווי דאָס, וואָס עס איז פאַרהאַן אין דעם בוך, וואָס טראָגט זיין נאָמען. עס איז מיר פונדעסטוועגען אַ חידוש, אַז מיר זאָלען נישט האָבען מער פון איינעם, וואָס האָט, לויט דעם עדות־זאָגען פון מחבר, נביאות־געזאָגט אַריבער פיר־און־אַכטציג יאָר. אָבער בכלל גערעדט, ווייסען מיר, וועניגסטענס, אַז די מחברים פון די דאָ־זיגע ביכער האָבען נישט געזאַמעלט ניט די נביאות פון אַלע נביאים און ניט אַלע נביאות פון די נביאים, וואָס מיר קענען. מיר האָבען נישט קיין שום נביאות פון די נביאים, וואָס האָבען נביאות־געזאָגט אונטער דער רעגירונג פון מנשה און וואָס זיי ווערען אויף אַן אַלגע־מיינעם אופן דערמאָנט אין ד ב ר י ה י מ י ם ב, קאַפּ. ל״ג, פסוקים 10, 18 און 19; מיר האָבען אויך נישט אַלע נביאות פון אָט־די צוועלף נביאים. פון יונה'ן, אַשטייגער, איז אויפגעשריבען נאָר זיין נבואה וועגען נינוה, בעת ער האָט נביאות־געזאָגט אויף די בני־ישראל, ווי מיר קאָנען דאָס זען פון מ ל כ י ם ב, קאַפּ. י״ד, פסוק 25.

וועגען דעם ספר א י ו ב און וועגען איובען אליין הערשען צווישען די מחברים גרויסע חלוקי־דעות. איינינע האלטען, אז דאָס האָט משה אנגעשריבען דאָס דאָזיגע בוך און אז די גאַנצע געשיכטע איז נישט מער, ווי א משל. אזוי איז די מיינונג פון איינינע רבנים, וואָס זיי גיבען זי איבער אין תלמוד; דער רמב״ם אין זיין מ ו ר ה נ ב ו כ י ם איז אויך נוטה צו אָט־דער מיינונג. אנדערע גלויבען, אז דאָס איז אן אמתע געשיכטע, און צווישען אָט־די זיינען פאַראַן אזוינע, וואָס האלטען, אז איוב האָט געלעבט אין יעקב׳ס צייט און גענומען זיין טאָכטער דינה זיך פאַר א פרוי. אנקעגען־אבער פאַרזי־כערט אבן־עזרא, ווי איך האָב דאָס שוין דערמאָנט אויבען, אין זיין פירוש אויף דעם דאָזיגען ספר, אז ער איז איבערגעזעצט געוואָרען פון אן אנדער שפּראַך אין העברעאישען. איך וואָלט געוואונשען, ער זאָל דאָס האָבען אויפגעוויזען אויף א מער איבערצייגענדיגען שטייגער, ווייל מיר וואָלטען דאַן געקאָנט מאַכען דעם אויספיר, אז אויך די היידען האָבען געהאַט הייליגע ביכער. איך לאָז, אלזוי, איבער די זאַך אין ספק. איך בין זיך אבער פונדעסטוועגען משער, אז איוב איז גע־ווען א הייד מיט א שטאַרקען גייסט, אז עס איז אים צוערשט גע־גאַנגען גוט, דערנאָך איז ער געטראָפען געוואָרען מיט א שווער אומ־גליק און צולעצט איז ער ווידער פיל באַגליקט געוואָרען. יחזקאל דערמאָנט זיין נאָמען אינאיינעם מיט אנדערע נעמען (קאַפּ. י״ד, פסוק 14). איך רעכען, אז אָט־די איבערבייטען פון איוב׳ס מזל, אזוי אויך די שטאַרקייט פון זיין גייסט, האָבען פיל מענשען געגעבען די געלע־גענהייט צו וויכוחען איבער דער געטליכער השגחה, אדער, ווענינס־טענס, געלאָזט דעם מחבר פון אָט־דעם ספר צו פאַרפאַסען דעם דיאַ־לאָג, ווייל דער אינהאַלט פון דעם ספר, אזוי אויך דער סטיל, ווייזען אן, אז דאָס איז די אַרבעט פון איינעם, וואָס האָט פריי נאָכגעדענקט אין זיין קאַבינעט, און נישט פון א חולה מסוכן, וואָס האָט זיך גע־וואַלגערט אין שטויב. איך וואָלט אויך געוואָלט גלויבען אינאיינעם מיט אבן־עזרא, אז דער דאָזיגער ספר איז איבערגעזעצט געוואָרען פון אן אנדער שפּראַך, ווייל זיין פּאָעזיע זעט אויס צו זיין נאָענט צו דער היידנישער פּאָעזיע. אזוי רופט דאָ דער פאָטער פון די געטער צוויי מאָל צונויף א פאַרזאַמלונג פון געטער און מאָמוס, וועלכער הייסט דאָ שטן, קריטיקירט גאָט׳ס ווערטער מיט דער העכסטער פרייקייט,

און דאַסגלייכען. אבער דאָס זיינען נישט מער ווי נישט גענוג באַ־גרינדעטע השערות.

איך וועל איצט איבערגיין צום ספר ד נ י א ל. אנהויבענדיג פון קאַפּ. ח׳, איז דער דאָזיגער ספר געשריבען געוואָרען פון דניאל׳ן גופא. פון וואַנען עס זיינען אַרויסגענומען געוואָרען די ערשטע זיבען קאַפּיטלען, ווייס איך נישט. אַזוי ווי אבער די דאָזיגע קאַפּיטלען, מיט דער אויסנאַם פון ערשטען, זיינען געשריבען געוואָרען אין כאַל־דעאיש, קאָנען מיר אַננעמען, אַז זיי זיינען איבערגעשריבען געוואָרען פון כאַלדעאישע כראָניקעס. ווען דאָס וואָלט געקאָנט קלאָר באַוויזען ווערען, וואָלטען מיר געהאַט אין דעם די שטאַרקסטע ראיה, אַז די הייליגקייט פון דער ביבעל ווענדט זיך אָן אונזער פאַרשטיין די לע־רעס, וואָס זי גיט אונז, און נישט אָן די ווערטער, אָדער דער שפּראַך און די פראַזען, דורך וועלכע די דאָזיגע לערעס זיינען אויסגעדריקט; דאָס וואָלט אונז ווייטער נאָך געוויזען, אַז ביכער, וואָס לערנען און דערציילען גוטע זאַכען, זיינען פּונקט אַזוי הייליג, עס מאַכט נישט אויס אין וועלכער שפּראַך און פון וועלכען פאָלק זיי זיינען געשריבען גע־וואָרען.

איין זאַך אבער קאָנען מיר, ווייניגסטענס, דאָ באַמערקען, און דאָס איז, אַז אַט זיינען די דאָזיגע קאַפּיטלען געשריבען געוואָרען אין כאַלדעאיש, און דאָך זיינען זיי פּונקט אַזוי הייליג, ווי די איבעריגע קאַפּיטלען פון דער ביבעל.

דער ערשטער ספר פון ע ז ר א איז פאַרבונדען מיטן ספר ד נ י א ל אַזוי, אַז עס לאָזט זיך לייכט דערקענען, אַז ביידע ספרים האָבען איין־און־דעמזעלביגען מחבר, וועלכער דערציילט דאָ ווייטער די געשיכטע פון די יידען זינט זייער ערשטען גלות. איך צווייפעל גאָרנישט, אַז אויך מ ג ל ת א ס ת ר איז פאַרבונדען מיטן ספר ע ז ר א, ווייל די פאַרבינדונג, מיט וועלכער אַט־דער ספר הויבט זיך אָן, קאָן זיך נישט באַציען צו קיין שום אַנדערען ספר. מען דאַרף נישט גלויבען, אַז דאָס איז דערזעלביגער ספר, וואָס מרדכי האָט גע־שריבען, ווייל אין קאַפּ. ט׳, פּסוקים 20, 21 און 22, דערציילט אַן אַנ־דער מחבר, אַז מרדכי האָט געשריבען בריוו, און ער גיט אונז אויך איבער זייער אינהאַלט; ווייטער ווערט געזאָגט אין פּסוק 31 פון דעמ־זעלביגען קאַפּיטעל, אַז אסתר המלכה האָט דורך אַן עדיקט באַשטע־

טיגט אַלץ, וואָס איז שייך דעם יום־טוב פורים און אַז דער דאָזיגער עדיקט איז פאַרשריבען געוואָרען אין דעם ס פ ר, ד. ה. ווי דאָס לויטעט אין העברעאישען, אין אַ ספר, וואָס איז אין יענער צייט, ווען ער איז אַנגעשריבען געוואָרען, געווען באַוואוסט צו יעדען איינעם. דער דאָזיגער ספר איז אָבער, ווי אבן עזרא איז דאָס מודה און אײנ־איינעם מיט אים אַלע אַנדערע מפרשים, פאַרלוירען געגאַנגען. וואָס איז, צולעצט, שייך מרדכי'ס אַנדערע מעשים, ווייזט אונז דער גע־שיכטשרייבער אַז אויף דעם ס פ ר ד ב ר י ה י מ י ם ל מ ל כ י מ ד י ו פ ר ס. עס איז, אַלזוי, גאָר קיין צווייפעל נישט, אַז מ ג ל ת א ס ת ר איז געשריבען געוואָרען פון דעמזעלביגען גע־שיכטשרייבער, וואָס האָט דערציילט דניאל'ס און עזרא'ס געשיכטעס. דערזעלביגער מחבר האָט אויך אָנגעשריבען דעם ספר נחמיה, וואָס ווערט אָנגערופען דאָס צווייטע בוך ע ז ר א.

איך באַהויפּט, אַלזוי, אַז די פיר ספרים: ד נ י א ל, ע ז ר א, א ס ת ר און נ ח מ י ה, זיינען געשריבען געוואָרען פון איין־און־דעמזעלביגען געשיכטשרייבער. ווער אָבער דער דאָזיגער מחבר איז געווען, האָב איך וועגען דעם אפילו נישט קיין השערה. כדי אָבער מיר זאָלען וויסען, פון וואַנען דער דאָזיגער מחבר, ווער ער זאָל נישט זיין, האָט געשעפּט זיינע ידיעות פון אַט־די געשיכטעס, וואָס ער האָט אפשר אַליין אויפגעשריבען דעם גרעסטען טייל פון זיי, מוז דאָ באַ־מערקט ווערען, אַז די ראשים אָדער פירשטען פון די יידען האָבען אין דער צייט פון בית שני געהאַלטען, פונקט ווי די מלכים אין דער צייט פון בית ראשון, שרייבער אָדער געשיכטשרייבער, וואָס האָבען כסדר פאַרצייכענט זייערע אַנאַלען אָדער כראָניקעס. די כראָניקעס אָדער די אַנאַלען פון די מלכים ווערען דאָ און דאָרט ציטירט אין די ספרים מ ל כ י ם. וואָס איז שייך די כראָניקעס אָדער אַנאַלען פון די פירש־טען און כהנים אין דער צייט פון בית שני, ווערען זיי צוערשט צי־טירט אין ספר נ ח מ י ה, קאַפּ. י"ב, פּסוק 23, און דערנאָך אין ח ש מ ו נ א י ם, קאַפּ. ט"ז, פּסוק 24. דאָס איז אַן צווייפעל דער־זעלביגער ספר, וואָס מיר האָבען וועגען אים נאָר וואָס גערעדט (זע א ס ת ר, קאַפּ. ט', פּסוק 32), אין וועלכען עס איז געווען פאַר־שריבען אסתר'ס עדיקט און מרדכי'ס מעשים און וואָס איך, אינאיי־נעם מיט אבן עזרא, האַלט, אַז ער איז פאַרלוירען געגאַנגען. פון אַט־

דעם ספר איז אפנים גענומען, אדער איבערגעשריבען געווארען אלץ, וואס עס איז פארהאן אין די פיר ספרים ד נ י א ל, ע ז ר א, א ס ת ר און נ ח מ י ה, ווייל קיין אנדער מחבר ווערט פון זייער מחבר נישט ציטירט און מיר ווייסען אויך נישט פון קיין אנדערען, וואס זאל שמען פאר אן אויטאריטעט.

אז די דאזיגע ביכער זיינען נישט געשריבען געווארען ניט פון עזרא'ן און ניט פון נחמיה'ן, איז צו זען דערפון, וואס אין נ ח מ י ה, קאפ. י"ב, פסוקים 10 און 11, ווערט דער סדר היחוס פון דעם כהן גדול ישנע געפירט ביז ידוע'ן, דעם זעקסטען כהן גדול, וועלכער איז געגאנגען באגעגענען אלקסנדר דעם גרויסען נאכדעם, ווי דער לעצטער האט כמעט אונטערגעיאכט די פערזישע מלוכה (זע יוסיפוס, „א ל ט ע ר ט י מ ל י כ ק י י ט ע ן", בוך II, קאפ. 8), אדער ווי פילון היהודי זאגט אין זיין ב ו ך פ ו ן צ ו ו י י ט ע ן, דעם זעקסטען און לעצטען כהן גדול אונטער די פערזער. נאך מער, אין דעמזעלביגען קאפיטעל פון נ ח מ י ה, פסוק 22, ווערט דאס קלאר אנגעוויזען: „הלוים בימי אלישיב, יוידע, ויוחנן, וידוע כתובים ראשי אבות והכהנים על*) מלכות דריוש הפרסי", ד. ה. אין די כראניקעס. און קיינער, גלויב איך, וועט דאך נישט רעכענען, אז עזרא און נחמיה האבען געלעבט אזוי לאנג, אז זיי האבען איבערגעלעבט פערצען פערזישע מלכים. כורש איז געווען דער ערשטער פערזישער קיניג, וועלכער האט געגעבען די יידען די דערלויבעניש צוריקצובויען דעם בית־המקדש, און פון יענער צייט אז ביז דריוש (דאריוס), דעם פערצענטען און לעצטען קיניג פון די פערזער, ווערט געציילט אריבער צוויי הונדערט און דרייסיג יאר. איך צווייפעל, דעריבער, נישט, אז די דאזיגע ספרים זיינען געשריבען געווארען א לאנגע צייט נאכדעם, ווי יהודה המכבי האט צוריק אויפגעריכט די עבודה אין בית המקדש, ווייל אין יענער צייט זיינען פארעפענטליכט געווארען פאלשע ביכער פון ד נ י א ל, ע ז ר א און א ס ת ר דורך שלעכט־מיינענדיגע מענשען, וועלכע האבען אוודאי געהערט צו די צדוקים, ווייל די פרושים האבען, אויף ווי ווייט איך ווייס, אט־די ביכער קיינמאל נישט אנגע־

*) אויב דאס ווארט „על" איז נישט קיין גרייז פון דעם איבערשרייבער, וועלכער האט געשריבען „על" אנשטאט „עד". — אנמערקונג פון מחבר.

נומען. און הגם אין דעם ספר, וואס ווערט אנגערופען דער פערטער ספר ע ז ר א, געפינען זיך איינינע פאבלען, וואס מיר לייענען זיי אויך אין תלמוד, דארף מען פונדעסטוועגען די דאזיגע ספרים נישט מיחס זיין צו די פרושים. ווייל עס איז נישטא קיין איינער צווישען זיי, מיט דער אויסנאם פון די גאר נארישע, וואס זאל נישט זיין איבערגעצייגט, אז די דאזיגע פאבלען זיינען דארט צוגעגעבען געווארען פון עפעם א שפאסטרייבער. איך, פון מיין זייט, גלויב אויך, אז אט־די פאבלען זיינען אומיסטנע צוגעגעבען געווארען, כדי פאר־צושטעלען אין א לעכערליכען ליכט די טראדיציעס פון די פרושים. און אפשר זיינען די דאזיגע פיר ביכער געשריבען און פארעפענטליכט געווארען ארום יענער צייט, כדי צו ווייזען דאס פאלק, אז דניאל׳ס נביאות זיינען מקוים געווארען און אזוי ארום שטארקען עס אין זיין גלויבען, עס זאל אין זיין גרויסען אומגליק נישט פארלירען דעם בטחון אויף בעסערע און גליקליכערע צייטען.

אבער כאטש די דאזיגע ביכער זיינען אזוי נייע און שטאמען פון אזא שפעטער צייט, האבען זיך פונדעסטוועגען אריינגעכאפט אהין פיל טעות׳ען, צו פארדאנקען, גלויב איך, דער געאיילטקייט, מיט וועלכער זיי זיינען איבערגעשריבען געווארען. פונקט ווי אין די אנ־דערע ביכער, געפינען זיך אויך דא פיל ראנדבאמערקונגען, וועגען וועלכע מיר האבען גערעדט אין דעם פאריגען קאפיטעל; נאך מער, עס זיינען אין זיי פארהאן איינינע שטעלען, וואס קאנען, ווי איך וועל דאס באלד אויפווייזען, גאר אנדערש נישט פארענטפערט ווערען.

אבער קודם כל וויל איך דא באמערקען מכח די נסחאות פון די ראנדבאמערקונגען אויף די דאזיגע ביכער, אז אויב מען זאל איינ־שטימען מיט די פרושים, אז זיי זיינען פונקט אזוי אלט, ווי דער טעקסט גופא, וועט מען דאן נויטיגערהייט מוזען אויך זאגען, אז די שרייבער, אויב נאר עס זיינען געווען מער, ווי איין שרייבער, האבען אליין צוגעגעבען די באמערקונגען, ווייל די כראניקעס, פון וועלכע זיי האבען געשעפט, זיינען נישט געווען גענוג פינקטליך. און הגם איינינע גרייזען זיינען געווען גאנץ דייטליך, האבען זיי אבער נישט געוואגט צו פארריכטען די אלטע שריפטען פון זייערע פארגייער. עס איז נישט נויטיג צו ריידען לענגער וועגען דעם דאזיגען ענין און איך

וועל איבערגיין צו די גרייזען, וועלכע זיינען נישט אנגעמערקט אויף די ראנדען.

אין ע ז ר א, קאפּ. ב׳, האבען זיך אריינגעכאפּט אזוי פיל גרייזען, אז איך קאן זיי גאר אלע נישט אויסרעכענען. אט ווערט אין פּסוק 64 געגעבען דער סך הכל פון די אלע, וואס זיינען געציילט געוואָרען באזונדער אין דעם גאנצען קאפּיטעל: אלע צוזאמען, ווערט דארט געזאגט, האבען פאַרמירט די צאָל 42.360. ווען איר וועט אבער חיבורן די איינצעלנע סכומען, וועט ארויסקומען דער סך הכל פון נישט מער, ווי 29.818. דער טעות איז דא, אלזוי, אדער אין די איינ־צעלנע סכומען, אדער אין דעם סך הכל. עס לאזט זיך אבער גלוי־בען, אז דער סך הכל איז דא ריכטיג אנגעגעבען, ווייל יעדער איינער וועט אים אן צווייפעל האבען געהאלטען אין זכרון, ווי א זאך, וואס מען דאַרף געדענקען; און ווען עס וואלט זיך דא אריינגעכאפּט א טעות, וואלט אים יעדער איינער גלייך איינגעזעען און ער וואלט לייכט אויסגעבעסערט געוואָרען. מיט די באזונדערע סכומען אבער קאן דאס אזוי נישט פּאַרקומען. די דאזיגע באהויפּטונג ווערט פול־שטענדיג באשטעטיגט דורך דעם, וואס אין נ ח מ י ה, קאפּ. ז׳, וואו עס ווערט איבערגעשריבען אט־דאס קאפּיטעל פון ע ז ר א (וועלכעס ווערט אנגערופען ס פ ר ה י ח ש), ווי דאס ווערט אויסדריקליך געזאגט אין פּסוק 5 פון דעמזעלביגען קאפּיטעל פון נ ח מ י ה, איז דער סך הכל אין פולען הסכם מיטן סך הכל פון ספר ע ז ר א, בעת די באזונדערע סכומען אונטערשיידען זיך גאנץ נישקשה איינע פון די אנדערע, — איניגע זיינען גרעסער און איניגע קלענער, ווי אין ע ז ר א, און אלע צוזאמען גיבען זיי דעם סך הכל פון 31.089. עס איז, אלזוי, גאר קיין צווייפעל נישט, אז סיי אין ספר ע ז ר א, סיי אין ספר נ ח מ י ה האבען זיך די טעותען אריינגעכאפּט בלויז אין די באזונדערע סכומען.

וואס איז שייך די מפרשים, וועלכע מיען זיך אויסצוגלייכען אט־די דייטליכע סתירות, טראכט יעדער איינער פון זיי אויס, וואס זיין פאנטאזיע דערלויבט אים נאר און בעת זיי ריידען וועגען זייער פאר־ערונג פון יעדען אות און וואָרט פון דער ביבעל, טוען זיי דערמיט אויף נישט מער, ווי דאס, וואס זיי שטעלען ארויס די מחברים פון דער ביבעל אין א לעבערליכען שיין, אזוי ווי זיי וואלטען גאַרנישט

געוואוסט, ווי אַזוי צו שרייבען, אָדער איבערצוגעבען מיט אַ סדר דאָס, וואס זיי האָבען געהאַט צו זאָגען. זיי העלפען אויך דערמיט נאָר צו פאַרטונקלען די קלאָרקייט פון דער ביבעל. און ווען עס וואָלט דערלויבט געווען צו דערקלערען אומעטום די ביבעל אויף זייער שטייגער, וואָלט באמת נישט געווען קיין זאַך, וואָס מיר וואָלטען נישט געקאָנט מסופק זיין אין זיין אמתען זין. אָבער איך וויל מער דערויף נישט אויפהאַלטען דעם לעזער, ווייל איך בין איבערצייגט, אַז ווען אַ געשיכטשרייבער וואָלט געוואָלט נאָכטון די מפרשים אין אַלץ, וואָס זיי זיינען אין זייער פרומקייט מייחס צו די מחברים פון דער ביבעל, וואָלטען זיי אַליין געמאַכט פון אים חוכא וטלולא. און אויב דער, וואָס זאָגט, אַז די ביבעל איז אין איניגע שטעלען פאַרגרייזט, איז, לויט זייער מיינונג, אַ גאָטלעסטערער, איז ווי אַזוי, פרעג איך, זאָל איך אָנרופען די, וואָס טראַכטען אַריין אין דער ביבעל אַלץ, וואָס עס קומט זיי אין קאָפּ, וואָס ברענגען די מחברים פון די הייליגע געשיכטעס צו אַזאַ שפלות, אַז זיי זעען אויס גלייך ווי זיי וואָלטען געשריבען נישט-געשטויגענעם אומזין, און וואָס לייקענען, צולעצט, דעם קלאָרסטען און דייטליכסטען זין פון דער ביבעל?

וואָס קאָן דען זיין נאָך קלאָרער אין דער ביבעל, ווי דאָס, אַז עזרא און זיינע חברים האָבען אין דעם ס פ ר ה י ח ש, וואָס איז איבערגעשריבען אין דעם צווייטען קאַפּיטעל פון דעם ספר, וואָס טראָגט זיין נאָמען, געגעבען די צאָל פון אַלע די, וואָס זיינען געגאַנגען קיין ירושלים, און אַז צווישען זיי ווערט אָנגעגעבען נישט נאָר די צאָל פון די, וואָס האָבען געקאָנט אָנווייזען זייער יחוס, נאָר אויך פון די, וואָס האָבען דאָס נישט געקאָנט טון? וואָס, זאָג איך, איז נאָך קלאָרער פון נ ח מ י ה, קאַפּ. ז', פסוק 5, ווי דאָס, אַז דער מחבר פון דעם דאָזיגען ספר האָט גאָר פשוט איבערגעשריבען אָט-דעם „ספר היחש" פון ספר ע ז ר א? די, וואָס דערקלערען די דאָזיגע שטעלען אויף אַן אַנדער אופן, לייקענען, אַלזוי, דעם אמתען זין פון דער ביבעל און ממילא די ביבעל גופא. און האַלטען זיי פאַר אַ זאַך פון פרומקייט דאָס צופּאַסען איין שטעל פון דער ביבעל צו אַנדערע שטעלען, איז עס באמת אַ לעכערליכע פרומקייט, ווייל זיי פּאַסען צו קלאָרע שטעלען צו טונקעלע, קאָרעקטע שטעלען צו פאַרגרייזטע, און צעשטערען געזונטע פראַגמענטען דורך פאַרדאָרבענע. און דאָך בין איך

ווייט דערפון, איך זאל אנרופען גאטלעסטערער די, וואס זייער כוונה איז נישט קיין שלעכטע, ווייל טועה זיין זיך איז אין דעם מענשענ׳ס טבע. אבער איך וועל זיך אומקערען צוריק צו מיין ענין.

אחוץ די גרייזען, וואס מען מוז זיי אנערקענען אין די צאלען פון דעם „ספר היחש" סיי אין ע ז ר א, אזוי אויך אין נ ח מ י ה, געפינען זיך נאך פיל גרייזען אין די נעמען גופא פון די משפחות, אין דעם סדר היחוס, אין די געשיכטעס און, איך האב מורא, אפילו אין די נבואות. אין דער אמתען, ירמיה׳ס נבואה אויף יכניה׳ן אין קאפ. כ"ב, און דער עיקר די ווערטער פון דעם לעצטען פסוק פון דעם דאזיגען קאפיטעל, זעען באין אופן נישט אויס צו זיין אין הסכם מיט זיין געשיכטע (זע דעם סוף פון מ ל כ י ם ב, און י ר מ י ה, און ד ב ר י ה י מ י ם א, קאפ. ג׳, פסוקים 19—16). און איך זע אויך נישט איין, ווי אזוי ער האט געקאנט זאגען וועגען צדקיהו׳ן, וואס מען האט אים אויסגעשטאכען די אויגען נאכדעם, ווי מען האט פאר אים געהרגעט זיינע זין: „דו וועסט שטארבען אין פריד" (זע י ר מ י ה, קאפ. ל"ד, פסוק 5). אויב די נבואות דארפען דערקלערט ווערען, לויט די געשעענישען, וואלט מען דא באדארפט בייטען די נע־מען און לייענען יכניה אנשטאט צדקיהו, און פארקערט. אבער אזא איבערבייט וואלט געווען צו פאראדאקסאל און איך וויל בעסער לאזען דעם ענין אומדערקלערט, דערהויפט נאך מחמת דעם, וואס דער טעות, אויב עס איז דא נאר פארהאן א טעות, דארף צוגערעכענט ווערען דעם מחבר און נישט דעם איבערשרייבער.

וואס איז שייך די אנדערע טעותען, וועגען וועלכע איך האב גע־רעדט, וועל איך זיי דא נישט באריהרען, ווייל איך וואלט דאס נישט געקאנט טון, איך זאל נישט פארלאנגווייליגען דערמיט דעם לעזער; און בפרט, ווען זיי זיינען שוין פון אנדערע באמערקט געווארען. אין דער אמתען, איז אנגעזיכט פון אט־די דייטליכע סתירות, וואס ר׳ שלמה האט דערזעען אין דעם אויבענדערמאנטען סדר היחוס, איז ער געווען געצוואונגען אויסצוברעכען אין אט־די ווערטער (זע זיינע פ י ר ו ש י ם אויף ד ב ר י ה י מ י ם א׳, קאפ. ח׳): „עזרא (וועמען ער האלט פארן מחבר פון ד ב ר י ה י מ י ם), זאגט ער רופט אן בנימנ׳ס זין מיט אנדערע נעמען; ער גיט אן אן אנדער סדר היחוס, ווי דער, וואס עס איז פארהאן אין ב ר א ש י ת; און ער

באצייכענט, צולעצט, די מערסטע שטעט פון די לויים גאנץ אנדערש, ווי דאס טוט יהושע. אט־די פארשיידענקייט קומט דערפון, וואס ער האט געפונען ווידערשפרעכיגע אריגינאלען".

און אביסעל ווייטער באמערקט ער:

„דער סדר היחוס פון גבעון און אנדערע ווערט באשריבען צוויי־מאל און אויף פארשיידענע אופנים, ווייל עזרא האט געפונען עטליכע און פארשיידענע בריוו פון יעדען סדר היחוס און ווען ער האט זיי איבערגעשריבען, האט ער געפאלגט די גרעסטע צאל עקזעמפליארען. ווען אבער די צאל פון די פארשיידענע גענעאלאגיעס איז געווען א גלייכע, האט ער דאןביידע איבערגעשריבען".

אויף אזא אופן גיט, אלזוי, ר' שלמה צו, אז די ראזינע ביכער זיינען קאפירט געווארען פון נישט גענוג פינקטליכע און נישט גענוג זיכערע אריגינאלען. די מפרשים אליין, מיענדיג זיך אויסצוגלייכען ווידערשפרעכיגע שטעלען, טוען אפטמאל נישט מער אויף, ווי נאר דאס, וואס זיי ווייזען אן די סיבות פון די טעותען. און איך קאן זיך גארנישט פארשטעלען, אז א מענש מיט א געזונטען פארשטאנד זאל קאנען גלויבען, אז די מחברים פון די הייליגע געשיכטעס זאלען האבען בכיוון אזוי געשריבען, כדי זיי זאלען אויסזען זיך אליין סותר צו זיין אין פארשיידענע שטעלען.

מען וועט אפשר זאגען, אז איך קער דערמיט אינגאנצען איבער די ביבעל, ווייל יעדער איינער וועט אזוי ארום קאנען אננעמען, אז זי איז דורכאויס פארגרייזט. האב איך אבער, פארקערט, דען נישט גע־וויזען, אז איך דין גאר דערמיט די אינטערעסען פון דער ביבעל, עס זאלען די קלארע און גאנצע שטעלען וואס געפינען זיך דארט, נישט צוגעפאסט ווערען צו די פארגרייזטע און דורך זיי פארדארבען ווערען? און ווידער קאן מען מחמת דער פארדארבענקייט פון איינינע שטע־לען נישט אננעמען, אז די גאנצע ביבעל איז אזא. קיין בוך איז נאך קיינמאל נישט געווען אינגאנצען פריי פון גרייזען, און איז דען, פרעג איך, צוליב דעם עמיצען ווען־עס־איז איינגעפאלען, אז אלע ביכער זיינען אומעטום פארגרייזט? געוויס נישט, און בפרט, ווען דאס רייד־דען איז קלאר און דער געדאנק פון דעם מחבר איז דייטליך.

איך ענדיג דערמיט די באמערקונגען, וואס איך האב געוואלט מאכען איבער דער געשיכטע פון דעם אלטען טעסטאמענט. פון דעם

געזאָגטען קאָנען מיר לייכט אויספירען, אז פאר דער צייט פון די חשמונאים איז נישט געווען קיין שום קאַנאָן פון היילינגע שריפטען. נאָר אז די שריפטען, וואָס מיר האָבען זיי איצט, זיינען פון צווישען אַ סך אנדערע אויסגעקליבען געוואָרען פון די פּרושים אין דער צייט פון בית שני, וואָס אויך זיי האָבען איינגעפירט די תפלות, און אָנ־גענומען נאָר דורך זייער דעקרעט. אויף אַזאַ אופן מוזען די, וואָס ווילען אויפווייזען די אויטאָריטעט פון דער היילינער שריפט, אויך אויפווייזען די אויטאָריטעט פון יעדען ספר באַזונדער. און עס איז נישט גענוג צו באַווייזען די געטליכקייט פון איינעם פון אַט־די ספרים, כדי צו מאַכען דערפון דעם אויספיר וועגען דער געטליכקייט פון אַלע אנדערע ספרים. ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי, וואָלט מען באַדאַרפט דערקלערען, אז די פאַרזאַמלונג פון די פּרושים האָט נישט געקאָנט זיך טועה זיין אין איר אויסוואַל, וואָס קיינער וועט דאָס קיינמאָל נישט קאָנען באַווייזען. דער גרונד, וואָס צווינגט מיך צו באַהויפּ־טען, אז די פּרושים אַליין האָבען אויסגעקליבען די ספרים פון אַלטען טעסטאַמענט און זיי אריינגעשטעלט אין דעם קאַנאָן פון היילינע שריפטען, באַשטייט ראשית אין דעם, וואָס אין ד נ י א ל, לעצ־טען קאַפּיטעל, פּסוק 2, ווערט פאַראויסגעזאָגט תחית המתים, וואָס די צדוקים האָבען אין דעם געלייקענט, און דערנאָך אין דעם, וואָס די פּרושים אַליין זאָגען דאָס דייטליך ארויס אין תלמוד. אַזוי ווערט געזאָגט אין מסכת שבת, דף ל׳, עמוד ב׳: „ר׳ יהודה האָט געזאָגט אין רב׳ס נאָמען: די געזעץ־געלערנטע האָבען געוואָלט פאַרבאַרגען דעם ספר ק ה ל ת, ווייל זיינע ווערטער זיינען סותר די ווערטער פון געזעץ (ד. ה. תורת משה). וואָרום אָבער האָבען זיי אים נישט פאַרבאַרגען? ווייל ער הויבט זיך אַן אין חסכם מיטן געזעץ און ענ־דיגט זיך אין הסכם מיטן געזעץ“.

און אַביסעל ווייטער:

„און אויך דעם ספר מ ש ל י האָבען זיי געוואָלט פאַרבאַרגען און אַז. וו.“

און צולעצט ווערט געזאָגט אין דף י״ג, עמוד ב׳, פון דערזעל־ביגער מסכת: „באמת. זאָל צום גוטען געדאַכט ווערען דער נאָמען פון דעם, וועלכער הייסט נכניה בן חזקיה, ווייל ווען נישט ער, וואָלט דער ספר י ח ז ק א ל פאַרבאַרגען געוואָרען מחמת דעם, וואָס זיי־

נע ווערטער זיינען נישט אין הסכם מיט די ווערטער פון געזעץ און א. וו."

דערפון איז צו זען קלאָר, אז די געזעץ־געלערנטע האבען אפגע־האלטען א בּאראטונג צו באשטימען, וועלכע ספרים מען זאָל אריינ־נעמען צווישען די הייליגע שריפטען און וועלכע עס זאלען דערפון אויסגעשלאָסען ווערען. און דעריבער, אויב מען וויל זיין זיכער אין דער אויטאריטעט פון אלע ספרים פון דער ביבעל, מוז מען פון דאָס ניי אפהאלטען א בּאראטונג און אנגעבען א גרונד פאר יעדען ספר באזונדער.

איצט וואָלט געווען די פאסיגע צייט צו אונטערזוכען אויפן זעל־ביגען שטייגער די ביכער פון דעם נייעם טעסטאמענט. אבער אזוי ווי איך הער, אז די דאזיגע ארבעט איז אונטערגענומען געווארען פון שריפטשטעלער, וואָס זיינען פיל געניט אין וויסענשאפט און אין שפּראכען, און אזוי ווי, ווידער, איך אליין בין נישט גענוג באהאוונט אין גריכיש, איך זאָל וואגען צו נעמען אויף זיך אט־די אויפגאבּ, און אזוי ווי, לסוף, עס פעלען אונז די אָריגינעלע עקזעמפּליארען פון די ביכער פון נייעם טעסטאמענט, וואָס זיינען לכתחילה געשריבען גע־ווארען אין העברעאיש, וועל איך בעסער זיך צוריקהאלטען פון אט־דער ארבעט. דאך וועל איך דאָ מאכען אייניגע באמערקונגען וועגען דעם, וואָס דאָס וועט זיין דער ענין פון דעם פאלגענדיגען קאפּיטעל.

---

## קאפּיטעל עלף.

**אַן אונטערזוכונג וועגען דעם, צי די אַפּאָסטאָלען האָבען געשריבען זייערע בריוו, ווי אַפּאָסטאָלען און נביאים, אָדער נאָר ווי לערער. אויך ווערט ווייטער קלאָר־געמאכט די מיסיע פון די אַפּאָסטאָלען.**

קיין איין מענש, וואָס האָט געלייענט דעם נייעם טעסטאמענט, קאָן נישט צווייפלען, אז די אפּאסטאָלען זיינען געווען נביאים. אבער

אזוי ווי נישט אַלץ, וואָס די נביאים האָבן געזאָגט, נאָר, פאַרקערט, זייער ווייניג דערפון איז זיי אַנטפּלעקט געוואָרן, ווי מיר האָבן דאָס געוויזן ביים שלוס פון צווייטן קאַפּיטעל, בכן קאָנען מיר צווייפ־לען, צי די אַפּאָסטאָלען האָבן געשריבן זייערע בריוו, ווי נביאים, דורך אַנטפּלעקונג און אויסדריקליכן באַפעל, ווי משה, ירמיה און אנד., אָדער זיי האָבן זיי געשריבן, ווי געוויינליכע מענשען און לערער. און אונזער אומזיכערקייט בנוגע דעם קאָן זיין נאָך גרעסער מחמת דעם, וואָס פּולוס ווייזט אָן אין זיין ערשטען בריוו צו די קאָ־רינטער (קאַפּ. 14, פּסוק 6) אויף צוויי מינים דרשות: אַ דרשה דורך אַנטפּלעקונג און אַ דרשה דורך דערקענטעניש. און דעריבער, זאָג איך, קאָן מען מסופּק זיין, צו די אַפּאָסטאָלען זאָגן אין זייערע בריוו נביאות, אָדער זיי טוען נישט מער, ווי לערנען.

אויב אָבער מיר וועלען נעמען אין אַכט דעם סטיל פון די בריוו, וועלען מיר אויסגעפינען, אַז ער איז גאַנץ פאַרשיידען פון דעם נביאישען סטיל. די נביאים האָבן בדרך כלל אַ טבע צו פאַרזיכערען אומעטום, אַז זיי ריידען אויף גאָט'ס באַפעל, ווי למשל: „אזוי זאָגט גאָט", „ה' צבאות זאָגט"; „גאָט'ס באַפעל", און דאָסגלייכען. און אָט־די טבע האָבן די נביאים, ווי עס ווייזט אויס, געהאַט נישט נאָר פאַר די רעדעס, וואָס זיי האָבן געהאַלטען אויף עפענטליכע פאַרזאַמלונגען, נאָר אויך פאַר די בריוו זייערע, וואָס האָבן אַנט־האַלטען אַנטפּלעקונגען, ווי דאָס איז צו זען פון דעם בריוו, וועלכען אליהו האָט געשריבן יהורמען (זע ד ב ר י ה י מ י ם ב, קאַפּ. כ"א, פּסוק 12) און וועלכער הויבט זיך אָן: „כה אמר ה'".

אַקעגען־אָבער אין די בריוו פון די אַפּאָסטאָלען לייענען מיר נישט קיין זאַך פון אָט־דעם מין. פאַרקערט, אין ערשטען בריוו צו די קאָרינטער (קאַפּ. 7, פּסוק 40) רעדט פּולוס, לויט זיין אייגענער מיינונג. נאָך מער, אין אַ סך שטעלען געפינען זיך אויסדריקען פון אַ נישט־זיכערען און נישט־באַשטימטען כאַראַקטער. למשל, אין די בריוו צו די רוימער (קאַפּ. 3, פּסוק 28): „מיר דענקען, אַלזוי"; אָדער (קאַפּ. 8, פּסוק 18): „ווייל איך דענק"; און נאָך פיל אַנדערע אַזוינע אויסדריקען.

אחוץ אָט־די אויסדרוק־פאָרמען טרעפט מען נאָך אַנדערע, וועל־כע שטייען ווייט אָפּ פון דער אויטאָריטעט פון די נביאים. למשל:

„אבער איך זאג אייך דאס, ווי א דערלויבעניש, און נישט ווי א באַ־פעל“ (זע ערשטען בריוו צו די קארינטער, קאפ. 7, פסוק 6); „איך גיב מיין עצה, ווי א מענש, וואס האט באקומען גאט'ס חסד צו זיין געטריי“ (זע דעמזעלביגען קאפיטעל, פסוק 25), און אזוי נאך פיל אנדערע שטעלען. מען דארף דא אויך באמערקען, אז אויב פולוס זאגט אין אט־דעם ציטירטען קאפיטעל, אז ער האט, אדער ער האט נישט א לערע, אדער א באפעל פון גאט, מיינט ער דא נישט קיין לערע, אדער באפעל, וואס זיינען אים אנטפלעקט געווארען פון גאט, נאר נישט מער, ווי די פארשריפטען, וואס ישו האט געגעבען זיינע תלמידים אויפן בארג.

אויב מיר וועלען נאך דערצו נעמען אין אכט דעם אופן, ווי אזוי די אפאסטאלען גיבען איבער די עוואנגעלישע לערע, וועלען מיר זען, אז אט־דער אופן איז אינגאנצען פארשיידען פון דעם נביאישען. אין דער אמתען, די אפאסטאלען גיבען אומעטום אן טעמים אזוי, אז זיי זעען נישט אויס צו זאגען נביאות, נאר צו וויכוחען זיך. אקעגען־אבער אנטהאלטען די נבואות נישט מער, ווי דאגמעס און באפעלען: דאס איז ראשית דערפאר, ווייל גאט, וועלכער באגרינדעט נישט זיינע באַ־שלוסען, נאר גיט זיי ארויס דורך דער אבסאלוטער מאכט, וואס גע־הערט זיין נאטור, ווערט דא ארייננעפירט, ווי ער וואלט אליין גע־נומען דאס ווארט; צווייטענס, ווייל די אויטאריטעט פון די נביאים פארטראגט נישט, מען זאל זיך איבער איר מתווכח זיין (אין דער אמתען, אויב איינער וויל נאך באגרינדען די לערעס, וועלכע ער לערנט, אונטערווארפט ער זיי שוין דערמיט אליין דעם פרייען אורטייל פון יעדען איינעם; און פולוס, וועלכער באגרינדעט זיינע דאגמעס, זעט טאקע אויס צו האבען דאס געטאן, ווען ער זאגט אין דעם ערשטען בריוו צו די קארינטער, קאפ. 10, פסוק 15: „איך רעד צו אייך, ווי צו קלוגע, אורטיילט אליין איבער דעם, וואס איך זאג אייך“); און צולעצט, ווייל די נביאים האבען, ווי מיר האבען דאס אויפגעוויזען אין ערשטען קאפיטעל, נישט באגריפען די אנטפלעקטע זאכען דורכן נאטירליכען ליכט, ד. ה. על פי שכל. און הגם אין חומש זיינען פאַר־האן איינינע שטעלען, וואס זעען אויס צו זיין על פי שכל אויסגע־פירטע שלוסען, ווייזט זיך אבער ביי א מער נאענטער באטראכטונג ארויס, אז זיי קאנען בשום אופן נישט אנגענומען ווערען, ווי צוווינ־

גענדיגע ארגומענטען. למשל, ווען משה זאָגט צו די בני־ישראל (ד ב ר י ם, קאַפּ. ל״א, פּסוק 27): „בעת איך לעב נאָך מיט אייך, זייט איר היינט געווען ווידערשפּעניג קעגען גאָט, איז וויפיל מער ווענט איר דאָס זיין נאָך מיין טויט", דאַרף מען דאָס באין אופן נישט פאַר־שטייען אַזוי, אַז משה האָט געוואָלט איבערציינגען די בני־ישראל על פּי שכל, אַז זיי וועלען נאָך זיין טויט אומבאַדינגט אָפּקערען פון דער פאַרערונג פון גאָט, ווייל דאָס וואָלט געווען א פאַלשער אַרגומענט. ווי דאָס איז צו זען פון דער ביבעל גופא: די בני־ישראל זיינען גע־בליבען פעסט אין זייער אמונה ביי יהושע'ס לעבען און אויך ביים לעבען פון די זקנים, און שפּעטער אויך אונטער שמואלען, דודן, שלמהן און אַז. וו. די דאָזיגע ווערטער משה'ס זיינען, דעריבער, נישט מער, ווי א מאָראַל־דרשה, דורך וועלכער ער זאָגט פאָראויס אויף א רעטאָ־רישען שטייגער און אַזוי לעבהאַפטיג, ווי ער האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלען, דעם צוקונפטיגען אָפּקער פון פאָלק. ווען איך זאָג, אַלזוי, נישט, אַז משה האָט די דאָזיגע ווערטער אַרויסגעזאָגט נישט, ווי אַ נביא, דורך אַנטפּלעקונג, נאָר פון זיך אַליין, כדי צו מאַכען זיין פאָר־אויסזאָג וואָרשיינליך פאַרן פאָלק, איז עס מחמת דעם, וואָס אין פּסוק 21 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל ווערט דערציילט, אַז גאָט האָט דאָס־זעלביגע אַנטפּלעקט משהן מיט אַנדערע ווערטער. און אוודאי איז עס נישט געווען נויטיג צו איבערציינגען משהן אין אָט־דעם פאָראויסזאָג און באַשלוס פון גאָט דורך שכלדיגע טעמים, עס איז אבער געווען נויטיג, אַז דאָס זאָל לעבהאַפטיג פאָרגעשטעלט ווערען אין זיין כח־הדמיון, ווי מיר האָבען דאָס אויפגעוויזען אין ערשטען קאַפּיטעל, און דאָס האָט נישט געקאָנט געטאָן ווערען בעסער, ווי פאָרשטעלענדיג זיך, אַז די האַרטנעקיגקייט פון פאָלק, וואָס ער האָט זי אַזוי אָפט דערפאַרען, זאָל זיך איבערחזרן אין דער צוקונפט. און אויף דעמזעל־ביגען אופן דאַרף מען אויך פאַרשטיין אַלע אַרגומענטען משה'ס, וואָס געפינען זיך אין חומש: נישט פון דער אוצרות־קאַמער פון שכל זיי־נען זיי אַרויסגענומען, נאָר זיי זיינען נישט מער ווי פאָרמען פון אויסדרוק, דורך וועלכע ער האָט לעבהאַפטיג פאָרגעשטעלט און אויס־געדריקט מיט מער קראַפט גאָט'ס באַשליסען.

איך וויל פונדעסטוועגען נישט לייקענען אַבסאָלוט, אַז די נביאים האָבען נישט געקאָנט אַרגומענטירען, לויט אַן אַנטפּלעקונג. איך באַ־

הויפּט נאָר, אַז וואָס מער די נביאים ברענגען שכלדיגע באַווייזען, אַלץ מער דערנענטערט זיך זייער דערקענטעניש פון דער אינטעלעקטער זאַך צו דער נאַטירליכער דערקענטעניש. דערהויפּט לאָזט זיך דערקענען, אַז זיי האָבען אַן איבערנאַטירליכע דערקענטעניש, ווען זיי גיבען ריינע דאָגמעס, אָדער געבאָטען, אָדער אויסשפּריכען. משה, דער גרויסער נביא, האָט, דעריבער, בדרך כלל נישט אַנגעווענדט קיין שום טעמים. אָקעגען אָבער מוז איך צוגעבען, אַז די לאַנגע אויספירען און אַרגומענטען, וואָס מיר געפינען אין פּולוס' בריוו צו די רוימער, זיינען באַין אופן נישט געשריבען געוואָרען, לויט אַן איבערנאַטירליכער אַנטפּלעקונג.

דער אופן פון אויסדרוק און די פאָרם פון וויכוח אין די בריוו פון די אַפּאָסטאָלען ווייזען, אַלזוי, זייער דייטליך, אַז די דאָזיגע בריוו זיינען נישט געשריבען געוואָרען, לויט אַן אַנטפּלעקונג און אויף אַ געטליכען געבאָט, נאָר נישט מער ווי דורך דעם נאַטירליכען אורטייל פון די אַפּאָסטאָלען, און אַז זיי אַנטהאַלטען נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר ברידערליכע שטראָף־רייד, דורכגעמישט מיט העפליכע ווענדונגען, וואָס דאָס איז זיכער גאַנץ ווייט פון נביאישער אויטאָריטעט. אַזאַ איז, אַשטייגער, פּולוס' אַנטשולדיגונג אין די בריוו צו די רוימער, קאַפּ. 15, פּסוק 15: „איך האָב אייך, מיינע ברידער, געשריבען אַביסעל צו געוואַגט".

דעם דאָזיגען אויספיר קאָנען מיר אויך מאַכען דערפון, וואָס מיר לייענען נישט אין קיין שום פּלאַץ, אַז די אַפּאָסטאָלען זאָלען האָבען באַקומען אַ באַפעל צו שרייבען, נאָר נישט מער, ווי צו פּרעדיגען אומעטום, וואו זיי גייען, און צו באַשטעטיגען זייערע ווערטער דורך צייכענס. אין דער אמתען, זייער בייזיין און זייערע צייכענס זיינען געווען אומבאַדינגט נויטיג אויף צו באַקערען די פעלקער צו דער רעליגיע און אויף צו באַפעסטיגען זיי אין איר, ווי פּולוס אַליין באַמערקט עס אויסדריקליך אין די בריוו צו די רוימער, קאַפּ. 1, פּסוק 11: „ווייל איך האָב אַ גרויסען פאַרלאַנג, — זאָגט ער, — אייך צו זען, כדי מיטצוטיילען אייך די גאָב פון גייסט, איר זאָלט באַפעסטיגט ווערען אין גלויבען."

מען וועט אונז דאָ אפשר באַמערקען, אַז מיר וואָלטען פּונקט אַזוי געקאָנט מאַכען דעם אויספיר, אַז די אַפּאָסטאָלען האָבען אויך

נישט געפּרעדיגט, ווי נביאים, ווייל ווען זיי זיינען געגאַנגען פּרעדי־גען דאָ און דאָרט, האָבען זיי דאָס קיינמאָל נישט געטאָן אויף אַ באַ־זונדערען באַפעל, ווי אַמאָל די נביאים. מיר לייענען אין דעם אַל־טען טעסטאַמענט, אַז יונה איז געגאַנגען פּרעדיגען קיין נינוה, אָבער אין דערזעלביגער צייט לייענען מיר דאָרט אויך, אַז ער איז אַהין אויסדריקליך געשיקט געוואָרען, און אַז עס איז אים אַנט־פּלעקט געוואָרען, וואָס ער האָט באַדאַרפט צו פּרעדיגען. פּונקט אַזוי ווערט אויך אויספירליך דערציילט וועגען משה'ן, אַז ער איז געגאַנגען קיין מצרים, ווי אַ געשיקטער פון גאָט, און אויך וואָס ער האָט געמוזט זאָגען דעם פאָלק ישראל און דעם מלך פּרעה און וועלכע צייכענס ער האָט באַדאַרפט צו ווייזען פאַר זיי, כדי זיי צו איבערצייגען. ישעיה, ירמיה, יחזקאל האָבען באַקומען אַן אויס־דריקליכען באַפעל צו פּרעדיגען פאַר די קינדער פון ישראל. די נביאים האָבען, צולעצט, קיין זאַך נישט געפּרעדיגט, וואָס זיי זאָלען, לויטן עדות־זאָגען פון דער ביבעל, נישט האָבען עס פאַרנומען פון גאָט.

אָקעגען־אָבער לייענען מיר נישט אַזוינס, סיידען מיט זייער ווייניג אויסנאַמען, אין דעם נייעם טעסטאַמענט וועגען די אַפּאָסטאַ־לען, ווען עס ווערט דערציילט, אַז זיי זיינען געגאַנגען צו פּרעדיגען דאָ און דאָרט. פאַרקערט, מיר געפינען געוויסע פּרטים, וואָס ווייזען קלאָר, אַז די אַפּאָסטאָלען האָבען נאָך זייער אייגענעם אורטייל אויס־געקליבען די פּלעצער, וואו זיי האָבען געוואָלט פּרעדיגען. אַזאַ, למשל, איז געווען דער וויכוח צווישען פּולוסען און באַרנאַבאַסען, וואָס האָט געפירט צו אַ קריגעריי (זע די געשיכטע פון די אַפּאָסטאָלען, קאַפּ. 15, פּסוקים 37, 38 און אַז. וו.). אָפטמאָל האָבען די אַפּאָסטאָלען אויך אומזיסט זיך פירגענומען צו גיין אין געוויסע ערטער, ווי פּולוס אַליין ווייזט עס אָן אין די בריוו צו די רוימער (קאַפּ. 1, פּסוק 13): „פיל מאָל האָב איך געוואָלט קומען צו אייך, אָבער איך בין געשטערט געוואָרען". און אין קאַפּ. 15, פּסוק 22: „דאָס האָט מיר פיל מאָל געשטערט צו קומען צו אייך". און לסוף אין לעצטען קאַפּיטעל פון ערשטען בריוו צו די קאָרינטער, פּסוק 12: „איך האָב פיל מאָל גע־בעטען אַפּאָלאָ'ן, מיין ברודער, ער זאָל מיט די ברידער גיין צו אייך; ער האָט אָבער גאָרנישט געהאַט דעם פאַרלאַנג צו גיין צו אייך. ווען אָבער ער וועט דאָס קאָנען און אַז. וו."

פון די דאזיגע אויסדריקען און פון די חלוקי־דעות פון די אפאס־טאלען, ווי אויך דערפון, וואס ווען זיי זיינען געגאנגען ערגעץ פרעדי־גען, זאגט נישט די ביבעל געוועגען זיי, ווי זי טוט עס מיט די אלטע נביאים, אז זיי זיינען געגאנגען אהין אויף גאט׳ס באפעל, מוזען מיר מאכען דעם אויספיר, אז אויך פרעדיגען האבען די אפאסטאלען גע־פרעדיגט, ווי לערער, און נישט ווי נביאים.

די דאזיגע פראגע וועלען מיר זייער לייכט לייזען, ווען מיר ווע־לען נעמען אין אכט דעם חילוק צווישען דעם בארוף פון די אפאסטא־לען און דעם בארוף פון די אלטטעסטאמענטישע נביאים.

די נביאים זיינען, אין דער אמתען, נישט געווען בארופען צו פרעדיגען און צו נביאות־זאגען פאר אלע פעלקער, נאר נישט מער, ווי פאר דעם אדער יענעם פאלק. עס איז, דעריבער, געווען נויטיג, זיי זאלען פאר יעדען פאלק האבען אן אויסדריקליכען און באזונדערען באפעל. די אפאסטאלען אבער זיינען געווען בארופען צו פרעדיגען פאר אלע פעלקער אן אונטערשייד און צו באקערען זיי אלע צו דער רעליגיע. זיי האבען, אלזוי, אויסגעפירט ישו׳ס באפעל אומעטום, וואו זיי זיינען געגאנגען, און עס איז, דעריבער, נישט געווען נויטיג, זיי זאלען פאר זייער אוועקגייען באקומען אן אנטפלעקונג וועגען דעם, וואס זיי האבען געזאלט פרעדיגען, זיי, ישו׳ס תלמידים, וואס זייער לערער אליין האט זיי געזאגט: „ווען אבער זיי וועלען אייך איבערענט־פערען, זאלט איר נישט זיין באזארגט, ווי אזוי און וואס איר זאלט זאגען, ווייל עס וועט אין יענער שעה אייך געגעבען ווערען, וואס צו זאגען" (זע מ ת י, קאפ. 10, פסוק 19).

מיר קומען, אלזוי, צום אויספיר, אז די אפאסטאלען האבען פאר־נומען דורך א באזונדער אנטפלעקונג נאר דאס, וואס זיי האבען גע־פרעדיגט פה אל פה און באשטעטיגט עס אין דערזעלביגער צייט מיט צייכענס (זע, וואס מיר האבען אויפגעוויזען אין אנהויב פון צווייטען קאפיטעל). אבער דאס, וואס זיי האבען סיי אין שריפט, סיי פה אל פה געלערנט פשוט, אן דער אנווענדונג פון צייכענס, אלס באשטעטי־גונג, האבען זיי דאס געזאגט, אדער געשריבען דורך זייער נאטירליכער דערקענטעניש (זע וועגען אט־דעם ענין דעם ערשטען בריוו צו די קאָ־רינטער, קאפ. 14, פסוק 6). מיר דארפען דא אויך נישט פילען זיך אין א פארלעגענהייט דערפון, וואס אלע בריוו הויבען זיך אן מיט א

בארעכטיגונג פון דעם אפאסטאל־אמט, ווייל די אפאסטאלען איז, ווי איך וועל דאס באלד ווייזען, געגעבען געווארען נישט נאר די קראפט צו זאגען נביאות, נאר אויך די אויטאריטעט צו לערנען. אט־דערפאר גיב איך צו, אז זיי האבען געשריבען זייערע בריוו, ווי אפאסטאלען. און דאס איז אויך דער טעם, פארוואס יעדערער פון זיי האט אנגע־הויבען זיינע בריוו מיט דער בארעכטיגונג פון זיין אפאסטאלישער שליחות. און אפשר האבען זיי דאס געטאן מחמת אן אנדער טעם: כדי לייכטער צו געווינען פאר זיך דעם לעזער'ס געדאנק און אנצור־רעגען זיין אויפמערקזאמקייט, האבען זיי געהאלטען פאר פאסיג צו אטעסטירען קודם כל, אז דאס זיינען זיי די פערזאנען, וואס האבען זיך באקאנט געמאכט צו אלע גלויביגע דורך זייער פרעדיגען און וואס האב־בען דעמאלט געוויזען דורך קלארע ראיות, אז זיי האבען געלערנט די עכטע רעליגיע און דעם וועג פון היילונג. אין דער אמתען, אלץ, וואס עס ווערט אין די דאזיגע בריוו געזאגט וועגען דעם בארוף פון די אפאסטאלען און וועגען דעם הייליגען און געטליכען גייסט, מיט וועל־כען זיי זיינען געווען דורכגענומען, באציט זיך, ווייזט אויס, נאר צו די דרשות, וואס זיי האבען געהאלטען, מיט דער אויסנאם פון יענע שטע־לען, וואו „גאט'ס גייסט" און „הייליגער גייסט" באצייכענען נאר די געזונטע, גליקזעליגע און צו גאט געהייליגטע נשמה, וואס איבער דעם האבען מיר גערעדט אין ערשטען קאפיטעל. למשל, אין ערשטען בריוו צו די קארינטער (קאפ. 7, פסוק 40) זאגט פולוס אזוי: „אבער גליקזעליג איז זי, נאך מיין מיינונג, ווען זי בלייבט אזוי. איך גלויב אבער אויך, אז גאט'ס גייסט איז אין מיר". אונטער „גאט'ס גייסט" פארשטייט דא פולוס זיין אייגענע נשמה, ווי דאס ווייזט אן דער צו־זאמענהאנג פון דער רעדע. ער וויל דא, נעמליך, זאגען אזוי: אז אלמנה, וואס וויל נישט חתונה האבען מיט א צווייטען מאן, האלט איך פאר גליקליך, איך, וואס כ'האב באשלאסען צו לעבען נישט־פאר־הייראט און האלט זיך פאר גליקליך. אזוינע שטעלען זיינען פארהאן נאך אנדערע, וואס איך האלט פאר איבעריג זיי צו ברענגען.

אזוי ווי מען מוז, אלזוי, באהויפטען, אז די בריוו פון די אפאס־טאלען זיינען דיקטירט געווארען דורך דעם נאטירליכען שכל אליין, בכן דארף מען איצט אונטערזוכען, ווי אזוי די אפאסטאלען האבען געקאנט דורך דער נאטירליכער דערקענטעניש אליין לערנען זאכען,

וואס ליגען אויסער אירע גרעניצען. וועלען מיר אבער דא נעמען אין אכט, וואס מיר האבען געזאגט אין זיבעטען קאפיטעל פון דעם דאזי־גען טראקטאט מכח דער דערקלערונג פון דער ביבעל, וועלען מיר אין דעם נישט געפינען קיין שום שווערקייטען.

אין דער אמתען, הגם די זאכען, וואס זיינען פארהאן אין דער ביבעל, זיינען דאס רוב העכער פון אונזער השגה, קאנען מיר פונ־דעסטוועגען מיט זיכערקייט אורטיילען איבער זיי, אויב מיר לאזען נאר נישט צו קיין אנדערע גרונדלאגעס, ווי נאר די, וואס ווערען ארויס־גענומען פון דער ביבעל גופא. און אויפן זעלביגען אופן האבען אויך די אפאסטאלען געקאנט שליסען און אויספירען פון די זאכען, וואס זיי האבען געזעען, געהערט, אדער פארנומען דורך אנטפלעקונג, א מאַ־סע פארשריפטען און זיי לערנען די מענשען, אויב זיי האבען געוואלט. און ווידער, הגם די רעליגיע, אזוי ווי זי איז געפרעדיגט געווארען פון די אפאסטאלען, ד. ה. דורך דער פשוטער דערציילונג פון ישו'ס גע־שיכטע, ליגט אויסער די גרעניצען פון שכל, קאן אבער איר תוך, וואס באשטייט צום גרעסטען טייל אין זיטליכע לערעס, ווי ישו'ס גאנצע לערע, לייכט באגריפען ווערען פון יעדען איינעם דורך דעם נאטירלי־כען פארשטאנד. די אפאסטאלען האבען צולעצט נישט באדארפט האבען קיין איבערנאטירליך ליכט, כדי צו באלערנען די מענשען אין א רעליגיע, וואס זיי האבען זי פריער באוויזען דורך צייכענס, און כדי צוצופאסען זי צום געוויינליכען פארשטאנד, אזוי, אז זי זאל קאנען גערן און מיטן גאנצען הארצען אנגענומען ווערען פון יעדען איינעם. און דאס איז דאך געווען דער ציל פון די בריוו: צו באלערנען די מענ־שען און צו מוסרן זיי דורך דעם וועג, וועלכען יעדען אפאסטאל האט באטראכט פארן בעסטען, כדי צו באפעסטיגען זיי אין דער רעליגיע. עס דארף דא נאר באמערקט ווערען, וואס מיר האבען נארוואס גע־זאגט, און דאס איז, אז די אפאסטאלען האבען נישט נאר באקומען די קראפט צו פרעדיגען, ווי נביאים, ישו'ס געשיכטע און צו באשטעטי־גען זי מיט צייכענס, נאר אויך די אויטאריטעט צו באלערנען און מוסרן דורך דעם וועג, וועלכען יעדערער פון זיי האט באטראכט פארן בעסטען. אין צווייטען בריוו צו טימאטעוס, קאפ. 1, פסוק 11, ווייזט פולוס דייטליך אן אויף אט־דער טאפעלטער גאב: „פאר וועלכען איך בין אוועקגעשטעלט, ווי א פרעדיגער, אפאסטאל און לערער פון די

פעלקער". און אין ערשטען בריוו צום זעלבינגען, קאַפּ. 2, פּסוק 7: פאר וועלכען איך בין אווועקגעשטעלט, ווי א פּרעדיגער, אַפּאָסטאָל (איך זאָג דעם אמת דורך ישו'ן, איך זאָג קיין ליגען נישט) און לערער פון פעלקער מיטן גלויבען (מ ע ר ק ט ע ס ג ו ט!) און אמת". מיט אַט־די ווערטער, זאָג איך, ווייזט פּולוס זיין באַשטעטיגונג פון ביידע אמטען, דעם אַפּאָסטאָל־אמט און דעם לערער־אַמט. וואָס איז שייך דער אויטאָריטעט צו מוסרן, ווען און ווען ער זאָל נישט וועלען, ווייזט ער דערויף אַז אין דעם בריוו צו פילעמאָנען, פּסוק 8, אין אַט־די ווערטער: „הגם איך האָב פיל פרייקייט אין ישו'ן דיר צו באַפעלען, וואָס מען באַדאַרף, דאָך און אַז. וו." עס דאַרף דאָ באַמערקט ווערען, אַז עס וואָלט פּולוסען זיכער נישט דערלויבט געווען איבער־צואַנדערשען גאָט'ס באַפעל אויף א בקשה, ווען ער וואָלט, ווי א נביא, פארנומען פון גאָט דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו באַפעלען, אויך ווי א נביא, דאָס באַדאַרפט באַפעלען פילעמאָנען. מען מוז, אַלזוי, פאַר־שטיין, אַז פּולוס רעדט דאָ וועגען דער פרייקייט צו זאָגען מוסר, וועל־כע ער האָט געהאַט, אַלס לערער און נישט אַלס נביא. עס פאָלגט אָבער דערפון נאָך נישט גענוג קלאָר, אַז די אַפּאָסטאָלען האָבען גע־קאָנט אויסקלייבען דעם וועג צו באַלערנען, וועלכען יעדערער פון זיי האָט געהאַלטען פאַרן בעסטען, נאָר נישט מער, אַז דורך זייער אַפּאָס־טאָל־אמט זיינען זיי צוגלייך געווען אי נביאים, אי לערער, סיידען מיר וועלען דאָ וועלען רופען צו הילף דעם שכל, וועלכער לערנט אונז, אַז דער, וואָס האָט די אויטאָריטעט צו לערנען, האָט אויך די מאַכט אויסצוקלייבען דעם וועג פאַר דעם דאָזיגען ציל, וואָס ער האַלט אים פאַרן בעסטען. עס וועט אָבער זיין גענוג צו דערווייזען די גאַנצע זאַך דורך דער ביבעל גופא.

אין דער אמתען, עס איז צו זען פון דער ביבעל גופא, אַז יעדער אַפּאָסטאָל האָט זיך אויסגעקליבען א באַזונדערען וועג. זעט אַט־די ווערטער פּולוס' אין דעם בריוו צו די רוימער (קאַפּ. 15, פּסוק 20): „איך האָב זיך געמיט מיט דער גרעסטער זאָרג נישט צו פּרעדיגען דאָרט, וואו ישו'ס נאָמען איז שוין אָנגערופען געוואָרען, כדי נישט צו בויען אויף א פרעמדען גרונד".

אוודאי, ווען די אַפּאָסטאָלען וואָלטען אַלע געהאַט דעמזעלבינגען וועג צו לערנען און ווען זיי וואָלטען אַלע געבויט די קריסטליכע דע־

ליגיע אויף אַלצאַיינע יסודות, וואָלט פּולוס בשום אופן נישט געקאָנט אַנרופען די יסודות פון אַן אַנדער אַפּאָסטאָל פ ר ע מ ד ע, ווייל זיי וואָלטען געווען דיזעלביגע, וואָס זיינע אייגענע. ווען אָבער ער באַצייכענט זיי פּאַרט אַזוי, איז מוז מען נויטיגערהייט דערפון שליי־סען, אַז יעדער אַפּאָסטאָל האָט געבויט די רעליגיע אויף אַן אַנדער יסוד. עס איז דאָ מיט די אַפּאָסטאָלען אין זייער לערער־אַמט פּאַר־געקומען דאָס אייגענע, וואָס עס קומט פּאָר מיט אַנדערע לערער, וועל־כע האָבען אַן אייגענעם מעטאָד פון לערנען. און זיי ווילען געוויינליך ליבערשט לערנען מיט מענשען, וואָס זיינען נאָך אינגאַנצען אומגע־בילדעט און האָבען נאָך נישט געלערנט ביי קיינעם נישט קיין שפּראַ־כען און נישט קיין וויסענשאַפטען, אַפילו נישט די מאַטעמאַטישע, וואָס קיינער צווייפעלט דאָך נישט אין זייער אמת.

ווען מיר וועלען, ווידער, דורכגיין די דאָזיגע בריוו מיט געווי־סער אויפמערקזאַמקייט, וועלען מיר זען, אַז די אַפּאָסטאָלען שטימען טאַקע צווישען זיך בנוגע דעם תוך פון דער רעליגיע, דערפאַר אָבער גייען זיי זיך פיל פונאַנדער אין אירע יסודות. כדי צו באַפעסטיגען די מענשען אין דער רעליגיע און זיי ווייזען, אַז הצלת הנפש ווענדט זיך אין גאָט׳ס חסד אַליין, האָט פּולוס זיי געלערנט, אַז קיינער קאָן זיך נישט רימען מיט זיינע מעשים, נאָר מיט זיין גלויבען אַליין, און אַז קיינער קאָן זיך נישט רעכטפאַרטיגען דורך זיינע מעשים (זע בריוו צו די רוימער, קאַפּ. 3, פּסוקים 27 און 28). אַקעגען־אָבער לערנט אַפּאָסטאָל יעקב אין זיין בריוו, אַז דער מענש ווערט גערעכטפאַרטיגט דורך זיינע מעשים און נישט דורך דעם גלויבען (זע זיין ב ר י ו ו, קאַפּ. 2, פּסוק 24) און שליסט איין די גאַנצע לערע פון רעליגיע, אויסלאַזענדיג אַט־די דיסקוסיעס פּולוס׳, אין זייער ווייניג פּונקטען.

עס איז, צולעצט, גאָר קיין צווייפעל נישט, אַז דערפאַר, וואָס די אַפּאָסטאָלען האָבען געבויט די רעליגיע אויף פאַרשיידענע יסודות, זיי־נען עס אַנגעשטאַנען אַזוי פיל מחלוקות און שפּאַלטונגען, פון וועלכע די קירך האָט געליטען גאָר אַן אויפהער שוין זינט די צייטען פון די אַפּאָסטאָלען, און זי וועט זיכער אויך ווייטער ליידען דערפון אַזוי לאַנג, ביז וואַנען די רעליגיע וועט, לסוף, אַמאָל אָפּגעטיילט ווערען פון די פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס און וועט צוריקגעבראַכט ווערען צו דער

קליינער צאָל זייער איינפאַכע דאָגמעס, וואָס ישו האָט זיי געלערנט זיינע תלמידים.

דאָס איז געוועזן אוממעגליך פאַר די אַפּאָסטאָלען, ווייל די עוואַנ־געליע איז נאָך דעמאָלט געוועזן אומבאַקאַנט; און כדי נישט צו טרע־פען צו שטאַרק די מענשען פון יענער צייט מיט דער נייקייט פון דער לערע, האָבען זיי, דעריבער, געמוזט ווי ווייט מעגליך זיך צופּאַסען צו זייער גייסט (זע ערשטען בריוו צו די קאָרינטער, קאַפּ. 9, פּסוקים 19, 20 און ווייטער) און זי אויפבויען אויף די יסודות, וואָס זיינען אין יענער צייט געוועזן צום מייסטען באַקאַנט און אָנגענומען. און טאַקע דערפאַר האָט קיינער פון די אַפּאָסטאָלען נישט פילאָזאָפירט אַזוי פיל, ווי פּולוס, וועלכער איז געוועזן באַרופען צו פּרעדיגען פאַר די היידען. אָקעגען־אָבער די אַנדערע אַפּאָסטאָלען, וועלכע האָבען געפּרעדיגט פאַר די יידען, וואָס די פילאָזאָפיע איז ביי זיי נישט געוועזן אין גרויס חשיבות, האָבען געלערנט די רעליגיע אָן פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס, צופּאַסענדיג זיך דערמיט צום גייסט פון די יידען (זע וועגען אַט־דעם עניין דעם בריוו צו די גאַלאַטער, קאַפּ. 2, פּסוק 11 און ווייטער). — ווי גליקליך וואָלט געוועזן אונזער צייט, ווען מיר וואָלטען אויך די רע־ליגיע געזעען פריי פון יעדען אַבערגלויבען!

---

## קאַפּיטעל צוועלף.

וועגען דעם אמתען אָריגינאַל פון געטליכען געזעץ; און אויף ווי ווייט די ביבעל הייסט „הייליגע שריפט“ און „גאָט׳ס וואָרט“. ווייטער ווערט געוויזען, אַז די ביבעל, אויף ווי ווייט זי איז כולל אין זיך גאָט׳ס וואָרט, איז אָנגעקומען צו אונז נישט־געפעלשט.

די, וואָס באַטראַכטען די ביכער פון דער ביבעל, אין וועלכען צושטאַנד דאָס זאָל נישט זיין, ווי אַ בריוו, וואָס גאָט האָט אים אַראָפּ־געשיקט די מענשען פון הימעל, וועלען אָן צווייפעל אויפהויבען אַ גע־

שריי, אז איך בין באַגאַנגען אַ זינד קעגען דעם הייליגען גייסט דער־מיט, וואָס איך האָב באַהויפּטעט, אַז גאָט'ס וואָרט איז פעלערהאַפ־טיג, פאַרדאָרבען, געפעלשט, נישט אַלעמאָל אין הסכם מיט זיך אַליין. אַז מיר האָבען נישט מער, ווי פראַגמענטען דערפון און, צולעצט, אַז דער אָריגינאַל פון דעם בונד, וואָס גאָט האָט געשלאָסען מיט די יידען, איז פאַרלוירען געגאַנגען. וועלען אָבער די דאָזיגע לייט באַטראַכטען נעענטער די זאַך גופא, צווייפעל איך גאָרנישט, אַז זייערע געשרייען וועלען גלייך אויפהערען. אין דער אמתען, נישט נאָר דער שכל אַליין, נאָר אויך די גרונדזאַצען פון די נביאים און די אַפּאָסטאָלען פראָקלאָ־מירען הויך, אַז גאָט'ס אייביג וואָרט און אייביגער בונד, אַזוי אויך די אמתדיגע רעליגיע, זיינען פון גאָט'ס האַנט איינגעקריצט געוואָרען אין די הערצער פון די מענשען, ד. ה. אין דעם מענשליכען גייסט, און אַז דאָס איז דער עכטער אָריגינאַל, וואָס גאָט אַליין האָט אים באַזיגעלט מיט זיין אייגענעם זיגעל, און דאָס איז, מיטן באַגריף פון זיין זיין, ווי מיט דעם בילד פון זיין געטליכקייט.

וואָס איז שייך די ערשטע יידען, איז די רעליגיע זיי איבערגעגע־בען געוואָרען, ווי אַ געשריבען געזעץ, זיכער דערפאַר, ווייל זיי זיינען אין יענער צייט באַהאַנדעלט געוואָרען, ווי קינדער. אָבער שפּעטער האָבען משה (ד ב ר י ם, קאַפּ. ל', פּסוק 6) און ירמיה (קאַפּ. ל"א, פּסוק 32) זיי פאַראויסגעזאָגט אַ צייט, ווען גאָט וועט איינקריצען זיין געזעץ אין זייערע הערצער. עס איז, דעריבער, געווען די עובדא פון די יידען אַליין, און דער עיקר פון די צדוקים, צו קעמפען פאַרציי־טענס פאַרן געזעץ, וואָס איז געווען אויפגעשריבען אויף די לוחות, אָבער נישט פון די, וואָס טראָגען דאָס דאָזיגע געזעץ איינגעקריצט אין זייער נשמה. ווער עס וועט דאָס וועלען נעמען אין אכט, וועט גע־פינען, אַז אין דעם אויבען־געזאָגטען איז נישטאָ גאָר אַזוינס, וואָס זאָל סותר זיין גאָט'ס וואָרט, ד. ה. דעם אמתדיגען גלויבען און דער אמתדיגער רעליגיע, אָדער זיי קאָנען אָפּשוואַכען. נאָר ער וועט איינ־זען, אַז דערמיט שטאַרקען מיר גיכער דעם אמתדיגען גלויבען, ווי מיר האָבען דאָס שוין געוויזען ביים סוף צענטען קאַפּיטעל. ווען דאָס וואָלט געווען אַנדערש, וואָלט איך אָפּגעמאַכט ביי זיך אינגאַנצען צו שווייגען איבער דעם; נאָך מער, כדי צו פאַרמיידען אַלע שווערקייי־טען, וואָלט איך גערן צוגעגעבען, אַז עס זיינען אין דער ביבעל פאַר־

באַרגען די טיפסטע סודות. היות אָבער עס איז דערפון אַרויסגעקו־מען אַז אומדערטרעגליכער אבערגלויבען און נאָך אַנדערע העכסט שעדליכע איבלען, וועגען וועלכע איך האָב גערעדט אין אַנהויב זיבע־טען קאַפּיטעל, בכן האַלט איך פאַר מיין חוב נישט צוריקצוציען זיך פון אַט־דער אויפגאַב, בפרט ווען די רעליגיע נויטיגט זיך נישט אין קיין שום פּוץ, נאָר מען נעמט, פאַרקערט, אַוועק פון איר איר גלאַנץ, ווען מען פּוצט זי אויס מיט אַזוינע אויסטראַכטונגען.

מען וועט אָבער זאָגען, אַז ווען אפילו דאָס געטליכע געזעץ איז איינגעקריצט אין די הערצער, איז די ביבעל דאָך גאָט'ס וואָרט און מען טאָר, דעריבער, נישט זאָגען וועגען איר, אַז זי איז פאַרדאָרבען און געפעלשט, פּונקט ווי מען טאָר אַזוינס נישט זאָגען וועגען גאָט'ס וואָרט. איך, פון מיין זייט, האָב אָבער שטאַרק מורא, אַז די, וואָס ריידען אַזוי, פּלייסען זיך שוין צופיל צו ווערען הייליגע און מאַכען פון דער רעליגיע אַן אַבערגלויבען; נאָך מער, איך האָב מורא, אַז אַנשטאָט גאָט'ס וואָרט זיינען זיי אויפן וועג צו פאַרערען צייכענס און בילדער, ד. ה. פּאַפּיר און טינט. איך ווייס נאָר, אַז איך האָב נישט געזאָגט קיין איין זאַך, וואָס זאָל זיין אומווירדיג פאַר דער בי־בעל, אָדער גאָט'ס וואָרט, ווייל איך האָב נישט אַרויסגעזאָגט קיין איין זאַך, וואָס איך זאָל נישט האָבען באַוויזען דעם אמת דערפון מיט די איבערצייגענדיגסטע טעמים. איך קאָן, דעריבער, באַהויפּטען מיט זיכערקייט, אַז איך האָב נישט געזאָגט קיין איין זאַך, וואָס זאָל זיין גאָטלאָז, אָדער אויסזען, ווי גאָטלאָזיגקייט.

איך גיב צו, אַז געוויסע געמיינע מענשען, וואָס די רעליגיע איז פאַר זיי אַ לאַסט, קאָנען די דאָזיגע באַמערקונגען אָננעמען פאַר אַן אויסרייד צו זינדיגען און אָן שום גרונד, נאָר בלויז כדי נאָכצוגעבען זייער לוסט, שליסען דערפון, אַז די ביבעל איז דורכאויס פעלערהאַפ־טיג און געפעלשט און ממילא האָט זי נישט קיין שום אויטאָריטעט. אָבער פון אַזוינע זאַכען קאָן מען זיך נישט באַוואָרענען, לויט דעם שפּריכוואָרט, אַז קיין זאַך קאָן נישט געזאָגט ווערען אַזוי גוט, אַז עס זאָל נישט קאָנען פאַרדאָרבען ווערען דורך אַ שלעכטער אויסטייטשונג. די מענשען, וואָס ווילען נאָכגעבען זייער לוסט, געפינען לייכט כלערליי תירוצים; און די פריערדיגע דורות, וועלכע האָבען געהאַט די אָריגי־נאַלען גופא, דעם ארון, אפילו נביאים און אַפּאָסטאָלען, זיינען אויך

נישט געווען בעסער און געהאָרכיגער. אַלע מענשען, יידען אזוי ווי היידען, זיינען אַלע מאָל געווען גלייך און גוטע מדות, זיינען אין אַלע צייטען געווען אַ זעלטענקייט.

כדי אבער צו באזייטיגען יעדען ספק, וועל איך דאָ ווייזען:

1 — אויף ווי ווייט די ביבעל און בכלל אַ שטומע זאַך דאַרף אַנגערופען ווערען הייליג און געטליך;

2 — וואָס עס איז אין דער אמתען גאָט׳ס וואָרט און אַז עס באַשטייט נישט אין אַ געוויסער צאָל ביכער;

3 — און, צולעצט, אַז די ביבעל, אויף ווי ווייט זי לערנט די פאָרשריפטען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דער געהאָרכיגקייט און גליקזעליגקייט, האָט נישט געקאָנט פאַרדאָרבען ווערען.

דערפון וועט יעדער איינער קאָנען לייכט איינזען, אַז מיר האָבען קיין זאַך נישט געזאָגט קעגען גאָט׳ס וואָרט און אויך ערגעץ נישט געלאָזט קיין פּלאַץ פאַר גאָטלאָזיגקייט.

הייליג און געטליך ווערט אַנגערופען אַ זאַך, וואָס איז באַשטימט פאַר דער איבונג פון פרומקייט און רעליגיעזיטעט, און זי פאַרבלייבט הייליג אַזוי לאַנג, ווי זי ווערט פון די מענשען באַנוצט פאַר אַ רעליגיעזען ציל. הערען אבער די מענשען אויף צו זיין פרום, אַזוי הערט אויך די דאָזיגע זאַך אויף צו זיין הייליג; און אויב דיזעלביגע זאַך ווערט פון די מענשען באַשטימט פאַר אַ גאָטלאָזען ציל, אַזוי ווערט פון איר, וואָס זי איז אַמאָל געווען הייליג, אַן אומריינע און געמיינע זאַך. למשל, דער פּאַטריאַרך יעקב האָט אַ געוויסען אָרט אַנגערופען „בית-אל" (גאָט׳ס הויז)*), ווייל דאָרט האָט ער פאַרערט גאָט, וועלכער האָט זיך איהם אַנטפּלעקט. דערזעלביגער אָרט איז אבער פון די נביאים אַנגערופען געוואָרען „בית-און" (דאָס הויז פון אומרעכט) (זע עמוס, קאַפּ. ה׳, פסוק 5, און הושע, קאַפּ. ו׳, פסוק 5), ווייל די בני-ישראל פלעגען דאָרט דורך ירבעם׳ס איינפיר ברענגען קרבנות צו אָפּגעטער.

אַן אַנדער ביישפּיל מאַכט די זאַך נאָך קלערער. ווערטער דערהאַלטען זייער באַשטימטען באַטייט נאָר דורך דעם שפּראַך-געברויך. און אויב זיי זיינען, לויט דעם דאָזיגען געברויך, אַזוי אוועקגעשטעלט,

*) בראשית, קאַפּ. כ״ח, פסוק 19.

אַז זיי שטימען אַן דעם. וואָס לייענט זיי, צו פרומקייט, וועלען די דאָזיגע ווערטער זיין הייליגע פּונקט אַזוי, ווי דאָס בוך, אין וועלכען זיי זיינען געשריבען און אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַט־דעם אופן. ווען אָבער דער דאָזיגער געברויך וועט שפּעטער פאַרלוירען גיין אַזוי, אַז די ווערטער וועלען שוין מער נישט האָבען קיין שום באַטייט, אָדער ווען דאָס בוך וועט אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט ווערען, צי מחמת דער מענשליכער בייזוויליגקייט, אָדער מחמת דעם, וואָס מען וועט עס מער נישט באַדאַרפען, אַזוי וועלען סיי די ווערטער, סיי דאָס בוך פאַרלירען יעדען ווערט און מער נישט זיין הייליג. און צולעצט, אויב די־זעלביגע ווערטער וועלען אוועקגעשטעלט ווערען אויף אַן אַנדער אופן, אָדער אויב זיי וועלען דורך דעם שפּראַך־געברויך אָנגעהויבען באַנוצט ווערען אין אַן אַנדער באַטייט, וועלען סיי די ווערטער, סיי דאָס בוך, וואָס זיינען פריער געווען הייליג, זיין טמא און געמיין.

דער פועל־יוצא דערפון איז, אַז מחוץ דער ש ט י מ ו נ ג איז קיין זאַך נישט הייליג, אָדער געמיין, אָדער טמא, נאָר אַז זאַכען נע־מען אָן אַט־דעם כאַראַקטער נאָר בנוגע דער שטימונג. דאָס ווערט באַ־וויזען איבערגענוג דורך פיל שטעלען פון דער ביבעל. ירמיה, למשל (צו ברענגען איינעם אָדער צוויי ביישפּילען), זאָגט (קאַפּ. ז׳, פּסוק 4), אַז עס איז געווען נישט ריכטיג מצד די יידען פון זיין צייט אַנצו־רופען דעם בית־המקדש גאָט׳ס היכל, ווייל, זאָגט ער ווייטער אין דעם־זעלביגען קאַפּיטעל, גאָט׳ס נאָמען האָט געקאָנט אויפגעשריבען ווע־רען אויף דעם דאָזיגען היכל נאָר דאַן, ווען ער וואָלט באַזוכט געוואָ־רען פון מענשען, וואָס ערען גאָט און האַלטען פון גערעכטיגקייט; ווען אָבער ער איז פול מיט מערדער, גנבים, געצענדינער און אַנדערע אויסוואורפען, פאַרדינט ער גיכער דעם נאָמען פון אַ רויבער־הייל.

וואָס איז געוואָרען מיטן ארון? די ביבעל זאָגט וועגען דעם קיין וואָרט נישט, וואָס איך האָב זיך דערויף אָפּטמאָל געחידושט. איין זאַך אָבער איז זיכער, און דאָס איז, אַז ער איז פאַרלאָרען געגאַנגען, אָדער פאַרברענט געוואָרען מיטן בית־המקדש, כאָטש קיין זאַך איז נישט אַזוי פיל פאַרהייליגט און פאַרערט געוואָרען פון די העברעער.

אויפן זעלביגען גרונד איז די ביבעל הייליג און אירע רעדעס זיי־נען געטליך נאָר אַזוי לאַנג, ווי זי באַוועגט די מענשען צו דער פאַר־ערונג פון גאָט. ווערט זי אָבער פון די מענשען אינגאַנצען פאַרנאַכ־

לעסיגט, ווי אמאל פון די יידען, אזוי איז זי נישט מער, ווי פאפיר און טינט; זי ווערט פון זיי אינגאנצען פארשוועכט און איבערגעלא־זען אויף הפקר. און אויב זי ווערט פארדארבען, אדער גייט פאר־לארען, איז, דעריבער, נישט ריכטיג צו זאגען, אז גאט'ס ווארט איז פארדארבען, אדער בארלארען געגאנגען, פונקט אזוי ווי עס איז געווען נישט ריכטיג צו זאגען אין ירמיה'ס צייט, אז גאט'ס היכל איז פארניכ־טעט געווארען אין פלאמען. און ירמיה אליין זאגט טאקע דאס וועגען דעם געזעץ, וועז ער זידעלט די שלעכטע מענשען פון זיין צייט מיט אט־די ווערטער: „איכה תאמרו: חכמים אנחנו ותורת ה' אתנו. אכן הנה לשקר עשה עט שקר סופרים". ד. ה. הגם דאס געשריבענע גע־זעץ איז אין אייערע הענט, איז עס אבער נישט ריכטיג פון אייך צו זאגען, אז איר האט גאט'ס געזעץ נאכדעם, ווי איר האט דערפון א תל געמאכט. פונקט אזוי האט משה, צעברעכענדיג די ערשטע לוחות, באין אופן נישט אוועקגעשליידערט פון זיינע הענט און נישט צע־בראכען אין צארן גאט'ס ווארט (ווער קאן גאר אזוינס דענקען וועגען משהן און וועגען גאט'ס ווארט?), נאר נישט מער, ווי שטיינער, וואס זיינען פריער געווען הייליג, ווייל דער בונד, אין וועלכען די יידען האבען זיך מתחייב געווען צו געהארכען גאט, איז אויף זיי געווען אויפגעשריבען, אבער זיי האבען מער נישט געהאט אין זיך קיין שום היילינקייט, ווי נאר די יידען האבען מבטל געמאכט דעם דאזיגען בונד, פארערענדיג א קאלב. און מחמת דערזעלביגער סיבה האבען אויך די צווייטע לוחות מיטן ארון געקאנט פארלארען גיין.

עס איז, דעריבער, קיין חידוש נישט, וואס די אריגינאלען פון משה'ס ספרים זיינען מער נישטא און וואס עס האבען מיט די ספרים, וועלכע מיר באזיצען איצט, געטראפען די סיבות, וועגען וועלכע מיר האבען גערעדט אויבען, ווייל אפילו דער אמתער אריגינאל פון דעם געטליכען בונד, דער הייליגסטער פון אלע, האט אויך געקאנט אינ־גאנצען פארלארען גיין.

זאלען, אלזוי, אונזערע געגנער אויפהערען צו באשולדיגען אונז אין גאטלאזיגקייט; אונז, וואס מיר האבען קיין זאך נישט געזאגט אקעגען גאט'ס ווארט און נישט פארשוועכט זיין היילינקייט; זאלען זיי בעסער ווענדען זייער צארן, אויב זיי האבען באמת א גרונד דער־צו, אקעגען די אלטע, וואס זייער שלעכטיגקייט האט פארשוועכט גאט'ס

אָרון, דעם בית־המקדש, דאָס געזעץ, אַלע הייליגע זאַכען, און זיי אַי־בערגעלאָזען אויף הפקר צו ווערען פאַרדאַרבען. נאָך מער, אויב זיי טראַגען אין זיך, לויט פּולוס' וואָרט (צווייטער בריוו צו די קאָרינטער, קאַפּ. 3, פּסוק 3), דעם געטליכען בריוו, וואָס איז געשריבען אין זייערע הערצער נישט מיט טינט, נאָר מיט גאָט'ס גייסט, נישט אויף טאַוולען פון שטיין, נאָר אויף טאַוולען פון פלייש, איז זאָלען זיי אויפהערען צו פאַרערען די אותיות און מיט זיי אַזוי פיל זיך מתעסק זיין.

דערמיט, רעכען איך, האָב איך שוין גענוג מסביר געווען, אויף ווי ווייט די ביבעל דאַרף באַטראַכט ווערען פאַר הייליג און געטליך. מיר וועלען איצט זעהן, וואָס אַזוינס מען דאַרף פאַרשטיין אונטער ד ב ר ה'( גאָט'ס וואָרט).

ד ב ר באַטייט: „וואָרט“, „רעדע“, „שפּרוך“ און „זאַך“. װאָ־רום עס ווערט אין העברעאישען געזאָגט ווענען אַ זאַך, אַז זי איז גאָט'ס זאַך און וואָרום זי ווערט מייחס צו גאָט, — דאָס האָב איך מסביר געווען אין ערשטען קאַפּיטעל און עס איז פון יענעם לייכט צו פאַרשטיין, וואָס די ביבעל וויל באַצייכענען מיט ג אָ ט ' ס ו ו אָ ר ט, ר ע ד ע, ש פּ ר ו ך א ו ן ז אַ ך. עס איז, דעריבער, נישט נויטיג איבערצוחזרן דאָ אַלץ, וואָס מיר האָבען דאָרט געזאָגט, אַזוי אויך נישט דאָס, וואָס מיר האָבען אויסגעפירט אין 6־טען קאַפּיטעל אונ־טער דעם דריטען פּונקט איבער די נסים. עס איז גענוג נאָר דערויף אָנצואווייזען, כדי מען זאָל קענען בעסער פאַרשטיין, וואָס איך וויל דאָ זאָגען איבער דעם דאָזיגען ענין.

1 — ווען עס רעדט זיך ווענען אַ זאַך, וואָס איז נישט גאָט גופא, באַטייט, אייגענטליך, „גאָט'ס וואָרט“ דאָס געטליכע געזעץ, וועגען וועלכען מיר האָבען גערעדט אין 4־טען קאַפּיטעל, ד. ה. די רעליגיע, וואָס איז געמיינשאַפטליך פאַרן גאַנצען מענשליכען מין, אָדער אוני־ווערסאַל. זעט איבער דעם י ש ע י ה, קאַפּ. א', פון פּסוק 10 און ווייטער, וואו דער נביא לערנט דעם רעכטען לעבענסשטייגער, וואָס באַשטייט נישט אין רעליגיעזע צערעמאָניעס, נאָר אין ליבע און אין אַ ריין האַרץ, און וואָס ער רופט עס אַן אונטערשייד דאָ ג ע ז ע ץ, דאָ ג אָ ט ' ס ו ו אָ ר ט.

2 — „גאָט'ס וואָרט“ ווערט ווייטער גענוצט מעטאַפאָריש פאַר דעם סדר גופא פון דער נאַטור און פאַר דעם שיקזאַל (ווייל זיי ווענדען

זיך דאך אַן דעם אייביגען באשלום פון דער געטליכער נאַטור און זייי־נען איר פועל־יוצא), און דער עיקר פאַר דעם, וואָס די נביאים האָבען פאַראויסגעזאָגט וועגען אַט־דעם סדר פון דער נאַטור, ווייל זיי האָבען נישט פארנומען די צוקונפטיגע געשעענישען דורך די נאַטירליכע סיבות, נאָר ווי גאָט'ס באַפעלען, אָדער באַשליסען.

3 — „גאָט'ס וואָרט" ווערט צולעצט גענוצט פאַר יעדען פאַר־אויסזאָג פון די נביאים, אויף ווי ווייט זיי האָבען דאָס משיג געווען דורך א באַזונדער קראַפט, אָדער דורך דער גאָב פון נבואה, און נישט דורך דעם נאַטירליכען שכל, וואָס איז געמיינשאַפטליך צו אַלע מענ־שען; און דאָס איז דער עיקר דערפאַר, ווייל די נביאים פלעגען, ווי מיר האָבען דאָס אויפגעוויזען אין 4־טען קאַפּיטעל, אין דער אמתען זיך פאַרשטעלען גאָט, ווי א געזעצגעבער.

די ביבעל ווערט, אַלזוי, אָנגערופען גאָט'ס וואָרט מחמת אַט־די דריי סיבות:

1 — ווייל זי לערנט די אמתע רעליגיע, וואָס איר מחבר איז דער אייביגער גאָט;

2 — ווייל זי אַנטהאַלט פאַראויסזאָגונגען פון צוקונפטיגע גע־שעענישען, וואָס זי שטעלט זיי פאַר, ווי געטליכע באַשליסען;

3 — און, לסוף, ווייל די, וואָס זיינען געווען אירע אמתע מחברים, האָבען כמעט שטענדיג געלערנט נישט דורך דעם נאַטירליכען שכל, וואָס איז געמיינשאַפטליך צו אַלע מענשען, נאָר דורך א געוויסער דערקענטעניש, וואָס נאָר זיי אַליין זיינען דערצו געווען מסוגל, און געלאָזט גאָט אַליין ריידען אויפן זעלביגען אופן. און הגם אין דער ביבעל זיינען, אחוץ דעם, פאַרהאַן נאָך פיל דערציילונגען, וואָס זיינען ריין־געשיכטליך און ווערען באַנומען דורך דעם נאַטירליכען שכל, ווערט זי פונדעסטוועגען אָנגערופען נאָך יענע שטעלען, ווייל זיי שטעלען פאַר מיט זיך דעם גרעסטען טייל אירען.

מיר קענען אַזוי אַרום לייכט באַגרייפען, אויף ווי ווייט מען דאַרף אָננעמען גאָט פאַר דעם מחבר פון די ביבלישע ספרים. און דאָס איז מחמת דעם, וואָס עס ווערט אין דער ביבעל געלערנט די אמתע רע־ליגיע, און נישט מחמת דעם, וואָס גאָט האָט געוואָלט מיטטיילען די מענשען א געוויסע צאָל ספרים. מיר קענען דערפון אויך זען, וואָרום די ביבעל איז איינגעטיילט אויף דעם אַלטען און נייעם טעסטאַמענט.

דאָס איז דערפאַר, ווייל די נביאים האָבען, פאַר ישו'ס אַנקומען, גע־
האַט די טבע צו לערנען די רעליגיע, ווי א געזעץ פון לאַנד. און ווי א
התחיבות צום בונד, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין משה'ס צייט.
בעת די אַפּאָסטאָלען האָבען געפּרעדיגט די רעליגיע, ווי אַן אוניווער־
סאַל געזעץ צו אַלע מענשען, און נאָר אויפן סמך פון ישו'ס ליידען.
אָבער נישט דערפאַר איז די ביבעל איינגעטיילט געוואָרען אויף דעם
נייעם און אַלטען טעסטאַמענט, ווייל זיי שיידען זיךביידע אָפּ מיט
זייער לערע, אָדער ווייל זיי זיינען באַטראַכט געוואָרען, ווי די אָריגי־
נאַלען פון דעם בונד, אָדער, לסוף, ווייל די אוניווערסאַלע רעליגיע,
וועלכע איז די נאַטירליכסטע, איז געוועזען ניי (ניי איז זי דאָך געוועזען
נאָר פאַר די, וואָס האָבען זי נישט געקענט). „עס (דאָס ליכט) איז
געוועזען אין דער וועלט, — זאָגט דער עוואַנגעליקער יוחנן (קאַפּ. 1,
פּסוק 10), — אָבער די וועלט האָט עס נישט דערקענט“.

ווען מיר וואָלטען, אַלזוי, אפילו געהאַט נאָך ווענינער ביכער פון
דעם אַלטען און נייעם טעסטאַמענט, וואָלטען מיר פונדעסטוועגען ניט
באַרויבט געוועזען פון גאָט'ס וואָרט (אונטער וועלכען מען פאַרשטייט,
אייגענטליך, ווי שוין געזאָגט, די אמתע רעליגיע), פּונקט אַזוי ווי מיר
האַלטען נישט, אַז מיר זיינען איצט דערפון באַרויבט, כאָטש עס פעה־
לען אונז אַסך אַנדערע אויסגעצייכענטע שריפטען, ווי דער ספר התורה,
וועלכער איז שטאַרק אָפּגעהיט געוואָרען אין בית־המקדש, אַלס דער
אָריגינאַל פון בונד, די ספרי המלחמות, די כראָניקעס און אַסך אַנ־
דערע, וואָס פון זיי זיינען אַרויסגענומען און צוזאַמענגעשטעלט גע־
וואָרען די ביכער פון אַלטען טעסטאַמענט, וועלכע מיר באַזיצען איצט.

דאָס לעצטע קאָן, אויסער דעם, באַשטעטיגט ווערען נאָך דורך
פיל אַנדערע טעמים:

ע ר ש ט ע נ ס זיינען די ביכער פון ביידע טעסטאַמענטען
נישט געשריבען געוואָרען אויף א באַזונדערען באַפעל, אין איין־און־
דערזעלביגער צייט, און פאַר אַלע יאַהרהונדערטער, נאָר צופעליג, פאַר
געוויסע מענשען, לויט די פאָדערונגען פון דעם מאָמענט און די באַ־
זונדערע פאַרהעלטענישען פון די דאָזיגע מענשען, ווי דאָס ווייזט
קלאָר דער באַרוף פון איינצעלנע נביאים, וואָס זיינען באַרופען גע־
וואָרען צו מוסרן די גאַטלאָזע פון זייער צייט, און אויך די בריוו פון
די אַפּאָסטאָלען.

צ ו ו י י ט ע נ ס: עס איז איין זאך צו פארשטיין די ביבעל און דעם זין פון די נביאים און אן אנדער זאך — צו פארשטיין דעם זין פון גאט, ד. ה. דעם אמת גופא פון דער זאך, ווי דאס איז צו זען דערפון, וואס מיר האבען אויסגעפירט אין 2־טען קאפיטעל וועגען די נביאים. אז דאס אייגענע גילט אויך פאר די געשיכטעס און נסים, האב איך דאס געוויזען אין 6־טען קאפיטעל. דאס קאן אבער בשום אופן נישט געזאגט ווערען וועגען די שטעלען, וואס באהאנדלען די עכטע רעליגיע און די עכטע טוגענד.

ד ר י ט ע נ ס זיינען די ביכער פון דעם אלטען טעסטאמענט אויסגעקליבען געווארען פון צווישען פיל ביכער און זיינען, לסוף, גע־זאמעלט און אנערקענט געווארען פון א ראט פון פרושים, ווי איך האב דאס אויסגעוויזען אין 10־טען קאפיטעל. די ביכער פון דעם נייעם טעסטאמענט זיינען אויך פונקט אזוי אנגענומען געווארען אין דעם קאנאן דורך די באשליסען פון איינינע ראטען, בעת אנדערע ביכער, וואס זיינען פון פיל מענשען געהאלטען געווארען פאר הייליג, זיינען פארווארפען געווארען, אלס נישט עכטע. אבער די דאזיגע ראטען, סיי פון די פרושים, אזוי אויך פון די קריסטען, זיינען נישט באשטאַ־נען פון נביאים, נאר נישט מער, ווי פון געלערנטע און חכמים, און דאך מוז מען צוגעבען, אז זיי האבען ביי דעם דאזיגען אויסוואל גע־נומען גאט'ס ווארט, אלס דעם הויפט־כלל, וואס אזוי ארום האבען זיי, כדי צו אנערקענען די דאזיגע אלע ביכער, געמוזט פריער האבען א ידיעה אין גאט'ס ווארט.

פ ע ר ט ע נ ס האבען די אפאסטאלען, ווי מיר האבען דאס געזאגט אין פאריגען קאפיטעל, געשריבען נישט, ווי נביאים, נאר ווי לערער, און זיי האבען פארן ציל פון באלערנען זייערע תלמידים אויס־געקליבען דעם וועג, וועלכען זיי האבען געהאלטען פארן לייכטסטען. דערפון איז צו זען (ווי מיר האבען דאס אויסגעפירט צום סוף פון פאַ־ריגען קאפיטעל), אז די שריפטען פון די אפאסטאלען זיינען כולל אין זיך פיל זאכען, וואס מיר קאנען היינט אין רעליגיעזען פרט זיך באגיין אויך אן זיי.

פ י נ פ ט ע נ ס, צולעצט, ווייל עס זיינען אין דעם נייעם טעס־טאמענט פאראן פיר עוואנגעליעס. ווער קאן גלויבען, אז גאט האט

געוואלט פיר מאל דערציילען און מיטטיילען די מענשען ישו'ס גע־שיכטע? און הגם אין איינער זיינען פארהאן געוויסע פרטים, וואס פעלען אין דער אנדערער, און אט־די העלפט אפט צו פארשטיין די צווייטע, דארף מען פונדעסטוועגען דערפון נישט דרינגען, אז מען מוז וויסען אלץ, וואס עס ווערט דערציילט אין די דאזיגע פיר עוואנגע־ליעס, און אז גאט האט אויסדערוויילט די עוואנגעליקער זיי צו שריי־בען, כדי ישו'ס געשיכטע זאל בעסער פארשטאנען ווערען. יעדער אפאסטאל האט, אין דער אמתען, געפרעדיגט זיין עוואנגעליע אויף אן אנדער ארט און יעדערער פון זיי האט אויפגעשריבען דאס, וואס ער האט געוואלט פרעדיגען, פשוט כדי צו דערציילען קלאר ישו'ס געשיכטע און נישט כדי צו מאכען קלאר די עוואנגעליעס פון די אנ־דערע אפאסטאלען. און אויב די עוואנגעליעס ווערען דורך קעגענזיי־טיגער פארגלייכונג טיילמאל לייכטער און בעסער פארשטאנען, איז עס נישט מער, ווי א צופאל, און דאס נאר ביי ווייניג שטעלען. און ווען אפילו די דאזיגע שטעלען וועלען פארבלייבען אומפארשטענדליך, וועט די געשיכטע דערפון נישט זיין ווייניגער קלאר און די מענשען — ווייניגער גליקליך.

איך האב דערמיט געוויזען, אז די ביבעל קאן, אייגענטליך, אנ־גערופען ווערען גאט'סווארט נאר בנוגע דער רעליגיע, ד. ה. בנוגע דעם אוניווערסאלען געטליכען געזעץ. עס בלייבט נאך איצט איבער צו ווייזען, אז די ביבעל, אויף ווי ווייט זי ווערט אזוי אנגערופען, איז נישט פעלערהאפטיג, פארדארבען, אדער צעדרייט. אזוי רוף איך דא אן די שטעלען, וואס זיינען געשריבען און געבויט אזוי קאפוירדיג, אז דער זין פון דער רעדע לאזט זיך נישט אויפכאפען דורך דעם שפראך־געברויך און קאן אויך נישט אויסגעפירט ווערען פון דער ביבעל גופא. איך וויל דערמיט נישט באהויפטען, אז די ביבעל, אויף ווי ווייט זי איז כולל אין זיך דאס געטליכע געזעץ, האט אלעמאל דערהאלטען דיזעלבי־גע צייכענס, אותיות און ווערטער (דאס צו באווייזען לאז איך איבער צו די בעלי־המסורה און צו אבערגלויביגע פארערער פון אות). איך וויל נאר זאגען אז דער זין, וואס נאר בנוגע אים קאן א רעדע אנגע־רופען ווערען געטליך, איז דערגאנגען צו אונז נישט־פארדארבען, ווען אפילו מען זאל אננעמען, אז די ווערטער, מיט וועלכע אט־דער זין איז לכתחילה אויסגעדריקט געווארען, זיינען אפטמאל געביטען געווארען.

דאָס נעמט, ווי געזאָגט, גאָרנישט אוועק פון דער געטליכקייט פון דער ביבעל, ווייל די ביבעל וואָלט פאַרבליבן פּונקט אַזוי געטליך, ווען זי וואָלט אַפילו געשריבן געוואָרן מיט אַנדערע ווערטער און אויף אַן אַנדער לשון.

קיינער קאָן, אַלזוי, נישט מסופק זיין, אַז מיר האָבן אין אָט־דעם זינען באַקומען דאָס געטליכע געזעץ אומפאַרדאָרבן. זעען מיר דען נישט, באמת, אַז יעדער שוועריגקייט און צווייד־יטיגקייט פון דער ביבעל גופא, אַז דער יסוד פון איר לערע איז **צו ליבן גאָט איבער אַלץ און דעם נאָענטען, ווי זיך אַליין**? אָט־דאָס קאָן נישט ווערן געפעלשט און אויך נישט געשריבן ווערן דורך אַן איבערגעאיילטער און פאַרפירענדיגער פעדער. און וואָלט די ביבעל אַמאָל געלערנט אַנדערע פאָרשריפטן, וואָלט זי אויך דאָס איבעריגע געמוזט נויטיגערהייט לערנען אויף אַן אַנדער אופן, ווייל דאָס איז דאָך דער יסוד פון דער גאַנצער רעליגיע, וואָס ווען מען זאָל אים אַוועקנעמען, וועט דער גאַנצער בנין מיטאַמאָל פונאַנדער־פאַלן. אַזאַ ביבעל וואָלט מער נישט געווען אָט־די, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, נאָר אַ גאַנץ אַנדער ספר.

עס פאַרבלייבט, דעריבער, אַ פעסטגעשטעלטער אמת, אַז די ביבעל האָט אַלעמאָל געלערנט די דאָזיגע לערע, אַז עס האָט זיך ממילא דאָ נישט אַריינגעכאַפּט קיין שום טעות, וואָס זאָל קאָנען פאַרדאָרבן דעם זין, ווייל אַזאַ טעות וואָלט גלייך באַמערקט געוואָרן פון יעדן איינעם, און אַז קיינער האָט נישט געקאָנט פעלשן דעם דאָזיגן זין אַזוי, אַז זיין בייזוויליגער אויפטו זאָל נישט באַלד אויפגעדעקט ווערן. און אַזוי ווי מען דאַרף, אַלזוי, אָננעמען אָן יעדן ספק, אַז דער דאָזיגער יסוד איז נישט געפעלשט, איז מוז מען אָן טענות דאָס איי־גענע באַהויפּטן אויך וועגן אַלע אַנדערע פּונקטן, וואָס פאָלגן דערפון און וואָס זיינען פּונקט אַזוי פונדאַמענטאַל, און דאָס איז: אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט; אַז ער בריים אויס זיין השגחה אויף אַלצ־דינג; אַז ער איז אַלמעכטיג; אַז די פרומע לייט זיינען, לויט זיין באַ־שלוס, גליקזעליג, די רשעים אָבער — אומגליקליך; און אַז אונזער רעטונג ווענדט זיך נאָר אָן זיין גענאָד. די ביבעל לערנט אומעטום דייטליך די דאָזיגע אַלע פּונקטן און זי האָט זיי געמוזט אַלעמאָל

לערנען, ווייל אנדערש וואָלט אלעם איבעריגע געשוועבט אין דער לופטען און נישט געהאַט קיין שום גרונד.

אויך די אנדערע מאָראַלישע פאָרשריפטען דאַרפען באַטראַכט ווערען פאַר נישט וועניגער עכט, ווייל זיי ווערען דאָך קלאָר אויסגעפירט פון אַט־דעם אַלגעמיינעם יסוד; למשל: צו טון גערעכטיגקייט, צו העלפען נויטבאַדערפטיגע, קיינעם נישט הרגנען, נישט גלוסטען יענעמ'ס גוטס און אַז. וו. דערפון, זאָג איך, האָט די מענשליכע בייזקייט נישט געקאָנט גאַרנישט פעלשען און אויך די צייט האָט גאָרנישט געקאָנט דערפון אָוועקנעמען, ווייל אַלץ, וואָס עס איז דערפון צעשטערט געוואָרען, האָט דער אלגעמיינער יסוד, פון וועלכען די דאָזיגע גרונדזאַצען שטאַמען, דאָס גלייך ווידעראַמאָל פאָרגעשריבען, און דער עיקר, די פאָרשריפט וועגען ליבע צום נאָענטען, וועלכע ווערט מער פון אלץ רעקאָמענדירט אומעטום אין ביידע טעסטאַמענטען. גיט נאָך צו דעם צו, אַז כאָטש מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלען אַזאַ שענדליך פאַרברעכען, וואָס זאָל נישט האָבען אַמאָל באַגאַנגען געוואָרען פון מענשען, האָט פונדעסטוועגען זיך נאָך נישט געפונען קיין איין מענש, וואָס זאָל מאַכען אַ פאַרזוך צו פאַרניכטען די געזעצען, כדי צו פאַרענטפערען דערמיט זיינע שלעכטע מעשים, אָדער וואָס זאָל פּרואווען איינפירען, ווי אַן אייביגע און הייליקע לערע, וואָסער־עס־איז גאַטלאָזע פאָרשריפט. מיר זעען באמת, אַז די מענשליכע נאַטור איז באַשאַפען אַזוי, אַז יעדער איינער (סיי אַ קיניג, סיי אַן אונטערטאַן), וואָס איז באַגאַנגען אַ שענדליכע האַנדלונג, מיט זיך צו פאַרהוילען זיין האַנדלונג מיט אַזוינע אומשטענדען, אַז עס זאָל אויסזען אַזוי ווי ער וואָלט גאַרנישט עובר געווען אויף רעכט און ערליכקייט.

מיר וועלען, אַלזוי, שליסען אויף אַן אַבסאָלוטען אופן, אַז דאָס אַלגעמיינע געטליכע געזעץ, וואָס די ביבעל לערנט, איז דערגאַנגען ביז צו אונז אומגעפעלשט.

אָבער אַחוץ אַט־די מאָראַלישע פאָרשריפטען זיינען פאַרהאַן נאָך אַנדערע זאַכען, וואָס מיר קאָנען פונקט אַזוי נישט צווייפלען, אַז זיי זיינען אונז געטריי איבערגעגעבען געוואָרען. איך מיין דאָ דעם תוך פון די ביבלישע געשיכטעס, וועלכע זיינען דאָך געווען גוט באַקאַנט פאַר אַלעמען. דאָס יידישע פאָלק פלעג אַמאָל באַזינגען אין פּסאַלמען די געשעענישען פון זיין פאַרצייטיגער געשיכטע. און פונקט אַזוי האָט

איבער דער גאנצער רוימישער מלוכה זיך גלייך פארשפרייט דער עיקר פון ישו'ס מעשים און ליידען. מען דארף, דעריבער, בשום אופן נישט אננעמען, — סיידען דאס רוב מענשען האבען זיך וועגען דעם צונויפ־גערעדט, וואס דאס איז אומגלויבליך, — אז די שפעטערע דורות האָ־בען איבערגעגעבען דעם קערן פון די דאזיגע געשיכטעס אנדערש, ווי זיי האבען זיי באקומען פון זייערע פארגייער.

די אלע פעלשונגען און פעלער האבען אזוי ארום געקאנט פאר־קומען נאר אין דעם איבעריגען, ד. ה. אין איינעם אדער צוויי אומ־שטענדען פון א געשיכטע אדער נבואה, כדי דערמיט צו באוועגען מער דאס פאלק צו פרומקייט; אדער אין איינעם אדער צוויי נסים, אויף צו להכעים די פילאזאפען; אדער, לסוף, אין ספעקולאטיווע זאכען, נאכדעם ווי די איינצעלנע רעליגיעזע ריכטונגען האבען זיי אנגעהויי־בען איינפירען אין דער רעליגיע, כדי צו קאנען אזוי ארום באשטע־טיגען זייערע אייגענע אויסטראכטונגען דורך דער פאלש־געברויכטער געטליכער אויטאריטעט. פאר דער גליקזעליגקייט איז עס אבער נישט זייער וויכטיג, צי אזוינע שטעלען זיינען געפעלשט מער אדער וועני־גער. אט־דעם ענין וועל איך באהאנדלען באריכות אין קומענדיגען קאַ־פיטעל, כאטש די זאך איז שוין, אייגענטליך, געגוג באוויזען געווארען דורך דעם ביז איצט געזאגטען און, דער עיקר, דורך דעם 2־טען קאַ־פיטעל.

---

## קאפיטעל דרייצען.

**עס ווערט דאָ געוויזען, אז די ביבעל לערנט גאנץ פשוטע זאכען, אז זי פאר־לאַנגט נישט קיין אנדער זאַך, ווי נאָר געהאָרכיגקייט, און אַז זי לערנט ניט וועגען דער געטליכער נאַטור קיין שום זאַך, וואָס די מענשען זאָלען עס ניט קאָנען נאָכטון דורך א באַשטימטען לעבענסשטייגער.**

אין 2־טען קאַפיטעל פון דעם דאזיגען טראַקטאַט האבען מיר אויפגעוויזען, אז די נביאים האבען פארמאַגט נאָר אַ באַזונדערען כח

אויף פאַרצושטעלען זיך זאַכען, אָבער נישט אויף צו פאַרשטיין זיי. אז גאָט האָט זיי נישט מגלה געווען קיין שום סודות פון דער פילאָזאָ־פיע, נאָר נישט מער, ווי גאַנץ פּשוטע זאַכען; און אז ער האָט זיך דערביי צוגעפּאַסט צו זייערע פון פריער אָנגענומענע מיינונגען.

מיר האָבען ווייטער געוויזען אין 5־טען קאַפּיטעל, אז די ביבעל שטעלט פאָר און איז מסביר אירע לערעס אַזוי, אז זיי זאָלען קאָנען פאַרשטאַנען ווערען אויף'ן לייכטסטען אופן פון יעדען איינעם, ד. ה. אז זי פירט נישט אויס אירע זאַצען פון אַקסיאָמען און דעפיניציעס און פאַרקניפּט זיי נישט איינס מיטן אַנדערען, נאָר זאָגט זיי פּשוט אַרויס. און כדי צו מאַכען זיי גלויבליך, באַשטעטיגט זי זיי נאָר דורך דער ערפאַרונג אַליין, ד. ה. דורך נסים און מעשיות, וועלכע זי דער־ציילט אין אַזאַ סטיל און מיט אַזוינע אויסדריקען, ווי דאָס פּאַסט זיך בעסער צו מאַכען אַ טיפען איינדרוק אויפן המון עם. זע וועגען אָט־דעם עניין, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרען אין קאַפּיטעל 6, אונטערן פּונקט 3.

אין 7־טען קאַפּיטעל, צולעצט, האָבען מיר אויפגעוויזען, אז די שוועריקייט צו פאַרשטיין די ביבעל אין געוויסע שטעלען ליגט נאָר אין דער שפּראַך אַליין און נישט אין דער טיפזיניגקייט פון דעם עניין. גיט נאָך צו דעם צו, אז די נביאים האָבען נישט געפּרעדיגט פאַר געלערנטע, נאָר פאַר אַלע יידען אָן אונטערשייד. וואָס אַנבאַלאַנגט די אַפּאָסטאַ־לען, פלעגען זיי געוויינליך פּרעדיגען די עוואַנגעלישע לערע אין די קירכען, וואָס זיינען געווען קהלישע פאַרזאַמלונג־פּלעצער פאַר אַלע גלויביגע.

פון דעם אַלעם איז צו זען, אז די לערע פון דער ביבעל ענטהאַלט נישט קיין טיפזיניגע ספּעקולאַציעס, אָדער פילאָזאָפישע געדאַנקען, נאָר נישט מער, ווי גאָר פּשוטע זאַכען, וואָס קענען פאַרשטאַנען ווערען אפילו פון דעם סאַמע פאַרשטאָפּטען מח. איך קאָן, דעריבער, זיך נישט גענוג אָפּחידושען אויף דער חכמה פון די, וואָס איך האָב וועגען זיי שוין גערעדט פריער און וואָס זעען אין דער ביבעל אַזוינע טיפע סודות, אז זיי קענען מיט דער מענשליכער שפּראַך גאָרנישט דערקלערט ווע־רען; און וואָס זיי האָבען ווייטער איינגעפירט אין דער רעליגיע אַזוי פיל פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס, אז די קירך זעט אויס צו זיין אַן אַקאַדעמיע און די רעליגיע אַ וויסענשאַפט, אָדער בעסער, אַ געביט פון

פלפול. אבער וואס איז דא צו חידושען זיך, וואס מענשען, וועלכע בארימען זיך, אז זיי באזיצען אן איבערנאטירליך ליכט, ווילען נישט אפשטיין אין דערקענטעניש פון די פילאזאפען, וועלכע באזיצען דאך נישט מער, ווי דאס נאטירליכע ליכט! איך וואלט אוודאי אנערקענט די דאזיגע פרעטענזיע זייערע, ווען זיי וואלטען אויפן געביט פון ריי־נער ספעקולאציע כאטש געלערנט עפעס נייס, עפעס אזוינס, וואס זאל שוין ביי די היידנישע פילאזאפען (וועלכע זיינען דאך, ווי זיי זאגען, געווען בלינד) נישט געווען געהערען צו די אויסגעדראשענע זאכען. ווייל ווען איר וועט גענויער באטראכטען די סודות, וואס זיי זעען פארבארגען אין דער ביבעל, וועט איר דארט נישט געפינען מער, ווי די אויסטראכטונגען פון אריסטאטעלעס, פלאטא און זייער גלייכען. אלץ זאכען, וואס אז הדיוט קאן זיי גיכער זען אין חלום, איידער א געלענרטער אין דער ביבעל.

דערמיט מיין איך זיכער נישט צו באהויפטען אויף אז אבסא־לוטען אופן, אז די לערע פון דער ביבעל האט גארנישט צו טון מיט ספעקולאטיווע זאכען. האב איך דאך אליין אנגעוויזען אין פריגען קאפיטעל אויף איינינע אידעען פון אט־דעם מין, וואס זיינען דער יסוד פון דער ביבעל. איך וויל נאר באהויפטען, אז די דאזיגע אי־דעען זיינען דארט פארהאן אין א גאר קליינער צאל און אז זיי זיינען זייער פשוט.

איך וועל איצט אויפווייזען, וואס עס זיינען דאס פאר אידעען און ווי אזוי מען דארף זיי אויפפאסען. דאס וועט אונז איצט זיין נישט־שווער צו טון, נאכדעם ווי מיר ווייסען, אז דער ציל פון דער ביבעל איז נישט געווען צו לערנען וויסענשאפט, ווייל אזוי ארום קומען מיר לייכט צום געדאנק, אז די ביבעל פארלאנגט פון דעם מענשען נישט מער, ווי ג ע ה א ר כ י ג ק י י ט און אז זי פאראורטיילט נאר די ווידערשפעניגקייט, אבער נישט די אומוויסענקייט. און אזוי ווי, ווידער, די געהארכיגקייט צו גאט באשטייט נאר אין דער ליבע צום נאענטען (ווייל ווער עס האט ליב דעם נאענטען, כדי נאר צו גע־הארכען גאט, דער האט דערפילט דאס געזעץ, ווי פולוס זאגט עס אין די בריוו צו די רוימער, קאפ. 13, פסוק 8), בכן איז דערפון געדרונ־גען, אז די ביבעל רעקאמענדירט נישט קיין שום אנדער וויסען, ווי

נאר דאס, וואס איז נויטיג פאר אלע מענשען, כדי צו קענען געהארבען, לויט אט־דער פארשריפט, גאט, און וואס אז דער דאזיגער קענטעניש וועלען די מענשען מוזען אומבאדינגט זיין ווידערשפעניג, אדער, וועניגסטענס, נישט האבען קיין כלל פון געהארכיגקייט. וואס איז שייך די אנדערע ספעקולאציעס, וועלכע שטרעבען נישט דירעקט צו דעם דאזיגען ציל, צי זיי פארנעמען זיך מיט דער דערקענטעניש פון גאט, אדער מיט דער דערקענטעניש פון נאטירליכע זאכען, באריחרען זיי מיט קיין זאך נישט די ביבעל און ממילא דארפען זיי אפגעטיילט ווערען פון דער אנטפלעקטער רעליגיע.

דאס אלץ קאן יעדער איינער, ווי געזאגט, איינזען אן שום שווערקייט; אזוי ווי אבער די גאנצע פראגע וועגען רעליגיע ווענדעט זיך אן דעם דאזיגען פונקט, וועל איך דעם ענין נאך ווייטער אויפווייזען און דערקלערען. צוליב דעם איז נויטיג קודם כל צו ווייזען, אז די על־פי־שכלדיגע, אדער גענויע דערקענטעניש פון גאט איז נישט קיין גאב, וואס איז געמיינשאפטליך צו אלע גלויביגע פונקט אזוי, ווי געהארכיגקייט; און ווייטער, אז די דערקענטעניש, וואס גאט האט זי פארלאנגט דורך די נביאים פון אלע מענשען גלייך און וואס יעדער איינער מוז זי באזיצען, איז נישט קיין אנדערע, ווי די דערקענטעניש פון געטליכען יושר און ליבע. די דאזיגע צוויי פונקטען קאנען לייכט אויפגעוויזען ווערען דורך דער ביבעל גופא.

וואס איז שייך דעם ערשטען פונקט, איז עס צו זען אויפן דייטליכסטען אופן פון ש מ ו ת, קאפ. ו׳ פסוק 2׳ וואו גאט זאגט צו משה׳ן, כדי צו ווייזען אים דעם באזונדערען חסד, וואס ער טוט מיט אים: „איך האב זיך אנטפלעקט צו אברהם, יצחק און יעקב, ווי אל שדי, אבער מיט מיין נאמען ה׳ בין איך צו זיי נישט באקאנט געווארען.“ כדי צו דערקלערען בעסער די דאזיגע שטעל, וועלען מיר דא באמערקען, אז א ל ש ד י באטייט אין העבראישען דעם גאט, וואס גענוגט, ווייל ער גיט יעדען איינעם דאס, אין וואס יענער נויטיגט זיך; און כאטש דאסווארט שדי ווערט אפטמאל גענוצט אליין אויף צו באצייכענען ג א ט, איז עס אבער גאר קיין צווייפעל נישט, אז מען דארף אומעטום פארשטיין דאס ווארט א ל, וואס הייסט ג א ט.

מען דארף אויך באמערקען, אז אויסער ה׳ געפינט זיך נישט

אין דער ביבעל קיין שום אנדער נאמען, וואס זאל אנווייזען אויף גאט'ס עיקר, אן שייכות צו די געשאפענע זאכען. און דעריבער באַהויפטען די העברעער, אז נאר אט־דער נאמען אליין איז גאט'ס אייגעננאמען, בעת די אנדערע זיינען ביי־נעמען. אין דער אמתען, גאט'ס איבעריגע נעמען, צי זיי זיינען הויפטווערטער אדער אייגענשאפטווערטער, זיינען אטריבוטען, וואס געהערען צו גאט, אויף ווי ווייט ער ווערט באטראכט אין שייכות מיט די געשאפענע זאכען, אדער ווערט דורך זיי מאניפעסטירט. אזוי איז דאסווארט א ל, אדער מיט דעם פאראגאגישען (צוגעזעצטען) אות ה — א ל ה — וואס באַצייכענט, ווי באוואוסט, נישט קיין אנדער זאך, ווי ד ע ר מ ע כ־ ט י ג ע ר. און וואס ווערט צוגעפאסט צו גאט נאר par excellence פונקט אזוי ווי מיר רופען אן פולוסען דער א פ א ס ט ע ל. אמאל ווערען געניוער אנגעגעבען די איינצעלנע אייגענשאפטען פון זיין מאכט, ווי דער גרויסער, פורכטבארער, גערעכטער, בארעמהארציגער און אז. וו. א ל ; אדער דער דאזיגער נאמען ווערט, כדי צוזאמענצונעמען די דאזיגע אלע אייגענשאפטען אונטער איין ווארט, גענוצט אין מערצאל (אלהים), אבער אין דער באדייטונג פון איינצאל, וואס אזוינס קומט גאנץ אפט פאר אין דער ביבעל. ווען גאט זאגט, אלזוי, צו משה'ן, אז ער איז נישט באקאנט געווארען צו די אבות אונטער דעם נאמען ה'', איז דערפון צו זען, אז די אבות האבען נישט געוואוסט פון קיין שום געטליכען אטריבוט, וואס זאל אויסדריקען גאט'ס עיקר, נאר נישט מער, ווי זיינע ווירקונגען און צוזאגען, ד. ה. זיין מאכט, אויף ווי ווייט זי ווערט מאניפעסטירט דורך אנזיכטיגע זאַכען. גאט זאגט דאס נישט צו משה'ן, כדי צו באשולדיגען די אבות אין אומגלויביגקייט, נאר פארקערט, כדי צו רימען זייער גלויבען און פארטרויען. ווייל כאטש די אבות האבען נישט געהאט, ווי משה, קיין באזונדערע דערקענטעניש פון גאט, האבען זיי פונדעסטוועגען געגלויבט אין דער פארווירקליכונג פון זיינע צוזאגען; דערמיט זיינען זיי געווען אנדערש פון משהן, וועלכער האט, נישט געקוקט אויף דער העכערער השגה, וואס ער האט געהאט וועגען גאט, דאך געצווייפעלט אין די געטליכע הבטחות און פירגעווארפען גאט, וואס ער האט, אנשטאט דער צוגעזאגטער דערלייזונג פון די יידען, נאך מער פארשלימערט זייער מזל.

אזוי ווי די אבות האבען, אלזוי, נישט געוואוסט גאט׳ס באזונ־דערען נאמען און גאט זאגט דאס צו משה׳ן, כדי צו לויבען זייער גלויבען און תמימות און צוגלייך דערמאנען דעם באזונדערען חסד, וואס ער האט מיט אים געטאן, און דערפון געדרונגען אויפן דייטליכסטען אופן, וואס איך האב דאס באהויפטעט, אלס דעם ערשטען פונקט, אז עס קאן נישט זיין קיין געבאט, דורך וועלכען די מענשען זאלען זיין פארפליכטעט צו דערקענען גאט׳ס אטריבוטען, נאר אז די דאזיגע דערקענטעניש איז א באזונדער גאב, וואס נאר איינצעלנע גלויביגע זיינען דערצו זוכה. עס איז אויך איבעריג צו ווייזען דאס דורך פיל צייגענישען פון דער ביבעל. אין דער אמתן, ווער זעט דען נישט, אז די דערקענטעניש פון גאט איז נישט געווען אלצאיינס ביי אלע גלויביגע און אז די חכמה, פונקט אזוי ווי ווייניג ווי דאס לעבען און דאס זיין, האבען נישט געקאנט געגעבען ווערען דורך א באפעל? מענער, פרויען קינדער, — אלע קאנען, אמת, זיין דורך א באפעל אלצאיינס געהאר־כיג, אבער נישט אלע קאנען זיין אלצאיינס קלוג. און אויב איינער וועט זאגען, אז עס איז נישט נויטיג צו פארשטיין גאט׳ס אטריבוטען, נאר מען דארף אין זיי פשוט גלויבען, אן שום באווייזען, וועל איך דערויף ענטפערען, אז ער רעדט נארישקייט. ווייל נישט־אנזיכטיגע זאכען און ריין גייסטיגע געגענשטאנדען קאנען נישט געזעען ווערען מיט אנדערע אויגען, ווי נאר מיט די אויגען פון באווייזען, און אויב מען באזיצט נישט די דאזיגע באווייזען, אזוי זעט מען לחלוטין גאר־נישט פון אט־די זאכען. דאס, ווידער, וואס מען הערט וועגען דעם פון אנדערע און וואס מען רעדט נאך, בארירט די אייגענע נשמה פונקט אזוי ווייניג, ווי די ווערטער פון א פאפוגאי אדער פון אן אויר־טאמאט, וואס פלאפלען אן גייסט און אן שכל.

איידער אבער איך גיי ווייטער, פיל איך, אז איך מוז דערקלערען, וואראום עס ווערט אפטמאל געזאגט אין ספר ב ר א ש י ת, אז די אבות האבען געפרעדיגט אין נאמען פון ה׳, בעת דאס זעט אוים צו זיין אין ווידערשפרוך מיט דעם אויבענגעזאגטען. וועלען מיר נעמען אין אכט דאס, וואס מיר האבען אויפגעוויזען אין קאפיטעל VIII, וועלען מיר לייכט קאנען אויסגלייכען די דאזיגע ווידערשפרוכען. אין דער אמתען, אין דעם דערמאנטען קאפיטעל האבען מיר געוויזען, אז דער מחבר פון חומש רופט נישט אן די זאכען און ערטער גענוי מיט

דיזעלביגע נעמען, וואס זיי האבען געטראגען אין דער צייט, ווען ער רעדט, נאר מיט די נעמען, וואס זיינען געווען מער באוואוסט אין דער צייט, וואס ער אליין האט געלעבט. אזוי ווערט געזאגט אין ספר ב ר א ש י ת, אז גאט האט זיך אנטפלעקט צו די אבות אונטער דעם נאמען ה׳, ווייל דער דאזיגער נאמען האט ארויסגערופען גרויס יראת הכבוד ביי די יידען, אבער נישט דערפאר, ווייל גאט איז באקאנט געווען צו די אבות אונטער דעם דאזיגען נאמען. דאס, זאג איך, מוז מען אומבאדינגט אננעמען, ווייל אין אונזער טעקסט פון ש מ ו ת ווערט אויסדריקליך געזאגט, אז גאט איז נישט געווען באקאנט צו די אבות אונטער דעם דאזיגען נאמען, און אויך ווייל אין ש מ ו ת (קאפ. ג׳, פסוק 13) באגערט משה צו וויסען גאט׳ס נאמען, — און משה וואלט אוודאי געוואוסט פון אט־דעם נאמען, ווען ער וואלט שוין פון פריער געווען באקאנט. מיר מוזען, אלזוי, קומען צום שלום, וועלכען מיר האבען געזוכט, אז די גלויביגע אבות האבען נישט געקענט דעם דאזיגען נאמען גאט׳ס און אז די דערקענטעניש פון גאט איז א מתנה פון גאט און נישט קיין געבאט.

עס איז איצט צייט איבערצוגיין צום צווייטען פונקט און ווייזען, אז גאט פארלאנגט נישט פון מענשען דורך די נביאים קיין אנדער דערקענעטעניש פון זיך אליין, ווי נאר די דערקענטעניש פון זיין געטליכען יושר און ליבע, ד. ה. פון אזוינע געטליכע אטריבוטען, וואס די מענשען זאלען אין זייער לעבענסשטייגער זיי קענען נאכמאכען. און דאס זאגט ירמיה אויסדריקליך מיט די ווערטער, וועלכע ער זאגט ארויס אין קאפ. כ״ב, פסוקים 15 און 16, ריידענדיג וועגען ישוע: „האט דיין פאטער נישט געגעסען און געטרונקען, געטאן רעכט און גערעכטיגקייט, און עס איז אים וואויל געווען. ער האט געמשפט דאס רעכט פון ארימע און באדערפטיגע, און עס איז אים געווען וואויל; ווייל (מ ע ר ק ט ע ס ג ו ט!) דאס הייסט מיך דערקענען, זאגט ה׳״. נישט ווייניגער קלאר זיינען אויך די ווערטער, וואס געפינען זיך אין קאפ. ט׳, פסוק 24: „נאר יעדער איינער זאל זיך רימען נאר דערמיט, וואס ער דערקענט מיך און זעט איין, אז איך, ה׳, טו ליבע, רעכט און גערעכטיגקייט אויף דער ערד, ווייל אין דעם איז מיין פרייד, זאגט ה׳״.

דאס אייגענע איז אויך צו זען פון ש מ ו ת, קאפ. ל״ד, פסוקים

6 און 7, וואו גאָט אַנטפּלעקט נישט פאַר משה'ן, וועלכער פאַרלאַנגט אים צו זען און צו דערקענען, קיין שום אַנדערע אַטריבוטען, ווי נאָר די, וואָס דריקען אויס דעם געטליכען יושר און ליבע.

צולעצט מוז דאָ באַזונדערס באַמערקט ווערען די שטעל פון יוחנן, וואָס וועגען איר וועלען מיר נאָך ריידען שפּעטער, וואו דער אַפּאָסטעל דערקלערט גאָט נאָר דורך ליבע, ווייל קיינער האָט אים נישט געזעען, און פירט אויס, אַז נאָר דער, וואָס האָט ליבע, האָט באמת גאָט אין זיך און דערקענט אים.

מיר זעען, אַלזוי, אַז ירמיה, משה און יוחנן שליסען איין די דער־קענטעניש פון גאָט, וואָס יעדער איינער מוז זי האָבען, אין אַ קליי־נער צאָל פּונקטען און לאָזען זי, ווי איך האָב געזאָגט, באַשטיין נאָר אין דעם, אַז גאָט איז העכסט יושרדיג און העכסט בארעמהארציג, אָדער דער איינציגער מוסטער פון אַ רעכטען לעבען. גיט נאָך צו דעם צו, אַז די ביבעל גיט נישט קיין אויסדריקליכע דעפיניציע פון גאָט, שרייבט נישט פאַר צו אַנערקענען אַנדערע אַטריבוטען פון גאָט, אויסער די נאָרוואָס אָנגעוויזענע, און רעקאָמענדירט אויך נישט קיין אַנדערע אַזוי אָפען, ווי אַט־די.

פון דעם אַלעם קאָנען מיר שליסען, אַז די אינטעלעקטועלע דער־קענטעניש פון גאָט, וועלכע באַגרייפט די געטליכע נאַטור, ווי זי איז פאַר זיך אַליין, אַלס אַזוינע, וואָס די מענשען קאָנען איר נישט נאָכ־טון דורך אַ באַשטימטען לעבענסשטייגער און אויך נישט נעמען פאַר אַ מוסטער פון אַ רעכטען לעבען, — אַז די דאָזיגע אינטעלעקטועלע דערקענטעניש האָט באַין אופן נישט קיין שייכות צום גלויבען און צו דער אַנטפּלעקטער רעליגיע און ממילא קאָנען די מענשען, אָן שום חטא, זיך דורכאויס טועה זיין אין דעם דאָזיגען פּרט.

עס איז, דעריבער, אויך גאָר קיין חידוש נישט, וואָס גאָט האָט זיך צוגעפּאַסט צו די איינבילדונגען און צו די פון פריער אָנגענומענע מיינונגען פון די נביאים און וואָס די גלויביגע האָבען זיך געשאַפען פאַרשיידענע השגות וועגען גאָט, ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אין קאַפּיטעל II, דורך פיל ביישפּילען. פּונקט אַזוי איז אויך גאָר קיין חידוש נישט, וואָס די הייליגע שריפט רעדט אומעטום אויף אַזאַ נישט־פּאַסיגען שטייגער וועגען גאָט און שרייבט אים צו הענט, פיס, אויגען, אויערען, אַ נשמה, אָרטליכע באַוועגונג און אַפילו זעלענבאַ־

וועגונגען, ווי למשל, אז ער איז אייפעריג, בארעמהערציג, און אז. וו. און וואס זי שילדערט אים, צולעצט, ווי א שופט, וואס זיצט אין הי־מעל, ווי אויף א קיניגליכען טראן, מיט ישוו ביי זיין רעכטער האנט. די הייליגע שריפט רעדט דא בלי ספק אין הסכם מיט דער השגה פון פשוטען פאלק, וואס די ביבעל שטרעבט נישט צו מאכען עס געלערנט, נאר געהארכיג.

די טעאלאגען פון געוויינליכען שניט האלטען פונדעסטוועגען, אז מען דארף דערקלערען אויף א בילדליכען אופן את די אלע אויס־דריקען, וואס דער נאטירליכער שכל זאגט, אז זיי לאזען זיך נישט הארמאניזירען מיט דער געטליכער נאטור, און אננעמען אין בוכשטאב־ליכען זינען אלע, וואס עס איז העכער פון זייער השגה. ווען אבער אלע שטעלען פון דעם דאזיגען סארט, וואס מען געפינט זיי אין דער ביבעל, וואלטען געמוזט פארשטאנען און אויפגעפאסט ווערען אויף א בילדליכען אופן, וואלט די ביבעל דאן נישט געשריבען געווארען פארן פאלק און פאר דעם אומגעבילדעטען המון עם, נאר פאר די געלערנטע לייט און, דער עיקר, פאר די פילאזאפען. נאך מער, ווען עס וואלט געווען גאטלאז צו גלויבען בתמימות און פרום וועגען גאט דאס, וואס מיר האבען נאר וואס געזאגט, וואלטען די נביאים זיכער באדארפט זיך זייער אויסהיטען צו באנוצען זיך מיט אזוינע אויסדריקען, ווייניגס־טענס מחמת דער גייסטיגער שוואכקייט פון פאלק, נאר וואלטען, פאר־קערט, באדארפט קודם כל לערנען אויסדריקליך און דייטליך די געט־ליכע אטריבוטען אזוי, ווי יעדער איינער איז מחוזב זיי אויפצופאסען, וואס דאס קומט אבער אין ערגעץ נישט פאר.

מען דארף, אלזוי, באין אופן נישט גלויבען, אז די מיינונגען, ווען באטראכט פאר זיך אליין, אן שייכות צו מעשים, טראגען דעם כאראקטער פון פרומקייט, אדער גאטלאזיגקייט. דער גלויבען פון א מענשען קאן באצייכענט ווערען, אלס פרום אדער גאטלאז, נאר אויף אזוי ווייט, אויף ווי ווייט ער ווערט פון זיין גלויבען באוועגט צו גע־הארכיגקייט, אדער פארפירט צו זינד און ווידערשפעניגקייט. אויף אזא אופן וועט דער מענש, וואס וועט ווערען נישט־געהארכיג דורך אן אמתדיגען גלויבען, האבען אין דער אמתן א גאטלאזען גלויבען, און פארקערט, דער מענש, וואס וועט דורך א פאלשען גלויבען ווערען געהארכיג, וועט האבען א פרומען גלויבען. ווייל די אמתע דערקענ־

טעניש פון גאָט איז, ווי מיר האָבען דאָס געוויזען, נישט קיין געבאָט, נאָר אַ מתנה פון גאָט, און גאָט פאַרלאַנגט נישט פון די מענשען קיין אַנדער דערקענטעניש, ווי נאָר די דערקענטעניש פון זיין געטליכען יושר און ליבע, אַ דערקענטעניש, וואָס איז נויטיג נישט פאַר דער וויסענשאַפט, נאָר בלויז פאַר דער געהאָרכיגקייט.

## קאַפּיטעל פערצען.

**וואָס איז אַזוינס דער גלויבען און וועלכע מענשען זיינען גלויביגע. —** ווייטער ווערען געגויער באַשטימט די יסודות פון גלויבען. און צולעצט ווערט דער גלויבען אָפּגעטיילט פון דער פילאָזאָפיע.

כדי צו האָבען אַ ידיעה אין דעם אמתדיגען גלויבען, איז נויטיג קודם כל צו וויסען, אַז די ביבעל איז צוגעפּאַסט נישט נאָר צו דער השגה פון די נביאים, נאָר אויך צו דער השגה פון דעם פילקעפּיגען און אומבאַשטענדיגען יודישען המון. דאָס קאָן נישט נישט איינזען יעדער איינער, וואָס ווענט נאָר שענקען דערצו די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט. אין דער אמתען, דער, וואָס נעמט אָן אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין דער ביבעל, ווי אַ אוניווערסאַלע און אַבסאָלוטע לערע פון גאָט, און אונטערשיידט נישט גענוי, וואָס עס איז געווען צוגעפּאַסט צו דער השגה פון דעם המון, דער וועט נויטיגערהייט פאַרמישען די מיינונגען פון המון מיט דער געטליכער לערע, וועט דערהויבען ביז צו געטליכע פאַרשריפטען די קאָמענטאַרען און איינפאַלען פון מענשען און שלעכט־ברויכען די אויטאָריטעט פון דער ביבעל. ווער, זאָג איך, זעט דען נישט איין, אַז דאָס איז די הויפּט־סיבה, וואָס די פאַרשייי־דענערליי סעקטען לערנען, ווי עיקר־אמונה, אַזוי פיל קעגענזאַצליכע אַנזיכטען און באַשטעטיגען זיי דורך אַ גרויסער צאָל ביבלישע ביי־שפּילען, וואָס צוליב דעם איז ביי די נידערלענדער שוין פון לאַנג פאַרהאַן דאָס שפּריכוואָרט : (* Geen Ketter Sonder Letter אין דער

*) קיין בופר אָן דעם בוכשטאַב.

אמתען, די הייליגע ספרים זיינען געשריבען געווארען נישט פון איין־איינציגען מענשען און נישט פארן פאלק פון איין־איינציגער עפאכע, נאר פון א סך מענשען פון פארשיידענעם גייסט און פארשיידענע צייטען, און וואלטען מיר געוואלט צוזאמענרעכענען די יארען פון אלע ביבלישע שרייבער, וואלטען מיר באקומען א קימא־לן פון א צוויי טויזענט יאר און אפשר נאך מער. איך האב פונדעסטוועגען נישט בדעה צו באשולדיגען די דאזיגע סעקטאנטען אין גאטלאזיגקייט מחמת דעם, וואס זיי פאסען צו די ווערטער פון דער ביבעל צו זייערע מיינונגען. ווייל פונקט ווי די ביבעל איז אמאל צוגעפאסט געווארען צו דער השגה פון פאלק, אזוי מעג יעדער איינער זי צופאסען צו זיינע אייגענע מיינונגען, אויב ער זעט נאר, אז דורך דעם וועט ער מיט מער גרייטקייט קאנען געהארכען גאט אין זאכען, וואס זיינען נוגע יושר און ליבע. איך מאך אבער די סעקטאנטען א פארוואורף אין דעם, וואס זיי לאזען נישט אויך פאר אנדערע דיזעלביגע פרייקייט, נאר פארפאלגען, ווי שונאים פון גאט, די אלע, וואס זיינען נישט מסכים מיט זיי, וועז יענע זיינען אפילו ערליכע און טוגענהאפטיגע לייט, און ליבען, פארקערט, ווי אויסדערוויילטע פון גאט, די מענשען, וואס טיילען מיט זיי זייערע מיינונגען, עס מאכט נישט, ווי גרויס זייער גייסטיגע שוואכקייט זאל נישט זיין. קיין ערגערע זאך און מער געפערליכע פארן שטאט, ווי דאס, קאן מען באמת זיך גארנישט פארשטעלען!

כדי אבער מען זאל זיין קלאר, ווי ווייט עס גייט יעדען איינעמ'ס פרייקייט צו דענקען בנוגע דעם גלויבען און ווער עס זיינען די, וואס מיר דארפען זיי האלטען פאר גלויביגע, נישט געקוקט אויף דער פארשיידענקייט פון זייערע מיינונגען, וועלען מיר דא באשטימען, וואס אזוינס עס איז גלויבען און וואס עס זיינען זיינע יסודות. דאס האב איך באשלאסען צו טון אין דעם דאזיגען קאפיטעל, אין וועלכען איך וועל אויך אפטיילען דעם גלויבען פון דער פילאזאפיע, וואס דאס איז דער הויפטציל פון גאנצען ווערק. כדי אבער צו ווייזען דעם ענין מיט א סדר, וועל איך דא איבערזאגען, וואס עס איז דער לעצטער ציל פון דער ביבעל: דאס וועט אונז אנווייזען דעם ריכטיגען כלל אויף צו באשטימען די נאטור פון גלויבען.

**אין דעם פאריגען קאפיטעל** האב איך געזאגט, **אז דער ציל פון**

דער ביבעל איז נישט מער, ווי צו לערנען געהאָרכיגקייט. קיינער וועט אונז אין דעם פּרט נישט קאָנען ווידערשפּרעכען. אין דער אמתן, ווער זעט דען נישט אזביידע טעסטאַמענטען זיינען נישט מער, ווי אַ אַנפיר צו געהאָרכיגקייט און אז ביידע האָבען זיי נישט קיין אַנדער ציל, ווי נאָר צו לאָזען מענשען געהאָרכען מיטן גאַנצען הארצען? ווייל אַפּגעזען פון די אויספירען פון פאַריגען קאַפּיטעל, האָט משה געוואָלט איבערצייגען די בני־ישראל נישט על פּי שכל, נאָר זיי פאַר־פליכטען דורך אַ בונד, דורך שבועות און מעשים טובים. ער האָט אויך געשראָקען דאָס פאָלק מיט שטראָפען, אויב זיי וועלען איבער־טרעטען די געזעצען, און אים צוגערעדט זיי צו געהאָרכען דורך צו־געזאָגטען שכר. דאָס אַלץ זיינען מיטלען, וואָס זיינען גוט בלויז פאַר דער געהאָרכיגקייט, אָבער נישט פאַר דער וויסענשאַפט.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער עוואַנגעלישער לערע, איז זי נישט כולל אין זיך קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר דעם פּשוטן גלויבען, ד. ה. אַז מען זאָל גלויבען אין גאָט און אים פרעגען, אָדער, וואָס דאָס איז די־זעלביגע זאַך, מען זאָל געהאָרכען גאָט. כדי צו באַווייזען די דאָזיגע זאַך, וועלכע איז אַזוי דייטליך, איז נישט נויטיג צו ברענגען די שטע־לען פון דער ביבעל, וואָס רעקאָמענדירען געהאָרכיגקייט און וואָס געפינען זיך אין אַ גרויסער צאָל אין ביידע טעסטאַמענטען.

די ביבעל לערנט אויפן קלערסטען אופן דורך פיל שטעלען, וואָס יעדער איינער דאַרף טון, אויב ער וויל געהאָרכען גאָט; דאָס גאַנצע געזעץ באַשטייט בלויז אין דעם איין־איינציגען פּונקט: אין ליבע צום נאָענטען. קיינער קאָן, אַלזוי, נישט לייקענען, אַז דער, וואָס ליבט זיין נאָענטען, ווי זיך אַליין, איז, לויט דעם געבאָט פון גאָט, באמת גע־האָרכיג, און לויט דעם געזעץ, גליקזעליג, און פאַרקערט, דער, וואָס האַסט זיין נאָענטען און פאַרנאַכלעסיגט אים, איז רעבעליש און ווי־דערשפּעניג.

עס איז, לסוף, אַ אַלגעמיין־באַוואוסטע זאַך, אַז די ביבעל איז געשריבען און פאַרשפּרייט געוואָרען נישט נאָר פאַר געלערנטע אַליין, נאָר פאַר אַלע מענשען פון אַלע ראַסען און אַלע צייטען. דערפון אַליין איז שוין צו זען אויפן דייטליכסטען אופן, אַז לויטן ביבלישען געבאָט זיינען מיר נישט מחויב צו גלויבען אין קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר אין דעם, וואָס איז אַבסאָלוט נויטיג אויף אויסצופאָלגען דעם דאָזיגען

געבאט. אזוי ארום איז דער דאזיגער געבאט דער איינציגער כלל פון דעם גאנצען אוניווערסאלען גלויבען און נאר דורך אים אליין קאנען באשטימט ווערען אלע דאגמען פון גלויבען, וואס יעדער איינער איז מחוייב זיי אנצונעמען. אזוי ווי דאס אלץ איז קלאר, ווי דער טאג, און די דאזיגע אלע דאגמען קאנען ריכטיג אויסגעפירט ווערען פון אט־דער גרונדלאגע אליין, אדער פון אט־דעם זע־פונקט, איז זאל יעדער איינער פאר זיך אורטיילען, ווי אזוי עס איז געווען מעגליך, אז אזוי פיל שפאלטונגען זאלען אנטשטייען אין דער קירך און צי זיי זיינען אמאל פארגעקומען פון אנדערע סיבות, ווי די, וואס זיינען אנגעגעבען געווארען אין אנהויב פון קאפיטעל VII. אבער די דאזיגע סיבות גופא צווינגען מיך דא צו ווייזען דעם אופן, ווי אזוי די דאגמען פון גלויבען ווערען באשטימט, לויט דעם יסוד, וואס מיר האבען געפונען. ווייל אויב איך וועל דאס נישט טון און נישט באהאנדלען דעם ענין דורך באשטימטע כללים, וועט מען מיט רעכט גלויבען, אז איך האב די פראגע ביז אהער נאך וועניג ארויסגעבראכט אין פאדערגרונד, מחמת דעם, וואס אונטער דעם אויסרייד, אז דאס איז א נויטיג מיטעל אויף צו באאיינפלוסען געהארכיגקייט, וועט יעדער איינער קאנען איינפירען אין דער רעליגיע אלץ, וואס ער וועט וועלען, בפרט נאך ווען עס וועט זיך האנדלען וועגען דער פראגע פון געטליכע אטריבוטען.

אלזוי, כדי צו ווייזען דעם גאנצען ענין מיט א סדר, וועל איך אנהויבען מיט דער דעפיניציע פון גלויבען, ווי זי לאזט זיך אויספירען, לויט דער דאזיגער גרונדלאגע: גלויבען הייסט צו האבען וועגען גאט אזא השגה, וואס אן איר פאלט אוועק די געהארכיגקייט צו גאט און וואס אויב די געהארכיגקייט איז בנמצא, מוז נויטיגעהייט אויך זיין די דאזיגע השגה. די דאזיגע דעפיניציע איז אזוי קלאר און איז אזא נויטיגער פועל־יוצא דערפון, וואס מיר האבען נארוואס באוויזען; אז קיין שום ווייטערדיגע דערקלערונגען זיינען גארנישט נויטיג.

איך וויל איצט ווייזען אין עטליכע ווערטער די קאנסעקווענצען, וואס פאלגען פון דער דאזיגער דעפיניציע, און

1 — אז דער גלויבען איז באגליקענדיג נישט אז און פאר זיך, נאר בלויז בנוגע דער געהארכיגקייט, אדער ווי י א ק א ב ו ס זאגט עס (קאפ. II, פסוק 17): דער גלויבען אן מעשים איז א טויטער

גלויבען. זע וועגען אַט־דעם עניין דאָס גאַנצע קאַפּיטעל II פון דעם דאָזיגען אַפּאָסטעל.

2 — אַז דער, וואָס איז באמת געהאָרכיג, האָט נויטיגערהייט דעם אמתן און באַגליקענדיגען גלויבען. ווען די געהאָרכיגקייט איז בנמצא, מוז נויטיגערהייט, ווי מיר האָבען דאָס אויבען געזאָגט, אויך זיין דער גלויבען. אויך דאָס זאָגט דערזעלביגער אַפּאָסטעל אויסדריקליך (קאַפּ. II, פּסוק 18), ווייז מיר דיין גלויבען אָן מעשים און איך וועל דיר ווייזען מיין גלויבען דורך מיינע מעשים.“ אויך יוחנן שרייבט אין זיין ערשטען בריוו (קאַפּ. IV, פּסוקים 7 און 8) : „ווער עס ליבט (ד. ה. זיין נאָענטען), דער איז געבוירען פון גאָט און קען גאָט. דער, וואָס ליבט נישט זיין נאָענטען, דער קען נישט גאָט : ווייל גאָט איז ליבע“.

דערפון איז ווידער צו זען, אַז מיר קאָנען נישט משפטן, צי איינער איז אַ גלויביגער, אָדער נישט־גלויביגער, סיידען נאָר דורך זיינע מעשים. ד. ה. אויב איינעמ׳ס מעשים זיינען גוט, איז ער אַ גלויביגער, ווען אפילו ער ווייכט אָפּ מיט זיינע לערעס פון אַנדערע גלויביגע ; און פאַרקערט, אויב איינעמ׳ס מעשים זיינען שלעכטע, איז ער אַן אומגלויביגער, ווען אפילו ער איז אין זיינע ווערטער מסכים מיט אַנדערע גלויביגע. ווייל וואו עס איז פאַרהאַן געהאָרכיגקייט, דאָרט מוז אויך זיין דער גלויבען ; און גלויבען אָן מעשים איז אַ טויטער גלויבען.

אויך דאָס לערנט יוחנן אויסדריקליך אין פּסוק 13 פון דעמזעלביגען קאַפּיטעל : „דערפון, זאָגט ער, ווייסען מיר, אַז מיר זיינען אין אים און ער איז אין אונז, ווייל ער האָט אונז געגעבען פון זיין גייסט“. ער מיינט דערמיט די ליבע, ווייל ער האָט געזאָגט פריער, אַז גאָט איז ליבע, און ער שליסט דערפון (אין הסכם מיט זיינע פּרינציפּען, וואָס זיינען געווען אָנגענומען אין זיין צייט), אַז ווער עס האָט ליבע, דער האָט באמת גאָט׳ס גייסט. נאָך מער, אַזוי ווי קיינער האָט נישט געזען גאָט, מאַכט ער דערפון דעם אויספיר, אַז מען קאָן גאָר אַנדערש נישט פילען און פאַרנעמען גאָט, ווי נאָר דורך ליבע צום נאָענטען און ממילא קאָן מען גאָר נישט דערקאָנען קיין אַנדער אַטריבוט פון גאָט, ווי נאָר די דאָזיגע ליבע, אויף ווי ווייט מיר באַטייליגען זיך אין איר. אויב די דאָזיגע גרונדען זיינען נישט אומבאַשטרייטליך, ווייזען

זיי אָבער גאַנץ קלאָר יוחנן'ם געדאַנק. אָבער דער דאָזיגער געדאַנק ווערט נאָך דייטליכער דערקלערט דורך די ווערטער, וואָס מיר געפי־נען אין קאַפּיטעל II, פון דעמזעלבּיגען בריוו (פסוקים 3 און 4), וואו ער לערנט אויסדריקליך דאָס אייגענע, וואָס מיר ווילען פעסטשטעלען. ער זאָגט אַזוי: „און דערפון ווייסען מיר, אַז מיר קענען אים, ווען מיר היטען אָפּ זיינע געבאָטען. דער, וואָס זאָגט: „איך קען אים און היט נישט אָפּ זיינע געבאָטען, איז אַ ליגנער און דער אמת איז נישט אין אים."

דערפון איז אויך צו זען, אַז יענע זיינען באמת אַנטיקריסטען, וואָס פאַרפאָלגען ערליכע און רעכטשאַפענע לייט דערפאַר, ווייל זיי האָבען אַנדערע מיינונגען און פאַרטיידיגען נישט דיזעלבּיגע עיקרי־אמונה. מיר ווייסען דאָך, אַז די, וואָס ליבען גערעכטיגקייט און זיי־נען דערפילט פון ליבע, זיינען שוין דערמיט אַליין גלויבּיגע. דער אָבער, וואָס פאַרפאָלגט די גלויבּיגע, איז אַן אַנטיקריסט.

עס איז, צולעצט, אויך צו זען דערפון, אַז די אמונה פאָדערט נישט אַזוי פיל קיין אמתדיגע, ווי פרומע דאָגמען, ד. ה. אַזוינע דאָג־מען, וואָס שטויסען דעם גייסט צו געהאָרכיגקייט, ווען אַפילו צווישען די דאָזיגע דאָגמען זיינען פאַרהאַן אַזוינע, וואָס האָבען נישט דעם שאָ־טען פון אמת. עס איז אָבער דערביי נויטיג, אַז דער, וואָס נעמט זיי אָן, זאָל נישט ווייסען, אַז זיי זיינען פאַלש, אַז נישט וועט ער מוזען זיין אַ ווידערשפּעניגער מענש. ווייל ווי איז עס מעגליך, אַז דער, וואָס פלייסט זיך צו ליבען די גערעכטיגקייט און צו געהאָרכען גאָט, זאָל פאַרערען, ווי אַ געטליכע זאַך, דאָס, וואָס ער ווייס דערפון, אַז עס איז פרעמד דער געטליכער נאַטור? אָבער די מענשען קאָנען זיך טועה זיין בתמימות און די ביבעל, ווי מיר האָבען דאָס שוין אויפגע־וויזען, פאַרמשפּט נישט די אומוויסענקייט, נאָר בלויז די נישט־גע־האָרכיגקייט. נאָך מער, דאָס פאָלגט נויטיגערהייט שוין פון דער דע־פיניציע פון גלויבען אַליין, וואָס אַלע אירע טיילען דאַרפען אויסגע־פירט ווערען פון אַט־דער אַלגעמיינער גרונדלאַגע, וועלכע מיר האָבען שוין אויבען מסביר געווען, און פון דעם איינציגען ענדציל פון דער־גאַנצער ביבעל, אויב נאָר מיר ווילען דאָ נישט פאַרמישען אַלע אונ־זערע אויסטראַכטונגען. אויף אַזאַ אופן פאָדערט נישט די דאָזיגע דעפיניציע אויסדריקליך קיין אמתדיגע דאָגמען, נאָר אַזוינע, וואָס

שטויסען נויטיגערהייט צו געהארכיגקייט, וואס באפעסטיגען דעם מענ־
שען אין זיין ליבע צום נאענטען, און נאר דורך דעם אליין איז יעדער
מענש (צו ריידען מיט יוחנן׳ס ווערטער) אין גאט און גאט איז אין
יעדערן פון אונז.

אלזוי, אזוי ווי יעדען איינעמ׳ס גלויבען דארף געהאלטען ווע־
רען פאר פרום אדער גאטלאז נאר דורך דער געהארכיגקייט אדער
נישט־געהארכיגקייט, אבער נישט בנוגע דעם אמת אדער פאלשקייט;
אזוי ווי יעדער איינער ווייס, ווי אויסערגעוויינליך־פארשיידען עס איז
דער גייסט פון מענשען און אז נישט אלע מענשען פילען זיך אין אלע
פראגעם באפרידיגט דורך אלצאיינע אנזיכטען, נאר אז דיזעלביגע אנ־
זיכטען ווירקען אויף פארשיידענע מענשען פארשיידען, אנשטימענדיג
איינעם צו פרומקייט, בעת אן אנדערען רייצט זי צום לאכען און רופט
ביי אים ארוים פאראכטונג, — איז דערפון צו זען, אז די דאגמען,
וואס קאנען ארויסרופען חלוקי־דעות ביי ערליכע לייט, געהערען באין
אופן נישט צו דער אוניווערסאלער רעליגיע, ווייל די דאזיגע דאגמען
זיינען פון אזא נאטור, אז זיי קאנען זיין פאר איינעם פרום און פאר
אן אנדערען גאטלאז מחמת דעם, וואס זיי דארפען געאורטיילט ווערען
נאך די מעשים, וואס זיי שאפען. די דאגמען, וואס געהערען צום
אוניווערסאלען גלויבען, זיינען, דעריבער, נאר די, וואס שליסען אומ־
באדינגט איין אין זיך די געהארכיגקייט צו גאט און וואס אן זייער
קענטעניש איז די געהארכיגקייט אבסאלוט נישט מעגליך. וואס איז
שייך אלע איבעריגע דאגמען, דארף יעדער איינער דענקען פון זיי
דאס, וואס ער וועט איינזען פאר פאסיגער צו באפעסטיגען אים אין
דער ליבע צו גערעכטיגקייט, ווייל יעדער איינער קען זיך אליין צום
בעסטען. און אזוי ארום וועט, דענק איך, נישט פארבלייבען מער
קיין אויסרייד פאר קירכליכע מחלוקות.

איך וועל זיך אויך נישט אפשרעקען אויסצולערנען דא די דאג־
מען פון דעם אוניווערסאלען גלויבען, אדער די עיקרים, וואס שליסען
איין אין זיך דעם ענדציל פון דער גאנצער ביבעל און וואס אלע אינ־
איינעם פירען זיי נאר צו דער געהארכיגקייט צו גאט, ווי דאס איז צו
זען אויפן קלערסטען אופן פון די אויספירען פון דעם פאריגען און
פון אט־דעם קאפיטעל, און דאס איז:

אז עס איז פארהאן א העכסט וועזען, וואס ליבט גערעכטיגקייט

און ליבע, וואָס אַלע מענשען מוזען אים געהאָרכען, כדי צו זיין גליק־זעליג, און אים פאַרערען דורך דער אויסאיבונג פון יושר און ליבע צום נאָענטען.

עס איז לייכט דערפון צו באַשטימען אַלע איבעריגע דאָגמען, וואָס זיינען נישט קיין אַנדערע, ווי אַט־די:

1 — עס איז פאַראַן איין גאָט, ד. ה. אַ העכסט וועזען, וואָס איז העכסט יושרדיג און באַרעמהאַרציג, אָדער אַ מוסטער פון אַ רעכטען לעבען.

אין דער אמתען, ווער עס ווייס נישט, אָדער גלויבט נישט, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ וועזען, דער קאָן אים נישט געהאָרכען און אויך נישט אָנערקענען פאַר אַ שופט.

2 — דער דאָזיגער גאָט איז איינציג.

קיינער קאָן נישט צווייפלען, אַז אויך דאָס איז אַן אַבסאָלוט־נויטיגער באַדינג אויף אַרויסצורופען די העכסטע איבערגעבענקייט צו גאָט, צו באַוואונדערען אים און דינען. ווייל איבערגעבענקייט צו עמיצען, באַוואונדערונג און ליבע שטאַמען נאָר פון דער העכערקייט פון אַ וועזען איבער אַלע אַנדערע.

3 — ער איז אומעטומעדיג, אָדער אַלצדינג איז פאַר אים אַנט־פּלעקט.

ווען מען וואָלט געגלויבט, אַז עפּעס איז פאַר אים פאַרבאָרגען, אָדער ווען מען וואָלט נישט געוואוסט, אַז ער זעט אַלצדינג, וואָלט מען אויך געקאָנט מסופק זיין, צי זיין יושר, מיט וועלכען ער פירט אַלץ, איז אַן אַלגעמיינער, אָדער מען וואָלט אַט־דעם יושר גופא גע־קאָנט פאַרלייקענען.

4 — גאָט האָט דאָס העכסטע רעכט און די העכסטע ממשלה איבער אַלץ און טוט קיין זאַך נישט על פּי הכרח, נאָר דורך זיין אומ־באַשרענקטען ווילען און באַזונדערען חסד, אים מוזען אַלע אומבאַ־דינגט געהאָרכען, ער אָבער — קיינעם נישט.

5 — די פאַרערונג פון גאָט און די געהאָרכיגקייט צו אים באַ־שטייען בלויז אין יושר און ליבע, ד. ה. אין ליבע צום נאָענטען.

6 — נאָר די, וואָס געהאָרכען גאָט דורך אַזאַ לעבענסשטייגער, זיינען גליקזעליג. די אַנדערע אָבער, וואָס לעבען אונטער דער הער־שאַפט פון לוסט, זיינען פאַרלוירען.

ווען די מענשען וואָלטען אין דעם נישט געגלויבט פעסט, וואָלטען זיי נישט געהאַט קיין גרונד צו געהאָרכען גאָט מער, ווי זייער לוסט.

7 — און לסוף, גאָט פאַרגיט די זינד פון די בעלי־תשובה.

אין דער אמתען, עס איז נישטאָ קיין מענש אַז קיין זינד,און ווען דער דאָזיגער עיקר וואָלט פעסטגעשטעלט געוואָרען, וואָלטען מענשען זיך מיאש געווען אין זייער גליקזעליגקייט און עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין גרונד צו גלויבען אין גאָט׳ס באַרעמהאַרציגקייט. ווער עס גלויבט אָבער פעסט, אַז דורך זיין באַרעמהאַרציגקייט און גענאַד, מיט וועלכע גאָט פירט אַן אַלץ, פאַרגיט ער די מענשען זייערע זינד, און ווער עס ווערט אַזוי אָרום נאָך מער אויפגעפלאַמט מיט ליבע צו גאָט, — דער האָט באמת דערקענט ישוּ נאָך זיין גייסט און ישוּ איז אין אים.

די דאָזיגע אַלע אמתען איז, ווי יעדער איינער מוז עס איינזען, פריער פאַר אַלץ נויטיג צו וויסען, כדי די מענשען זאָלען אַלע אָן אויס־נאָם קאָנען געהאָרכען גאָט, לויט די פאַרשריפטען פון געזעץ, וואָס מיר האָבען זיי אויבען מסביר געווען. ווייל ווען איינער פון די דאָזיגע אמתען וואָלט אָוועקגענומען געוואָרען, וואָלט אויך די געהאָרכזאַמקייט נישט געוואָרען.

איבעריגענס, וואָס אַזוינס גאָט, אָדער אָט־דער מוסטער פון אַ רעכט לעבען זאָל נישט זיין, צי עס איז אַ פייער, אַ גייסט, אַ ליכט, אַ געדאַנק און אַ. וו., האָט עס גאָרנישט צו טון מיטן גלויבען, פּונקט אַזוי נישט, ווי דאָס וויסען, פאַרוואָס ער איז דער מוסטער פון אַ רעכט לעבען: צי דערפאַר ווייל ער איז אַ גרעכטער און באַרעמהאַר־ציגער גייסט, אָדער דערפאַר, ווייל אַלע זאַכען זיינען און ווירקען דורך אים און ממילא פאַרשטייען מיר און זעען איין דורך אים, וואָס עס איז וואַרהאַפטיג, גערעכט און גוט. עס מאַכט נישט אויס, וואָס יעדער איינער וועט וועגען דעם באַשטימען.

עס איז, ווידער, אויך נישט נוגע דעם גלויבען, צו מען גלויבט, אַז גאָט איז דורך זיין מהות און מאַכט אומעטום; צי ער פירט אַן אַלע זאַכען פריי, אָדער דורך דער נויטיגקייט פון דער נאַטור; צי ער שרייבט פאַר געזעצען, ווי אַ פירשט, אָדער ער לערענט זיי, ווי אייביגע אמתען; צי דער מענש געהאָרכט גאָט מיט זיין פרייען ווי־לען, אָדער דורך דער נויטיגקייט פון געטליכען באַשלוס; און צולעצט,

צי די באלוינונג פון די גוטע און די שטראף פון די שלעכטע איז נאַ־טירליך אדער איבערנאטירליך. בנוגע אט־די און אנדערע אזוינע פראגען איז, זאג איך, גארנישט וויכטיג, ווי אזוי איינער פארשטייט זיי, אויב ער מאכט דערפון נישט קיין שום אויספירען, דורך וועלכע ער זאל זיך נעמען א גרעסערע פרייקייט צו זינדיגען, אדער עס זאל פארמינערט ווערען די געהארכיגקייט צו גאט. נאך מער, יעדער איינער איז, ווי מיר האבען דאס שוין פריער געזאגט, מחוייב צוצופאסען די דאזיגע עיקרי־אמונה צו זיין השגה און דערקלערען זיי פאר זיך אזוי, ווי דאס וועט אויסזען פאר אים לייכטער זיי צו אנערקענען אן שום וואקלעניש, נאר מיט דער פולסטער איבערציי־גונג, כדי אזוי ארום צו געהארכען גאט מיטן גאנצען הארצען. וויל פונקט ווי דער גלויבען איז, ווי מיר האבען דאס שוין פריער דערמאנט, אמאל אנטפלעקט און אויפגעשריבען געווארען, לויט דער השגה און די מיינונגען פון די נביאים און פון פאלק פון יענער צייט, אזוי איז יעדער איינער אויך היינט מחוייב צוצופאסען דעם גלויבען צו זיינע מיינונגען, כדי צו אנערקענען אים אן יעדען ווידערשפרוך פון זיין גייסט און אן וואק־לעניש. אין דער אמתען, מיר האבען געוויזען, אז דער גלויבען פאַ־דערט נישט אזוי פיל דעם אמת, ווי די פרומקייט; אז דער גלויבען איז פרום און באגליקענדיג נאר בנוגע דער געהארכזאמקייט און ממילא איז קיינער נישט גלויביג, ווי נאר בנוגע דער געהארכיגקייט. אויף אזא אופן ווייזט ארויס דעם בעסטען גלויבען נישט דער, וואס ברענגט די בעסטע באגרינדונגען, נאר דער, וואס ווייזט אויף די בעסטע מעשים פון יושר און ליבע.

ווי היילזאם די דאזיגע לערע איז, ווי נויטיג זי איז אין א שטאט, כדי די מענשען זאלען לעבען אין שלום און אחדות, און וויפיל גרויסע סיבות פון אומרוען און פארברעכען זי מאכט צונישט, — דאס וועל איך איבערלאזען פאר יעדען איינעם אליין צו אורטיילען.

איצט, איידער איך גיי ווייטער, וויל איך נאך באמערקען, אז דורך דעם, וואס מיר האבען נאר וואס געוויזען, איז אונז לייכט צו ענטפערען אויף די טענות, וואס מיר האבען אויפגעהויבען אין ערש־טען קאפיטעל, וואו מיר האבען דערמאנט וועגען גאט'ס ריידען צו די בני־ישראל פון דעם בארג סיני אראפ. אין דער אמתען, הגם די דאזיגע שטים, וואס די בני־ישראל האבען זי געהערט, האט זיי נישט

געקאַנט געבען קיין פּילאָזאָפישע, אָדער מאַטעמאַטישע זיכערקייט וועגען גאָט'ס זיין, איז זי דאָך געווען געגנוג זיי מיטצורייסען צו באַוואונדערען גאָט, ווי זיי האָבען אים ביז דאַן געקענט, און צו ברענגען זיי צו געהאָרכיגקייט, וואָס דאָס איז געווען דער ציל פון יענעם ספּעקטאַקל. ווייל גאָט האָט געוואָלט נישט לערנען די בני־ישראל די אַבּסאָלוטע אייגענשאַפטען פון זיין מהות (ער האָט דעמאָלט כלל נישט מגלה געווען קיין שום אייגענשאַפטען זיינע), נאָר ברעכען זייער האַרטנעקיקייט און זיי ווענדען צו געהאָרכיגקייט. און דעריבער האָט ער זיי באַווירקט נישט מיט שכל'דיגע באַגרינדונגען, נאָר מיט דעם ליאַרם פון טראָמפּייטען און מיט דונערען און בליצען (זע שמות, קאַפּ. כ', פּסוק 20).

עס בלייבט מיר נאָך איצט איבער צו ווייזען, אַז צווישען דעם גלויבען, אָדער דער טעאָלאָגיע, און דער פּילאָזאָפיע איז נישטאָ קיין שום געמיינשאַפט אָדער קרובהשאַפט. דאָס קאָן נישט ווייסען יעדער איינער, וואָס איז נאָר באַקאַנט מיטן יסוד און ציל פון אָט־די ביידע וויסענשאַפטען, וואָס שיידען זיך לחלוטין אָפּ איינע פון דער אַנדערער.

אין דער אמתען, דער ציל פון דער פּילאָזאָפיע איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי דער אמת. בעת, פאַרקערט, דער ציל פון גלויבען איז, ווי מיר האָבען דאָס שוין געוויזען איבערגענוג, נישט קיין אַנדער זאַך, ווי געהאָרכיקייט און פרומקייט.

פון דער אַנדער זייט, דער יסוד פון דער פּילאָזאָפיע איז אַלגעמיינע באַגריפען, וואָס קענען גענומען ווערען נאָר פון דער נאַטור אַליין, בעת, פאַרקערט, דער יסוד פון גלויבען איז געשיכטע און שפּראַך, וואָס קאָנען גענומען ווערען נאָר פון דער ביבעל און פון דער אַנטפּלעקונג, ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אין קאַפּיטעל VII.

דער גלויבען לאָזט, אַלזוי, איבער פאַר יעדען איינעם די פרייקייט צו פּילאָזאָפירען. ער רעכענט קיינעם נישט פאַר אַ פאַרברעכען, וואָס איינער זאָל נישט דענקען וועגען דאָס אָדער יענעם, פאַרדאַמט, ווי כופרים און אָפּטריניגע, נאָר די, וואָס לערנען זאַכען, וועלכע פירען צו ווידערשפּעניגקייט, שנאה, מחלוקות און אויפרעגונג, און האַלט פאַר גלויביגע נאָר די, וואָס זיינען נוטה צו יושר און ליבע, לויט די כחות פון זייער גייסט און לויט די מיטלען, וואָס זיי באַזיצען.

צולעצט, אזוי ווי די אידעען, וואס איך האב דא נארוואס אויס־געפירט, זיינען די הויפּט־פונקטען, וועלכע איך באהאנדעל אין דעם דאזיגען טראקטאט, וויל איך, איידער איך גיי ווייטער, שטארק בע־טען דעם לייענער, ער זאל זיין אזוי גוט און איבערלייענען נאכאמאל מיט אויפמערקזאמקייט די דאזיגע צוויי קאפּיטלען און פיל נאכדענקען איבער זיי. איך בעט אים אויך, ער זאל זיך גוט איבערצייגען, אז איך האב געשריבען די דאזיגע שורות נישט מיט דער כוונה איינצופי־רען נייאיגקייטען, נאר כדי מתקן צו זיין די טעות'ן, וואס מיר האבען זייער צו זען זיי פארשוואונדענע.

---

## קאפּיטעל פינפצען.

נישט די טעאלאגיע איז אין דינסט פון שכל און נישט דער שכל איז אין דינסט פון דער טעאלאגיע. עס ווערען אין דערזעלביגער צייט געוויזען די גרונדען, וואס איבערצייגען אונז אין דער אוי־טאריטעט פון דער הייליגער שריפט.

די, וואס וויסען נישט, ווי אזוי אפּצוטיילען די פילאזאפיע פון דער טעאלאגיע, וויכוחען זיך איבער דעם, צי די ביבעל דארף זיין אין דינסט פון שכל, אדער פארקערט, דער שכל דארף דינען דער ביבעל. מיט אנדערע ווערטער, צי דער זין פון דער ביבעל דארף צוגעפּאסט ווערען צום שכל, אדער דער שכל דארף צוגעפּאסט ווערען צו דער ביבעל. די סקעפּטיקער וואס לייקענען די זיכערקייט פון שכל, אונטער־שטיצען די לעצטע הנחה; די ערשטע הנחה ווערט פארטיידיגט פון די דאגמאטיקער. אבער אז סיי די, סיי די אנדערע, האבען אינגאנצען א טעות, — דאס איז צו זען דערפון, וואס מיר האבען שוין ביז איצט געזאגט, ווייל איןביידע פאלען מוז איינס פון דיביידע געפעלשט ווערען: דער שכל, אדער די ביבעל. אין דער אמתן, מיר האבען גע־זען, אז די ביבעל לערנט נישט קיין פילאזאפישע ספּעקולאציעס, נאר

נישט מער, ווי פרומקייט. און אַז אַלץ, וואָס זי איז כולל אין זיך, איז געווען צוגעפּאַסט צו דער השגה און צו די פון פריער אָנגענומענע מיי־נונגען פון פאָלק. ווער עס וויל, אַלזוי, צופּאַסען די ביבעל צו דער פילאָזאָפיע, דער וועט זיכער צושרייבען די נביאים אַ מאַסע אידעען, וואָס זיי האָבען דאָס נישט געהאַט אין זינען, אַפילו נישט אין חלום, און שלעכט אויסטייטשען זייער מיינונג. אַקעגען־אַבער דער, וואָס שטעלט אַוועק דעם שכל און די פילאָזאָפיע אין דינסט פון דער טעאָלאָגיע, מוז אָננעמען די פאָראורטיילען פון אַ פאָלק פון פאַרצייטענס פאַר געטליכע זאַכען און אַזוי אַרום לאָזען זיין גייסט געפאַנגען און פאַר־בלענדט. ביידע וועלען, אַלזוי, באַהויפּטען אומזיז, — איינער מיט דער אַנדערער — אַז שכל.

דער ערשטער צווישען די פּרושים, וועלכער האָט זיך אַרויסגעזאָגט אויסדריקליך, אַז מען מוז צופּאַסען די ביבעל צום שכל, איז געווען דער רמב״ם, וואָס זיין אַנזיכט האָבען מיר געבראַכט אין קאַפּיטעל VII און באַשטרייט מיט פיל אַרגומענטען. הגם אָבער דער דאָזיגער מחבר איז געווען ביי די פּרושים אַ גרויסער אויטאָריטעט, האָבען די מערסטע פון זיי פונדעסטוועגען אָפּגעווייכט פון אים אין דעם דאָזי־גען פונקט און זיך מייחס געווען צו דער מיינונג פון אַ געוויסען רבי יהודה אַלפּקר, וועלכער איז, וועלענדיג אויסמיידען דעם רמב״מ׳ס טעות, אַריינגעפאַלען אין דעם אַקעגענגעזעצטען טעות. דער דאָזיגער יהודה באַהויפּטעט*), אַז דער שכל דאַרף דינען דער ביבעל און זיין איר אינגאַנצען אונטערגעוואָרפען. אויב מען דאַרף, לויט זיין מיינונג, דערקלערען אַ געוויסע שטעל פון דער ביבעל מעטאַפאָריש, איז עס נישט דערפאַר, ווייל דער בוכשטאַבליכער זין איז סותר דעם שכל, נאָר בלויז דערפאַר, ווייל ער איז סותר דער ביבעל גופא, ד. ה. אירע קלאָר־אַרויסגעזאָגטע עיקרי־אמונה. דערפון פירט ער אויס אַט־דעם אַלגעמיינעם כלל: אַז אַלץ, וואָס די ביבעל לערנט דאָגמאַטיש און באַ־הויפּטעט עס אין אויסדריקליכע ווערטער, דאַרף אויפן סמך פון איר

*) איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב די דאָזיגע מיינונג אַמאָל געלייענט אין אַ בריוו קעגען דעם רמב״ם, וואָס געפינט זיך צווישען אַנדערע בריוו, וועלכע ווערען צוגעשריבען דעם דאָזיגען שריפטשטעלער.

אַנמערקונג פון מחבר.

אויטאריטעט אליין אומבאדינגט אנגענומען ווערען פאר אמת; אז מען וועט אין דער ביבעל נישט געפינען קיין שום דאגמע, וואס זאל סותר זיין אזא דאגמע אויף א דירעקטען אופן, נאר בלויז דורך שלום־אויס־פירונג, ווייל דער ביבלישער אופן פון אויסדרוק איז אזא, אז ער זעט אפטמאל אוים פאראויסצוזעצען עפעס אזוינס, וואס איז סותר א דאג־מע, וועלכע די ביבעל האט געלערנט אויסדריקליך; און אז דאס אליין איז דער גרונד, פארוואס מען דארף אט־די שטעלען דערקלערען מעטא־פאריש.

למשל, די ביבעל לערנט דייטליך, אז עס איז פארהאן איין גאט (ד ב ר י ם, קאפ. ו׳, פסוק 4), און עס איז אין ערגעץ נישט צו גע־פינען קיין איין שטעל, וואס זאל באשטעטיגען אויסדריקליך, אז עס זיינען פארהאן פיל געטער. עס זיינען אבער פארהאן געוויסע שטע־לען, וואו גאט רעדט וועגען זיך, אדער די נביאים ריידען וועגען גאט בלשון רבים. דער דאזיגער אופן פון אויסדרוק דערלאזט די הנחה, אז עס זיינען פארהאן פיל געטער, אבער דער יסוד פון דער שטעל ווייזט דערויף גארנישט אן. און מחמת דעם מוזען אט־די אלע שטע־לען דערקלערט ווערען מעטאפאריש: נישט דערפאר, ווייל די פיל־געטעריי איז ווידערשפרעכיג צום שכל, נאר דערפאר, ווייל די ביבעל באשטעטיגט אויסדריקליך, אז עס איז פארהאן נאר איין גאט. — און ווייטער: היות די ביבעל באשטעטיגט אויך אויסדריקליך אין ד ב ר י ם, קאפ. ד, פסוק 15 (ווי ער מיינט), אז גאט איז אומקער־פערליך, בכן מוזען מיר גלויבען דורך דער אויטאריטעט אליין פון דער דאזיגער שטעל, אבער נישט פון שכל, אז גאט האט נישט קיין קער־פער, און ממילא מוזען מיר אויך דערקלערען מעטאפאריש, אויפן סמך פון דער ביבלישער אויטאריטעט אליין, די אלע שטעלען, וואס שרייבען גאט צו הענט, פיס און א. וו., ווייל נאר אט־דער אופן פון אויסדרוק דערלאזט די הנחה, אז גאט איז קערפערליך.

אט־דאס איז די מיינונג פון יענעם מחבר. אויף ווי ווייט ער וויל דערקלערען די ביבעל דורך דער ביבעל גופא, גיב איך אים גערעכט; עס איז מיר אבער א חידוש, ווי אזוי א מענש מיט שכל קאן אזוי זיך מיען צו צושטערען דעם שכל. עס איז אמת, אז די ביבעל דארף דער־קלערט ווערען דורך דער ביבעל, כל זמן מיר פארנעמען זיך נאר מיטן זינען פון די רעדעס און מיט דער מיינונג פון די נביאים; איז אבער

דער אמתער זין אַנטדעקט, אַזוי מוזען מיר נויטיגערהייט אויך באַנוצען אונזער אורטייל און שכל, כדי צו קאָנען געבען דערויף אונזער הסכמה. ווען אָבער דער שכל, נישט געקוקט אויף זיין ווידערשפּרעכיגקייט צו דער ביבעל, דאַרף פונדעסטוועגען דורכאויס זיין איר אונטערגעוואָרפען, שטעל איך די פראַגע: דאַרפען מיר דאָס טון מיט שכל, אָדער ווי בלינדע, אָן דער הסכמה פון שכל? אויב אָן שכל, האַנדלען מיר זיכער, ווי נאַרען, אָן שום אורטייל, אויב אָבער מיט שכל, אַנערקענען מיר, אלזוי, די ביבעל נאָר דורך דער קראַפט פון שכל און וואָלטען זי נישט אַנערקענט, ווען זי וואָלט סותר געוועזען דעם שכל. און ווער, איך בעט אייך, קאָן עפּעס אַנערקענען אין געדאַנק, ווען דער שכל פּראָטעסטירט? און הייסט דען דאָס אָפּלייקענען אַ זאַך אין גייסט עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, אַז דער שכל איז ווידערשפּרעכיג צו אים? איך קאָן זיך באמת נישט גענוג אָפּחידושען, וואָס מען וויל דעם שכל, אָט־די אומפאַרגלייכליכע גאָב, אָט־דאָס געטליכע ליכט, אונטערוואַרפען אונטער טויטע בוכשטאַבען, וואָס די מענשליכע רשעות איז ביכלות זיי צו פעלשען. איך קאָן זיך אויך נישט גענוג אָפּחידושען, וואָס מען האַלט גאַרנישט פאַר קיין פאַרברעכען צו ריידען אומווירדיג וועגען דעם גייסט, אָט־דעם אמתען אָריגינאַל פון געטליכען וואָרט, און צו דערקלערען אים פאַר פאַרדאָרבען, בלינד און קאָפּוירדיג, בעת מען האַלט פאַרן גרעסטען פאַרברעכען צו האָבען אַן ענליכע מיינונג וועגען דעם בוכשטאַב, דעם אָפּבילד פון גאָט׳ס וואָרט. די דאָזיגע לייט גלויבען ,אַז עס איז אַ זאַך פון פרומקייט נישט צו האָבען קיין צוטרוי צום שכל און צום אייגענעם אורטייל און אַז עס איז גאָטלאָז מסופק צו זיין אין די, וואָס האָבען אונז איבערגעגעבען די הייליגע ביכער. דאָס איז אָבער אַ ריינע שטות און נישט קיין זאַך פון פרומקייט. איך פרעג: וואָס זיינען זיי עס אַזוי אומרואיג? וואָס שרעקען זיי זיך אַזוי? גלויבען זיי דען, אַז די רעליגיע און דער גלויבען קאָנען אַנדערש נישט פאַרטיידיגט ווערען, סיידען די מענשען זאָלען בכיוון אַרויסלאָזען פון אויג אַלע אַנדערע זאַכען און פאַרלייקענען דעם שכל? אויב זיי גלויבען אַזוי, האָבען זיי בלי ספק מער מורא פאַר דער ביבעל, ווי צוטרוי צו איר. עס איז אָבער ווייט דערפון, אַז רעליגיע און פרומקייט זאָל וועלען אונטערוואַרפען אונטער זיך דעם שכל, אָדער דער שכל — די רעליגיע, און אַז ביידע זאָלען קאָנען

פאַרנעמען אין דער גרעסטער אחדות זייער געביט. איך וועל באַלד דערצו צוקומען, אָבער קודם כל וויל איך דאָ אויספּאַרשען דעם כלל פון דעם אויבען־ציטירטען רב.

די מיינונג פון דעם דאָזיגען רב איז, ווי געזאָגט, אַז מיר מוזען אַלץ, וואָס די ביבעל באַהויפּטעט, אַנערקענען פאַר אמת און אַלץ, וואָס זי פאַרניינט, צוריקווייזען, ווי אַ פאַלשע זאַך. ער דענקט ווייטער, אַז די ביבעל באַהויפּטעט נישט און פאַרניינט נישט אין קיין שום פּלאַץ מיט אויסדריקליכע ווערטער עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין אין סתירה דערמיט, וואָס זי האָט באַהויפּטעט, אָדער פאַרניינט אין אַן אַנדער שטעל. אַז די דאָזיגע צוויי הנחות זיינען זייער דרייסטע, — דאָס וועט יעדער איינער לייכט אַנערקענען. אָוועקגעקוקט דערפון, וואָס דער דאָזיגער רב האָט ארויסגעלאָזען פון אויג, אַז די ביבעל איז צונויפגעשטעלט פון פאַרשיידענע ביכער, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען אין פאַרשיידענע צייטען, פאַר פאַרשיידענע מענשען און פון פאַרשיידענע מחברים, און וואָס ער האָט פאַר אַט־די הנחות נישט געהאָט קיין אַנדער אויטאָריטעט, ווי זיין אייגענע, ווייל דער שכל און די ביבעל זאָגען גאַרנישט אַזוינס, — וואָלט ער דאָך באַדאַרפט באַווייזען, אַז די אַלע שטעלען, וואָס זיינען סותר אַנדערע שטעלען נאָר דורך שלום־אויספירונג, קאָנען לייכט דערקלערט ווערען מעטאַפאָריש, לויט דער נאַטור פון דער שפּראַך און ווערדליג דעם פּלאַץ, וואָס זיי פאַרנעמען. ער וואָלט אויך באַדאַרפט באַווייזען, אַז די ביבעל איז געקומען צו אונז נישט געפעלשט.

מיר וועלען באַהאַנדלען דעם ענין מיט אַ סדר. וואָס איז שייך דעם ערשטען פּונקט, מוזען מיר דען, איך בעט אייך, ווען דער שכל איז סותר דער ביבעל, אָננעמען פאַר אמת אַלץ, וואָס די ביבעל באַהויפּטעט, און צוריקווייזען, אַלס נישט אמתדיג, אַלץ, וואָס זי פאַרניינט? מען וועט מיר אפשר אויסזעצען, אַז אין דער ביבעל געפינט זיך נישט קיין זאַך, וואָס זאָל סותר זיין דעם שכל. דערויף וועל איך ענטפערען, אַז די ביבעל באַהויפּטעט און לערנט אויסדריקליך, אַז גאָט איז אייפערזיכטיג (אין די עשרת הדברות, אין שמות, קאַפּ. ל"ד, פּסוק 14, אין דברים, קאַפּ. ד', פּסוק 24, און אין פיל אַנדערע שטעלען), וואָס דאָס איז ווידערשפּרעכיג צום שכל. מוז מען דען פונדעסטוועגען דאָס אָננעמען פאַר אַן אמת? נאָך מער, אויב מען גע־

פינט אין דער ביבעל געוויסע שטעלען, וואס דערלאזען די הנחה, אז גאָט איז נישט אייפערזיכטיג, ווען מען, הייסט עס, מוזען נויטיגער־הייט זיי דערקלערען מעטאפאריש, כדי זיי זאלען נישט אויסזען צו דערלאזען אזא הנחה?

פונקט אזוי זאגט די ביבעל אויסדריקליך, אז גאָט האָט אראפּ־געניטערט אויפן בארג סיני (זע שמות, קאפּ. י״ט, פסוק 20 און ווייטער). זי שרייבט אים צו נאָך אנדערע ארטליכע באוועגונגען און לערנט אין ערגעץ נישט אויסדריקליך, אז גאָט באוועגט זיך נישט. אויך דאָס מוז, אלזוי, יעדער איינער אננעמען פאר אמת. און ווען שלמה זאגט, אז גאָט איז נישט איינגעשלאָסען אין קיין שום פלאץ (זע מלכים א, קאפּ. ח׳, פסוק 27), (הגם ער באהויפּטעט נישט אויסדריקליך, אז גאָט איז אומבאוועגליך, לאָזט זיך עס אבער אויספי־רען פון זיינע ווערטער), דארף, אלזוי, די דאזיגע שטעל נויטיגערהייט אזוי דערקלערט ווערען, אז זי זאל נישט אויסזען צו וועלען אוועקנע־מען פון גאָט די ארטליכע באוועגונג. פונקט אזוי מוזען אויך די הימ־לען געהאלטען ווערען פאר גאָט׳ס וואוינונג און טראָן, ווייל די ביבעל באהויפּטעט דאָס אויסדריקליך. און אזוי ארום מוזען נאָך פיל אזוינע זאכען, וואס זיינען געזאגט געוואָרען, לויט דער מיינונג פון די נביאים און פון פאָלק, אנגענומען ווערען, לויט דעם כלל פון דעם דאזיגען מחבר, פאר אמת, הגם דער שכל און די פילאזאפיע, אבער נישט די ביבעל, לערנען אונז, אז זיי זיינען פאלש, ווייל דער שכל האָט דאָך אין אַט־די זאכען קיין דעה נישט.

עס איז אויך פאלש די באהויפּטונג פון דעם רב, אז איין שטעל פון דער ביבעל איז קיינמאל נישט סותר אן אנדער שטעל אויף א די־רעקטען אופן, נאר נישט מער ווי דורך שלוס־אויספירונג. אין דער אמתען, משה באהויפּטעט דירעקט, אז גאָט איז א פייער (זע דברים, קאפּ. ד׳, פסוק 24); און אויך אויף א דירעקטען אופן פארניינט ער, אז גאָט זאל האבען וואסער־עס־איז ענליכקייט מיט אנ־זיכטיגע זאכען (זע דברים, קאפּ. ד׳, פסוק 12). — די דאזיגע שטעל, ווען דער מחבר קאנען אויסזעצען, פארניינט נישט אויף א די־רעקטען אופן, אז גאָט איז א פייער, נאר נישט מער ווי דורך שלוס־אויספירונג, און מען מוז, דעריבער, צופאסען די דאזיגע שטעל צו די אנדערע אזוי, אז זי זאל נישט אויסזען איינצושליסען אין זיך אַט־די

פארנייִנונג. גוט, איך וועל אים צוגעבען, אז גאט איז א פייער. אבער ניין, מיר וועלען אט־די שטעל בעסער לאזען אינגאנצען אן א זייט, כדי נישט ארייִנצולאזען זיך אינאייִנעם מיט אונזער מחבר אין אומזין, און וועלען נעמען אן אנדער ביישפּיל.

שמואל פארנייִנט אויף א דירעקטען אופן, אז גאט האט חרטה אויף זייִנע באשליסען (זע שמואל א, קאפּ. ט"ו, פּסוק 29). אקעגען אבער באהויפּטעט ירמיה, אז גאט האט חריטה אויף דאס גוטע און שלעכטע, וואס ער האט באשלאסען (זע ירמיה, קאפּ. י"ח, פּסוקים 8 און 10). נו, זייִנען דען אט־די שטעלען נישט סותר אייִנע דער אנדערער אויף א דירעקטען אופן? און וועלכע פון זיי זאל מען, לויט אים, דערקלערען מעטאפאריש? ביידע זייִנען זיי געפאסט אויף א אלגעמייִנעם אופן און ווידערשפּרעכען אייִנע דער אנדערער. וואס אייִנע באהויפּטעט אויף א דירעקטען אופן, פארנייִנט די אנדערע אויך אויף א דירעקטען אופן. אונזער מחבר מוז, לויט זייִן אייגענעם כלל, צוגלייך אי אננעמען דאס פאר אמת, אי צוריקווייזען, ווי א פאלשע זאך. און וואס מאכט עס ווייטער אויס, וואס אזא און אזא שטעל איז סותר אן אנדערער נישט אויף א דירעקטען אופן, נאר נישט מער ווי דורך שלום־אויספירונג, ווען דער אויספיר איז קלאר און ווען די נאטור פון דער שטעל און די אומשטענדען, וואס באלייטען זי, דערלאזען נישט קייִן בילדליכע דערקלערונג? אזויִנע שטעלען זייִנען פאראן פיל אין דער ביבעל, וואס וועגען דעם זע קאפּיטעל II פון דעם דאזיגען טראקטאט, וואו מיר האבען געוויזען, אז די נביאים האבען געהאט אקעגענגעזעצטע און ווידערשפּרעכיגע מייִנונגען, און באזונדערס קאפּיטלען IX און X, איז וועלכע מיר האבען אויפגעוויזען די אלע סתירות, וואס זייִנען פאראן אין די ביבלישע געשיכטעס.

עס איז נישט נויטיג פאר מיר צו באטראכטען דא גענויער אט־די אלע שטעלען, ווייל דאס, וואס עס איז ביז איצט געזאגט געווארען, איז גענוג צו ווייזען די אומזיניגקייט, וואס פאלגען פון אט־דעם כלל און פון אט־דער מייִנונג, אזוי אויך זייער נישט־ריכטיגקייט און די איבערגעאייִלטקייט פון דעם מחבר. מיר וועלען, אלזוי, צוריקווייזען די מייִנונג פון אט־דעם רב, אזוי אויך דעם רמב"ם'ס מייִנונג, און וועלען אויפשטעלען, אלס זיכערען און פעסטען אמת, דעם כלל, אז

נישט די טעאָלאָגיע דאַרף זיין אין דינסט פון שכל, נישט דער שכל אין דינסט פון דער טעאָלאָגיע, נאָר יעדער פון זיי דאַרף האָבען זיין אייגענעם געביט: דער שכל, ווי געזאָגט, דאַרף האָבען דעם געביט פון אמת און חכמה; און די טעאָלאָגיע — דעם געביט פון פרומקייט און געהאָרכיגקייט. ווייל די מאַכט פון שכל, ווי מיר האָבען דאָס שוין אויפגעוויזען, גייט נישט אַזוי ווייט, אַז ער (דער שכל) זאָל זיין ביכולת צו באַשטימען, אַז די מענשען קאָנען זיין גליקזעליג דורך דער געהאָרכיגקייט אַליין, אַן דער דערקענטעניש פון זאַכען. די טעאָלאָגיע, ווידער, שרייבט נישט פאָר און באַפעלט נישט קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר געהאָרכיגקייט; זי וויל און קאָן גאָרנישט, וואָס זאָל זיין קעגען דעם שכל. אין דער אמתען, די טעאָלאָגיע באַשטימט, ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אין פאָריגען קאַפּיטעל, די עיקרי־אמונה נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט עס גענוגט פאַר דער געהאָרכיגקייט; וואָס איז אָבער שייך דעם אופן ווי אַזוי די דאָזיגע עיקרי־אמונה דאַרפען גענוי פאַרשטאַנען ווערען, כדי צו זיין אין הסכם מיטן אמת, — דאָס צו באַשטימען לאָזט זי איבער דעם שכל, וואָס איז דאָס אמתע ליכט פון דער נשמה און וואָס אַן אים זעט נישט די טעאָלאָגיע קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר חלומות און פיקטיווע זאַכען.

אונטער טעאָלאָגיע אין ענגערען זינען פאַרשטיי איך אָבער דאָ די אַנטפּלעקונג, אויף ווי ווייט זי וויזט אָן דעם ציל, צו וועלכען די ביבעל שטרעבט, ווי איך האָב דאָס פריער אויסגעפירט (און דאָס איז, דער אופן פון געהאָרכיגקייט, אָדער די דאָגמען פון אמתדיגען גלויבען און אמתדיגער פרומקייט), אָדער דאָס, וואָס הייסט אין אייגענטליכען זינען גאָט'ס וואָרט, וואָס באַשטייט נישט אין אַ געוויסער צאָל ביכער (זע וועגען דעם קאַפּיטעל XII). ווען די טעאָלאָגיע איז אויפגעפאַסט אויף אַזאַ אופן, וועט מען געפינען, אַז אירע פאַרשריפטען און לערען וועגען לעבען זיינען אין הסכם מיטן שכל, איר ענד־ציל אין קיין שום פּונקט נישט ווידערשפּרעכיג צום שכל, וואָס מחמת דעם איז זי גילטיג פאַר אַלע מענשען.

וואָס אַנבאַלאַנגט דער גאַנצער ביבעל בכלל, האָבען מיר שוין געוויזען אין קאַפּיטעל VII, אַז איר זין דאַרף באַשטימט ווערען דורך איר אייגענער געשיכטע און נישט דורך דער אַלגעמיינער געשיכטע פון דער נאַטור, וועלכע איז דער יסוד נאָר פון דער פילאָזאָפיע אַליין. עס דאַרף

אונז אויך נישט ארען, אויב מיר געפינען, אז דער אויף אט־אזא אופן געזוכטער זין פון דער ביבעל איז דא און דארט סותר דעם שכל. ווייל אלץ, וואס מען טרעפט אין דער ביבעל פון אט־דעם מין, אדער וואס די מענשען מעגען אן שאדען פאר דער ליבע נישט וויסען, ווייסען מיר אויף זיכער, אז דאס אלץ איז נישט נוגע דער ביבעל, אדער גאט'ס ווארט, און ממילא קאן יעדער איינער דענקען מכח דעם, וואס ער וויל, נישט באגייענדיג דערביי קיין שום פארברעך.

מיר ווענען, אלזוי, דא מאכען דעם אומבאדינגטען אויספיר, אז נישט די ביבעל דארף זיך צופאסען צום שכל און נישט דער שכל דארף זיך צופאסען צו דער ביבעל.

מען קאן אבער ברענגען קעגען אונז אט־די טענה: אויב מיר קאנען נישט באווייזען על פי שכל, צי איז דער יסוד פון דער טעאלאגיע, ד. ה. אז די מענשען קאנען ווערען גליקזעליג נאר דורך דער גע־הארכינקייט אליין, אן אמת אדער נישט, איז ווארום גלויבען מיר אין דעם? אויב מיר נעמען אן אט־דעם יסוד, ווי בלינדע, אן דער הילף פון שכל, האנדלען מיר הייסט עס, ווי נארען, אן אייגענעם אורטייל. אויב אבער מיר ווילען, פארקערט, באהויפטען, אז אט־דער יסוד קאן באמת באוויזען ווערען על פי שכל, וועט די טעאלאגיע דאן זיין א טייל פון דער פילאזאפיע און וועט נישט דארפען פון איר אפגעטיילט ווערען.

דערויף וועל איך ענטפערען אזוי: איך דערקלער אויף אן אב־סאלוטען אופן, אז די דאזיגע פונדאמענטאלע דאגמע פון דער טעאלא־גיע קאן נישט אנטדעקט ווערען דורכן נאטירליכען שכל, קיינער האט דאס יעדענפאלס נאך נישט באוויזען, און מחמת דעם איז באזונדערס נויטיג געווען די אנטפלעקונג. מיר קאנען פונדעסטוועגען אויסנוצען אונזער אורטייל, כדי אנצונעמען דאס אנטפלעקטע וועניגסטענס מיט מאראלישער זיכערקייט. איך זאג מיט מאראלישער זיכערקייט, ווייל מיר האבען גאר קיין האפענונג נישט צו קאנען האבען אין דעם מער זיכערקייט, ווי די נביאים אליין, וואס צו זיי איז דאס לכתחילה אנט־פלעקט געווארען און וואס זייער זיכערקייט איז געווען נישט מער, ווי א מאראלישע, ווי מיר האבען דאס שוין געהאט אויפגעוויזען אין קאפ־טעל II פון דעם דאזיגען טראקטאט.

עס האבען, אלזוי, אינגאנצען א טעות די, וואס ווילען באווייזען

די אויטאָריטעט פון דער ביבעל אויף אַ מאַטעמאַטישען אופן, ווייל די אויטאָריטעט פון דער ביבעל ווענדט זיך אַן דער אויטאָריטעט פון די נביאים און ממילא קאָן זי נישט באווייזען ווערען דורך שטאַרקערע אַרגומענטען, ווי די, וואָס די נביאים פלעגען זיי אַמאָל באַנוצען, כדי צו איבערצייגען דאָס פאָלק אין זייער אויטאָריטעט. נאָך מער, אונזער זיכערקייט אין דעם פּרט קאָן זיך נישט שטיצען אויף קיין אַנדער יסוד, ווי נאָר אויף דעם, וואָס די נביאים האָבען דערויף געשטיצט זייער זיכערקייט און זייער אויטאָריטעט. אין דער אמתען, די גאַנצע אויטאָריטעט פון די נביאים איז באַשטאַנען, ווי מיר האָבען דאָס גע־וויזען, פון אַט־די דריי פּונקטען:

1 — פון אַ לעבעדיגען און שאַרפען כח־הדמיון;

2 — פון צייכענס;

3 — צולעצט און דער עיקר, פון אַ גייסט, וואָס איז נוטה צו גוטס און רעכטס.

אויף קיין אַנדערע גרונדען האָט זייער זיכערקייט זיך נישט גע־שטיצט און ממילא האָבען זיי מיט אַנדערע גרונדען נישט געקאָנט באווייזען זייער אויטאָריטעט נישט צום פאָלק, צו וועלכען זיי האָבען אַמאָל גערעדט דורכן לעבעדיגען וואָרט, נישט צו אונז, צו וועמען זיי ריידען איצט דורך שריפט.

וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער דעם ערשטען פּונקט, ד. ה. אַז די נביאים האָבען געהאַט אַ לעבעדיגען כח־הדמיון, האָבען נאָר זיי אַליין געקאָנט זיין זיכער אין דעם און אונזער גאַנצע זיכערקייט בנוגע דער אַנטפּלעקונג קאָן און דאַרף, אַלזוי, געשטיצט ווערען נישט מער, ווי נאָר אויף די לעצטע צוויי פּונקטען, ד. ה. אויף די צייכענס און אויף דער לערע. דאָס לערנט אויך משה אויסדריקליך. אין ד ב ר י ם, קאַפּ. כ״ח, באַפעלט ער דעם פאָלק, ער זאָל געהאָרכען אַ נביא, וואָס האָט אין גאָט'ס נאָמען געגעבען אַ אמתדיגען צייכען; אויב אָבער דער נביא האָט געמאַכט פאַלשע פאָראויסזאָגונגען ווען אפילו אין גאָט'ס נאָמען, זאָל ער פונדעסטוועגען פאַרמשפּט ווערען צום טויט, ווי איינער, וואָס האָט געוואָלט אָפּווענדען דאָס פאָלק פון דער אמתדיגער רעליגיע, מעג ער באַפעסטיגען זיין אויטאָריטעט דורך אותות און מופתים (זע וועגען דעם ד ב ר י ם, קאַפּ. י״ג). דערפון איז צו זען, אַז דער אמתדיגער נביא אונטערשיידט זיך פון פאַלשען מיט דער לערע און מיט וואונ־

דער. אט־אזא איז דער נביא, וואס משה דערקלערט אים פאר אז אמתען און באפעלט צו גלויבען אין אים אן מורא צו ווערען אפגענארט. אבער די, זאגט ער, זיינען פאלשע נביאים און פארדינען דעם טויט, וואס זיי האבען געמאכט פאלשע פאראויסזאגונגען, ווען אפילו אין נאמען פון גאט, און געלערנט פאלשע געטער, ווען אפילו זיי האבען געוויזען אמתע נסים. און דעריבער זיינען מיר נישט מחויב צו גלויבען אין דער ביבעל, ד. ה. אין די נביאים, אנדערש, ווי נאר אויפן סמך פון זייער לערע, וואס ווערט באפעסטיגט דורך צייכענס. אין דער אמתען, אזוי ווי מיר זעען, אז די נביאים רעקאמענדירען ליבע און יושר איבער אלץ און שטעלען זיך גארנישט קיין אנדער ציל, בכן מאכען מיר דערפון דעם אויספיר, אז נישט מיט קיין שלעכטער כוונה, נאר מיט א אויפריכטיג הארץ האבען זיי געלערנט, אז די מענשען קאנען זיין גליקזעליג דורך געהארכיגקייט און גלויבען. און אזוי ווי, ווידער, זיי האבען די דאזיגע לערע נאך באפעסטיגט דורך צייכענס, ווערען מיר דורך דעם איבערגעצייגט, אז זיי האבען דאס נישט באהויפטעט אויף א לייכטזיניגען אופן און אז זיי זיינען נישט געווען גערירט פון זינען, בעת זיי האבען נביאות־געזאגט.

נאך מער ווערען מיר באפעסטיגט אין דער דאזיגער מיינונג, ווען מיר זעען, אז די נביאים האבען נישט געלערנט קיין שום מאראלישע פארשריפט, וואס זאל נישט זיין אין פולשטענדיגען הסכם מיטן שכל. ווייל עס איז נישט קיין צופאל, וואס גאט'סווארט ביי די נביאים שטימט דורכאויס מיטן ווארט גאט, וואס רעדט אין אונז. און דאס, זאג איך, קאנען מיר אויספירען פון דער ביבעל מיט דערזעלביגער זיכערקייט, וואס די יידען האבען עס אמאל אויסגעפירט פון דעם לעבעדיגען ווארט פון די נביאים. אין דער אמתען, מיר האבען אויבען, צום שלום פון קאפיטעל XII, געוויזען, אז די ביבעל איז בנוגע איר לערע און דעם עצם פון אירע געשיכטעס געקומען צו אונז נישט געפעלשט. מיר זיינען, דעריבער, פולשטענדיג בארעכטיגט צו אנערקענען דעם דאזיגען יסוד פון דער גאנצער טעאלאגיע און פון דער ביבעל, ווען אפילו ער קאן נישט פעסטגעשטעלט ווערען דורך מאטעמאטישע באווייזען. עס וואלט דאך געווען באמת א נארישקייט נישט צו וועלען אננעמען, — נאר דערפאר, ווייל עס איז נישט באוויזען געווארען מאטעמאטיש, — דאס, וואס עס איז באפעסטיגט געווארען

דורך אַזוי פיל צייגענישען פון די נביאים, וואָס עס איז אַ קוואַל פול פון טרייסט פאַר גייסטיג שוואַכע מענשען, וואָס ברענגט דעם שטאַט נישט וועניג נוצען און וואָס מיר קאָנען גלויבען אין דעם אַז וועלכען עס־איז שפּור פון סכנה און שאַדען! גלייך ווי מיר, כדי איינצוריכטען אונזער לעבען אויף אַ פאַרנינפטיגען שטייגער, וואָלטען אַנגענומען פאַר אמתדיג נאָר דאָס, וואָס עס איז באַוואָרענט פון יעדען אין ספק, און גלייך ווי דאָס רוב אונזערע האַנדלונגען וואָלטען נישט געווען גאַנץ אומזיכער און נישט אונטערגענומען געוואָרען אויף מזל.

איך גיב פונדעסטוועגען צו, אַז די, וואָס מיינען, אַז די פילאָזאָפיע און די טעאָלאָגיע ווידערשפּרעכען איינע דער אַנדערער, און האַלטען, אַז איינע פון זיי דאַרף מחמת דעם פאַריאָגט ווערען פון איר געביט, אַז מען מוז פאַרלאָזען די אָדער די אַנדערע, זוכען נישט אָן אַ גרונד צו לייגען אַ פעסטען יסוד פאַר דער טעאָלאָגיע און צו באַווייזען זי מאַטעמאַטיש. אין דער אמתען, ווער, אויב נישט אַ מענש, וואָס האָט פאַרלוירען יעדער האָפענונג, אָדער גאָר אַ גייסטיג־קראַנקער, וועט מיט אַ לייכט האַרץ זיך אָפּזאָגען פון שכל, וועט פאַראַכטען קונסטען און וויסענשאַפטען און לייקענען די זיכערקייט פון שכל? מיר קאָנען פונדעסטוועגען נישט אַנטשולדיגען אינגאַנצען אָט־די מענשען, וואָס זיי ווילען רופען צו הילף דעם שכל, כדי דערנאָך אים, דעם שכל גופא, צו פאַרשטויסען, און זוכען אַ זיכערען גרונד צו באַווייזען דורך אים די אומזיכערקייט פון שכל. וואָס זאָג איך? אין דער צייט, ווען זיי מיען זיך צו באַווייזען דעם אמת און די אויטאָריטעט פון דער טעאָלאָגיע דורך מאַטעמאַטישע באַווייזען און אָוועקצונעמען די אויטאָריטעט פון שכל און פון דעם נאַטירליכען ליכט אין אונז, אונטערוואַרפען זיי אין דער אמתען די טעאָלאָגיע אונטער דער ממשלה פון שכל און זעען אויס פאַראויסצוזעצען אויף אַ באַשטימטען אופן, אַז די אויטאָריטעט פון דער טעאָלאָגיע האָט נישט קיין שום גלאַנץ, אויב נאָר זי ווערט נישט באַלויכטען פון דעם נאַטירליכען ליכט פון שכל. ווען אָבער זיי רימען זיך, פאַרקערט, אַז זיי פילען זיך דורך דער אינעווייניגסטער צייגעניש פון היילינען גייסט אינגאַנצען בארואיגט און רופען דעם שכל צו הילף נאָר, כדי צו איבערצייגען די אומגלויביגע, דאַרף מען נישט אַנהויבען אפילו גלויבען אין זייערע רייד, ווייל מיר קאָנען לייכט אויווייזען, אַז זיי ריידען אַזוי נאָר אויס ליידענשאַפט־

ליכקייט, אָדער אויס פּראַלעריי. אין דער אמתן, איז דען נישט צו זען אויפן קלערסטען אופן פון דעם פריגען קאַפּיטעל, אַז דער הייליגער גייסט גיט צייגעניש נאָר פון מעשים טובים? און דעריבער רופט זיי אויך פּולוס אין דעם בריוו צו די גאַלאַטער (קאַפּ. V, פּסוק 22) אַז די פרוכט פון דעם הייליגען גייסט. און דער הייליגער גייסט גופא איז אין דער אמתן נישט קיין אנדער זאַך, ווי די רו, וואָס ווערט געבוירען אין דער נשמה דורך מעשים טובים. וואָס אַנבאַלאַנגט אָבער דעם אמת און דער זיכערקייט דערפון, וואָס איז נישט מער, ווי אַ זאַך פון ספּעקולאַציע, גיט קיין אנדער גייסט נישט קיין צייגעניש דערפון, ווי נאָר דער שכל, וועלכער באַהערשט אַליין פאַר זיך, ווי איך האָב דאָס נאָרוואָס געוויזען, דעם געביט פון אמת. אויב יענע פאַרזיכערען, אַלזוי, אַז זיי באַזיצען, אַחוץ דעם דאָזיגען גייסט, אַן אנדער מיטעל, וואָס מאַכט זיי זיכער אין דעם אמת פון זאַכען, באַרימען זיי זיך פאַלש און זאָגען אַרוים נישט מער, ווי אַ פאָראורטייל, וואָס די לײדענשאַפט האָט זיי געגעבען, אָדער זיי זוכען אַ מקום מקלט ביי הייליגע זאַכען, ווייל זיי ציטערען פון מורא צו ווערען באַזיגט פון די פילאָזאָפען און אַרויסגעשטעלט עפענטליך אויף געלעכטער. אומזיסטע מי, ווייל אויף וואָסער שוץ קאָן אַרויס־קוקען דער, וואָס האָט באַליידיגט די מאַיעסטעט פון שכל?

איך וועל דאָס איצט לאָזען אַז אַ זייט, ווייל איך גלויב, אַז איך האָב געטאָן גענוג פאַר דער זאַך, וואָס איך פאַרטיידיג דאָ, ווייזענדיג אויף וועלכען סמך די פילאָזאָפיע דאַרף אָפּגעטיילט ווערען פון דער טעאָלאָגיע, אין וואָס הויפּטזאַכליך יעדערע פון זיי באַשטייט, אַז קיינע פון זיי דאַרף נישט זיין אונטערגעוואָרפען דער אנדערער, אַז יעדערע פון זיי דאַרף פאַרנעמען איר אייגענעם געביט אָן וועלכען־עס־איז שטער מצד דער אנדערער; ווייזענדיג, צולעצט, וואו נאָר עס האָט זיך געמאַכט די געלעגענהייט, די אומזיניגקייטען, שוועריקייטען און אומגליקען, וואָס זיינען אַנטשטאַנען פון דעם מאָדנעם אופן, ווי אַזוי די מענשען האָבען פאַרמישט איינס מיט אַן אנדער אָט־די צוויי באַזונדערע צווייגען פון וויסען און פון זייער נישט קענען זיי גענוי אונטערשיידען און אָפּטיילען איינס פון אַנדערען. איידער אָבער איך גיי ווייטער, וויל איך דאָ אויסדריקליך מודיע זיין (הגם איך האָב דאָס שוין געהאַט געטאָן), אַז איך שעץ דאָ זייער הויך די היי־

ליגע שריפט, אָדער די אַנטפּלעקונג, בנוגע איר ניצליכקייט אָדער נויטיגקייט. ווייל אַזוי ווי מיט דעם נאַטירליכען שכל קאָנען מיר נישט באַגרייפען, אַז די איינפאַכע געהאָרכיגקייט איז דער וועג צו גליקזעליגקייט, און אַזוי ווי די אַנטפּלעקונג אליין לערנט, אַז דאָס געשיט דורך גאָט'ס באַזונדערען חסד, וואָס מיטן שכל קאָנען מיר דערצו נישט דערגיין, בכן איז דערפון געדרונגען, אַז די ביבעל האָט געבראַכט די מענשען זייער פיל טרייסט. אין דער אמתען, אַלע מענשען קאָנען געהאָרכען, אָבער די צאָל מענשען, וואָס באַקומען די טבע פון טוגענד דורך דער לייטונג פון שכל אליין, איז זייער קליין אין פאַרגלייך מיטן גאַנצען מענשליכען געשלעכט, און ממילא וואָלטען מיר געצווייפעלט אין דער גליקזעליגקייט פון כמעט אַלע מענשען, ווען מיר וואָלטען נישט געהאַט אַט־די צייגעניש פון דער ביבעל.

---

## קאַפּיטעל זעכצען.

וועגען די יסודות פון שטאַט; וועגען דעם נאַטירליכען און בירגערליכען רעכט פון יעדען יחיד; און וועגען דעם רעכט פון דער העכסטער מאַכט.

ביז אַהער האָט איך זיך געמיט אָפּצוטיילען די פילאָזאָפיע פון דער טעאָלאָגיע און אויפצואווייזען, אַז די טעאָלאָגיע גיט יעדען איינעם די פרייקייט צו פילאָזאָפירען. עס איז צייט צו אונטערזוכען, ווי ווייט עס גייט אין אַ גוטער רעגירונג די פרייקייט פון יעדען איינעם צו דענקען און צו רייַדען, וואָס ער דענקט. כדי מיר זאָלען אַט־דעם ענין אונטערזוכען מיט אַ סדר, מוזען מיר באַהאַנדלען די יסודות פון שטאַט און קודם כל דאָס נאַטירליכע רעכט פון יעדען איינעם, אָוועקגעקוקט פון דער פאָרם פון רעגירונג און רעליגיע.

אונטער רעכט און פאַראָרדענונג פון דער נאַטור פאַרשטיי איך נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די כללים פון יעדען יחיד'ס נאַטור, לויט וועלכע עס ווערט באַשטימט, ווי מיר באַגרייפען עס, דער אופן פון דעם יחיד'ס זיין און ווירקען על פי דרך הטבע.

למשל, די פיש זיינען פון דער נאַטור באַשטימט צו שווימען און די גרעסערע צו עסען די קלענערע. מיט דעם העכסטען נאַטירליכען רעכט זיינען, דעריבער, די פיש אין באַזיץ פון וואַסער און די גרעסערע פון זיי עסען די קלענערע.

עס איז דאָך זיכער, אַז די נאַטור, ווען באַטראַכט אויף אַן אַבסאָלוטען שטייגער, האָט דאָס העכסטע רעכט איבער אַלץ, וואָס איז אין איר מאַכט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז דאָס רעכט פון דער נאַטור ברייט זיך אויס אַזוי ווייט, ווי ווייט עס ברייט זיך אויס איר מאַכט. ווייל די מאַכט פון דער נאַטור איז די מאַכט גופא פון גאָט, וואָס ער האָט דאָס העכסטע רעכט איבער אַלץ.

אַזוי ווי אָבער די אַלגעמיינע מאַכט פון דער גאַנצער נאַטור איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי די מאַכט פון אַלע יחידים צוזאַמענגענומען, איז דערפון געדרונגען, אַז יעדער יחיד האָט דאָס העכסטע רעכט אויף אַלץ, וואָס ער קאָן דערגרייכען, מיט אַנדערע ווערטער, אַז דאָס רעכט פון יעדען יחיד ברייט זיך אויס אַזוי ווייט, ווי ווייט עס ברייט זיך אויס זיין באַזונדערע מאַכט. און אַזוי ווי עס איז דאָס העכסטע געזעץ פון דער נאַטור, אַז יעדער זאַך זוכט, ווי ווייט זי קאָן, צו דערהאַלטען זיך אין איר צושטאַנד, נישט רעכענדיג זיך מיט קיין שום אַנדער זאַך, ווי נאָר מיט זיך אַליין, איז דערפון געדרונגען, אַז יעדער יחיד האָט דערצו דאָס העכסטע רעכט, ד. ה. אַז יעדער יחיד האָט, ווי געזאָגט, דאָס העכסטע רעכט צו זיין און צו ווירקען, לויט דעם, ווי דאָס איז פאַר אים באַשטימט פון דער נאַטור.

איך אַנערקען דאָ נישט קיין שום חילוק צווישען מענשען און אַנדערע אינדיווידועןפון דער נאַטור, אויך נישט צווישען מענשען, וואָס זיינען באַגאַבט מיט שכל, און אַזוינע, וואָס קענען נישט דעם אמתדיגען זין פון זאַכען, אַזוי אויך נישט צווישען שוטים, משוגעים און מענשען מיט אַ געזונטען גייסט. ווייל אַלץ, וואָס יעדער זאַך טוט, לויט די געזעצען פון איר נאַטור, טוט זי עס מיטן העכסטען רעכט מחמת דעם, וואָס זי האַנדעלט אַזוי, ווי זי איז באַשטימט פון דער נאַטור, און קאָן גאָר אַנדערש נישט האַנדלען. און דעריבער, כל זמן די מענשען ווערען באַטראַכט, ווי אינדיווידועןן, וואָס לעבען נאָר אונטער דער הערשאַפט פון דער נאַטור, לעבט דער, וואָס קען נאָך נישט דעם שכל, מיט אַנדערע ווערטער, דער, וואָס האָט נאָך נישט

די טבע פון טוגענד, מיט דעמזעלביגען העכסטען רעכט, לויט די געזעצען אליין פון זיין באגער, ווי דער, וואס רעגולירט זיין לעבען, לויט די געזעצען פון שכל. מיט אנדערע ווערטער: פונקט ווי דער חכם האט דאס העכסטע רעכט אויף אלץ, וואס דער שכל שרייבט אים פאר, אדער אנדערש, דאס העכסטע רעכט צו לעבען, לויט די געזעצען פון שכל, אזוי האט אויך דער אומוויסענדיגער און שוואכער אין כאראקטער דאס העכסטע רעכט אויף אלץ, וואס זיין באגער רייצט אים דערצו, אדער אנדערש, דאס העכסטע רעכט צו לעבען, לויט די געזעצען פון זיין באגער. דאס אייגענע לערנט אויך פולוס, וועלכער אנערקענט נישט קיין שום זינד פארן געזעץ, ד. ה. כל זמן די מענשען ווערען באטראכט, ווי אינדיווידועז, וואס לעבען אונטער דער הערשאפט פון דער נאטור.

דאס נאטירליכע רעכט פון יעדען מענשען ווערט אזוי ארום באשטימט נישט דורך דעם געזונטען פארשטאנד, נאר דורך דעם באגער און דער מאכט. ווייל נישט אלע מענשען זיינען פון דער נאטור אויס באשטימט צו האנדלען, לויט די כללים און די געזעצען פון שכל. אלע ווערען, פארקערט, געבוירען אין אומוויסענקייט און איידער זיי זיינען ביכולת צו דערקענען דעם אמתדיגען לעבענסשטייגער און דערווערבען די טבע פון טוגענד, פארגייט, אפילו ביי א גוטער דערציאונג, א היבשער טייל פון זייער לעבען. אבער זיי מוזען פונדעסטוועגען אויך פאר אט־דער צייט לעבען און זיך דערהאלטען אזוי גוט, ווי מעגליך, און דאס נאר לויט דעם אימפולס פון באגער, ווייל די נאטור האט זיי עפעס אנדערש נישט געגעבען און זיי אפגעזאגט אין דער ווירקליכער מאכט צו לעבען, לויט דעם געזונטען פארשטאנד. און דעריבער זיינען די מענשען פונקט אזוי ווייניג מחוייב צו לעבען, לויט די געזעצען פון געזונטען פארשטאנד, ווי די קאץ איז מחוייב צו לעבען, לויט די געזעצען פון דעם לייב׳ס נאטור.

אויף אזא אופן איז אלץ, וואס דער מענש, ווען באטראכט, ווי אזא איינער, וואס לעבט נאר אונטער דער הערשאפט פון דער נאטור, האלט אלס ניצליך פאר זיך, צי ווערט ער דערביי געפירט פון געזונטען פארשטאנד, אדער געטריבען פון זיין באגער, — איז דאס אלץ אים דערלויבט צו פארלאנגען דורך דעם העכסטען רעכט פון דער נאטור און באהערשען עס מיט אלע מעגליכע מיטלען, סיי מיט געוואלט,

סיי מיט ליסטיגקייט, סיי מיט גנבעט, אויף יעדען אופן, וואס וועט דאס מאכען פאר אים לייכטער. און ממילא דארף ער באטראכטען פאר א שונא יעדען איינעם, וואס וועט אים וועלען שטערען אין דער באפרידיגונג פון זיין פארלאנג.

דערפון איז צו זען, אז דאס רעכט און פאראָרדענונג פון דער נאטור, אונטער וועלכע אלע ווערען געבוירען און דאס רוב מענשען לעבען, פארווערען קיין זאך נישט, ווי נאר דאס, וואס קיינער פארלאנגט נישט און קיינער קאן נישט באקומען, אזוי אויך נישט סכסוכים, האס, צארן, פאלשקייט, בכלל קיין זאך נישט דערפון, וואס דער באגער רייצט דערצו. און עס איז גאר קיין חידוש נישט, ווייל די נאטור איז נישט איינגעשלאסען אין די געזעצען פון מענשליכען שכל, וועלכע האבען אין זינען נישט מער, ווי נאר די דערהאלטונג פון מענשען און דאס, וואס איז פאר זיי באמת ניצליך, נאר זי נעמט ארום אן א שיעור אנדערע געזעצען, וואס זיינען נוגע דעם אייביגען סדר פון דער גאנצער נאטור, פון וועלכער דער מענש איז נאר א קליינער טייל און וואס פון איר נויטיגקייט אליין זיינען אלע יחידים באשטימט צו זיין און צו ווירקען אויף א געוויסען אופן.

אלץ אין דער נאטור, וואס זעט אונז אויס צו זיין לעכערליך, אומזיניג, אדער שלעכט, ערשיינט אלזוי, פאר אונז אזוי נאר דערפאר, ווייל מיר דערקענען די זאכען נאר טיילווייז, קענען כמעט אינגאנצען נישט דעם סדר און דעם צוזאמענהאנג פון דער נאטור און ווילען אז אלץ זאל געפירט ווערען, לויט דער השגה פון אונזער שכל, בעת דאס, וואס דער שכל דערקלערט פאר שלעכט, איז דאך אזוי נאר בנוגע דעם סדר און די געזעצען פון דער גאנצער נאטור.

קיינער קאן אבער פונדעסטוועגען נישט צווייפלען, אז עס איז פיל ניצליכער פאר די מענשען צו לעבען, לויט די געזעצען און די באשטימטע פארשריפטען פון אונזער שכל, וואס זיי, ווי געזאגט, האבען נישט קיין אנדער ציל, ווי נאר דאס, וואס איז באמת ניצליך פאר דעם מענשליכען מין. דערצו איז גאר נישט בנמצא קיין איין מענש, וואס זאל נישט וועלען לעבען אזוי זיכער און אן מורא, ווי נאר מעגליך. דאס איז אבער אוממעגליך צו דערגרייכען, כל זמן עס איז יעדען איינעם דערלויבט צו טון, וואס אים געפעלט, און כל זמן עס איז דעם שכל נישט געגעבען געוואָרען מער רעכט, ווי דעם האס און דעם צאָרן,

ווייל אונטער שנאה, האַס, צאָרן און פאַלשקייט מוז יעדער איינער לעבען אין אנגסט און זיך מיען מיט אַלע כחות זיי צו פאַרמיידען.

ווען מיר וועלען ווייטער נעמען אין אכט, אַז אָן קעגענזייטיגער הילף און אָן אויסגעבילדעטען שכל לעבען די מענשען זייער עלענד, ווי מיר האָבען דאָס געוויזען אין קאַפּיטעל V, וועלען מיר קלאָר איינ-זען, אַז כדי די מענשען זאָלען לעבען זיכער און אַנגענעם, האָבען זיי נויטיגערהייט געמוזט זיך פאַראייניגען און באַשטימען, אַז דאָס רעכט אויף אַלץ, וואָס יעדער איינער האָט געהאַט פון דער נאַטור, זאָלען זיי עס ווייטער באַזיצען אויף אַ קאָלעקטיווען אופן און אַז דאָס דאַ-זיגע רעכט זאָל מער נישט באַשטימט ווערען דורך דער קראַפט און דעם באַגער פון יחיד, נאָר דורך דער מאַכט און ווילען פון כלל.

אָבער די מענשען וואָלטען דאָס אומזיסט געפּרובט דורכפירען, ווען זיי וואָלטען נאָר געפאָלגט דעם אימפּולס פון זייער באַגער, (ווייל לויט די געזעצען פון באַגער, ווערען די יחידים געטריבען אין פאַר-שיידענע ריכטונגען). זיי האָבען, דעריבער, געמוזט זיך צונויפקו-מען און פעסט באַשטימען צו רעגולירען אַלץ לויט די פאַרשריפטען פון שכל, וואָס קיינער וואַגט נישט אים ווידערצושטיין אָפענערהייט אויס מורא אויסצוזען נאַריש; זיי האָבען אויך געמוזט באַשטימען צו צוימען די באַגערען, אויף ווי ווייט זיי רייצען אַז צו מעשים, וואָס קאָנען שעדיגען אַנדערע, נישט צו טון קיינעם אַזוינס, וואָס יענער וואָלט נישט געוואָלט, עס זאָל אים אַליין געטון ווערען, און צו באַ-שיצען, צולעצט, דעם אַנדערענ'ס רעכט אַזוי, ווי דאָס אייגענע. ווי אַזוי אַזאַ אָפּמאַך דאַרף געשלאָסען ווערען, כדי צו זיין ווירקענדיג און פעסט, — דאָס וועלען מיר באַלד זען.

עס איז אַן אַלגעמיין געזעץ פון דער מענשליכער נאַטור, אַז קיי-נער פאַרנאַכלעסיגט נישט דאָס, וואָס ער האַלט עס פאַר אַ גוט, סיידען אין דער האָפענונג פון אַ גרעסער גוט, אָדער אויס מורא פון אַן ער-גערען שאָדען, און פאַרטראָגט נישט קיין איבעל, סיידען צוליב דעם פאַרמיידען פון נאָך אַ גרעסערען איבעל, אָדער אין דער האָפענונג פון אַ גרעסער גוט. מיט אַנדערע ווערטער: פון צוויי גיטער וועט יעדער איינער אויסקלייבען דאָס, וואָס ער וועט עס האַלטען פאַרן גרעסע-רען, און פון צוויי איבלען — דאָס, וואָס וועט אים אויסזען צו זיין קלענער. איך זאָג אויסדריקליך: אַז איבעל, אָדער אַ גוט, וואָס זעט

אוים קלענער אדער גרעסער פאר דעם, וואס קלייבט עס אוים, ווייל די זאך קומט נישט נויטיגערהייט אזוי פאר, ווי ער אליין אורטיילט. דאס דאזיגע געזעץ איז אזוי טיף איינגעקריצט אין דער מענשליכער נאטור, אז מען מוז עס צורעכענען צו די אייביגע אמתען, וועלכע קיי־נער קען נישט איגנארירען. דער נויטיגער פועל־יוצא פון דעם דאזי־גען געזעץ איז, אז קיינער וועט אן א פארבארגענע כוונה נישט געבען דאס ווארט אפצוזאגען זיך פון דעם רעכט, וואס ער האט אויף אלץ, און אז קיינער וועט באין אופן נישט האלטען את־דעם ווארט זיינס, סיידען אוים מורא פאר א גרעסערען איבעל, אדער אין דער האפענונג פון א גרעסער גוט.

בדי צו מאכען דאס פארשטענדליכער, וועלען מיר אננעמען, אז א רויבער צווינגט מיך אים צוצוזאגען, אז איך וועל אים אוועקגעבען מיין האב און גוטס אזוי שנעל, ווי ער וועט דאס פארלאנגען, אזוי ווי מיין נאטירליך רעכט, ווי איך האב דאס נאר וואס געוויזען, ווערט באשטימט נאר פון מיין מאכט, מעג איך זיכער, לויט מיין נאטירליך רעכט, כלומרשט צוזאגען דעם רויבער אלץ, וואס ער פארלאנגט, אויב נאר איך קאן אזוי ארום זיך באפרייען פון אים.

אדער לאמיר אננעמען, אז איך האב עמיצען גאנץ אויפריכטיג צוגעזאגט נישט צו נעמען אין מויל אריין קיין שום שפייז, אדער געטראנק, אין משך פון צוואנציג טעג, און אז דערנאך האב איך אבער איינגעזעען, אז עס איז געווען פון מיר א נארישער צוזאג, און אז איך קאן אים נישט האלטען אן דעם גרעסטען שאדען פאר מיר; אין היות איך בין, לויט מיין נאטירליכען רעכט, מחוייב אויס־צוקלייבען פון צוויי איבלען דאס קלענסטע, בכן קאן איך מיטן גרעסטען רעכט ברעכען דעם דאזיגען אפמאך און באטראכטען מיין ווארט גלייך ווי איך וואלט עס גארנישט געגעבען. דאס זאג איך, איז דערלויבט, לויט מיין נאטירליכען רעכט, עס מאכט נישט, צי איך האב א גוטען גרונד צו באטראכטען מיין צוזאג פאר שלעכט, אדער עס דאכט זיך מיר נאר אזוי. אין דער אמתען, צי זע איך די זאך ריכטיג, אדער פאלש, וועל איך אלץ מורא האבען פאר א גרע־סערען איבעל און ממילא וועל איך, לויט דער פארארדענונג פון דער נאטור, זען מיט אלע מיטלען אים צו פארמיידען.

מיר מאכען דערפון דעם אויספיר, אז אן אפמאך קאן האבען

קראפט נאר דורך זיין ניצליכקייט. פאלט די ניצליכקייט אוועק, אזוי פאלט אינאיינעם מיט איר אויך דער אפמאך און האט מער קיין ממשות נישט. עס איז, דעריבער, נאריש צו פאדערען פון עמיצען אייביגע טרייקייט, אויב מען זעט נישט צוגלייך אויסצופירען אזוי, אז פון ברעכען דעם אפמאך זאל פאר דעם, וואס טוט עס, ארויסקומען מער שאדען, ווי נוצען. דאס דארף מען דער עיקר האבען אין זינען ביי דער גרינדונג פון א שטאט.

ווען אלע מענשען וואלטען געקאנט לייכט געפירט ווערען נאר פון דעם שכל אליין און איינזען די העכסטע ניצליכקייט און די נויטיגקייט פון שטאט, וואלט נישט געווען קיין איין מענש, וואס זאל נים פאראכטען מיטן גאנצען הארצען דאס פאלשע. באוועגט פון דעם פארלאנג צו דערהאלטע אט־דאס העכסטע גוט, וואס הייסט טובת הכלל, וואלטען אלע, פארקערט, געהאלטען מיט דער גרעסטער טרייקייט זייערע אפמאכען און די טריישאפט, אט־דעם העכסטען שוץ פון שטאט, אויפגעהיט איבער אלץ. עס איז אבער ווייט דערפון, אז אלע מענשען זאלען קאנען אלעמאל לייכט געפירט ווערען נאר פון דעם שכל אליין, ווייל יעדער איינער ווערט מיטגעריסען פון זיינע ליידענשאפטען און זיין גייסט ווערט צום מערסטען טייל אזוי באהערשט פון קארגשאפט, כבוד־זוכעניש, קנאה, צארן און דאסגלייכען, אז עס בלייבט מער נישט איבער קיין פלאץ פארן שכל. און דעריבער הגם די מענשען מאכען זייערע צוזאגען מיט די זיכערסטע סמנים פון אויפריכטיגקייט און זיינען זיך מתחייב צו האלטען ווארט, קאן פונדעסטוועגען קיינער נישט זיין זיכער אין דעם אנדערענ'ס טרייקייט, סיידען ער גיט צו אט־דעם צוזאג צו נאך עפעס אנדערש, ווייל יעדער איינער קאן, לויט דעם נאטירליכען רעכט, האנדלען מיט ליסטיגקייט און זיך נישט פילען געצוואונגען צו האלטען זיינע אפמאכען, סיידען אין דער האפענונג אויף א גרעסער גוט, אדער אויס מורא פאר א גרעסערען איבעל.

אזוי ווי אבער דאס נאטירליכע רעכט ווערט באשטימט, ווי מיר האבען דאס שוין אויפגעוויזען, דורך דער מאכט אליין פון יעדען יחיד, איז דערפון געדרונגען, אז ווען איינער טראגט איבער, געצוואונגענערהייט אדער מיטן פרייען ווילען, א טייל פון זיין מאכט אויף אן אנדערען, טרעט ער אים דערמיט נויטיגערהייט אפ א גלייכען טייל

פון זיין רעכט און אז אז דער, וואס האט די העכסטע מאכט צו צווינ־גען אלע אנדערע מיט געוואלט און צו האלטען זיי אין צוים דורך מורא פאר שווערע שטראפען, וואס אלע שרעקען זיך געוויינליך פאר זיי, — דער האט אויך דאס העכסטע רעכט אויף אלץ. דאס דאזיגע רעכט וועט ער באזיצען אזוי לאנג, ווי ער וועט האבען די מאכט אויסצופי־רען זיין ווילען; אניט וועט זיין באפעל זיין, אייגענטליך, נישט מער ווי א בקשה, און קיינער, וואס איז שטארקער פון אים, וועט נישט מוזען אים געהארכען, אויב ער וועט נישט האבען דערצו קיין חשק.

אויף אט־אזא אופן קאן, אלזוי, זיך פארמירען א געזעלשאפט אז דעם מינדסטען ווידערשפרוך צום נאטירליכען רעכט און אזוי, אז יעדער אפמאך זאל אפגעהיט ווערען אויפן טרייסטען שטייגער, ד. ה. אז יעדער איינער זאל די גאנצע מאכט, וואס ער באזיצט, איבערטראַ־גען אויף דער געזעלשאפט, וועלכע וועט דאן אליין באזיצען דאס העכסטע רעכט פון דער נאטור אויף אלץ, ד. ה. די העכסטע מאכט, און וואס יעדער איינער וועט זיין פארפליכטעט איר צו געהארכען מיטן פרייען ווילען, אדער אויס מורא פאר א שווערער שטראף.

דאס רעכט פון אזא געזעלשאפט ווערט אנגערופען ד ע מ א ק־ר א ט י ע, וועלכע קאן, הייסט עס, דעפינירט ווערען אזוי: אז אלגעמיינע פארזאמלונג מענשען, וואס באזיצט קאלעקטיוו דאס העכסטע רעכט אויף אלץ, וואס איז אין איר מאכט.

דער פועל־יוצא דערפון איז, אז די העכסטע מאכט איז נישט געבונדען דורך קיין שום געזעץ און אז אלע מוזען איר אין יעדען פרט געהארכען. אלע האבען געמוזט שטילשווייגענדיג אדער אויסדריקליך זיך דערצו פארפליכטען, ווען זיי האבען איבערגעטראגען אויף דער העכסטער מאכט זייער גאנצע מאכט צו פארטיידיגען זיך, ד. ה. זייער גאנץ רעכט. ווייל וואלטען זיי געוואלט עפעס דערהאלטען פון איר פאר זיך, וואלטען זיי אין דערזעלביגער צייט באדארפט אננעמען די נויטיגע פארזיכט־מיטלען, כדי צו קאנען דאס דערהאלטענע פארטיי־דיגען מיט זיכערקייט. אזוי ווי זיי האבען אבער דאס נישט געטאן און אויך נישט געקאנט דאס טון, זיי זאלען נישט פונאנדערטיילען און ממילא נישט צעשטערען דעם שטאט, האבען זיי שוין דורך דעם

אַליין זיך לחלוטין אונטערגעוואָרפן דעם באַשלוס פון דער העכסטער מאַכט.

די מענשען, אַזוי, האָבען — אַי געצוואונגען דורך דער נויט, אַי באַוועגט פון שכל, — זיך לחלוטין אונטערגעוואָרפן (ווי מיר האָבען דאָס נאָר וואָס געוויזען) דעם באַשלוס פון דער העכסטער מאַכט, און דער פּועל־יוצא דערפון איז, אַז אויב נאָר מיר ווילען נישט זיין קיין שונאים פון שטאַט און האַנדלען קעגען דעם שכל, וועלכער פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלען מיט אַלע כחות פאַרטיידיגען דעם שטאַט, זיינען מיר פאַרפליכטעט אבסאָלוט אויסצופאָלגען אַלע באַפעלען פון דער העכסטער מאַכט, ווען אַפילו זיי האָבען קיין זין נישט, ווייל אויך ד אָ ס הייסט אונז דער שכל טון, כדי מיר זאָלען פון צוויי איבלען אויסקלייבען דעם קלענסטען.

גיט נאָך צו דעם צו, אַז יעדער איינער קאָן לייכט אונטערנעמען אַט־דעם שריט פון אונטערוואַרפען זיך אינגאַנצען דער הערשאַפט און דעם ווילען פון אַן אַנדערען, ווייל דאָס רעכט צו באַפעלען אַלץ, וואָס זיי געפעלט, געהערט די העכסטע מעכטען, ווי מיר האָבען דאָס אויפגעוויזען, נאָר אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זיי באַזיצען באמת די העכסטע מאַכט; פאַרלירען זיי די דאָזיגע מאַכט, אַזוי פאַרלירען זיי אינאיינעם מיט דעם אויך דאָס רעכט אַלץ צו באַפעלען און דאָס דאָזיגע רעכט גייט איבער צו די וואָס האָבען געוואונען די מאַכט און זיינען ביכולת זי צו דערהאַלטען. עס קאָן, דעריבער, זייער זעלטען פּאַסירען, אַז די העכסטע מעכטען זאָלען געבען דורכאויס אומזיניגע באַפעלען, ווייל עס איז צום מייסטען וויכטיג פאַר זיי אַליין, — אין זייערע אייגענע אינטערעסען און צוליב דער דערהאַלטונג פון דער מאַכט, — צו זאָרגען פאַר טובת הכלל און צו רעגירען, לויט די פאַרשריפטען פון שכל. קיינער האָט לאַנג נישט דערהאַלטען אַ געוואַלט־הערשאַפט, זאָגט סענעקאַ. גיט נאָך צו דעם צו, אַז אין אַ דעמאָקראַטישען שטאַט דאַרף מען ווייניגער מורא האָבען פאַר אומזיניגע באַפעלען, ווייל עס איז כמעט אוממעגליך, אַז אין אַ גרויסער פאַרזאַמלונג זאָל די מערהייט געבען איר הסכמה אויף אַן אומזין; דער יסוד, ווידער, און דער ציל פון אַזאַ שטאַט איז, ווי מיר האָבען דאָס שוין געוויזען, אויך נישט קיין אַנדער זאַך, ווי צו צוימען די פריינגעלאַזענקייט פון באַגער און צו האַלטען ווי ווייט מעגליך די מענשען אין די גרעניצען פון שכל,

כדי זיי זאָלען לעבען אין שלום און אחדות; דאָס איז אַ יסוד, וואָס מיט זיין באַזייטיגונג וועט דער גאַנצער בנין שנעל פונאַנדערפאַלען. צו זאָרגען פאַר דעם איז די איינציגע אויפגאַבע פון דער העכסטער מאַכט, בעת די אויפגאַבע פון די אונטערטאַנען איז, ווי מיר האָבען דאָס געזאָגט, אויסצופירען די באַפעלען פון דער העכסטער מאַכט און נישט צו אַנערקענען קיין אַנדער רעכט, ווי נאָר דאָס רעכט, וואָס די העכסטע מאַכט דערקלערט עס פאַר אַ רעכט.

מען וועט מיר אפשר זאָגען, אַז איך וויל אַזוי אַרום מאַכען די אונטערטאַנען פאַר שקלאַפען, ווייל מען דענקט געוויינליך, אַז אַ שקלאַף איז דער, וואָס האַנדעלט, לויט אַ באַפעל, און אַז דער איז אַ פרייער מענש, וואָס ער לעבט נאָך זיין אייגענעם ווילען. אָבער שוין אַט־די פאָראויסזעצונג אַליין איז נישט אומבאַדינגט ריכטיג. אין דער אמתען איז דער גרעסטער שקלאַף דער, וואָס ער ווערט אַזוי באַהערשט פון זיין לוסט, אַז ער קאָן נישט זען און נישט טון דאָס, וואָס עס איז פאַר אים ניצליך; אַ פרייער מענש איז אָבער נאָר דער, וואָס ער לעבט מיט אַ ריין האַרץ און לאָזט זיך פירען נאָר פון דעם שכל אַליין. דאָס האַנדלען אויף אַ באַפעל, ד. ה. געהאָרכיגקייט, נעמט, דעם אמת געזאָגט, אַוועק אין אַ געוויסער מאָס די פרייקייט, זי מאַכט אָבער נאָך נישט דעם מענשען פאַר אַ שקלאַף; דאָס טוט דער גרונד פון דער האַנדלונג. אויב דער ציל פון דער האַנדלונג איז נישט דער נוצען פון דעם, וואָס האַנדעלט, נאָר פון דעם, וואָס באַפעלט, דעמאָלט איז דער, וואָס האַנדעלט, אַ שקלאַף און אומניצליך פאַר זיך אַליין. אָבער אונטער אַ רעפּובליקאַנישער פאָרם פון רעגירונג און אין אַ שטאַט, וואו דאָס וואוילזיין פון גאַנצען פאָלק און נישט פון דעם, וואָס באַפעלט, איז דאָס העכסטע געזעץ, איז דער, וואָס געהאָרכט אין אַלץ דער העכסטע מאַכט, נישט קיין שקלאַף, וואָס איז אומניצליך פאַר זיך אַליין, נאָר ער קאָן אַנגערופען ווערען אונ־טערטאַן. און דעריבער איז דער פרייסטער שטאַט דער, וואָס זיינע געזעצען זיינען באַגרינדעט אויפן געזונטען פאַרשטאַנד, ווייל יעדער איינער קאָן דאָרט זיין פריי, ווען ער וויל דאָס, ד. ה. לעבען מיט אַ ריין האַרץ, לויט דער לייטונג פון שכל.

אַזוי זיינען אויך קינדער נישט קיין שקלאַפען, הגם זיי זיינען בעצוואונגען צו געהאָרכען אין אַלץ זייערע עלטערען. און דאָס איז

דערפאַר, ווייל די באַפעלען פון די עלטערען האָבען קודם כל אין זינען די טובה פון די קינדער.

מיר זעהען, אַלזוי, אַ גרויסע נפקא מינה צווישען אַ שקלאַף, אַ קינד און אַן אונטערטאַן: אַ שקלאַף איז דער, וואָס מוז געהאָרכען די באַפעלען פון אַ האַר, וואָס זייער ציל איז נאָר דער נוצען פון דעם האַר; אַ קינד איז דער, וואָס טוט אויפן באַפעל פון זיינע עלטערען דאָס, וואָס עס איז ניצליך פאַר אים; אַן אונטערטאַן, צולעצט, איז דער, וואָס טוט אויפן באַפעל פון דער העכסטער מאַכט דאָס, וואָס עס איז ניצליך פאַרן כלל און ממילא אויך פאַר אים אליין.

איך גלויב, אַז איך האָב דערמיט גענוג קלאָר געוויזען די יסודות פון אַ דעמאָקראַטישער רעגירונג. איך האָב בעסער אויסגעקליבען צו באַהאַנדלען די דעמאָקראַטישע רעגירונג־פאָרם, ווי אַלע אַנדערע, ווייל זי זעט מיר אויס צו זיין די נאַטירליכסטע און צוצוקומען נעענטער פון אַנדערע צו דער פרייקייט, וואָס די נאַטור גיט יעדען איינעם. אין דער אמתען, אין אַ דעמאָקראַטיע טראָגט קיינער נישט איבער זיין נאַטירליך רעכט אויף אַן אַנדערען אַזוי, אַז ער זאָל שוין מער קיינ־מאָל קיין דעה נישט האָבען, נאָר ער טראָגט דאָס דאָזיגע רעכט איבער אויף דער מערהייט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, וואָס ער אַליין איז אַ טייל פון איר, און אַזוי אַרום פאַרבלייבען אַלע גלייך, אַזוי ווי פריי־ער אין דעם נאַטירליכען צושטאַנד. נאָך צוליב דעם האָב איך בעסער אויסגעקליבען צו ריידען וועגען דער דאָזיגער רעגירונגס־פאָרם, ווייל זי אַנטשפּרעכט באַזונדערס דעם ציל, וואָס איך האָב זיך דאָ גע־שטעלט, און דאָס איז, אויפצואווייזען די ניצליכקייט פון פרייהייט אין יעדען שטאַאַט. איך האַלט זיך, דעריבער, אָפּ פון צו ריידען וועגען די יסודות פון אַלע אַנדערע רעגירונג־פאָרמען. כדי צו קענען זייער רעכט, איז נישט נויטיג פאַר אונז צו וויסען, פון וואַנען זיי האָבען זיך גענומען און נעמען זיך נאָך איצט, ווייל די זאַך איז גאַנץ קלאָר פון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ גאַרוואָס אויסגעפירט. עס איז דאָך קלאָר, אַז דאָס העכסטע רעכט צו באַפעלען, וואָס אים געפעלט, געהערט דעם, וואָס האָט די העכסטע מאַכט, צי דאָס איז אַ יחיד, אָדער עטליכע פּערזאָנען, אָדער אַלע בירגער אינאיינעם; און פון דער אַנדער זייט, אַז דער, וואָס האָט מיטן פרייען ווילען אָדער געצוואונ־גענערהייט איבערגעטראָגען אויף אַן אַנדערען די מאַכט צו באַשיצען

זיך, האט זיך דערמיט אויך אפגעזאגט אינגאנצען פון זיין נאטירליכען רעכט און ממילא באשלאסען צו געהארכען אומבאדינגט אין אלץ אט־דעם אנדערען; און אזוי לאנג איז ער דערצו געבונדען, ווי לאנג דער קיניג, אדער די איידעללייט, אדער דאס פאלק דערהאלטען די העכסטע מאכט, וואס זיי האבען באקומען און וואס זי איז געווען דער יסוד פון איבערטראגען דאס רעכט. עס איז נישט נויטיג צוצוגעבען נאך מער צו דעם דאזיגען ענין.

נאך אט־די דערקלערונגען מכח די יסודות און דעם רעכט פון שטאט וועט אונז איצט זיין לייכט צו באשטימען, וואס אזוינס עס איז דאס בירגערליכע פריוואט־רעכט, וואס אזוינס עס איז אומרעכט, גערעכטיגקייט און אומגערעכטיגקייט אין בירגערליכען לעבען; און ווייטער, ווער עס איז א בונד־חבר און ווער א שונא, און צולעצט, וואס אזוינס עס איז דאס פארברעכען פון מאיעסטעט־באליידיגונג.

אונטער דעם בירגערליכען פריוואט־רעכט, קאנען מיר נישט פארשטיין קיין אנדער זאך, ווי נאר די פרייקייט פון יעדען יחיד צו דערהאלטען זיך אין זיין צושטאנד, א פרייקייט, וואס ווערט גענויער באשטימט דורך די עדיקטען פון דער העכסטער מאכט און געשיצט דורך איר אויטאריטעט אליין. — אין דער אמתען, נאכדעם, ווי יעדער איינער האט אריבערגעטראגען אויף אן אנדערען זיין רעכט צו לעבען, ווי אים געפעלט, א רעכט, וואס איז באשטימט געווארען דורך זיין אייגענער מאכט; אדער מיט אנדערע ווערטער, פון דעם מאמענט אן, ווי יעדער איינער האט אריבערגעטראגען אויף אן אנדערען זיין פרייקייט און זיין מאכט צו באשיצען זיך, איז ער געצוואונגען צו לעבען נאר מיט יענעמ׳ס שכל און צו באשיצען זיך נאר מיט יענעמ׳ס הילף.

אומרעכט הייסט, ווען א בירגער אדער אונטערנאן איז געצוואונגען צו ליידען פון אן אנדערען א געוויסען שאדען, אקעגען דעם בירגערליכען רעכט אדער דעם עדיקט פון דער העכסטער מאכט. — אין דער אמתען, דער באגריף אומרעכט קאן אנדערש נישט באנומען ווערען, ווי נאר אין א בירגערליכען צושטאנד; אבער קיין שום אומרעכט קאן מיט די אונטערטאנען נישט באגאנגען ווערען פון די

העכסטע מעכטען, וואָס אַלצדינג איז פון רעכט וועגען זיי דערלויבט. אומרעכט קאָן, אַלזוי, פּאַרקומען נאָר צווישען פּריוואַטע מענשען, וואָס זיינען פון געזעץ געצוואונגען נישט צו שעדיגען זיך קעגענזייטיג.

גערעכטיגקייט הייסט די פעסטע אַנטשלאָסענקייט פון דער נשמה צוצולאָזען פאַר יעדען איינעם דאָס, וואָס אים קומט נאָך דעם בירגערליכען רעכט.

אומגערעכטיגקייט הייסט אוועקצונעמען פון עמי־צען, אונטערן שיין פון רעכט, דאָס, וואָס אים קומט, לויט דעם אמת־דיגען אויסטייטש פון געזעץ.

גערעכטיגקייט און אומגערעכטיגקייט ווערען אויך אָנגערופען גלייכקייט און אומגלייכ־קייט, ווייל די, וואָס זיינען אוועקגעשטעלט אויסצוגלייכען סכסוכים, דאַרפען נישט האָבען קיין איינזען מיט מענשען, נאָר זיינען מחויב צו באַהאַנדלען אַלעמען גלייך, צו באַשיצען גלייך יעדען איינעמ׳ס רעכט, נישט מקנא צו זיין די רייכע און נישט צו פאַראַכטען דעם אָרעמאַן.

בונד־חברים זיינען די איינוואוינער פון צוויי שטאַ־טען, וואָס כדי נישט צו טרעפען זיך מיט א סכנה אין דער צייט פון א מלחמה־קריזיס, אָדער מחמת עפּעס אַן אַנדער נוצען, שליסען זיי אָן אָפּמאַך נישט אַנצוטאָן זיך איינע די אַנדערע קיין שאָדען, נאָר, פאַרקערט, זיך העלפען אין פאַל פון נויט, אָבער אַזוי, אַז יעדער צד זאָל דערביי דערהאַלטען זיין אייגענע מלוכה־מאַכט. דער דאָזיגער אָפּמאַך וועט אַזוי לאַנג האָבען א קיום, ווי לאַנג עס וועט זיין בנמצא דער יסוד, וואָס פון אים איז ער אַנטשטאַנען, ד. ה. א סיבה פון סכנה, אָדער א מאָטיוו פון ניצליכקייט, ווייל קיינער שליסט נישט קיין אָפּ־מאַך און איז אויך נישט געצוואונגען צו האַלטען אָפּמאַכען אַנדערש, ווי נאָר אין דער האָפענונג פאַר א געוויס גוט, אָדער אויס מורא פאַר עפּעס אַן איבעל. ווען דער דאָזיגער יסוד פאַלט אַוועק, ווערט דער אָפּמאַך בטול פון זיך אַליין, ווי די ערפאַרונג לערנט אונז דאָס איבער־גענונג.

אין דער אמתען, הגם פאַרשיידענע מלוכות שליסען צווישען זיך אָפּמאַכען נישט איינע די אַנדערע צו שאַדען, מיען זיי זיך פונדעסט־וועגען מיט אַלע כחות נישט צו דערלאָזען, אַז איין מאַכט זאָל ווערען

גרעסער פון אַן אַנדערער, און טרויען די קעגענזייטיגע פאַרזיכערונגען נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף ווי ווייט זיי זעען קלאָר דעם ציל און דעם נוצען, וואָס יעדערער פון די צדדים האָט פון שליסען אַ בונד; אַז נישט, האָבען זיי מורא אָפּגענאַרט צו ווערען, און נישט אָן רעכט. ווער, אין דער אמתען, אויב נישט קיין נאַרישער מענש, וואָס קען נישט דאָס רעכט פון די העכסטע מעכטען, וועט זיך פאַרלאָזען אינ־גאַנצען אויף די ווערטער און די הבטחות פון איינעם, וואָס באַזיצט די מאַכט און דאָס רעכט צו טון אַלץ, וואָס עס איז גוט פאַר אים און וואָס דאָס וואוילזיין און דער נוצען פון זיין מלוכה דאַרפען זיין פאַר אים דאָס העכסטע געזעץ? און ווען מיר וועלען נאָך, אחוץ דעם, נעמען אין אַכט די פרומקייט און די רעליגיע, וועלען מיר איינזען, אַז קיין רעגירער קאָן נישט, נישט האָבענדיג באַגאַנגען דערמיט קיין פאַרברעכען, האַלטען אַ צוזאַג, וואָס קאָן ברענגען שאָדען זיין איי־גענעם שטאַט. ווייל ווען ער זעט, אַז דאָס, וואָס ער האָט צוגעזאָגט, ווערט געווענדט צום שאָדען פון זיין אייגענעם שטאַט, קאָן ער דאָס נישט האַלטען, ער זאָל נישט ברעכען דערמיט די טרייקייט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט זיינע אונטערטאַנען; די טרייקייט, וועלכע פאַר־פליכטעט אים איבער אַלץ און וואָס מען פאַרזיכערט געוויינליך הייליג אָפּצוהיטען.

א ש ו נ א איז דער, וואָס לעבט אויסער אַ שטאַט אַזוי, אַז ער אַנערקענט נישט די אויטאָריטעט פון שטאַט נישט, ווי אַ בונד־חבר, און נישט, ווי אונטערטאַן. — אין דער אמתען, נישט די שנאה מאַכט איינעם פאַר אַ שונא פון אַ שטאַט, נאָר דאָס רעכט. און דאָס רעכט פון אַ שטאַט קעגען איינעם, וואָס אַנערקענט אויף קיין אופן נישט זיין אויטאָריטעט, אפילו נישט דורך אַן אָפּמאַך, איז דאָס איי־גענע, דאָס רעכט קעגען איינעם, וואָס האָט אים אַנגעטאָן שאָדען: ער האָט דאָס רעכט צו באַשרענקען אים מיט אַלערליי מיטלען, אים אונטערוואַרפען אונטער זיך, אָדער צווינגען צו שליסען אַ בונד.

דאָס פ א ר ב ר ע כ ע ן פ ו ן מ א י ע ס ט ע ט ־ ב א ל י י ד י ־ ג ו נ ג, צולעצט, קאָן באַגאַנגען ווערען נאָר פון אונטערטאַנען אָדער בירגער, וואָס האָבען דורך אַ שטילען אָדער אויסדריקליכען אָפּמאַך איבערגעטראָגען זייער גאַנץ רעכט אויפן שטאַט. דער אונטערטאַן,

וואָס מען קאָן אים באַשולדיגען אין באַגיין אַזאַ פאַרברעכען, איז דער, וואָס האָט געפּרובט צוליב וואָסער עס איז סיבה באַהערשען דאָס רעכט פון דער העכסטער מאַכט, אָדער איבערטראָגען זי אויף אַן אַנדערען. איך זאָג: וואָס האָט געפּרובט; ווייל ווען די שולדיגע וואָלטען באַדאַרפט באַשטראָפט ווערען ערשט נאָכדעם, ווי די זאַך איז שוין אָפּגעטון געוואָרען, וואָלט דער שטאַט צום מייסטען געקומען צו שפּעט צו באַשטראָפען דעם דאָזיגען אַטענטאַט נאָכדעם, ווי די מאַכט וואָלט איבערגענומען געוואָרען פון אַן אַנדערען, אָדער אַריבערגעטראָגען געוואָרען אויף אַ דריטען. איך זאָג ווייטער אויף אַן אַבסאָלוטען אופן: וואָס האָט געפּרובט צוליב וואָסער־עס־איז סיבה באַהערשען דאָס רעכט פון דער העכסטער מאַכט, און מאַך נישט קיין שום אונטערשייד, צי עס איז דערפון אַרויסגעקומען דעם שטאַט אַ שאָדען, אָדער אַפילו אַ בפירושער נוצען. ווייל וואָס עס זאָל נישט זיין דער מאָטיוו פון זיין אונטערנעמונג, האָט ער אַלץ־איינס באַליידיגט די מאַיעסטעט פון דער מאַכט און ווערט דערפאַר מיט רעכט באַשטראָפט, — אַ זאַך, וואָס ווערט פּראַקטיצירט אין מלחמה־צייט און אָנערקענט פון יעדען איינעם פאַר זייער לעגיטים. אין דער אמתען, ווען אַ סאָלדאַט פאַרלאָזט זיין פּאָסטען און גרייפט אָן אָן דעם גענעראַל׳ס וויסען דעם שונא, איז ווען אַפילו ער האָט דאָס אונטערגענומען מיט אַ גוטער כוונה און ווען אַפילו ער האָט געשלאָגען דעם שונא, ווערט ער פונדעסטוועגען פאַרמשפּט צום טויט, ווייל ער האָט פאַרלעצט זיין שבועה און דאָס רעכט פון דעם גענעראַל.

אַז אַלע בירגער אָן אויסנאַם זיינען שטענדיג אונטערגעוואָרפען אָט־דעם גלייכען רעכט, — דאָס ווערט נישט פון יעדען איינעם קלאָר איינגעזעען, אָבער דער גרונד איז געננוי דערזעלביגער. אין דער אמתען, אַזוי ווי דער שטאַט דאַרף דערהאַלטען און געפירט ווערען נאָר דורך דעם באַשלוס פון דער העכסטער מאַכט און אַזוי ווי דאָס דאָזיגע רעכט געהערט, לויט אָן אָפּמאַך, אויסשליסליך איר אַליין, בכן האָט דער, וואָס האָט מיט זיין אייגענער אויטאָריטעט און אָן דעם וויסען פון אויבערשטען ראַט אונטערגענומען דורכצופירען אַ זאַך, וואָס איז נוגע דעם כלל, פאַרלעצט דאָס רעכט פון דער העכסטער מאַכט און באַליידיגט איר מאַיעסטעט, ווען אַפילו עס וואָלט, ווי געזאָגט, פון

זיין אונטערנעמונג זיכער ארויסגעקומען דעם שטאט א נוצען, — און ער באקומט דער פאר מיט רעכט זיין פארדינטע שטראף.

כדי צו באזייטיגען יעדען צווייפעל, פארבלייבט אונז נאך איצט איבער צו זען, צי דאס, וואס מיר האבען געזאגט אין אנהויב פון דעם דאזיגען קאפיטעל, — און דאס איז, אז דער, וואס איז נישט ביכולת צו מאכען א געברויך פון שכל, לעבט מיט דעם העכסטען רעכט פון דער נאטור אין דעם נאטירליכען צושטאנד, לויט די געזעצען פון זיין באגער, — צי איז דאס נישט אפען סותר דעם אנטפלעקטען געטליכען געזעץ? ווייל אזוי ווי אלע מענשען אן אויסנאם, — צי זיי מאכען א געברויך פון שכל, אדער נישט, — זיינען לויט דעם געטליכען געבאט, אלצאיינס מחוייב צו ליבען דעם נאענטען, ווי זיך אליין, איז קאנען מיר דען ברענגען אן אנדערען שאדען, לעבען נאר לויט די געזעצען פון באגער און נישט בייגיין דערביי קיין אומרעכט?

עס וועט אונז זיין לייכט צו ענטפערען אויף דער דאזיגער טענה, אויב נאר מיר וועלען גוט אין זינען האבען דעם נאטירליכען צושטאנד, ווייל דער נאטירליכער צושטאנד גייט סיי לויט דער נאטור און סיי לויט דער צייט פאראויס פון דער רעליגיע. אין דער אמתען, קיינער וויים נישט פון דער נאטור אויס, אז ער איז פארפליכטעט צו וואסער־עס־איז געהארכיגקייט צו גאט, ער קאן אפילו באין אופן נישט באנעמען דאס מיטן שכל, אבער יעדער איינער קאן קומען דערצו דורך אן אנטפלעקונג, וואס ווערט באשטעטיגט דורך צייכענס. דעריבער איז קיינער פאר דער אנטפלעקונג נישט פארבונדען דורכן געטליכען רעכט, וואס ער קען עס נאך נישט וויסען; און מחמת דעם דארף מען באין אופן נישט פארמישען דעם נאטירליכען צושטאנד מיטן רעליגיעזען, נאר באנעמען דאס אן רעליגיע און אן געזעץ און ממילא אויך אן זינד און אן אומרעכט, ווי מיר האבען דאס שוין געהאט געטאן, אונטערשטיטצענדיג אונזער מיינונג דורך פולוס׳עס אויטאריטעט.

אבער נישט בנוגע דעם נישט־וויסען אליין באנעמען מיר דעם נאטור־צושטאנד פאר און אן דעם אנטפלעקטען געטליכען געזעץ, נאר אויך בנוגע דער פרייקייט, אין וועלכער אלע מענשען ווערען געבוירען. אין דער אמתען, ווען אלע מענשען וואלטען פון דער נאטור אויס געווען פארפליכטעט צו געהארכען דעם געטליכען געזעץ, אדער

ווען דאַס געטליכע רעכט וואָלט געווען דאַס נאַטירליכע רעכט, וואָלט געווען איבעריג, אַז גאָט זאָל שליסען אַ בונד מיט די מענשען און זיי פאַרפליכטען דורך אַן אַפּמאַך מיט אַ שבועה. מען מוז, דעריבער, אבסאָלוט צוגעבען, אַז דאַס געטליכע רעכט האָט זיך אָנגעהויבען פון דעם טאָג אָן, ווען די מענשען האָבען דורך אַן אויסדריקליכען אַפּמאַך צוגעזאָגט צו געהאָרכען גאָט אין אַלץ, וואָס דערמיט האָבען זיי אויך אויפגעגעבען אין אַ געוויסער מאָס זייער נאַטירליכע פרייקייט און איבערגעטראָגען זייער רעכט אויף גאָט, ווי דאַס קומט פאָר, לויט אונזערע פריערדיגע אויספירונגען, אין דעם בירגערליכען שטאַנד. אַבער וועגען דעם וועל איך ריידען נאָך מער באריכות אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען.

מען וועט מיר אפשר באַמערקען, אַז די העכסטע מעכטען זיינען פונקט אַזוי אונטערגעוואָרפען אַט־דעם געטליכען רעכט, ווי די אונטערטאַנען, בעת איך האָב געזאָגט, אַז זיי דערהאַלטען פאַר זיך דאַס נאַטירליכע רעכט און אַז אַלץ איז זיי פון רעכט וועגען דערלויבט. כדי צו באַזייטיגען אינגאַנצען די דאָזיגע שוועריגקייט, וועלכע שטאַמט נישט אַזוי פון דעם נאַטירליכען צושטאַנד, ווי פון דעם נאַטירליכען רעכט, זאָג איך, אַז יעדער מענש מוז אין נאַטור־צושטאַנד לעבען, לויטן אַנטפּלעקטען רעכט, צוליבן זעלביגען גרונד, וואָס ער מוז לעבען, לויט די פאַרשריפטען פון געזונטען שכל, און דאָס איז דערפאַר, ווייל דאָס איז פאַר אים ניצליכער און אויך נויטיג פאַר זיין דערהאַלטונג. אויב ער וויל עס נישט טון, קען ער, אַבער אויף זיין אייגענער ריזיקע און געפאַר. ער דאַרף אויך לעבען נאָך זיין אייגענעם באַשלוס און נישט נאָכן באַשלוס פון אַן אַנדערען; און נישט אַנערקענען קיין שום בשר ודם פאַר אַ שופט, אָדער פאַר אַ לעגיטימען פאַרטיידיגער פון דער רעליגיע. אַט־דאָס, באַהויפּט איך, איז דאָס רעכט, וואָס די העכסטע מאַכט האָט עס דערהאַלטען פאַר זיך, ווייל הגם די העכסטע מאַכט קאָן זיך ווענדען צו מענשען נאָך אַן עצה, דאַרף זי אַבער קיינעם נישט אַנערקענען פאַר אַ שופט און קיין שום בשר ודם נישט, אויסער זיך, וואָס זאָל זיך נוקם זיין פאַר וועלכען־עס־איז רעכט, נאָר נישט מער, ווי אַ נביא, וואָס איז בפירוש געשיקט געוואָרען פון גאָט און וועט דאָס באַווייזען דורך זיכערע צייכענס. אַבער אויך דאַ איז די העכסטע מאַכט נישט געצוואונגען צו אַנערקענען פאַר

אַ שופט אַ מענשען, נאָר גאָט אַליין. אויב די העכסטע מאַכט וויל ניט געהאָרכען גאָט אין זיין אַנטפּלעקטען רעכט, איז דאָס איר דער־לויבט צו טון, אָבער אויף איר אייגענער ריזיקע און געפאַר; ניט דאָס בירגערליכע און ניט דאָס נאַטירליכע רעכט קאָנען זי דערצו צווינגען. וויל דאָס בירגערליכע רעכט ווענדט זיך נאָר אָן איר איי־גענעם באַשלוס, און וואָס איז שייך דעם נאַטירליכען רעכט, ווענדט זיך עס אָן די געזעצען פון דער נאַטור, וועלכע זיינען צוגעפּאַסט ניט צו דער רעליגיע, וואָס איר ציל איז נאָר דאָס, וואָס איז ניצליך פאַר דעם מענשליכען מין, נאָר צו דעם סדר פון דער נאַטור איננאַנצען, ד. ה. צו גאָט'ס אייביגען, אונז אומבאַקאַנטען באַשלוס. דאָס, ווייזט אויס, האָבען אויף אַ גאַנץ טונקעלען אופן באַגריפען איניגע פּערזאָ־נען, דערקלערענדיג, אַז דער מענש קאָן טאַקע זינדיגען קעגען גאָט'ס אַנטפּלעקטען ווילען, אָבער ניט געגען זיין אייביגען באַשלוס, דורך וועלכען ער האָט פאָראויסבאַשטימט.

מען וועט אָבער פרעגען: וואָס זאָל מען טון, ווען די העכסטע מאַכט באַפעלט עפּעס אַזוינס, וואָס איז קעגען דער רעליגיע און קעגען דער געהאָרכיגקייט, וואָס מיר האָבען צוגעזאָגט גאָט דורך אַ פאַר־מעלען אָפּמאַך? צי זאָלען מיר געהאָרכען דעם געטליכען באַפעל, אָדער דעם באַפעל, וואָס גייט אַרויס פון מענשען?

אַזוי ווי איך האָב באַשלאָסען צו באַהאַנדלען דעם דאָזיגען עניין באַריכות אין די ווייטערדיגע קאַפּיטלען, וועל איך דאָ נאָר זאָגען אין עטליכע ווערטער, אַז מען מוז קודם כל געהאָרכען גאָט, ווען מיר האָבען אַ זיכערע און אומצווייפעלהאַפטיגע אַנטפּלעקונג. אַזוי ווי אָבער די מענשען נאַרען זיך געוויינליך שטאַרק אָפּ בנוגע דער רעליגיע און טראַכטען אויף צו להכעיס צו אַ מאַסע זאַכען, לויט דער פאַר־שיידענקייט פון זייערע כאַראַקטערען, ווי די ערפאַרונג באַשטעטיגט דאָס איבערגענוג, בכן איז עס זיכער, אַז ווען קיינער וואָלט ניט געווען געצוואונגען אין זיין רעכט צו געהאָרכען דער העכסטער מאַכט אין זאַכען, וואָס געהערען, לויט זיין מיינונג, דעם געמיט פון רעלי־גיע, וואָלט דאָס רעכט פון שטאָט זיך דאַן געווענדט אָן יעדען איינעמ'ס פאַרשיידענע אורטיילען און ליידענשאַפטען. וויל קיינער וואָלט זיך ניט געהאַלטען געבונדען דורך אַ רעכט, וואָס וואָלט, לויט זיין מיי־נונג, געווען אין ווידערשפּרוך מיט זיין גלויבען און אָבערגלויבען, און

יעדער איינער וואָלט אונטער דעם דאָזיגען אויסרייד געקאָנט זיך אָלצ־דינג דערלויבען. אַזוי ווי, אַלזוי, דאָס רעכט פון שטאַט וואָלט אַזוי אַרום אינגאַנצען צושטערט געוואָרען, איז דערפון גערדרונגען, אַז דער העכסטער מאַכט, וואָס נאָר זי אַליין איז מסוגל סיי לויט דעם געט־ליכען, אַזוי אויך לויט דעם נאַטירליכען רעכט, אויפצוהיטען און צו שיצען די געזעצען פון שטאַט, — אַז דער העכסטער מאַכט געהערט דאָס העכסטע רעכט צו באַשטימען אין רעליגיעזע ענינים, וואָס זי האָלט פאַר גוט, און אַז יעדער איינער איז מחויב צו געהאָרכען אירע באַפעלען און דעקרעטען בנוגע דעם מחמת דעם צוזאָג פון טרייקייט, וואָס איז איר געגעבען געוואָרען און וועלכען גאָט הייסט אַבסאָלוט האַלטען.

אויב די, וואָס באַזיצען די העכסטע מאַכט, זיינען היידען, דאַרף מען נישט שליסען מיט זיי קיין שום אָפּמאַך, נאָר זיין גיכער אַנט־שלאָסען איבערצוקומען דאָס ערגסטע, איידער איבערצוטראָגען אויף זיי דאָס אייגענע רעכט. אויב אָבער מען האָט שוין געשלאָסען אַן אָפּמאַך און איבערגעטראָגען אויף זיי דאָס אייגענע רעכט, מוז מען, היות מען האָט שוין דערמיט אַליין זיך באַרויבט פון דעם רעכט צו באַשיצען זיך און די רעליגיע, זיי געהאָרכען און זיי פאַרבלייבען גע־טריי, אָדער זיך לאָזען צווינגען דערצו. אַן אויסנאַם איז דער פאַל, ווען גאָט האָט דורך אַ זיכערער אַנטפּלעקונג צוגעזאָגט זיין באַזונ־דערע הילף קעגען דעם טיראַן, אָדער געוואָלט עמיצען אויסדריקליך אויסשליסען דערפון.

אויף אַזאַ אופן זעען מיר, אַז פון אַזוי פיל יידען, וואָס זיינען געווען אין בבל, האָבען נאָר דריי יונגעלייט, וועלכע האָבען נישט גע־צווייפעלט אין גאָט׳ס הילף, זיך אָפּגעזאָגט צו געהאָרכען נבוכדנאצרן. וואָס איז שייך די איבעריגע, מיט דער אויסנאַם פון דניאלן, וואָס דער קיניג האָט אים פאַרערט, זיינען זיי געווען געהאָרכיג, געצוואונגען אַז צווייפעל דורך דעם רעכט. זיי האָבען אַוודאי געמוזט דענקען, אַז זיי זיינען אונטערטעניג דעם קיניג, לויט גאָט׳ס באַשלוס, און אַז דער קיניג האָט באַקומען די מלוכה־מאַכט און זי דערהאַלטען דורך דער געטליכער לייטונג. אַקעגען־אָבער האָט אליעזר, וואָס זיין פאַטער־לאַנד האָט זיך נאָך געהאַלטען אויף די פיס, נישט געקוקט אויף זיין קלעגליכען מצב, געוואָלט געבען די ייִנגע אַ ביישפּיל פון שטאַנד־

האפטיגקייט, כדי זיי זאלען, פאלגענדיג זיין ביישפיל, בעסער אלצ־דינג איבערקומען, איידער זיי זאלען לאזען אריבערטראגען אויף די גריכען זייער רעכט און זייער מאכט, און כדי זיי זאלען בעסער אי־בערקומען כל ענויים קשים און נישט זיין געצוואונגען צו שווערע טרייקייט די היידען.

אויך די ערפארונג באשטעטיגט דאס יעדען טאג. אין דער אמתען, די קריסטליכע מאכטהאבער שטעלען זיך גארנישט אפ צוליב דער גרעסטער זיכערקייט פון זייערע שטאטען צו שליסען א בונד מיט די טערקען און היידען און צו באפאלען זייערע אונטערטאנען, וואס לאזען זיך אוועק אין די דאזיגע לענדער, זיי זאלען סיי אין וועלטליכע, סיי אין רעליגיעזע ענינים נישט נעמען זיך מער פרייקייט, ווי די, וואס איז זיי אויסדריקליך געגעבען דורך אפמאכען, אדער וואס יענע מלוכות דערלויבען. דאס ווייזט, למשל, דער אפמאך צווישען די נידערלענדער מיט די יאפאנעזער, וועגען וועלכען מיר האבען גערעדט אויבען.

---

## קאפיטעל זיבעצען.

עס ווערט געוויזען, אז קיינער קאן נישט איבערטראגען אויף דער העכסטער מאכט אלע זיינע רעכט און אז דאס איז אויך נישט נויטיג. וועגען דעם שטאט פון די העברעער: וואס ער איז געווען ביי משה'ס לעבען און וואס ער איז געווען נאך זיין טויט, איידער עס זיינען דערוויילט געווארען מלכים; וועגען זיינע מעלות און, צולעצט, ווי אזוי עס איז געשעען, אז א געטליכער שטאט זאל קאנען אונטערגיין און אזוי פיל אויפ־שטענדען זאלען האבען אין אים פארגעקומען.

די טעאריע פון דעם פאריגען קאפיטעל וועגען דעם רעכט פון די העכסטע מעכטען אויף אלץ און וועגען דעם נאטירליכען רעכט פון יחיד, וואס ווערט אויף זיי איבערגעטראגען, איז, אמת, אין פולען הסכם מיט דער פראקטיק, און די פראקטיק קאן אוודאי אזוי איינגע־

שטעלט ווערען, אז זי זאָל אַלץ מער און מער זיך דערנעענטערען צו איר, און דאָך וועט די דאָזיגע טעאָריע שטענדיג פאַרבלייבען אין אַ סך פּונקטען אַ ריין ספּעקולאַטיווע. ווייל קיינער וועט קיינמאָל נישט קאָנען איבערטראָגען זיין מאַכט און ממילא אויך נישט זיין רעכט אויף אַן אַנדערען אַזוי, אַז ער זאָל אויפהערען צו זיין אַ מענש; און עס וועט קיינמאָל אויך נישט זיין אַזאַ העכסטע מאַכט, וואָס זאָל אַלצדינג קאָנען אויספירען אַזוי, ווי זי וויל. אומזיסט וואָלט זי באַפוילען אַן אונטערטאַן פיינט צו האָבען דעם, וואָס האָט אים גוטס געטאָן, צו ליבען דעם, וואָס האָט אים געטאָן שלעכטס, נישט צו פילען זיך באַליידיגט פון עוולות, נישט צו וועלען אויס מורא באַפרייט ווערען און נאָך פיל אַנדערע אַזוינע זאַכען, וואָס פאָלגען נויטיגערהייט פון די געזעצען פון דער מענשליכער נאַטור. די ערפאַרונג לערנט דאָס, נאָך מיין מיינונג, זייער קלאָר. קיינמאָל האָבען די מענשען נישט אָפּגעטראָטען זייער רעכט און קיינמאָל האָבען זיי נישט איבערגעטראָגען זייער מאַכט אויף אַן אַנדערען אַזוי, אַז די לייט גופא, וואָס האָבען באַקומען פון זיי דאָס רעכט און די מאַכט, זאָלען פאַר זיי נישט מורא האָבען און אַז די רעגירונג זאָל נישט שטיין אין סכנה מער דורך די בירגער גופא, הגם זיי זיינען לויז פון זייער רעכט, ווי דורך די דרויסענדיגע שונאים. און באמת, ווען די מענשען וואָלטען געקאָנט בארויבט ווערען פון זייער נאַטירליכען רעכט ביז צו אַזאַ גראַד, אַז זיי זאָלען דערנאָך מער קיין זאַך נישט קאָנען טון, ווי נאָר דורך דעם ווילען פון די, וואָס באַזיצען דאָס העכסטע רעכט, וואָלט דאָן געווען דערלויבט צו הערשען אומבאַשטראָפט איבער די אונטערטאַנען מיט דער גרעסטער אכזריות, — אַ מיינונג, וואָס וועט גאָר קיינעם גלויב איך, נישט קומען אויפן זינען. מען דאַרף, אַלזוי, צוגעבען, אַז יעדער איינער דערהאַלט פאַר זיך זיין רעכט אויף אַ סך זאַכען, וועלכע ווענדען זיך, דעריבער, נאָר אַן זיין אייגענעם באַשלוס און נישט אַן דעם באַשלוס פון אַן אַנדערען.

כדי מען זאָל אָבער וויסען גענוי, ווי ווייט עס ברייט זיך אויס דאָס רעכט און די מאַכט פון דער רעגירונג, דאַרף מען באַמערקען, אַז די מאַכט פון דער רעגירונג באַשטייט נישט אין דעם אַליין, וואָס זי קאָן צווינגען די מענשען דורך מורא, נאָר בכלל אין אַלע מיטלען, וואָס מיט זייער הילף קאָן זי דערגרייכען, אַז די מענשען זאָלען גע־

האַרכען אירע באַפעלען. ווייל נישט דער גרונד פון געהאָרכיגקייט מאַכט דעם אונטערטאַן, נאָר די געהאָרכיגקייט גופא. וואָס עס זאָל נישט זיין דער גרונד, וואָס לאָזט אַ מענשען זיך אַנטשליסען אויס־צופירען די באַפעלען פון דער העכסטער מאַכט, — צי דאָס איז אויס מורא פאַר אַ שטראָף, צי דאָס איז דערפאַר, ווייל ער האָפט אויף עפּעס אַ נוצען, צי דאָס איז אויס ליבע צום פאָטערלאַנד, אָדער באַ־וועגט פון יעדען אַנדער מאָטיוו, — אַנטשליסט ער זיך אַלעמאָל דערצו דורך זיין אייגענער החלטה, און דאָך האַנדעלט ער נאָכן באַ־פעל פון דער העכסטער מאַכט. דערפון, וואָס איינער טוט עפּעס אַ זאַך אויף זיין אייגענעם באַשלוס, דאַרף מען נאָך נישט גלייך מאַכען דעם אויספיר, אַז ער האַנדעלט דורך זיין אייגענעם ווילען און נישט דורכן ווילען פון דער רעגירונג. ווייל ווען דער מענש וואָלט שטענ־דיג געהאַנדעלט דורך זיין אייגענער החלטה און ישוב־הדעת, צי ער וואָלט דערצו געצוואונגען געוואָרען דורך ליבע, אָדער דורך דער מורא פאַר אַן איבעל, וואָלט דאָן נישט געווען קיין שום רעגירונג־מאַכט און קיין שום רעכט איבער די אונטערטאַנען, אָדער די דאָזיגע מאַכט וואָלט נויטיגערהייט געמוזט זיך אויסברייטען אויף אַלע מיטלען, דורך וועלכע עס וואָלט געקאָנט אויסגעווירקט ווערען, אַז די מענשען זאָלען זיך אַנטשליסען איר צו געהאָרכען. אַלזוי, אַלץ, וואָס אַן אונטערטאַן טוט אין הסכם מיט די געבאָטען פון דער העכסטער מאַכט, — צי טוט ער עס אויס ליבע, אָדער אויס מורא, אָדער (וואָס דאָס קומט נאָך אָפטער פאַר) דורך האָפענונג און מורא צוזאַמען, אָדער אויס יראת הכבוד, אַ געפיל, וואָס איז אַ געמיש פון מורא און באַוואונדערונג, אָדער דורך וואָסער־עס־איז אַנדער מאָטיוו, — טוט ער דאָס, לויטן רעכט פון דער רעגירונג און נישט לויט זיין אייגענעם רעכט. דאָס איז אויך צו זען זייער קלאָר דערפון, וואָס די געהאָרכיגקייט איז נישט אַזוי פיל נוגע דער אויסערער, ווי דער אינעווייניגסטער האַנדלונג פון דער נשמה. און דעריבער איז ד ע ר מענש מער פון אַלץ אונטער־געוואָרפען דער הערשאַפט פון אַן אַנדערען, וואָס ער איז גרייט צו געהאָרכען מיטן גאַנצען האַרצען דעם אַנדערענ׳ס אַלע געבאָטען, און ממילא האָט די גרעסטע מאַכט דער, וואָס ער הערשט איבער די הער־צער פון די אונטערטאַנען. ווען די גרעסטע מאַכט וואָלט געווען אין די הענט פון מענשען, וואָס מען האָט פאַר זיי צום מייסטען מורא,

וואָלטען די העכסטע מאַכט זיכער געהאַט די אונטערטאַנען פון אַ טיראַן, ווייל פאר קיין זאַך שרעקען זיך נישט אַזוי די טיראַנען, ווי פאר זייערע אונטערטאַנען. און הגם עס איז, ווידער, נישט מעגליך צו באַהערשען די הערצער אַזוי, ווי די צונגען, זיינען פונדעסטוועגען אויך די הערצער אין אַ געוויסען פרט אונטער דער הערשאַפט פון דער העכסטער מאַכט, ווייל זי קאַן אויף פאַרשיידענע אופנים ברענגען דערצו, אַז דאָס רוב מענשען זאָלען גלויבען, ליבען, האַסען און אַ. וו. אַלץ, וואָס זי וויל. און כאָטש די דאָזיגע נשמה־באַוועגונגען מאַני־פעסטירען זיך נישט דורך אַ דירעקטען באַפעל פון דער העכסטער מאַכט, ווערען זיי פונדעסטוועגען אָפטמאָל, ווי די ערפאַרונג לערנט עס איבערגענוג, באַווירקט דורך דער אויטאָריטעט פון איר מאַכט און דורך איר רעגירונג, ד. ה. דורך איר רעכט. און דעריבער קאָנען מיר אָן יעדען ווידערשטאַנד פון אונזער שכל זיך פאַרשטעלען מענ־שען, וואָס גלויבען, ליבען, האַסען, פאַראַכטען און ווערען בכלל אַנ־גערעגט מיט אַלע מינים געפילען דורך דער השפעה אליין פון דער שטאַט־מאַכט.

הגם אָבער דאָס רעכט און די מאַכט פון שטאַט זיינען, לויט אונזער אויפפאַסונג, זייער שטאַרק אויסגעברייט, וועלען זיי פונדעסט־וועגען קיינמאָל נישט זיין אַזוי גרויס, אַז די, וואָס באַזיצען זיי, זאָלען האָבען די אומבאַשרענקטע מאַכט צו טון אַלץ, וואָס זיי ווילען. און דאָס, גלויב איך, האָב איך שוין גענוג קלאָר אויפגעוויזען. ווי אַזוי אָבער אַ רעגירונג וואָלט באַדאַרפט איינגעריכטעט ווערען, כדי זי זאָל שטענדיג בלייבען געזיכערט, — דאָס האָב איך איצט נישט בדעה מסביר צו זיין, ווי איך האָב דאָס שוין באַמערקט אויבען. כדי אָבער צו קומען צום ציל, וואָס איך שטעל זיך דאַ, וועל איך דאַ פונדעסטוועגען אויפמערקזאַם מאַכען אויף די פאַרשריפטען צו דעם דאָזיגען ציל, וואָס די געטליכע אַנטפּלעקונג האָט זיי אַמאָל געלערנט משהן. מיר וועלען דערנאָך באַטראַכטען די געשיכטע פון די העברעער און די הצלחה, וואָס זיי האָבען געהאַט אין זייערע ענינים, כדי צו מאַכען, צולעצט, דערפון דעם אויספיר, וועלכע עס זיינען די רעכט, וואָס די העכסטע מעכטען דאַרפען דער עיקר געבען די אונטערטאַנען, כדי דער שטאַט זאָל קאָנען געדייען און פאַרבלייבען אין דער גרעס־טער זיכערקייט.

אז די דערהאלטונג פון שטאט ווענדט זיך דער עיקר אז דער טרייקייט פון די אונטערטאנען, אז זייערע מדות טובות און אז זייער פעסטקייט אין אויספירען די באפעלען, וואס ווערען זיי געגעבען. — דאס לערנען אויפן דייטליכסטען אופן דער שכל און די ערפארונג. ווי אזוי אבער די אונטערטאנען דארפען געפירט ווערען, כדי זיי זא־לען זיין שטאנדהאפטיג אין זייער טרייקייט און טוגענד, — דאס איז נישט אזוי לייכט צו זען. אין דער אמתען, אלע, סיי די, וואס רע־גירען, סיי די, וואס ווערען רעגירט, זיינען מענשען, ד. ה. וועזענס, וואס ווערען לייכט געצויגט צו שלעכטע געפילען. און די, וואס האבען דערקענט דעם פילפאך־פארענדערליכען גייסט פון דער מאסע, זיינען זיך כמעט מייאש צו קאנען זי פירען צו דעם דאזיגען רעזול־טאט, ווייל זי ווערט נישט באהערשט פון שכל, נאר פון איר ליידענ־שאפט, ווערט שנעל מיטגעריסען פון אלץ און זייער לייכט באהערשט פון גייציגקייט אדער לוקסוס. יעדערער האלט זיך פארן אלוויסענ־דיגען און וויל אלצדינג האבען איינגעריכטעט, לויט זיין כאראקטער; יעדערער באטראכט א זאך פאר גערעכט אדער אומגערעכט, פאר דערלויבט אדער פארבאטען, נאר אויף ווי ווייט זי לאזט זיך אויס צו זיין פאר אים אליין ניצליך, אדער שעדליך; מחמת אייטעלקייט פאראכט יעדערער זיינס גלייכען און לאזט זיך פון קיינעם נישט פי־רען; אויס קנאה צו אן אנדערענ׳ס גרעסערען אנזען, אדער גרעסער גליק (און זיי זיינען דאך קיינמאל נישט גלייך) ווינשט יעדערער דעם אנדערען בייז און פרייט זיך מיט זיין אומגליק. עס איז נישט נויטיג אויסצורעכענען ווייטער דעם דאזיגען צעטעל. אלע ווייסען, צו וועל־כע פארברעכענס דער ווידערווילען צו דער ווירקליכקייט, די בענק־שאפט נאך נייאיגקייטען, דער בלינדער צארן און די פאראכטונג פון ארעמקייט פירען אפט די מענשען און ווי העפטיג אט־די אלע שוואכ־קייטען דערגרייפען און רעגען אויף זייערע זעלען. צו פארמיידען די דאזיגע אלע איבלען און אוועקשטעלען די רעגירונג אזוי, אז עס זאל נישט בלייבען קיין פלאץ פאר שווינדעל; נאך מער, איינצוריכטען אלע זאכען אויף אזא אופן, אז יעדער איינער, וואס עס זאל נישט זיין זיין כאראקטער, זאל שטעלען טובת הכלל העכער פון זיין פערזענ־ליכען נוצען, — אט־דאס איז אן ארבעט, אין אט־דעם איז די שווער־קייט פון דער אונטערנעמונג! די נויט פון די אומשטענדען האט

אמת טאַקע, געצוואונגען אויסצוטאַרכטען אַ סך מיטלען, אָבער קיינ־מאָל האָט מען די זאַך נישט געבראַכט אַזוי ווייט, אַז דער שטאַט זאָל נישט זיין אין סכנה מער מצד די בירגער אַליין, ווי מצד די דרויסענדיגע שונאים, און אַז די מאַכטהאָבער זאָלען זיך נישט שרעקען פאַר די ערשטע מער, ווי פאַר די אַנדערע. דערויף זאָגט עדות די רעפּובליק פון די רוימער, די אומבאַזיגליכע אַקעגען אירע שונאים, וועלכע איז אַזוי פיל מאָל באַזיגט און שווער געדריקט געוואָרען פון אירע בירגער, דערהויפּט אין דעם בירגער קריג פון וועספּאַסיאַן קעגען וויטעליוסען. זע וועגען דעם ביי טאַציטוסען, אין אָנהויב 4-טען בוך פון זיין געשיכטע, וואו ער שילדערט דעם יאָמערליכען אויסזען פון דער שטאַט.

אַלכסנדר (זאָגט קורציוס צום סוף פון בוך VIII) האָט געזוכט צו באַקומען אַ שם צווישען זיינע מיטבירגער מער, ווי צווישען זיינע שונאים, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז די ערשטע וואָלטען אים לייכט געקאָנט אַראָפּזעצען פון זיין גדולה. און מורא האָבענדיג פאַר אַזאַ מזל, ווענדט ער זיך צו זיינע פריינט מיט אָט־די ווערטער: „שטעלט איר מיך נאָר זיכער אַקעגען די היימישע רמאית און אַקעגען די נעצען פון מיין סביבה; די געפאַרען פון מלחמה און שלאַכטען וועל איך שוין באַגעגענען גאָר אָן פּחד. פיליפּ איז אין דער מיט פון זיין חייל געווען זיכערער, ווי אין טעאַטער. ער האָט אָפטמאָל אויסגעמיטען די קלעפּ פון די שונאים; ער איז אָבער נישט געווען ביכולת אויסצואויסייכען די קלעפּ פון זיינע אייגענע. אויב איר וועט אויך דענקען וועגען דעם סוף פון אַנדערע קיניגען, וועט איר זען, אַז עס זיינען צווישען זיי געווען מער אַזוינע, וואָס זיי זיינען אומגעבראַכט געוואָרען פון זייערע אייגענע אונטערטאַנען, ווי פון זייערע שונאים (זע קווינט־קורציוס, בוך IX, קאַפּ. VI).

אויפן זעלביגען סמך האָבען אויך די קיניגען, וועלכע האָבען פאַר־צייטענס פאַרכאַפּט מיט געוואַלט די מאַכט, זיך געמיט פון זיכערקייט וועגען איינצורעדען דאָס פאָלק, אַז זייער יחוס ציט זיך פון די אומ־שטערבליכע געטער. און דאָס איז דערפאַר, ווייל זיי האָבען בלי ספק געגלויבט, אַז זייערע אונטערטאַנען און אַנדערע וועלען זיך בעסער לאָזען רעגירען פון זיי און זיך לייכטער אונטערוואַרפען אונטער זיי, אויב זיי וועלען זיי נישט באַטראַכטען פאַר גלייכע, נאָר פאַר געטער.

אויף אזא אופן האט אויגוסטוס איינגערעדט די רוימער, אז ער שטאמט פון ענעאסען, וואס מען האט אים געהאלטען פאר ווענוסעס זון און וועלכער איז צוגערעכענט געווארען צו די געטער: „ער האט געוואלט פארערט ווערען אין די טעמפלען, און ביי די בילדער פון די געטהייטען דורך כל המינים פריסטער". (טאציטוס, אנאלען, בוך I).

אלכסנדר האט געוואלט, מען זאל אים סאלוטירען, ווי יופיטער'ס זון. דאס איז באמת געווען נישט מחמת גאווה, נאר ווייל ער האט געהאט דערצו זיין באזונדערע כוונה, ווי דאס ווייזט זיין ענטפער אויף הערמאלאוס'עס פארוואורף: „איז עס דען, — זאגט ער, — נישט געווען במעט א זאך פון חוזק, וואס הערמאלאוס האט פארלאנגט פון מיר, איך זאל זיך אפקערען פון יופיטערן, וואס זיין אראקל האט מיך אנערקענט פאר זיין זון? זייגען דען אויך גאט'ס ענטפערס אין מיין מאכט? אויב יופיטער האט מיר אנגעבאטען דעם נאמען זון, איז עס געווען אויפן פלאץ דאס אנצונעמען (מ ע ר ק ט ע ס א י י ך ג ו ט!) צוליבן ציל, וועלכען מיר פארפאלגען. זאל וואוילגעפעלען דעם הימעל, אז אויך די אינדער זאלען מיך האלטען פאר א גאט! דער רום באשטימט דעם מזל פון שלאכטען און א פאלשער גלויבען האט אפטמאל פארנומען דעם פלאץ פון אמת" (קורציוס, בוך VIII, 8 §). מיט די דאזיגע עטליכע ווערטער הויבט אלכסנדר אן איינ־ריידען אויף א געשיקטען אופן די אומוויסענדיגע אין א פאראויס־געזעצטער זאך און ער טייט אן אין דערזעלביגער צייט אויף דער סיבה פון זיין גענארעריי. דאס אייגענע האט אויך געטאן קלעאן אין זיין רעדע, מיט וועלכער ער האט זיך געמיט איבערצוריידען די מאצע־אניער, זיי זאלען זיך שטעלען אויף דער זייט פון זייער קיניג. אין דער אמתען, נאכדעם, ווי ער האט דער דאזיגער פיקציע געגעבען א שיין פון אמת, דערציילענדיג מיט באוואונדערונג וועגען אלכסנדר'ס גלאריע און אויסרעכענענדיג זיינע פארדינסטען, גייט ער אריבער צו דער ניצליכקייט פון דעם ענין מיט אט־די ווערטער: „נישט נאר מחמת פרומקייט אליין פארערען די פערזער זייערע קיניגען צוגלייך מיט געטער, נאר אויך מחמת קלוגשאפט, ווייל די מאיעסטעט איז דער שוצגייסט פון וואוילזיין". און ער ענדיגט דערמיט, וואס ער אליין וועט פאלען צו דער ערד, ווען דער קיניג וועט אריינקומען אין זאל פון פעסט, און די אנדערע, דער עיקר די מענשען, וואס זיינען בא־

גאָבט מיט חכמה, דאַרפֿען נאָכטון זיין ביישפּיל" (זע קווינט־קורציוס, בוך VIII, 5 §).

די מאַצעדאָניער זיינען אָבער געווען צו קלוג, זיי זאָלען אים הערען. און מענשען, אויב נאָר זיי זיינען נישט אינגאַנצען אומגע־בילדעט, לאָזען זיך נישט אַזוי אָפֿען אָפּנאַרען און ווערען פֿון אונטער־טאַנען שקלאַפֿען, אומניצליכע פֿאַר זיך אַליין. אַנדערע אָבער האָבען זיך געלאָזט לייכטער איבעררעדען, אַז די קיניגליכע מאַיעסטעט איז הייליג און פֿאַרטרעט גאָט'ס שטעל אויף דער ערד, אַז זי איז עטאַב־לירט פֿון גאָט און נישט דורך דער אויסדערוויילונג און צושטימונג פֿון מענשען, און אַז זי ווערט געשיצט און דערהאַלטען דורך אַ באַ־זונדער השגחה און דורך גאָט'ס באַזונדערען שוץ. און אויף אַט־אַזאַ אופֿן האָבען די קיניגען פֿאַר דער זיכערקייט פֿון זייער מאַכט אויס־געטראַכט נאָך פֿיל אַנדערע אַזוינע גענאַרערייען. איך וועל אָבער דאָס אַלץ לאָזען אַן אַ זייט און וועל דאָ, כדי צו קומען צום ציל, וואָס איך האָב זיך פֿאַרנומען, אונטערזוכען און באַהאַנדלען, ווי געזאָגט, נאָר דאָס, וואָס די געטליכע אַנטפּלעקונג האָט פֿאַר דעם דאָזיגען ציל אַמאָל געלערנט משהן.

מיר האָבען שוין געזאָגט פֿריער, אין קאַפּיטעל V, אַז נאָך יציאת מצרים זיינען די העברעער מער נישט געווען געבונדען אָן די געזע־צען פֿון אַן אַנדער פֿאָלק, נאָר אַז עס איז זיי געווען דערלויבט אויפֿ־צושטעלען, אויף זייער פֿאַרלאַנג, נייע געזעצען און איינעמען די לענדער, וואָס זיי האָבען געוואָלט. אין דער אמתען: באַפֿרייט פֿון דעם אומדערטרעגליכען דרוק פֿון די מצריים און נישט פֿאַרפּליכטעט צו קיינעם דורך וואָסער־עס־איז אָפּמאַך, האָבען זיי צום צווייטען מאָל באַקומען זייער נאַטירליך רעכט אויף אַלצדינג, וואָס עס איז געווען אין זייער מאַכט, און יעדער איינער פֿון זיי האָט געקאָנט פֿון־דאָס־ניי זיך איבערלייגען, צי ער זאָל דאָס דאָזיגע רעכט אויפֿהיטען פֿאַר זיך, אָדער עס אָפּטרעטען און איבערטראָגען אויף אַן אַנדערען. אין דעם דאָזיגען נאַטירליכען צושטאַנד האָבען זיי, אַלזוי, באַשלאָסען, אויף משה'ס ראַט, וואָס אַלע האָבען געהאַט צו אים דעם גרעסטען צוטרוי, נישט איבערצוטראָגען זייער רעכט אויף קיין מענשען, נאָר בלויז אויף גאָט; און אַלע האָבען גלייך בקול אחד צוגעזאָגט גאָט צו גע־האָרכען אַלע זיינע באַפֿעלען און נישט צו אָנערקענען קיין אַנדער

רעכט, ווי נאר דאס וואס גאט אליין וועט אויפשטעלען דורך נביאישער אנטפלעקונג. און דער דאזיגער צוזאג, אדער דאס דאזיגע איבער־טראגען פון רעכט אויף גאט איז געשעען אויפן זעלביגען שטייגער, ווי דאס קומט פאר, לויט אונזער פריערדיגער אויספירונג, אין א בירגערליכער געזעלשאפט, ווען די מענשען אנטשליסען זיך אפצוטרעטען פון זייער נאטירליך רעכט. אין דער אמתען, די העברעער האבען דורך אן אויסדריקליכען אפמאך און דורך א שבועה (זע שמות, קאפ. כ"ד, פסוק 7) פרייוויליג און נישט געצוואונגען דורך געוואלט, אדער אנגעשראקען דורך דראונגען, אפגעטראטען פון זייער נאטירליך רעכט און עס איבערגעטראגען אויף גאט. און כדי דער דאזיגער אפמאך זאל ווייטער זיין פעסט און געזיכערט און געשיצט קעגען יעדען חשד פון שווינדעל, האט גאט קיין זאך נישט אפגעמאכט מיט זיי פריער, ווי זיי האבען דערפארען זיין וואונדערבארע מאכט, וואס נאך דורך איר אליין זיינען זיי ביז דאן דערהאלטען געווארען און וועלען אויך אין דער צוקונפט קאנען דערהאלטען ווערען (זע שמות, קאפ. י"ט, פסוקים 4 און 5). ווייל מחמת דעם, וואס זיי האבען געגלויבט, אז זיי וועלען אנדערש נישט קאנען דערהאלטען ווערען, ווי נאר דורך גאט'ס מאכט אליין, האבען זיי איבערגעטראגען אויף גאט זייער גאנצע נאטירליכע מאכט צו דערהאלטען זיך, וואס זיי האבען פריער אפשר געגלויבט, אז זיי האבען זי אין זיך אליין, און ממילא אויך זייער גאנץ רעכט.

אויף אזא אופן איז גאט אליין געווען דער הויפט פון דער מלוכה פון די העברעער און די יידישע מלוכה אליין איז מחמת דעם דאזיגען אפמאך מיט רעכט אנגערופען געווארען גאט'ס מלוכה, און גאט איז מיט נישט ווייניגער רעכט אנגערופען דער קיניג פון די העברעער. נאטירליכערווייז זיינען די שונאים פון דער דאזיגער מלוכה געווען די שונאים פון גאט, די בירגער, וואס האבען געוואלט מיט געוואלט פארכאפען די מאכט, זיינען געווען שולדיג אין באליידיגונג פון דער געטליכער מאיעסטעט און די רעכט פון דער דאזיגער מלוכה זיינען, צולעצט, געווען רעכט און געבאטען פון גאט. און דעריבער זיינען דאס בירגערליכע רעכט און די רעליגיע, וועלכע באשטייט, ווי מיר האבען דאס געוויזען, נאר אין דער געהארכיגקייט צו גאט, געווען אין דער דאזיגער מלוכה איין־און־דיזעלביגע זאך, ד. ה. די עיקרי־

אמונה זיינען נישט געווען קיין לערעס, נאָר רעכט און באַפעלען, די פרומקייט איז געווען גערעכטיגקייט און די גאָטלאָזיגקייט איז באַטראַכט געוואָרען פאַר פאַרברעכען און אומגערעכטיגקייט. דער, וואָס איז אָפּגעפאַלען פון דער רעליגיע, האָט אויפגעהערט צו זיין אַ בירגער און איז דערמיט אַליין שוין באַטראַכט געוואָרען פאַר אַ שונא; דער אָבער, וואָס איז געשטאָרבען פאַר דער רעליגיע, איז געשטאָרבען פאַר זיין פאָטערלאַנד. מיט איינעם וואָרט, דאָס בירגערליכע רעכט און די רעליגיע זיינען געווען איינגאַנצען איין זאַך. אויף אָט־דעם סמך האָט די מלוכה פון די העברעער געקאָנט אָנגערופען ווערען ט ע אָ־ק ר אַ ט י ע, ווייל קיין שום אַנדער רעכט האָט נישט געגאָלטען פאַר אירע בירגער, ווי נאָר דאָס, וואָס גאָט האָט פאַר זיי אַנטפּלעקט.

דאָס אַלץ האָט אָבער עקזיסטירט אין דער מיינונג מער, ווי אין דער ווירקליכקייט, ווייל אין דער אמתען האָבען די העברעער דערהאַלטען איינגאַנצען פאַר זיך אַליין דאָס רעכט צו רעגירען זיך, ווי דאָס איז צו זען פון דעם אופן, ווי אַזוי דער דאָזיגער שטאַט איז פאַרוואַלטעט געוואָרען, וואָס דאָס וועל איך איצט דערקלערען.

אַזוי ווי די העברעער האָבען אויף קיינעם נישט איבערגעטראָגען זייער רעכט, נאָר אַלע האָבען, ווי אין אַ דעמאָקראַטיע, גלייך אָפּגעטראָטען פון זייער רעכט און אויסגערופען בקול אחד: „אַלץ, וואָס גאָט וועט זאָגען, וועלען מיר טון" (נישט אָנרופענדיג קיין שום פאַרמיטלער), איז דערפון געדרונגען, אַז אַלע זיינען, לויט דעם דאָזיגען אָפּמאַך, פאַרבליבען פולשטענדיג גלייך, אַז אַלע האָבען געהאַט דאָס גלייכע רעכט אָנצופרעגען זיך ביי גאָט, אָנצונעמען און אויסצוטייטשען די געזעצע און אַז אַלע זיינען זיי געווען גלייכבאַרעכטיגט אין דער גאַנצער פאַרוואַלטונג פון דער מלוכה. מחמת דעם זיינען זיי דאָס ערשטע מאָל ארויסגעטראָטען פאַר גאָט אַלע צוזאַמען צו הערען גאָט'ס ווילען. ביי דעם דאָזיגען ערשטען באַזוך זיינען זיי אָבער געווען אַזוי דערשראָקען און דער ריידענדיגער גאָט האָט געמאַכט אויף זיי אַזאַ אויפטרייסלענדיגען רושם, אַז זיי האָבען געמיינט, אַז עס קומט אָן זייער סוף. פול מיט אַנגסט, האָבען זיי זיך געווענדט צו משה'ן מיט אָט־די ווערטער: „זע, מיר האָבען געהערט גאָט ריידען פון פייער ארויס. צו וואָס זאָלען מיר וועלען שטאַרבען. דאָס דאָזיגע גרויסע פייער וועט אונז געוויס פאַרצערען. אויב מיר וועלען גאָט'ס שטים

הערען נאכאמאל, וועלען מיר זיכער שטארבען. גיי־זשע דו אליין און הער אויס אלץ, וואס אונזער גאט רעדט, און רעד דו (נ י ש ט ג א ט) מיט אונז. אלץ, וואס גאט וועט דיר זאגען, וועלען מיר גע־הארכען און עס טון". מיט די דאזיגע ווערטער האבען די העברעער זיך אפּען אפּגעזאגט פון דעם ערשטען אפּמאך און איבערגעטראגען איינגאנצען אויף משהן זייער רעכט אנצופרעגען זיך ביי גאט און אויס־צוטייטשען זיינע באפעלען. ווייל דא האבען זיי נישט צוגעזאגט, אזוי ווי פריער, צו געהארכען אלץ, וואס גאט וואלט גערעדט צו זיי אליין, נאר וואס גאט וואלט גערעדט צו משהן (זע ד ב ר י ם, קאפּ. ה׳, נאך די עשרת־הדברות, און קאפּ. י״ח, פסוקים 15 און 16).

אויף אזא אופן איז משה געבליבען דער איינציגער געטליכער געזעצגעבער און געזעצאויסטייטשער און ממילא אויך דער העכסטער שופט, וואס קיינער האט איהם נישט געקאנט משפטען און וואס ער אליין האט ביי די העברעער פארטראטען גאט׳ס שטעל, ד. ה. די העכסטע מאיעסטעט, ווייל נאר ער אליין האט געהאט דאס רעכט אנצופרעגען זיך ביי גאט צו לאזען וויסען דעם פאלק די געטליכע ענטפערס און צו צווינגען עס זיי צו געהארכען. משה אליין, זאג איך, האט געהאט די דאזיגע רעכט, ווייל ווען עמיצער האט ביי משה׳ס לעבען געוואלט עפּעס פאראויסזאגען אין גאט׳ס נאמען, ווען אפילו ער איז געווען אן אמתדיגער נביא, איז ער פונדעסטוועגען געווען א פארברעכער, וואס האט מיט געוואלט פארכאפּט פאר זיך דאס העכ־סטע רעכט (זע ב מ ד ב ר, קאפּ. י״א, פסוק 28 און ווייטער).

עס דארף דא באמערקט ווערען, אז כאטש דאס פאלק האט אויס־דערוויילט משה׳ן, האט עס אבער על פי יושר נישט געקאנט אויס־דערוויילען א נאכפאלגער אויף משה׳ס פּלאץ, ווייל וויבאלד נאר זיי האבען איבערגעטראגען אויף משהן זייער רעכט אנצופרעגען זיך ביי גאט און צוגעזאגט אומבאדינגט צו אנערקענען אים פאר דעם געט־ליכען אראקעל, האבען זיי שוין דערמיט איינגאנצען פארלארען אלע זייערע רעכט און געמוזט אנערקענען פאר דעם אויסדערוויילטען פון גאט דעמיעניגען, וואס משה האט אים אויסגעקליבען צו זיין זיין נאכפאלגער. ווען משה וואלט ביים אויסוואל פון זיין נאכפאלגער באשטימט, ער זאל, ווי משה אליין, האבען אין זיינע הענט די גאנצע

פארוואלטונג פון שטאט, ד. ה. דאס רעכט אנצופרעגן זיך ביי גאט
אין זיין געזעלט און ממילא אויך די אויטאריטעט צו געבען געזעצען
און זיי אפצושאפען, צו באשליסען וועגען מלחמה און שלום, צו באַ־
שטימען אמבאסאדארען, איינצוזעצען שופטים, אויסצוקלייבען זיינעם
א נאכפאלגער און צו פארוואלטען אבסאלוט אלע ענינים, וואס גע־
הערען דער העכסטער מאכט, — וואלט דער שטאט געווען דורכאויס
א מאנארכישער, מיט דעם איינציגען חילוק, נאר, וואס אז אנדער
מאנארכישער שטאט ווערט רעגירט אדער דארף רעגירט ווערען אויף
א געוויסען שטייגער, לויט גאט'ס ווילען, וואס איז פארבארגען אפילו
פון דעם מאנארך גופא, בעת דער שטאט פון די העברעער איז רעגירט
געווארען דורך גאט'ס ווילען, וואס איז אנטפלעקט געווארען נאר פאר
דעם מאנארך אליין. דער דאזיגער חילוק פארמינערט אויף קיין אופן
נישט די הערשאפט פון דעם מאנארך און זיין רעכט אויף אלץ, נאר
פארקערט, פארמערט עס פיל. וואס איז שייך דעם פאלק, וואס לעבט
אונטער דער אדער דער אנדערער פארם פון רעגירונג, איז עס אלצ־
איינס נישט פריי און ווייס נישט פון דעם געטליכען ווילען, ווייל סיי
דא, אזוי אויך דארט ווענדט זיך דאס פאלק אן דעם ווילען פון דעם
מאנארך און נאר פון אים אליין דערוויסט עס זיך, וואס עס איז דער־
לויבט און וואס פארבאטען. און ווען דאס פאלק גלויבט אפילו, אז
דער מאנארך באפעלט נאר דאס, וואס עס ווערט אים אנטפלעקט
פון גאט, איז עס פונדעסטוועגען נישט ווייניגער אונטערטעניג דעם
מאנארך, נאר פארקערט, נאך פיל מער.

וואס איז שייך משהן, האט ער זיך נישט אויסגעקליבען אן ענ־
ליכען ממלא מקום, נאר איבערגעלאזען פאר זיינע נאכפאלגער א
שטאט, וואס האט נישט געקאנט אנגערופען ווערען נישט דעמאקראַ־
טישער שטאט, נישט אריסטאקראטישער און אויך נישט מאנאר־
כישער, נאר ט ע א ק ר א ט י ש ע ר. ווייל דאס רעכט אויסצו־
טייטשען די געזעצען און מיטצוטיילען גאט'ס ענטפערס זיינען געווען
אין איינעמ'ס הענט און דאס רעכט און די מאכט צו פארוואלטען
דעם שטאט, לויט די געזעצען און די געטליכע ענטפערס, ווי זיי זיי־
נען פון יענעם שוין דערקלערט און מיטגעטיילט געווארען, האבען
געהאט אן אנדערען (זע וועגען דעם ב מ ד ב ר, קאפ. כ"ז,

פסוק 21*). און כדי דאס זאל בעסער פארשטאנען ווערען, וועל איך דא באשרייבען מיט א סדר די גאנצע פארוואלטונג פון דעם שטאט פון די העברעער.

דאס פאלק האט צוערשט באקומען א באפעל צו בויען א בנין, וואס זאל זיין אזוי ווי גאט'ס רעזידענץ, ד. ה. די רעזידענץ פון דער העכסטער מאיעסטעט פון דעם דאזיגען שטאט. דער דאזיגער בנין איז אויפגעבויט געווארען נישט אויף די הוצאות פון יחידים, נאר פון דעם גאנצען פאלק, כדי דאס ארט, וואו מען האט באדארפט אנצוּפרעגען זיך ביי גאט, זאל געהערען צו אלעמען. די לוויים זיינען אויסדערוויילט געווארען פאר די הויפליים און פארוואלטער פון דעם געטליכען הויף. זייער הויפט, גלייך ווי דער ערשטער נאך זייער קיניג־גאט, איז געווען אהרון, משה'ס ברודער, וואס זיינע זין זיינען געווען זיינע געזעצמעסיגע נאכפאלגער. אהרון, ווי דער נאענטסטער צו גאט, איז אויך געווען דער אויבערשטער אויסטייטשער פון די געטליכע געזעצען; ער האט אויך איבערגעגעבען דעם פאלק די ענטפערים פון די געטליכע אראקעלם און, צולעצט, מתפלל געווען צו גאט פארן פאלק. ווען ער וואלט צו די דאזיגע רעכט נאך געהאט דאס רעכט צו געבען באפעלען, וואלט אים קיין זאך נישט געפעלט צו זיין אן אומבאשרענקטער מאנארך. דאס דאזיגע רעכט האט ער אבער נישט געהאט און דער גאנצער שבט לוי איז געווען אזוי אויסגעשלאסען פון יעדער דעה איבער כלל־ענינים, אז ער האט אפילו נישט באקומען, אזוי ווי די אנדערע שבטים, קיין טייל לאנד, וואס ער האט געהאט דערויף א רעכט און וואס ער האט דערפון געקאנט ווענינג־סטענס ציען זיין חיונה. משה האט אבער באשטימט, אז דער דא־

---

*) וואס איז שייך די פסוקים 19 און 23, טייטשען זיי די מפרשים, לויט מיין מיינונג, שלעכט אוים, ווייל די דאזיגע פסוקים באטייטען נישט, אז משה האט געגעבען יהושע'ן פארשריפטען, אדער האט אים באלערנט, נאר אז ער האט אים באשטימט פארן הויפט פון די העברעער: אן אויסדרוק, וואס מען טרעפט אים גאנץ אפט אין דער ביבעל, ווי מען קאן דאס זען איז שמות, קאפ. י"ח, פסוק 23, אין שמואל א, קאפ. י"ג, פסוק 14, אין יהושע, קאפ. א', פסוק 9, אין שמואל א, קאפ. כ"ה, פסוק 30 און א. וו. — אנמערקונג פון מחבר.

זינגער שבט זאָל דערנערט ווערען פון דעם איבעריגען פאָלק און אזוי, אז ער זאָל אָלעמאָל געהאַלטען ווערען אין גרויס כבוד, ווי א שבט, וואס איז אינגאַנצען געהייליגט צו גאָט.

דאָס חייל, וואס איז פאַרמירט געוואָרען פון די צוועלף אַנדערע שבטים, האָט דערנאָך באַקומען דעם באַפעל אָנצוגרייפען דאָס לאַנד פון די כנענים, איינצוטיילען עס אויף צוועלף חלקים און צו פאַר־טיילען דורך אַ גורל צווישען די שבטים. פאַר דעם זיינען אויסדער־וויילט געוואָרען צוועלף ראשים, צו איינעם פון יעדען שבט, וואס זיי, אינאיינעם מיט יהושע'ן און דעם כוהן גדול אליעזר, איז געגעבען גע־וואָרען דאָס רעכט איינצוטיילען דאָס לאַנד אויף צוועלף גלייכע חלקים און זיי צו פאַרטיילען דורך אַ גורל. יהושע איז אויסדערוויילט גע־וואָרען פאַר ראש החייל. ער אַליין האָט געהאַט דאָס רעכט אָנצו־פרעגען זיך ביי גאָט אין נישט־פאַראויסגעזעענע אָנגעלעגענהייטען, נישט ווי משה פלעגט דאָס טון אין זיין געצעלט אין דעם משכון, נאָר דורך דעם כהן גדול, וואס ער אַליין האָט באַקומען די ענטפערס פון גאָט. יהושע אַליין האָט אויך געהאַט דאָס רעכט פאַרצושרייבען גאָט'ס באַפעלען, וואס זיינען איבערגעגעבען געוואָרען דורכן כהן גדול, צו צווינגען דאָס פאָלק זיי צו געהאָרכען, אויסצוגעפינען און אָנצואווענדען די פּאַסיגע מיטלען פאַר זייער אויספירונג, אויסצוקלייַ־בען פון דער אַרמיי אזוי פיל הויפּטען, וויפיל ער האָט געוואָלט, און אויך וועלכע ער האָט געוואָלט, צו שיקען אין זיין נאָמען אַמבאַסאַ־דאָרען, מיט איינעם וואָרט, דאָס גאַנצע מלחמה־רעכט האָט זיך גע־וועגדט אינגאַנצען אַז זיין באַשלוס.

קיינער האָט אים אָבער על פּי געזעץ נישט געקאָנט פאַרבייטען און קיינער האָט אויך נישט געקאָנט דערוויילט ווערען אוממיטעלבאַר פון אַן אַנדערען, ווי נאָר פון גאָט, און דאָס אויך נאָר אונטערן דרוק פון גאַנצען פאָלק. אין דעם איבעריגען זיינען אַלע ענינים פון מלחמה און שלום פאַרוואַלטעט געוואָרען פון די ראשי השבטים, ווי איך וועל דאָס באַלד ווייזען.

משה, האָט צולעצט, באַפוילען, אז אַלע בירגער אין עלטער פון צוואַנציג ביז זעכציג יאָר זאָלען טראָגען וואַפען און אז די אַרמיי זאָל פאַרמירט ווערען נאָר פון דעם העברעאישען פאָלק אַליין. און זיי האָבען געשוואָרען טרייקייט נישט דעם גענעראַל, נישט דעם כהן גדול,

נאָר דער רעליגיע, אָדער גאָט. און דעריבער איז די ארמיי, אָדער די באַטאַליאָנען, אָנגערופען געוואָרען די ארמיי, אָדער די באַטאַליאָנען פון גאָט, און גאָט איז ביי די העברעער אָנגערופען געוואָרען ד ע ר ג אָ ט פ ו ן ד י ח י י ל ו ת. מחמת דעמזעלביגען טעם האָט מען אין די וויכטיגע שלאַכטען, וואָס פון זייער אויסגאַנג האָט זיך געווענדט דער נצחון, אָדער די מפלה פון גאַנצען פאָלק, געטראָגען דעם ארון אין דער מיט פון דער ארמיי: אַזוי ארום האָט דאָס פאָלק גלייך ווי געזעען זיין קיניג צווישען זיך און איז דורך דעם דערמונ־טערט געוואָרען צו קעמפען מיט אַלע כחות.

פון די דאָזיגע פאָראָרדערונגען, וואָס משה האָט געגעבען זיינע נאָכפאָלגער, לאָזט זיך לייכט זען, אַז ער האָט זיי אויסדערוויילט, אַלס פאַרוואַלטער, אָבער נישט אַלס הערשער פון שטאָט. ווייל ער האָט קיינעם נישט געגעבען דאָס רעכט אָנצופרעגען זיך ביי גאָט זעלבשטענדיג און וואו ער האָט געוואָלט, און ממילא האָט ער אויך קיינעם נישט געגעבען די מאַכט, וואָס ער אַליין האָט זי געהאַט, אויפצושטעלען געזעצען און זיי אָפּצושאַפען, צו באַשליסען וועגען מלחמה און שלום, צו דערוויילען פאַרוואַלטער פון בית־המקדש און פון די שטעט, — די אַלע פּריווילעגיעס פון די, וואָס באַזיצען די העכסטע מאַכט. דער כהן גדול האָט, אמת טאַקע, געהאַט דאָס רעכט אויסצוטייטשען די געזעצען און מיטצוטיילען גאָט'ס ענטפערס, אָבער נישט אַזוי ווי משה, ווען נאָר ער האָט עס געוואָלט, נאָר נישט מער, ווען דאָס איז פאַרלאַנגט געוואָרען פון דעם ראש־החייל, אָדער פון דעם העכסטען ראָט, אָדער פון אַנדערע מעכטען פון אָט־דער וויכטיג־קייט. אַקעגען־אָבער האָט דער ערשטער ראש־החייל און דער ראָט געקאָנט זיך אָנפרעגען ביי גאָט, ווען נאָר זיי האָבען געוואָלט, זיי האָבען אָבער אַנדערש נישט געקאָנט באַקומען גאָט'ס ענטפערס, ווי נאָר דורך דעם כהן הגדול. און מחמת דעם זיינען גאָט'ס ווערטער אין דעם מויל פון דעם כהן־הגדול נישט געווען קיין געזעצליכע באַ־פעלען, אַזוי ווי אָט־די ווערטער זיינען געווען אין משה'ס מויל, נאָר נישט מער, ווי ענטפערס. ערשט נאָכדעם, ווי זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען פון יהושע'ן און פון דעם ראָט, האָבען זיי באַקומען די קראַפט פון געזעץ און באַפעל. דער כהן־גדול, ווידער, וועלכער האָט באַקומען פון גאָט די ענטפערס, האָט נישט געהאַט קיין מאַכט איבער

דער אַרמיי און איז אויך נישט באַזעסען קיין שום רעגירונג־מאַכט, פּונקט ווי פון דער אַנדערער זייט האָבען די יעניגע וועלכע האָבען באַזעסען געזעצליך דאָס לאַנד, נישט געהאַט קיין רעכט אויפצושטעלען געזעצען. צולעצט, אויב אהרון הכהן און זיין זון אליעזר זיינען ביידע דערוויילט געוואָרען פון משהן, האָט אָבער נאָך משה׳ס טויט קיינער נישט געהאַט קיין רעכט צו דערוויילען אַ כהן, נאָר דער זון איז געווען דעם פאָטער׳ס געזעצמעסיגער יורש עצר.

אויך דער ראש־החייל איז דערוויילט געוואָרען פון משהן און דער כהן־גדול האָט אים איינגעזעצט אין זיין אַמט נישט דורך דער מאַכט פון אַ כהן־קדול, נאָר דורך דעם רעכט, וואָס משה האָט אים געגעבען. און מחמת דעם האָט דער כהן־גדול נאָך יהושע׳ס טויט קיינעם נישט דערוויילט אויף יענעמ׳ס פּלאַץ און די ראשי־השבטים האָבען זיך נישט אָנגעפרעגט ביי גאָט מכח דער דערוויילונג פון אַ נייעם ראש־החייל, נאָר יעדער איינער פון זיי איז באַזעסען יהושע׳ס רעכט איבער דעם חייל פון זיין שבט און אַלע אינאיינעם — דאָס אייגענע רעכט איבער דער גאַנצער אַרמיי. און עס האָט אויך נישט אויסגעזעען, זיי זאָלען זיך נויטיגען אין אַ ראש־החייל, סיידען נאָר, ווען זיי האָבען, פאַראייניגענדיג זייערע כחות געמוזט קעמפען קעגען אַ געמיינשאַפטליכען שונא. און דאָס איז הויפּטזאַכליך פאָרגעקומען אין יהושע׳ס צייטען, ווען די העברעער האָבען נאָך נישט געהאַט קיין פעסטען וואוינאָרט און אַלצדינג האָט נאָך געהערט אַלעמען. נאָכדעם אָבער, ווי אַלע שבטים האָבען פאַרטיילט צווישען זיך די לענדער, וואָס זיי האָבען איינגענומען דורכן מלחמה־רעכט, און אויך די לענדער, וואָס זיי האָבען געזאָלט ווייטער דעראָבערען, און אַלץ האָט שוין מער נישט געהערט אַלעמען, איז שוין מער נישט געווען קיין גרונד פאַר אַ געמיינשאַפטליכען ראש־החייל, ווייל דורך דער דאָזיגער חלוקה האָבען די פאַרשיידענע שבטים באַדאַרפט באַטראַכט ווערען נישט אַזוי פאַר מיטבירגער, ווי פאַר בונד־חברים. בנוגע גאָט און דער רעליגיע האָבען זיי, אַמת טאַקע, באַדאַרפט באַטראַכט ווערען פאַר מיטבירגער; בנוגע אָבער דעם רעכט, וואָס זיי האָבען געהאַט איינע איבער די אַנדערע, זיינען זיי באַטראַכט געוואָרען נישט מער, ווי פאַר בונד־חברים, — עפּעס ענליך (ווען אָוועקגעקוקט פון דעם בית־המקדש, וואָס איז געווען געמיינשאַפטליך פאַר זיי) צו די פאַר־

אייניגטע שטאַטען פון די נידערלענדער. ווייל די איינטיילונג פון אַ געמיינשאַפטליכער זאַך אויף איינצעלנע חלקים הייסט נישט אַנדערש, ווי דאָס, אַז יעדער איינער באַזיצט נאָר זיין טייל און אַז די אַנדערע זאָגען זיך אָפּ פון דעם רעכט, וואָס זיי האָבען געהאַט אויף דעם דאָזיגען טייל. אויף דעם דאָזיגען סמך האָט משה, אלזוי, דערוויילט די ראשי־השבטים, וואָס יעדערער פון זיי האָט נאָך דעם פונאַנדער־טייל פון לאַנד געהאַט צו זאָרגען פאַר דעם טייל, וואָס איז אים באַשטימט געוואָרען; זיין אַמט איז געווען אַנצופרעגען זיך דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם כהן־גדול ביי גאָט מכח די ענינים פון זיין שבט, צו קאָמאַנדירען זיין חייל, צו בויען און באַפעסטיגען שטעט, איינצוזעצען שופטים אין יעדער שטאָט, צו קעמפען אַקעגען די שונאים פון זיין שטאָט און דערהויפּט צו האָבען די דעה איבער אַלץ, וואָס איז נוגע מלחמה און שלום. דער שבט האָט אויך נישט באַדאַרפט אַנערקענען קיין אַנדער שופט, ווי נאָר גאָט אליין, אָדער אַ נביא, וואָס איז געשיקט געוואָרען אויסדריקליך פון גאָט. האָט אָבער דער שבט פאַרלאָזען דאָס געטליכע געזעץ, אַזוי האָבען די אַנדערע שבטים באַדאַרפט נישט צו משפטען אים, ווי אַן אונטערטאַן, אָדער אַטאַקירען אים, ווי אַ שונא, וואָס האָט געבראָכען אַן אָפּמאַך.

מיר געפינען אין דער ביבעל ביישפּילען דערפון. אין דער אמתען, נאָך יהושע׳ס טויט האָבען די בני־ישראל און נישט דער נייער ראש־החייל זיך אָנגעפרעגט ביי גאָט. ווען זיי האָבען פאַרנומען, אַז דער שבט יהודה האָט באַדאַרפט דער ערשטער צווישען אַלע שבטים אַטאַקירען זיינע שונאים, האָט אָט־דער שבט אַליין זיך פאַרבונדען מיטן שבט שמעון, כדי מיט פאַראייניגטע כחות אַנצופאַלען אויף דעם געמיינשאַפטליכען שונא. די איבעריגע שבטים זיינען נישט געווען איינגעשלאָסען אין דעם דאָזיגען בונד (זע ש ו פ ט י ם, קאַפּ. א׳, פּסוקים 1, 2 און 3), נאָר יעדערער פון זיי האָט, ווי עס ווערט דערציילט אין דעם דאָזיגען קאַפּיטעל, געפירט באַזונדער מלחמה קעגען זיין שונא, האָט זיך אונטערגעגעבען, ווען ער האָט געוואָלט, און געשלאָסען אַ בונד מיט וועמען ער האָט געוואָלט, הגם ער האָט באַקומען אַ באַפעל נישט צו שוינען קיינעם אונטער קיין שום באַדינגונגען, נאָר אויסצוראָטען אַלעמען. פאַר דעם דאָזיגען פאַרברעך זיינען זיי, אמת, געטאַדעלט געוואָרען, אָדער קיינער האָט זיי נישט גערופען צום משפּט.

עס איז אויך נישט געווען קיין שום גרונד, זיי זאָלן אָנהויבן מלחמה־האַלטן איינע קעגן די אַנדערע און זיך מישן אין די געשעפטן פון אַן אַנדער שבט. אַקעגן־אָבער האָבן זיי געמאַכט אַ פיינטלי־כען אָנגריף אויף דעם שבט בנימן, ווייל דער דאָזיגער שבט האָט באַ־ליידיגט די איבעריגע שבטים און אויף אַזוי ווייט צעריסן דעם באַנד פון שלום, אַז קיינער פון די פאַרבינדעטע שבטים האָט מער נישט געקאָנט דאָרט האָבן אַ מקום מנוחה. אין דריי שלאַכטן האָבן זיי באַקעמפט דעם שבט בנימן און ווען זיי האָבן, לסוף, אים מנצח גע־ווען, האָבן זיי, לויט דעם מלחמה־רעכט, פאַרטיליגט אָן אונטערשייד די אומשולדיגע אַזוי, ווי די שולדיגע, וואָס זיי האָבן דאָס דערנאָך שטאַרק באַדויערט, אָבער צו שפּעט. די דאָזיגע ביישפּילן באַשטע־טיגן פולשטענדיג, וואָס איך האָב נאָרוואָס געזאָגט איבערן רעכט פון יעדן שבט.

מען וועט מיך אפשר פרעגן: ווער האָט אָבער דערוויילט אַ נאָכפאָלגער פאַרן הויפּט פון יעדן שבט? פון דער ביבעל גופא האָ־בען מיר קיין באַשטימטעס וועגן דעם נישט געקאָנט אויסגעפינען. איך בין זיך אָבער משער, אַז היות יעדער שבט איז געווען איינגע־טיילט אין משפחות, וואָס זייערע ראשים זיינען דערוויילט געוואָרן פון די עלטסטע פון דער משפחה, איז דער עלטסטער פון די דאָזיגע ראשי־המשפחות געווען, לויטן רעכט, דער נאָכפאָלגער פון דעם ראש־השבט. די דאָזיגע השערה ווערט באַרעכטיגט דורך דעם, וואָס משה האָט פון די עלטסטע לייט אויסגעקליבן זיבעציג געהילף־ראַטגעבער, וועלכע האָבן אינאיינעם מיט אים געבילדעט דעם העכסטן ראַט. די יעניגע, וואָס האָבן נאָך יהושע'ס טויט פאַרוואַלטעט דעם שטאַט, ווערן אין דער ביבעל אָנגערופן ז ק נ י ם; אַחוץ דעם ווערן אין העברעאישען די שופטים זייער אָפט באַצייכענט מיטן וואָרט ז ק נ י ם, וואָס דאָס, גלויב איך, ווייס יעדער איינער.

פאַר דעם ציל, וואָס מיר שטעלן זיך דאָ, איז עס, אגב, גאַנץ אומוויכטיג צו וויסן אויף זיכער אַט־די אַלע פּרטים. עס וועט זיין גענוג צו ווייזן, אַז קיינער האָט נאָך משה'ס טויט נישט דערפילט איינער אליין אַלע פונקציעס פון דעם העכסטן ראש. אין דער אמתן, אַזוי ווי אַלע זאַכן האָבן זיך נישט געווענדט נישט אָן דעם באַשלוס פון איין איינציגען מענטשן, נישט אָן איין איינציגן ראַט,

נישט אן דעם גאנצען פאלק, נאר געוויסע ענינים זיינען פארוואלטעט געווארען פון איין איינציגען שבט, אנדערע פון אלע שבטים, מיט גלייכען רעכט פאר יעדען שבט, — איז דערפון צו זען אויפן קלער־סטען אופן, אז זינט משה׳ס טויט איז די רעגירונג נישט געווען נישט מאנארכיש, נישט אריסטאקראטיש, נישט דעמאקראטיש, נאר, ווי גע־זאגט, טעאקראטיש. און אט פארוואס:

1.—ווייל דער רעגירונג־פאלאץ איז געווען א טעמפעל און נאר בנוגע צו אים זיינען אלע שבטים, ווי מיר האבען דאס שוין אויפגע־וויזען, געווען גלידער פון איין שטאט;

2.—ווייל אלע בירגער האבען געמוזט שווערען טרייקייט צו גאט, זייער העכסטען שופט, וואס נאר אים אליין האבען זיי צוגעזאגט צו געהארכען אין אלע;

3.—און צולעצט, ווייל דער הויפט פון אלע שבטים, ווען מען האט אין אזא איינעם זיך גענויטיגט, איז פון קיינעם נישט דערוויילט געווארען, ווי נאר פון גאט אליין. משה האט דאס אויסדריקליך פאר־זאגט אין גאט׳ס נאמען דעם פאלק (ד ב ר י ם, קאפ. י״ט, פסוק 15) און דערויף ווייזט אויך אן אין דער ווירקליכקייט די דערוויילונג פון גדעון, פון שמשון און פון שמואל. עס איז, דעריבער, גאר קיין ספק נישט, אז אויך די אנדערע רעכטפארטיגע פירער זיינען דערוויילט געווארען אויפן זעלביגען אופן, כאטש דאס איז נישט קלאר פון דער ביבלישער געשיכטע.

נאכדעם, ווי איך האב דאס קלאר געמאכט, איז איצט צייט צו זען, אויף ווי ווייט די דאזיגע שטאט־פארם איז געווען ביכולת צו צוויי־מען די גייסטער און איינצוהאלטען סיי די, וואס האבען רעגירט, סיי די, וואס זיינען רעגירט געווארען, אזוי אז די ערשטע זאלען נישט ווערען טיראנען און די אנדערע רעבעלען.

די, וואס פארוואלטען דעם שטאט, אדער באזיצען די מאכט, זו־כען אלעמאל צוצוגעבען יעדען מין רשעות, וואס זיי באגייען, א שיין פון רעכט און איינצורעדען דאס פאלק, אז זייערע מעשים האבען קיינ־מאל נישט געהאט קיין אנדער מאטיוו, ווי נאר אז ערענהאפטיגען. דאס געלינגט זיי לייכט, ווייל די גאנצע אויסטייטשונג פון געזעץ ווענדט זיך נאר אן זיי אליין. דער דאזיגער אומשטאנד איז אן צווייי־פעל אויך די סיבה, וואס זיי נעמען זיך די גרעסטע פרייקייט צו טון

אַלץ, וואָס זיי ווילען און וואָס עס זאָגט זיי אונטער זייער באַגער. בעת פאַרקערט, די דאָזיגע פרייקייט ווערט פון זיי היבשליך אַוועקגענומען, ווען דאָס רעכט אויסצוטייטשען די געזעצן איז אין אַן אַנדערנ'ס הענט און ווען די אויסטייטשונג פון די דאָזיגע געזעצן איז אַזוי קלאָר פאַר יעדן איינעם, אַז קיינער קאָן גאָר אין דעם נישט מסופק זיין. דערפון איז צו זען קלאָר, אַז די מלוכה־פירער פון די העברעער האָבן געהאַט ווייניגער געלעגנהייטן צו באַגיין פאַרברעכנס שוין מחמת דעם אַליין, וואָס דאָס רעכט אויסצוטייטשן די געזעצן איז איבערגעטראָגן געוואָרן אויף די לוויים (זע ד ב ר י ם, קאַפּ. כ״א, פּסוק 5), וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שום אַנטייל אין דער פאַרוואַלטונג פון שטאַט, אַזוי אויך נישט קיין חלק אין דעם באַדען צוגלייך מיט די איבעריגע שבטים, און וואָס זייער גאַנץ גליק און כבוד האָט זיך געווענדט אַן דער אַמתדיגער אויסטייטשונג פון די געזעצן. דערצו קומט נאָך, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק האָט באַקומען דעם באַפעל צו פאַרזאַמלען זיך אַלע זיבען יאָר אויף אַ באַשטימטען פּלאַץ, וואו דער כהן־גדול האָט זיי געלערנט די געזעצן, און, צולעצט, וואָס יעדער איינער האָט באַדאַרפט צו לייענען און ווידער לייענען פאַר זיך אַליין מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט דאָס בוך פון געזעץ (זע ד ב ר י ם, קאַפּ. ל״א, פּסוקים 9 און ווייטער, און קאַפּ. ו' פּסוק 7). די פירער פון דער מלוכה מוזען, אַלזוי, צוליב זייער אייגענעם אינטערעס האָבן שטאַרק אין זינען צו פירען די גאַנצע פאַרוואַלטונג, לויט די פאַרגעשריבענע און פאַר יעדען איינעם גאַנץ גוט פאַרשטענדליכע געזעצן, אויב זיי ווילען ווערען פיל געערט פון פאָלק, וואָס וואָלט זיי דעמאָלט געשעצט, ווי פאַרוואַלטער פון געטליכען קיניגרייך און גאָט'ס שטעלפאַרטרעטער. וואָלטען זיי אָבער געהאַנדעלט אַנדערש, וואָלטען זיי נישט געקאָנט אויסמיידען יענעם צאָרנדיגען האָס פון די אונטערטאַנען, ווי עס איז געוויינליך דער האָס מחמת טעאָלאָגישע טעמים.

כדי צו צוימען אַט־די פרייגעלאַזנקייט פון די מלוכה־פירער, איז געווען נאָך איין איינריכטונג פון גרויס וויכטיגקייט, און דאָס איז, וואָס די אַרמיי איז געבילדעט געוואָרען פון אַלע בירגער אַן אויסנאַם, אין עלטער פון צוואַנציג ביז זעכציג יאָר, און וואָס די פירער פון דער מלוכה האָבן נישט געטאָרט אַנשטעלען קיין פרעמדען גע־

דונגענעם סאלדאט. די דאזיגע איינריכטונג, זאג איך, איז געווען פון גרויס וויכטיגקייט, ווייל עס איז דאך א זיכערע זאך, אז די פירשטען קאנען אונטערדריקען דאס פאלק נאר דורך טרופען, וואס ווערען פון זיי אליין באצאלט, און אז קיין זאך שרעקט זיי נישט אזוי, ווי א פרייע בירגער־מיליץ, וואס איר מוט, ענערגיע און בלוט האבען געוואונען די פרייקייט און דעם רום פון פאטערלאנד. און מחמת דעם האט אלכסנדר, בעת ער האט זיך געגרייט צו קעמפען צום צווייטען מאל קעגען דאריוסען און נאכדעם, ווי ער האט פארנומען פארמעניאנ'ס עצה, נישט אים געזידעלט, וואס ער האט אים געגעבען די עצה, נאר פאליספערכאנען, וועלכער האט מיט יענעם מסכים געווען. ווייל, ווי קורציוס זאגט אין בוך IV, קאפ. 13, אלכסנדר האט נישט געוואגט אויסצוריידען נאכאמאל פארמעניאנען, וואס ער האט אים ערשט פאר דעם געזידעלט מיט מער בייזקייט, ווי ער אליין האט דאס געוואלט. אויך האט ער נישט געקאנט אונטערדריקען די פרייקייט פון די מאצעדאניער, פאר וועלכע ער האט, ווי שוין געזאגט, זיך מער פון אלץ געשראקען, פריער ווי ער האט אריינגעפירט אין זיין ארמיי אזוי פיל געפאנגענע סאלדאטען, אז זיי האבען איבערגעשטיגען אין צאל די מאצעדאנישע סאלדאטען; ערשט דעמאלט, האט ער געקאנט נאכגעבען די קאפריזען פון זיין מעכטיגער נשמה, וועלכע איז אזוי לאנג געצווימט געווארען דורך דער פרייקייט פון די בעסטע בירגער. אויב, אלזוי, די דאזיגע פרייקייט פון בירגער־סאלדאטען טוט אין א שטאט, וואס איז עטאבלירט געווארען פון א מענשליכער האנט, איינהאלטען אין צוים די פירשטען, וועלכע זיינען געוואוינט צו נעמען פאר זיך אליין דעם גאנצען כבוד פון די געוואונענע נצחונות, מכל שכן האט דיזעלביגע פרייקייט געמוזט איינהאלטען אין צוים די מלוכה־פירער פון די העברעער, וואס זייערע סאלדאטען האבען געקעמפט נישט פאר דעם רום פון א פירשט, נאר פון גאט'ס כבוד ווענען און וואס זיי האבען נישט אונטערגענומען קיין שלאכט פריער, ווי זיי האבען באקומען גאט'ס ענטפער.

גיט נאך צו דעם צו, אז אלע מלוכה־פירער פון די העברעער זיינען געווען פארבונדען איינע מיט די אנדערע דורך דעם באנד פון דער רעליגיע. און דעריבער, ווען איינער פון זיי איז פון איר אפגעפאלען און גענומען פארלעצען דאס געטליכע רעכט פון דעם יחיד,

האָט ער דורך דעם געקאָנט באַטראַכט ווערן פון די אַנדערע, ווי אַ שונא, און מיט רעכט אונטערדריקט.

גיט נאָך צו דעם ווייטער צו די מורא פאַר עפּעס אַ נייעם נביא. אין דער אמתן, ווען איינער, וואָס האָט געפירט אַ ריין לעבען, האָט דורך געוויסע אָנגענומענע צייכענס באַוויזען, אַז ער איז אַ נביא, האָט ער דערמיט אַליין שוין געהאַט דאָס העכסטע רעכט אַרויסצוגע־בען באַפעלען; ער האָט דאָס געקאָנט טון פונקט אַזוי, ווי משה, אין נאָמען פון גאָט, וועלכער האָט זיך אים אַליין אַנטפּלעקט, און נישט ווי די מלוכה־פירער, ערשט נאָכדעם, ווי זיי האָבען זיך אָנגעפרעגט ביים כהן־גדול.

גיט נאָך ווידער צו, אַז דער ראש־המלוכה איז נישט געווען הע־כער פון אַנדערע בירגער נישט דורך יחוס, נישט דורך ירושה־רעכט, און אַז נאָר מחמת זיין עלטער און טוגענדהאַפטיגקייט איז אויף אים איבערגעטראָגען געוואָרען דאָס רעכט צו פאַרוואַלטען די מלוכה.

גיט, צולעצט, צו, אַז די פירער פון דער מלוכה און די גאַנצע אַרמיי האָבען נישט געקאָנט פאַרלאַנגען מלחמה מער, ווי שלום, ווייל היות די אַרמיי איז, ווי געזאָגט, באַשטאַנען נאָר פון בירגער, זיינען די אָנגעלעגענהייטען פון שלום געפירט געוואָרען פון דיזעלביגע מענ־שען, וואָס די אָנגעלעגענהייטען פון מלחמה. די סאָלדאַטען אין פעלד זיינען געווען בירגער אין שטאַט, די אָנפירער אין פעלד זיינען געווען ריכטער אין געריכט און דער ראש־החייל אויפן שלאַכטפעלד איז אויך געווען דער ראש־המלוכה. און דעריבער האָט קיינער נישט געקאָנט פאַרלאַנגען מלחמה לשם מלחמה, נאָר לשם שלום אָדער כדי צו פאַר־טיידיגען די פרייקייט. אויך האָט דער ראש־המלוכה אפשר אויסגע־מיטען ווי ווייט מעגליך יעדען מין שנוי אין דער מלוכה, כדי נישט צו דאַרפען גיין זיך אָנפרעגען ביים כהן־גדול און שטיין פאַר אים, וואָס עס איז געווען נידעריגער פון זיין ווערדע. אָט־דאָס זיינען איי־ניגע פון די גרונדען, וואָס האָבען באַוואויגען די מלוכה־פירער צו האַל־טען זיך אין זייערע גרעניצען.

מיר וועלען איצט זען, ווי אַזוי דאָס פאָלק איז געהאַלטען געווען אין צוים. אויך דאָס איז צו זען אויפן קלערסטען אופן פון די יסודות פון אָט־דעם שטאַט. אין דער אמתן, ווען מען זאָל זיי באַטראַכטען אפילו נאָר פון אויבען אויף, וועט מען גלייך איינזען,

אז זיי האבען געמוזט דערציען אין די הערצער פון די בירגער אזא באזונדערע ליבע צום פאטערלאנד, אז עס איז גארנישט געווען קיין שווערערע זאך, ווי צו באוועגען זיי צו פאראטען אדער צו פארלאזען זייער פאטערלאנד. אלע, פארקערט, האבען געמוזט זיין אזוי אפ־הענגיג פון אים, אז זיי וואלטען ליבערשט פארטראגען די ערגסטע לייד, ווי א פרעמדע הערשאפט. באמת, נאכדעם, ווי זיי האבען אי־בערגעטראגען זייער רעכט אויף גאט און זיך איינגערעדט, אז זייער קיניגרייך איז דאס קיניגרייך פון גאט, אז נאר זיי אליין זיינען גאט'ס קינדער, אז די איבעריגע פעלקער זיינען גאט'ס שונאים, וואס מחמת דעם האבען זיי גענערט אין זיך א ברענענדיגען האס קעגען זיי, גלויבענדיג, אז זיי טוען דערמיט א רעכטפארטיגע זאך (זע ת ה ל י ם, קאפ. קל"ט, פסוקים 21 און 22), — האט דען געקאנט זיין פאר זיי נאך א מער שוידערליכע זאך, ווי צו שווערען טרייקייט א פרעמדען שטאט און אים צוזאגען געהארכיגקייט. און עס האט אויך נישט גע־קאנט זיין אין זייערע אויגען קיין מיאוסערער פארברעך און קיין שום טואונג האט נישט פארדינט מער צו ווערען פארפלוכט, ווי דער פאר־ראט צום פאטערלאנד, ד. ה. צו גאט'ס מלוכה גופא, וועלכע זיי האבען פארערט. נאך מער, שוין דאס אוועקגיין אליין פון לאנד יהודה צו באזעצען זיך אין חוץ לארץ איז באטראכט געווארען פאר א שענד־ליכען אקט, ווייל דאס דינען גאט, וואס דערצו זיינען זיי צו יעדער צייט געווען געבונדען, האט נישט געטארט פראקטיצירט ווערען ער־גען אנדערש, ווי נאר אויפן באדען פון פאטערלאנד, דער איינציגער ערד, וואס איז געווען הייליג, בעת יעדער אנדערע ערד איז געהאלטען געווארען פאר נישט־הייליג און גאטלאז. און דעריבער האט דוד זיך געקלאגט פאר שאולען, וועלכער האט אים געצוואונגען צו פארלאזען דאס לאנד: „אויב די, וואס רייצען דיך קעגען מיר, זיינען מענשען, איז זאלען זיי זיין פארפלוכט פאר גאט, ווייל זיי האבען מיך איצט פארטריבען פון גאט'ס ערבטייל, און זיי זאגען: גיי אוועק און דין פרעמדע געטער" (זע ש מ ו א ל, קאפ. כ"ו, פסוק 19). מחמת דעמזעלביגען גרונד איז קיין שום בירגער נישט באשטראפט געווא־רען מיט גלות, א זאך, וואס איז באזונדערס כדאי דא צו באמערקען, ווייל דער, וואס באגייט א פארברעך, פארדינט, אמת, א שטראף, אבער ער קאן נישט פארמשפט ווערען צו א שענדליכען אקט.

די ליבע פון די העברעער צו זייער פאָטערלאַנד איז, אַלזוי, נישט געווען קיין פּשוטע ליבע; עס איז געווען אַ פיעטעט, וועלכע איז אינ־איינעם מיט זייער שנאה צו די אַנדערע פעלקער אַזוי גענערט און אויפגעהעצט געוואָרען דורך דעם טעגליכען גאָטדינסט, אַז דאָס האָט געמוזט ווערען פאַר זיי אַזוי ווי אַ צווייטע נאַטור. באמת, זייער טעגליכער גאָטדינסט איז נישט נאָר געווען גאַנץ אַנדערש פון דעם גאָטדינסט פון די אַנדער פעלקער (וואָס מחמת דעם זיינען זיי געווען אינגאַנצען אַנדערש און אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע פעלקער), נאָר ער איז געווען אינגאַנצען געריכטעט קעגען זיי. פון אַזאַ טאָגטעג־ליכען דערמאָנען צום שלעכטען האָט, אַלזוי, געמוזט געבוירען ווערען אַ דויערענדיגע שנאה, די טיפסטע שנאה, וואָס קאָן זיך נאָר איינ־וואָרצלען אין דער נשמה, ווייל עס איז געווען אַ שנאה, וואָס האָט געשטאַמט פון גרויס איבערגעבענקייט צו גאָט און האָט געגאָלטען פאַר אַ רעכטפאַרטיגען אויפטו. קיין שטאַרקער און מער עקשנותדיג געפיל דערפון קאָנען מענשען באמת נישט האָבען. עס האָט, אגב, אויך נישט געפעלט די געוויינליכע סיבה, וואָס פלאַקערט אַלץ מער און מער פאַנאַנדער די שנאה, און דאָס איז, דיזעלביגע שנאה פון דעם צווייטען צד. די אַנדערע פעלקער האָבען, פון זייער זייט, גע־מוזט נערען אין זיך די טיפסטע שנאה צו די העברעער.

אויף וויפיל אַט־די אַלע סיבות צוזאַמענגענומען, און דאָס איז: די פרייקייט אין דעם שטאַט, דאָס אָפּהענגיג־זיין פון פאָטערלאַנד, דאָס אומבאַשרענקטע רעכט אויף אַלע אַנדערע שטאַטען, די שנאה, וועלכע איז נישט נאָר דערלויבט, נאָר אפילו פאַרזאָגט געוואָרען, ווי אַ פרומע זאַך, די געוואוינהייט צו האַלטען אַלע אַנדערע פעלקער פאַר שונאים, די באַזונדערקייט פון זייערע זיטען און רעליגיעזע צערעמאָ־ניעס, — אויף וויפיל, זאָג איך, אַט־די אַלע סיבות צוזאַמענגענומען האָבען געהאָלפען צו שטאַרקען דאָס הארץ פון די העברעער און זיי געלאָזען איבערטראָגען מיט אויסערגעוויינליכער פעסטקייט און מו־טיגקייט אַלערליי צרות פאַר זייער פאָטערלאַנד, — דאָס לערנט אונז דער שכל זייער קלאָר און אויך די געשיכטע זאָגט עדות דערויף. באמת, כל זמן זייער הויפטשטאָט איז געשטאַנען, האָבען די העברעער קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרבלייבען אונטער אַ פרעמדער הערשאַפט, און מחמת דעם איז ירושלים אָנגערופען געוואָרען די ווידערשפּעניגע

שטאט (קריתא מרדתא) (זע ע ז ר א, קאפ. ד׳, פסוקים 12 און 15). אויך די צווייטע מלוכה (וועלכע איז קוים געווען א שאטען פון דער ערשטער, נאכדעם, ווי די כהנים האבען פארכאפט פאר זיך אויך די וועלטליכע מאכט) האט געקאנט צעשטערט ווערען פון די רוימער ערשט נאך אן ערד פיל מאטערניש, ווי טאציטוס זאגט דערויף עדות אין צווייטען בוך פון זיין געשיכטע אין אט־די ווערטער: „וועספאסיאן האט שוין געהאט געענדיגט די מלחמה קעגען יהודה, עס איז אים אבער נאך פארבליבען די באלאגערונג פון ירושלים, א שווערע און הארבע ארבעט, מער מחמת דעם כאראקטער פון דער באפעלקערונג און דער עקשנות פון איר אבערגלויביגקייט, ווי מחמת דעם, וואס די באלאגערטע האבען געהאט גענוג כח אויסצושטיין די נויט פון דער באלאגערונג".

אחוץ אבער אט־די אומשטענדען, וואס זייער ווערט ווענדט זיך נאר אן דער מיינונג, איז אין דעם שטאט פון די העברעער געווען נאך א באזונדערקייט פון אינעווייניגסטען ווערט, וואס האט געמוזט באזונדערס אפהאלטען די בירגער פון צו טרוימען אפילו וועגען אונטערגעבען זיך און פון צו באקומען אמאל א פארלאנג צו פארלאזען זייער פאטעלאנד, און דאס איז דער נוצען, פון די טרייבקראפט און די סיבה פון אלע מענשליכע האנדלונגען. און אט־דעם נוצען, זאג איך, האבען די בירגער גאנץ באזונדערס געפונען אין דעם דאזיגען שטאט. באמת, אין קיין שום אנדער פלאץ זיינען די בירגער נישט באזעסען זייערע גיטער מיט אזא רעכט, ווי די אונטערטאנען פון דעם דאזיגען שטאט, וועלכע האבען געהאט א גלייכען חלק אויף לאנד און פעלד, אזוי ווי דער ראש־המלוכה. און יעדער איינער איז געווען אויף אייביג דער באלעבאס פון זיין חלק, ווייל ווען איינער איז מחמת ארעמקייט געווען געצוואונגען צו פארקויפען זיין פעלד אדער זיין אקער, האט דאס פארקויפטע גוט געמוזט אים ווידער צוריקגעגעבען ווערען מיטן אנקומען פון דעם יובל־יאר; און נאך אנדערע איינריכטונגען פון דעמזעלביגען מין זיינען איינגעפירט געווארען, כדי קיינער פון די בירגער זאל נישט קאנען פארלירען זיינע אומבאוועגליכע גיטער. אויך האט די ארעמקייט אין קיין שום אנדער פלאץ נישט געקאנט זיין מער דערטרעגליך, ווי דא, וואו די ליבע צום נאענטען, ד. ה. צום מיטבירגער, האט געמוזט פראקטיצירט ווערען מיט דער

גרעסטער התמרה, כדי צו געווינען דעם חסד פון גאט, זייער קיניג.

די העברעאישע בירגער האבען, אלזוי, נישט געקאנט לעבען גליק־ליך, ווי נאר אין זייער פאטערלאנד, און אויסער דעם פאטערלאנד איז געווען פאר זיי שמאך און שאנד.

א זאך פון גרויס וויכטיגקייט נישט נאר פאר דער אויפהאלטונג פון די העברעער אויף דעם באדען פון זייער פאטערלאנד, נאר אויך פאר דער פארהיטונג פון בירגער־מלחמות און פאר דער באזייטיגונג פון אלע סיבות פון סכסוכים, איז געווען דאס, וואס קיינער האט נישט געדינט זיינם גלייכען, נאר גאט אליין, און וואס די ליבע און גוטס־קייט צום מיטבירגער זיינען באטראכט געווארען פאר דער העכסטער פיעטעט, — געפילען, וועלכע האבען נישט ווייניג אויפגעהאלטען די אלגעמיינע שנאה, וואס די העברעער האבען געטראגען אויף אלע אנ־דערע פעלקער און וואס די פעלקער האבען זיי צוריקגעגעבען מיט פראצענט.

נישט ווייניגער וויכטיג פאר דעם איז, צולעצט, געווען דער שטרענגער כלל פון געהארכיגקייט, אין וועלכען זיי זיינען דערצויגען געווארען, וואס צוליב דעם האבען זיי אלצדינג געמוזט טון, לויט די באשטימטע פארשריפטען פון געזעץ. אזוי איז זיי נישט דערלויבט געווען צו אקערען, ווען זיי האבען געוואלט, נאר אין באשטימטע ציי־טען, אין באשטימטע יארען און נאר מיט איין מין פי. פונקט אזוי איז זיי אויך נישט געווען דערלויבט צו זייען און צו שניידען די תבואה, ווי נאר אויף א באשטימטען אופן און אין א געוויסער צייט. מיט איינעם ווארט, זייער גאנץ לעבען איז געווען אן אומאויפהערליכע איבונג אין געהארכיגקייט (זע וועגען אט־דעם ענין דאס קאפיטעל V, *וועגען דעם ווערט פון די רעליגיעזע צע־רעמאניעס*). צוגעוואוינט פולשטענדיג צו דער דאזיגער גע־הארכיגקייט, האבען זיי מער נישט געקאנט זען אין איר קיין קנעכט־שאפט, נאר פרייקייט, און דער פועל יוצא דערפון האט געמוזט זיין, וואס קיינער פון זיי האט גארנישט געהאט קיין פארלאנג צו דעם, וואס מען האט זיי פארבאטען, נאר צו דעם, וואס מען האט זיי גע־באטען.

אויך נישט ווייניג האט, ווי עס ווייזט אויס, דערצו בייגעטרא־גען דער פאקט, וואס זיי זיינען געווען מחוייב זיך איבערצוגעבען אין

געוויסע צייטען פון יאר צו רו און פרייד נישט כדי צופרידענשטעלען זייערע פארלאנגען, נאר כדי צו געהארכען גאט מיטן גאנצען הארצען. דריי מאל אין יאר זיינען זיי געווען גאט'ס געסט (זע דברים, קאפ. ט"ז). דעם זיבעטען טאג פון וואך האבען זיי געמוזט זיך אפהאלטען פון יעדער ארבעט און זיך איבערגעבען דער רו. אחוץ דעם זיינען זיי אנגעצייכענט געווארען נאך אנדערע צייטען, אין וועלכע דאס משמח־זיין זיך אויף אן אנשטענדיגען אופן און פייערליכע סעודות זיינען זיי נישט נאר געווען דערלויבט, נאר אפילו פארזאגט געווארען. און איך רעכען, אז מען קאן זיך גארנישט פארשטעלען קיין מער ווירקעווודיג מיטעל, ווי דאס, אויף איינצונעמען די מענשליכע הערצער, ווייל קיין שום אנדער זאך האט נישט מער שליטה אויף מענשען, ווי די פרייד, וואס שטאמט פון ערפורכט, ד. ה. פון ליבע און באוואונדערונג אינאיינעם. די דאזיגע יום־טובים האבען אויך נישט געקאנט דורך געוואוינהייט זיי לייכט פארמאוסט ווערען, לויט די פייערליכע צערעמאניעס פון די יום־טובים זיינען געווען זעלטען און פארשיידענארטיג.

גיט נאך צו דעם צו די גרויסע און טיפע פארערונג, מיט וועלכער זיי האבען שטענדיג זיך באצויגען צום בית־המקדש, א דאנק דער באזונדערקייט פון זיין גאטדינסט און די פארמאליטעטען, וואס זיי האבען געמוזט דורכפירען, איידער עס איז זיי דערלויבט געווארען אריינצוקומען אהין. די דאזיגע פארערונג איז געווען אזוי גרויס, אז אפילו די הייגטיגע יידען לייענען נאך מיט א טיף געפיל פון שוידער וועגען מנשה'ס שאנדטאט, וואס ער האט דערלאזען, מען זאל אריינשטעלען א געץ אין בית־המקדש.

אויך די דינים, וועלכע זיינען געוויסענהאפטיג אפגעהיט געווארען אין קדשי־קדשים, האט דאס פאלק נישט וועניגער פארערט. עס איז, דעריבער, נישט געווען וואס מורא צו האבען איז דעם פרט פאר דער אומצופרידענקייט און פאראורטייל פון פאלק. קיינער האט באמת נישט געוואגט צו אורטיילען וועגען געטליכע ענינים און זיי האבען געמוזט געהארכען, נישט איבערטראכטענדיג דאס מיטן אייגענעם שכל, אלץ, וואס עס איז זיי באפוילען געווארען דורך דער אויטאריטעט סיי פון דעם געטליכען ענטפער, וואס איז אויפגענומען

געוואָרען אין בית־המקדש, סיי דורך אַ געזעץ, וואָס איז געגעבען גע־וואָרען פון גאָט.

דערמיט, גלויב איך, האָב איך גענוג קלאָר, הגם בקיצור, איבער־געגעבען די גרונד־שטריכען פון דעם דאָזיגען שטאַט. עס בלייבט איצט איבער צו אונטערזוכען, ווי אַזוי עס קומט, וואָס די העברעער האָבען אַזוי אָפט עובר געווען אויף די געזעצען, וואָרום זיי זיינען אַזוי פיל מאָל אונטערגעיאָכט געוואָרען און, צולעצט, דורך וועלכע סיבות זייער מלוכה איז אינגאַנצען חרוב געוואָרען.

מען וועט מיר אפשר זאָגען, אַז דאָס איז געשעען מחמת דער האַרטנעקיגקייט פון פאָלק. אָבער דאָס וואָלט געווען אַ קינדישע באַ־הויפּטונג. ווייל פאַרוואָס איז גראָד אָט־דאָס פאָלק געווען האַרט־נעקיגער פון אַנדערע פעלקער? זאָל עס זיין, אַז זיי זיינען פון דער נאַטור אויס געווען אַזוי? אָבער די נאַטור באַשאַפט דאָך נישט קיין פעלקער, נאָר מענשען, וועלכע טיילען זיך איין אין פעלקער ערשט דורך דעם אונטערשייד פון שפּראַך, געזעצען און אָנגענומענע זיטען. נאָר פון אָט־די ביידע זאַכען, פון די געזעצען און די זיטען, קאָן זיך שאַפען די באַזונדערקייט פון גייסט, כאַראַקטער און פאָראורטיילען ביי די פאַרשיידענע פעלקער. אויב מען מוז, אַלזוי, צוגעבען, אַז די העברעער זיינען געווען פיל האַרטנעקיגער פון אַנדערע פעלקער, דאַרף דאָס צוגערעכענט ווערען צו אַ פעלער אין זייערע געזעצען, אָדער אָנגענומענע זיטען. עס איז דאָך אמת, אַז ווען גאָט וואָלט גע־וואָלט, אַז די מלוכה פון די העברעער זאָל דויערען לענגער, וואָלט ער זיי געגעבען אַנדערע רעכט און געזעצען און וואָלט איינגעפירט אַן אַנדער פאָרם פון רעגירונג. און אויב דאָס איז אַזוי, קאָנען מיר דען זאָגען עפּעס אַנדערש, ווי נאָר, אַז די העברעער האָבען געהאַט קעגען זיך גאָט׳ס צאָרן נישט נאָר, ווי ירמיה זאָגט (קאַפּ. ל״ב, פסוק 31), זינט דעם אויפבוי פון ירושלים, נאָר שוין פון דעם איינשטעל אָן פון די געזעצען? דערויף ווייזט אויך אָן יחזקאל (קאַפּ. כ׳ פסוק 25), ווען ער זאָגט: „אויך איך האָב זיי געגעבען געזעצען, וואָס זיינען נישט גוט, און רעכט, וואָס זיי קאָנען דורך זיי נישט לעבען; און איך האָב זיי פאַראומרייניגט דורך זייערע מתנות, פאַרשטויסענדיג יעדער עפענונג פון דער געבערמוטער (ד. ה. יעדען בכור), כדי זיי צו פאַר־ניכטען און זיי זאָלען אָנערקענען, אַז איך בין יהוה".

כדי צו פארשטיין די דאזיגע ווערטער און די סיבה, וואס האט געבראכט דעם אונטערגאנג פון דער מלוכה, מוז דא באמערקט ווערן, אז די לכתחילהדיגע כוונה איז געווען אנצוטרויען די בכורים און נישט די לוויים די גאנצע עבודת הקודש (זע ב מ ד ב ר, קאפ. ח׳, פסוק 17). אבער נאכדעם, ווי אלע העברעער, אחוץ די לוויים, האבען געדינט צום עגל, זיינען די בכורים געווארען טמא און פארשטויסען און די לויים זיינען דערוויילט געווארען אויף זייער פלאץ (ד ב ר י ם, קאפ. ו׳ פסוק 8). און וואס מער איך טראכט וועגען אט־דער ענדערונג, אלץ מער פיל איך זיך געצוואונגען אויסצורופען אינאיינעם מיט טאציטוסען, אז „אין יענער צייט האט גאט זיך פארנומען נישט מיט זייער זיכערקייט, נאר מיט זיין נקמה“. באמת, איך קאן זיך גארנישט גענוג אפוואונדערען, וואס דער צארן פון הימעל איז געווען אזוי גרויס, אז אפילו די געזעצען, וואס זייער ציל איז אלעמאל נאר דער כבוד, דאס וואוילזיין און די זיכערקייט פון גאנצען פאלק, האט ער, מיט דער כוונה צו נעמען נקמה אן פאלק און צו באשטראפען עס, איינגעשטעלט אזוי, אז די דאזיגע געזעצען האבען מער נישט אויסגעזעען צו זיין געזעצען, ד. ה. דאס גליק פון פאלק, נאר גיכער שטראפען און גזירות.

אין דער אמתען, אלע מתנות, וואס די העברעער האבען געהאט צו ברענגען די לוויים און די כהנים, אזוי אויך די אויסלייזונג פון זייערע בכורים דורך געלט, וואס זיי האבען געמוזט צאלען די לוויים פאר יעדען קאפ. און, צולעצט, דאס רעכט, וואס נאר די לוויים אליין האבען עס געהאט, צו קומען נאענט צו די הייליגקייטען, — דאס אלץ האט זיי שטענדיג דערמאנט אן זייער אומריינקייט און פארשטויסענקייט. עס האבען אויך נישט אויסגעפעלט קיין לוויים, ווענען דאס פאלק האט געקאנט שטענדיג מאכען פארוואורפען, ווייל צווישען אזוי פיל טויזענטער לוויים האבען געמוזט אן צווייפעל זיך געפינען א היבשע צאל אומפארשעמטע. דערפון האט זיך גענומען ביים פאלק די נייגונג נאכצוקוקען מיט חשד די האנדלונגען פון די לוויים, וועלכע זיינען דאך געווען בשר ודמם, ווי אלע אנדערע מענשען, און די געוואוינהייט, ווי דאס קומט אלע מאל פאר, צו באשולדיגען אלעמען פאר איינעמ׳ס פארברעך. דערפון האט זיך ווייטער גענומען דאס שטענדיגע מורמלען און אויך די נישט־צופרידענקייט צו מוזען שפיי־

זען לעדיג־גייער, נישט באליבטע מענשען, וואס זיינען אפילו נישט געווען בלוט פארוואנדט מיט די אנדערע, בפרט דאן, ווען די שפייז איז געווען טייער. איז עס דען א חידוש, וואס אין רואיגע צייטען, ווען די עפענטליכע נסים האבען אויפגעהערט און עס זיינען נישט געווען קיין מענשען פון אויסערגעוויינליכען אנזען, האט דער אויפ־גערייצטער און גייציגער גייסט פון פאלק גענומען שוואכען און דאס פאלק אליין האט זיך אפגעווענדט פון דעם קולט, וואס הגם א געט־ליכער, איז ער אבער אין זיינע אויגען געווען אפשייליך און פארדעכ־טיג, און האט פארלאנגט אן אנדער קולט. איז עס דען ווייטער א חידוש, וואס די פירער פון דער מלוכה, וועלכע האבען שטענדיג גע־זוכט צו באקומען די גאנצע מאכט פאר זיך אליין, האבען דעם פאלק אלצדינג נאכגעגעבען און איינגעפירט א נייעם קולט, כדי צוצובינדען אזוי ארום דאס פאלק צו זיך און אים אפקערען פון די כהנים.

ווען דער שטאט וואלט איינגעריכטעט געווארען, לויט דער ער־שטער כוונה, וואלטען אלע שבטים געהאט אלע מאל גלייכע רעכט און גלייכען כבוד און אלע וואלטען געווען געזיכערט אויפן בעסטען שטייגער. אין דער אמתען, ווער וואלט געוואלט פארלעצען דאס היילי־גע רעכט פון זיינע בלוטפארוואנדטע? ווער וואלט נישט געוואלט גערן שפייזען זיינע ברידער און עלטערן על־פי דעם חוב פון דער רעליגיע? ווער וואלט זיך נישט געלאזט גערן צו ווערען פון זיי באלערנט אין דער אויסטייטשונג פון די געזעצען און צו באקומען פון זיי די געט־ליכע ענטפערס? אלע שבטים וואלטען, ווידער, פארבליבען פיל ענגער פאראייניגט איינע מיט די אנדערע, אויב זיי וואלטען אלע פארמאגט דאס זעלבע רעכט צו באזארגען זייערע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. מען וואלט דאמאלסט נישט געדארפט מורא האבען פאר קיין זאך, אויב אפילו די וואהל פון די לויים פאר זייער הייליגען דינסט וואלט גע־האט וועלכע עס איז אנדערע אורזאכען, ווי נאר צארן און נקמה. אבער ווי מיר האבען שוין געזען, האבען די אידען זייער גאט דערצארנט און ער האט זיי, לויט די ווערטער פון יחזקאל, געמאכט פאר אומריין אין זייערע קרבנות און האט יעדען בכור זייערען פארשטויסען כדי זיי צו פארניכטען.

דאס געפינט אויסער דעם נאך זיין באשטעטיגונג דורך די היס־טאריע אליין. אזוי גיך ווי דאס פאלק האט אין מדבר אנגעהויבען

צו האָבען אַ סך פרייע צייט, זיינען אַ סך מענער, און דוקא ניט נאָר פון פּראָסטען המון, געוואָרען אומצופרידען מיט דער אויסוואַל פון די לוויים און האָבען זיך באַקלאָגט, אַז משה האָט אַלע איינגעשטעלט ניט לויט דעם באַפעל פון גאָט, נאָר לויט זיין אייגענער איינזעעניש, ווייל ער האָט אפילו זיין אייגענעם שבט אויסדערוויילט איבער אַלע איבעריגע שבטים, און ער האָט צו זיין ברודער אַוועקגעשאָנקען דאָס רעכט אויף דעם אמט פון כהן גדול פאַר אייביגע צייטען. זיי האָבען דערפאַר אַרויסגערופען אַ טומעל און זיינען פאַרגעטראָטען פאַר משה'ן, שרייענדיג, אַז זיי אַלע זיינען פּונקט אַזוי הייליג און אַז משה האָט נאָר אַן שום רעכט זיך געשטעלט העכער פאַר זיי. ער האָט אויף קיין אופן זיי טאַקי ניט געקאָנט באַרואיגען און האָט געמוזט אַרויסרופען אַ נס, אום צו באַווייזען, אַז מען קאָן אים טרויען און ער האָט דערביי פאַרניכטעט אַלע אומצופרידענע. דאָס האָט געפירט צו אַ נייעם אויפשטאַנד פון גאַנצען פאָלק, וואָרים מען האָט געגלויבט אַז יענע זיינען געטויט געוואָרען ניט דורך גאָט'ס משפט, נאָר דורך משה'ס קונצען. ערשט נאָך אַ גרויסער מגפה האָט דאָס אויסגעמאַטערטע פאָלק זיך באַרואיגט, אָבער אַזוי, אַז די איבערגעבליבענע האָבען געוואָלט בעסער אליין שטאַרבען איידער לעבען. מען קאָן גיכער זאָגען, אַז דער אויפשטאַנד האָט אפילו דאַמאָלסט אויפגעהערט, אָבער קיין האַרמאָניע איז ניט איינגעשטעלט געוואָרען. דאָס באַווייזט קאַפּיטעל 31 פון חומש דברים, פסוק 21, וואו גאָט זאָגט פאַר משה'ן, אַז נאָך זיין טויט וועט דאָס פאָלק זיך אָפּזאָגען צו דינען גאָט און ער לייגט צו דערביי: „וואָרים איך ווייס גוט זיין טראַכטען און אַלע וואָס ער טוט היינט נאָך איידער איך האָב אים געבראַכט צו דעם לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרען". און באַלד נאָך דעם זאָגט משה אליין צום פאָלק: „וואָרים איך ווייס דיין ווידערשפּעניגקייט און דיין האַרטען נאַקען, אַז איצט ווען איך לעב נאָך צווישען אייך זייט איר געווען ווידערשפּעניג געגען גאָט; וויפיל מער נאָך מיין טויט". און אַזוי איז טאַקי באמת געשען, ווי אַלע ווייסען.

פון דעם דערקלערען זיך די גרויסע ענדערונגען, די גרויסע צוּלאַזענקייט אין יעדען פּרט, דער לוקסוס און פוילקייט דורך וועלכע אַלע האָט גענומען גיין קאַפּויער, ביז זיי האָבען, נאָך ווידערהאָלטע אונטערייאָכונג און פאַרשקלאַפונג, אין גאַנצען זיך אָפּגעריסען פון

גאט'ס באראט און האבען גענומען פארלאנגען א שטערבליכען קעניג, כדי אז ניט דער בית־המקדש, נאר דער הויף זאל ווערען דער רעגי־רונגס־פאלאץ, און כדי אז אלע שבטים זאלען ווערען חברים פון איין פאלק ניט דורך זייער שייכות צו גאטס רעכט און צום כהן גדול, נאר איז זייער שייכות צו זייערע מלכים. אבער דאס האט געשאפען גענוג אורזאכען פאר נייע אויפשטאנדען, וואס האבען סוף כל סוף געפירט צום אונטערגאנג פון דער גאנצער מלוכה, ווארים קיין זאך קאנען מלכים ניט פארטראגען ווייניגער ווי די אומזיכערקייט פון זייער הערשאפט און א מלוכה אין א מלוכה. די ערשטע מלכים, וואס זיינען אויסגעקליבען געווארען פון פשוטען עולם זיינען אפילו געווען צופרידען מיט דעם כבוד און מיט דער מאכט צו וועלכע זיי זיינען דערהויבען געווארען. אבער נאך דעם ווי זייערע זין זיינען געווארען די קעניגען דורך דאס ירושה־רעכט, האט די לאגע כסדר זיך גענומען ענדערען. זיי האבען אנגעהויבען טראכטען ווי אזוי ארייננצוקריגען אין זייערע הענט די גאנצע מאכט, פון וועלכער דער גרעסטער טייל האט זיי נאך געפעלט, כל־זמן דאס רעכט צו שאפען געזעצען איז נאך געווען אפהייננגיג ניט פון זיי נאר פון דעם כהן־גדול, וועלכער איז געווען דער היטער און באשיצער פון די געזעצען, וואס זיינען געלע־גען אין ארון פון בית־המקדש און זייער אויסטייטשער פארן פאלק. דורך דעם זיינען די מלכים אליין געווען, אזוי צו זאגען, אונטערטאַ־נען פון די געזעצען, וועלכע ניט זיי האבען געקאנט אפשאפען און אויך ניט צולעגען צו זיי נייע געזעצען, וואס זאלען האבען א גלייכע באדייטונג מיט די אלטע. דערצו האבען די פארבאטען פון די לויים געהאלטען די מלכים פון ווייטען פון די הייליגע זאכען אלס אומריינע און אומהייליגע, פונקט ווי זייערע אונטערטאנען. און ועל כולם איז די גאנצע זיכערקייט פון זייער רעגירונג געווען אפהייננגיג פון דעם ווילען פון איינציגע מענשען, וואס האבען גע'שמ'ט פאר נביאים, פון וואס זיי האבען דורכגעלעבט גענוג ביישפילען. מיט וואס פאר א פרייהייט האט צ. ב. שמואל ארויסגעגעבען באפעלען צו שאול'ן, און ווי לייכט איז ער עס געווען בכח צוליב איין חטא אריבערצוטראגען דאס קעניגליכע רעכט פון שאול'ן אויף דוד'ן! אט אויף אזא איפן האט עקזיסטירט א מלוכה אין א מלוכה און די הערשאפט פון די מלכים איז געווען אומזיכער. כדי זיך ארויסצוהעלפען פון דער לאגע

האָבן די מלכים דערלויבט צו הייליגן טעמפּלען פון אַנדערע געטער, וואו מען דאַרף ניט אָנקומען צו די לויים. אויסער דעם האָבן זיי גענומען זוכן מענער, וואָס האָבן נביאות געזאָגט אין נאָמען פון גאָט, כּדי צו האָבן אייגענע נביאים, וועלכע מען זאָל קאָנען אַרויסשטעלן אַנטקעגן די אמת'ע נביאים. אָבער וואָס זיי האָבן ניט אונטערנומען זיינען זיי דאָך קיינמאָל ניט געווען בכח דורכצופירן זייער פּאַרלאַנג. וואָרים די נביאים, זייענדיק גרייט אויף אַלץ, פּלעגן אויסוואַרטן אויף אַ פּאַסיגע צייט, נעמליך אויף די צייט ווען אַ יורש דאַרף איבערנעמען די רעגירונג, וואָס איז געוועהנליך אומזיכער פאַר אים, כּל זמן מען האָט נאָך פריש אין זכרון דעם פריהערדיגען מלך. אין אַזאַ צייט איז פאַר זיי ניט שווער געווען דורך זייער געטליכע אויטאָריטעט צו מאַכן פאַר אַ מלך וועלכען עס איז אַ פייערדיגען און טוגענדהאַפטען פּרעטענדענט, וואָס זאָל ווערן דער באַשיצער פון געטליכען רעכט און דער געזעצליכער מושל איבער די מלוכה, אָדער איבער אַ טייל פון איר. אָבער אויך די נביאים האָבן ווייט ניט אַלץ געקאָנט אויספירן דורך דעם, וואָרים אויב זיי פּלעגן אַפילו לויז ווערן פון אַ טיראַן, פלעגן אָבער דאָך פאַרבלייבן די אורזאַכען פון טיראַניי. זייער גאַנצער אויפטו פּלעגט באַשטיין אין דעם, וואָס זיי פּלעגן ברענגען צו מאַכט אַן אַנדער טיראַן פאַר דעם פּרייז פון בלוט פון די פאָלקס-קינדער. דערפאַר איז קיין סוף ניט געווען צו די רייסערייען און צום בירגער-קריג. די אורזאַכען וואָס האָבן געפירט צו דעם, אַז מען זאָל עובר זיין די געזעצען פון גאָט זיינען שטענדיג געבליבען די זעלבע און זיי אָפּצושאַפען איז געוואָרען מעגליך נאָר מיט דעם אונטערגאַנג פון דער גאַנצער מלוכה.

מיר זעען דערפון, ווי אַזוי די רעליגיע איז אַריינגעפירט געוואָרען אין דער מלוכה פון די העברעער און אויף וואָס פאַר אַן אופן די דאָזיגע מלוכה וואָלט געקאָנט בלייבען באַשטיין אויף אייביג, אויב דער גערעכטער צאָרן פון געזעצגעבער וואָלט עס דערלאָזען פאַר אַ לענגערע צייט. אָבער אַזוי ווי דאָס האָט ניט געקאָנט פּאַרקומען, האָט זי סוף כּל סוף געמוזט אונטערגיין.

איך האָב דאָ גערעדט נאָר פון דער ערשטער מלוכה, ווייל די צווייטע איז קוים געווען אַ שאָטען פון דער ערשטער, וואָרים די אידען זיינען געווען אונטערטאַנען פון די פּערסער און האָבן געמוזט

פאָלגען די פּערסישע געזעצען. און נאָך דעם ווי זיי האָבען שוין אפילו יא געקראָגען אומאָפּהענגיגקייט, האָבען די כהנים־גדולים פאַרכאַפּט דאָס רעכט פון דער אויבערהערשאַפט און האָבען די גאַנצע ממשלה געפירט אליין, דערפון די גרויסע תשוקה פון די כהנים צו הערשען און צו דער זעלבער צייט אַנצוהאַלטען די כהונה־גדולה. עס איז דער־פאַר ניט נויטיג צו ריידען מער וועגען דער צווייטער מלוכה.

דאָך, צי איז די ערשטע מלוכה, וואָס וואָלט, ווי מיר האָבען גע־זען, געקאָנט פאַרבלייבען נאָר אַהן אַן ענד, ווערט געוועזן, מען זאָל זי נאָכמאַכען? אָדער צי וואָלט געווען א מצוה איר נאָכצומאַכען אויף ווי ווייט עס לאָזט זיך? דאָס וועט זיך אַרויסווייזען אין פאָלגענדען קאַפּיטעל. דאָ וויל איך צום שלוס נאָר נאָכאַמאָל אויפמערקזאַם מאַכען אויף דאָס, וואָס איך האָב שוין פריהער באַוויזען, און דאָס איז, אַז פון די באַטראַכטונגען אין דעם קאַפּיטעל קאָן מען זען אַז דאָס געטליכע רעכט, אָדער דאָס רעכט פון דער רעליגיע שטאַמט פון אַן אָפּמאַך, אָהן וועלכען עס עקזיסטירט נאָר דאָס נאַטירליכע רעכט, און אַז דערפאַר האָבען די העברעער לויט די געבאָטען פון זייער רע־ליגיע ניט געהאַט קיין התחיבות'ן לגבאי אנדערע פעלקער, וואָס זיי־נען אין דעם אָפּמאַך ניט אַריין; זיי האָבען געהאַט התחיבות'ן נאָר לגבאי די חברים פון זייער אייגען פאָלק.

---

## קאַפּיטעל אכצען.

**מכח עטליכע פּאָליטישע כללים וואָס לאָזען זיך אַרויסדרינגען פון דער מלוכה־אָרדנונג און היסטאָריע פון די העברעער.**

כאַטש די מלוכה פון די העברעער וואָלט געקאָנט, ווי מיר האָ־בען געזען אין פאָריגען קאַפּיטעל, האָבען אַן אייביגען קיום, פונדעסט־וועגען ניט עס איז מעגליך זי נאָכצומאַכען און ניט מען דאַרף עס וועלען. ווארים אויב מענשען ווילען אַריבערטראָגען זייער רעכט אויף גאָט, מוזען זיי, ווי דאָס האָבען געטאָן די העברעער, אָפּשליסען

מיט גאט אן אויסדריקליכען בונד. אבער דערצו איז נויטיג ניט נאר די הסכמה פון די, וואס ווילען אריבערטראגען זייער רעכט, נאר אויך די הסכמה פון גאט, אויף ווענוען דאס דאזיגע רעכט דארף אריבער־געטראגען ווערען. אבער גאט האט אנטפלעקט דורך די אפאסטאלען, אז דער גאטס בונד וועט אויף ווייטער ניט געשריבען ווערען מיט טינט און ניט אויף שטיינערנע טאוולען אויסגעקריצט ווערען, נאר ער זאל דורך גאטס גייסט פארשריבען ווערען אין די הערצער. דערצו נאך דארף אזא רעגירונגס־פארמע זיין נוצליך נאר פאר אזוינע מענשען, וואס לעבען פאר זיך אליין ניט אנקערענדיג זיך מיט אנדערע מענ־שען, וואס שליסען זיך איין אין זייערע גרעניצען און ווילען זיך אפ־זונדערן פון דער איבעריגער וועלט, אבער לכלותין ניט פאר מענשען וואס מוזען אנקומען צו אנדערע. דערפאר קאן די דאזיגע רעגירונגס־פארמע באנוצט ווערען פון גאנץ ווייניג מענשען. דאך, אויב אפילו זי קאן ניט נאכגעמאכט ווערען אין יעדען פרט, האט זי פארט אין זיך א סך מעלות, וואס פארדינען זייער גרויס אכטונג און וואס מען וואלט אפשר טאקי געדארפט נאכמאכען. אבער אזוי ווי מיין צוועק איז ניט, ווי שוין באמערקט, בפרוטרוט צו באהאנדלען די אידישע מלוכה, דערפאר וועל איך דאס רוב זאכען איבערלאזען אן א זייט און זיך נאר אפשטעלען אויף דאס, וואס איז שייך מיין צוועק.

קודם כל מוז געזאגט ווערען, אז די אויסוואל פון א העכסטען מושל, וואס באזיצט דאס העכסטע רעכט פון דער רעגירונג, געפינט זיך בשום אופן ניט אין ווידערשפרוך מיט דער מלוכה פון גאט. וואר־רים נאך דעם ווי די העברעער האבען אריבערגעטראגען אויף גאט זיי־ערע רעכטען, האבען זיי פונדעסטוועגען איבערגעבען צו משה'ן די העכסטע געוואלט צו באפוילען, און ער אליין האט נאכהער געהאט די מאכט צו געבען געזעצען אין נאמען פון גאט, און זיי אפצושאפען, צו באשטימען גאטס דינער, צו פירען משפט, צו לערנען, צו בא־שטראפען, און בכלל צו באפוילען איבער אלעמען און אלץ. ווייטער געהערט צו דער מלוכה פון גאט, אז די דינער פון גאט, כאטש וואס זיי זיינען געוועזען די אויסטייטשער פון די געזעצען, זאלען אבער ניט האבען קיין שליטה צו פירען משפט איבער די קינדער פון פאלק, אדער ווענוען עס איז ארויסצושטויסען פון גאטס קהל. דאס האט באלאנגט נאר צו די שופטים און צו די עלטעסטע, וואס זיינען געוועזען אויסגע־

קליבען פון פאלק. (יהושע, קאפיטעל 6, פסוק 5; שופטים, קאפיטעל 21, פסוק 5, 18 און 1; שמואל, קאפיטעל 14, פסוק 5 און 24).

אויב מיר זאלען ווייטער האלטען פאר אונזער אויג דעם שיקזאל פון די העברעער און זייער היסטאריע, וועלען מיר אויסגעפינען נאך אנדערע זאכען, וואס פארדינען גרויס אויפמערקזאמקייט.

1) ערשטענס איז ווערט צו באמערקען, אז עס זיינען ביי זיי ניט געווען קיין רעליגיעזע סעקטען ביז צו דער צייט ווען די כהנים האבען אונטער דער צווייטער מלוכה ניט באקומען דאס רעכט ארויסצוגעבען דעקרעטען און צו פירען די געשעפטען פון דער רעגירונג, און כדי צו פארפעסטיגען אויף אייביג את די רעכטען, האבען זיי גענומען פרע־טענדירען אויף די הערשאפט און סוף כל סוף זאגאר גענומען פאר־לאנגען דעם טיטעל פון מלך. די אורזאכען דאפיר קאן מען לייכט זען. אין דער ערשטער מלוכה האבען קיין דעקרעטען ניט געקאנט ארויסגעגעבען ווערען אין נאמען פון די כהנים־גדולים, ווארים זיי האבען ניט געהאט קיין רעכט ארויסצוגעבען א פסק; מער ניט זיי האבען געקאנט אויף די פראגען פון די עלטעסטע אדער פון דער פער־פארזאמלונג איבערגעבען גאט'ס תשובות. דערפאר האבען זיי דא־מאלסט זאגאר ניט געקאנט האבען קיין חשק ארויסצוגעבען נייע גע־באטען; פאר זיי איז נאר געווען נויטיג אנצוהאלטען און דורכצופירען דאס וואס איז געווען אנגענומען און אנערקענט. ווארים אויף קיין אנ־דער אופן האבען די כהנים ניט געקאנט זיכערען זייער פרייהייט זא־גאר געגען דעם ווילען פון די כהנים־גדולים, ווי נאר אויב די געזעצען וועלען שטרענג אפגעהיט ווערען. אבער נאכדעם ווי די כהנים האבען באקומען די מאכט צו פירען אויך די מלוכה־געשעפטען און די שטעל פון א כהן־גדול איז געווארען פאראייניגט מיט דער מאכט פון א מושל, האט יעדער איינער אנגעהויבען צו זוכען ווי אזוי צו מאכען בארימט זיין נאמען אין דער רעליגיע און אויך אין אלע אנדערע זאכען; דער־פון דער שטארקער פארלאנג ביי יעדען כהן־גדול צו באשליסען אלץ דורך דעם כח פון דער כהונה און ארויסצוגעבען יעדען טאג אלץ נייע דעקרעטען מכח דעם גאטעסדינסט, דער רעליגיע און בכלל וועגען אלץ אין דער וועלט, און דאס אלץ האט געדארפט ווערען פונקט אזוי היי־ליג און באקומען פונקט אזא שליטה ווי משה'ס געזעצען. דער פועל יוצא איז געווען, אז די רעליגיע איז אראפגעזונקען צו אן אומגליקלי־

כען אבערגלויבען און אז דער אמת'ער זינען און די ריכטיגע אויס־טייטשונג פון די געזעצען זיינען געווארען פארפאלשט. דערצו איז צוגעקומען דאס, וואס די כהנים האבען אין אנהייב פון דער ווידער־אויפבויאונג פון דער מלוכה, ווען זיי האבען זיך אוועקגעלאזען אויפן וועג צו פארכאפען די הערשאפט, אין אלץ געזוכט נאכצוגעבען דעם פאלק, כדי עס צוצובינדען צו זיך. זיי האבען גוטגעהייסען אלץ וואס דאס פאלק האט געטאן. אפילו ווען דאס זיינען געווען לעסטערונגען געגען גאט. און זיי האבען געזוכט צוצופאסען די הייליגע שריפטען צו זייערע שלעכטע זיטען. מלאכי זאגט וועגען דעם עדות אין גאנץ שארפע ווערטער. נאכדעם ווי ער טאדעלט די כהנים פון זיין צייט און רופט זיי אז די פאראכטער פון גאט'ס נאמען, זידעלט ער זיי ווייטער מיט פאלגענדע ווערטער: „דעם כהנ'ס ווערטער באוואכען דאס וויסען, און פון זיין מויל זוכט מען לערע, ווייל ער איז דער גע־זאנדטער פון גאט פון די הערשאפטען. איהר אבער האט אפגעקערט פון דעם וועג און האט א סך געמאכט שטרויכלען אין דער תורה. איהר האט פארדארבען דעם ברית־לוי, זאגט דער גאט פון די הערשאפטען (מלאכי 7, קאפיטעל 2, פסוק 7 און 8). און אזוי קלאגט ער זיי ווייטער אן, אז זיי טייטשען אויס די געזעצען ווי עס גלוסט זיך זיי און האבען אין זינען ניט גאט נאר די פערזאנען. עס איז אבער קיין ספק ניט, אז די כהנים האבען ניט געקאנט האנדלען דערביי אויף אזוי ווייט פארזיכטיג, אז די קליגערע צווישען פאלק זאלען עס ניט באמערקען. און דערפאר האבען אט יענע קליגערע מיט א וואקסענדער דרייסט־קייט גענומען טענה'ן, אז מען איז ניט געבונדען צו קיין אנדערע גע־זעצען, ווי נאר צו די וואס זיינען איבערגעגעבען געווארען אין די הייליגע שריפטען. און אז די אלע אנדערע געבאטען, וועלכע די נגנארטע פרושים (וועלכע האבען לויט יוספון געשטאמט אין די אלטע צייטען דאס רוב פון פשוט'ען עולם) האבען גערופען די קבלה פון די פאטערס, דארף מען ניט אויספאלגען. אבער וואס עס זאל ניט געווען זיין, קאן בשום אופן קיין ספק ניט זיין אין דעם, אז די חניפות פון די כהנים־גדולים, זייערע פאלשונגען פון דער רעליגיע און פון די גע־זעצען און די אומגלויבליכע פארמערונג פון די געזעצען האבען גע־געבען זייער שטארקע און אפטע געלעגענהייטען פאר רייסערייען און קריגערייען, וואס זיינען קיין מאל מער ניט אנשטילט געווארען. ווא־

רים, ווען מענשען הייבען אַן זיך ארומצורייסען אין היץ פון זייערע אבערגלויבענס און איין פּאַרטיי ווערט נאָך דערביי אונטערשטיצט פון דער רעגירונג, איז שוין ניט מעגליך צו קומען צו א פשרה און א שפּאַלטונג אין סעקטען מוז פּאַרקומען.

עס איז ווערט צו באַמערקען, אז די נביאים, וואָס זיינען דאָך געווען פּריוואַטע מענשען, האָבען דורך זייער פרייהייט צו מוסרן, צו טאַדלען און פּאַרצואוואַרפען מער אויפגערייצט די מענשען, איידער זיי פּאַרבעסערט; בעת עס וואָלט געווען גרינג פאַר די מלכים צו פירען דיזעלבע מענשען אין דרך הישר דורך דערמאַנונגען און באַשטראַפונגען. זאָגאַר פאַר פרומע קעניגען זיינען די נביאים געוואָרען אַפט ניט אריבערצוטראָגען דורך זייער אויטאָריטעט, וואָס האָט זיי געגעבען דאָס רעכט צו פּסקנען וואָס עס איז א מצוה און וואָס עס איז אן עבירה, און זאָגאַר צו באַשטראָפען די קעניגען אליין, אויב יענע האָבען זיך דערלויבט וואָס עס איז אַפּצוטאָן אין זייערע פּער־זענליכע אנגעלעגענהייטען אָדער אין מלוכה־זאַכען געגען זייערע, די נביאים'ס פּסק. דער קעניג אסא וואָס איז געווען לויט דער עדות פון תנך א פרומער הערשער, האָט געלאָזט דער נביא חנני אין גע־פענגניש אריינוואַרפען (דברי הימים ב', קאַפּיטעל 16) דערפאַר וואָס ער האָט געהאַט די העזה אים שטאַרק צו מוסרן און זידלען פאַר זיין בונד מיט דעם קעניג פון ארם. עס געפינען זיך נאָך אנדערע ביישפּילען פון דעם מין, וואָס באַווייזען, אז די רעליגיע האָט פון דער דאָזיגער פרייהייט געהאַט מער שאַדען ווי נוצען, שוין ניט ריידענדיג דערפון, וואָס די דאָזיגע רעכטען פון די נביאים האָבען ארויסגערופען שווערע בירגער־קריגען.

עס איז ווערט געווען צו באַמערקען, אז כל זמן דאָס פאָלק אליין האָט געפירט די רעגירונג איז פּאַרגעקומען נאָר איין איינציגער ביר־גערקריג, און דער איינער איז אויך אינגאַנצען פּאַרשטיקט געוואָרען און דערביי איבערגעלאָזען ביי די זיגער אזוי פיל רחמנות צו דעם באַ־זיגטען, אז זיי האָבען אַנגעשטרענגט אלע כחות פון דאָס ניי צו ברענ־גען די דאָזיגע באַזיגטע צו זייער אמאָליגער חשיבות און מאַכט. אבער נאָכדעם ווי דאָס פאָלק, וואָס איז בשום אופן ניט געווען צוגעוואוינט צו קיין קעניגען, האָט געענדערט די אַלטע מלוכה־אָרדנונג אין א מאָ־נאַרכיע, האָבען די בירגערקריגען כמעט זיך קיין מאָל נישט געענדיגט

און די שלאַכטען וואָס זיינען דערביי געגעבען געוואָרען האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַן אומערהערטער אַכזריות. אין איין שלאַכט זיינען (עס גלויבט זיך קוים) 500,000 בני־ישראל געטויט געוואָרען דורך די מענער פון יהודה; און אין אַן אַנדער שלאַכט האָבען די זין פון ישראל אויסגעקוילעט אַ סך מענער פון יהודה (די צאָל ווערט ניט אָנגעגעבען אין דער שריפט), האָבען דעם קעניג אַליין גענומען גע־פאַנגען, האָבען צעשטערט די מויערן פון ירושלים כמעט ביזן גרונט און האָבען זאַגאַר אויסגעראַבירט דעם בית־המקדש פון אַלע זיינע אוצרות (כדי צו ווייזען ווי גרויס אַהן אַ שיעור זייער צאָרן איז). און ערשט נאָכדעם ווי זיי זיינען געווען שווער באַלאַדען מיט רויב און אָנגעזעטיגט מיט ברודער־בלוט, ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבען מענשען אַלס משכנות גענומען און איבערגעלאָזען דעם קעניג און זיין כמעט אינגאַנצען פאַרוויסטעטער מלוכה, האָבען זיי אַוועקגעלייגט די וואָפען, און אויך דאַן האָבען זיי זיך פאַרלאָזען ניט אויף די טרייקייט פון יהודה, נאָר אויף איר שוואַכקייט. און שוין אין ווייניג יאָרען אַרום, ווען די לייט פון יהודה זיינען אַביסעל געקומען צו זיך, איז געקומען צו אַ נייעם קאַמף, פון וועלכען די בני־ישראל זיינען ווידער אַרויס די זיגער און האָבען אויסגעקוילעט 120,000 פון יהודה, און זייערע ווייבער און קינדער, בערך פון 200,000 נפשות, אַוועקגעשלעפט גע־פאַנגען, און נאָך אַמאָל אַוועקגעטראָגען פון דאָרט גרויס רויב. דורך אָט די און אַנדערע קאַמפען, וואָס ווערען דערמאָנט אין דער היס־טאָריע, נאָר פאַרבייגעהענדיג, זיינען זיי אויף אַזוי ווייט אָפּגעשוואַכט געוואָרען, אַז זיי זיינען סוף כל סוף געוואָרען אַ קרבן פון זייערע שונאים פון דרויסען.

אָבער, ווען מיר באַטראַכטען די צייטען, ווען זיי האָבען זיך געפונען אין פולען פרידען, וועלען מיר אויך געפינען דעמזעלבען גרוי־סען אונטערשייד. פריהער, ווי אין די צייטען פון די מלכים, פלעגען אָפט אַוועקגיין אַזוי לאַנג ווי פערציג יאָר און איינמאָל זאַגאַר גאַנצע אַכציג יאָר (אַ זאַך, וואָס לאָזט זיך ניט שטאַרק גלויבען) אַהן מלחמות מיט פרעמדע שונאים און אַהן רייסערייען צווישען זיך. אָבער ווען די קעניגען האָבען איבערגענומען די רעגירונג, האָט מען שוין מער זיך ניט געריסען צוליב פרידען און פרייהייט, נאָר מען האָט זיך גע־נומען שלאָגען פאַר רויב און עראָבערונג. און דערפאַר לייענען מיר,

אַז זיי אַלע האָבען געפירט קריג. איין אויסנאַם איז געווען שלמה, וועמעס טאַלאַנטען און חכמה האָבען זיך געקאָנט בעסער נוצליך מאַכען אין פרידען ווי אין קריג. דערצו איז ביי די אַנדערע נאָך צוגעקומען די אומגליקליכע תשוקה צו הערשען, וואָס האָט געמאַכט אַז דאָס רוב פון זיי זיינען דערגאַנגען צום טראָן אויף בלוטיגע וועגען.

און צולעצט מוז באַמערקט ווערען, אַז אין דער צייט פון דער פאָלקס־רעגירונג זיינען די געזעצע דאָס רוב געבליבען ניט געפאַל־שעוועט און פלעגען שטרענגער אָפּגעהיט ווערען. און דאָך זיינען אין די צייטען פריער פאַר די מלכים געווען זעהר ווייניג נביאים צו דער־מאָנען דאָס פאָלק. אָבער נאָך דער אויסוויילונג פון קעניגען זיינען אַסך נביאים געווען צו דער זעלבער צייט. האָט דאָך עבדיה גערא־טעוועט הונדערט פון טויט און זיי געהאַלטען פאַרבאָרגען, כדי זיי זאָלען ניט געטויט ווערען צוזאַמען מיט די איבעריגע. מיר געפינען אויך ניט, אַז דאָס פאָלק איז ווען עס איז אָפּגענאַרט געוואָרען פון פאַלשע נביאים, ביז עס האָט איבערגעגעבען די רעגירונג צו די מלכים, וועמען די מייסטע נביאים האָבען געזוכט צו פאָלגען. דערצו קומט נאָך צו, וואָס דאָס פאָלק, וועלכעס איז געווען פאַריסען אָדער געפאַלען ביי זיך לויט די אומשטענדען, פלעגט אין אַן אומגליק לייכט בעסער ווערען און זיך אומקערען צו גאָט, צוריק אויפשטעלענדיג די געזעצע, אום אויף אַזאַ אופן זיך צו באַפרייען פון געפאַר. פאַרקערט אָבער פלעגען די מלכים, וואָס זיינען שטענ־דיג פאַריסען ביי זיך און קאָנען זיך ניט בייגען, אַז זיי זאָלען זיך ניט פילען דערביי דערנידעריגט, האַרטנעקיג באַשטיין אויף זייערע זינד ביז די מלוכה איז סוף כל סוף אונטערגעגאַנגען.

דערפון זעט מען אויפן קלאָרסטען אופן:

1) ווי שעדליך עס איז פאַר די רעליגיע און פאַר דער מלוכה צו דערלויבען די דינער פון דער רעליגיע אַרויסצוגעבען דעקרעטען און פירען די געשעפטען פון דער מלוכה. און, פאַרקערט, וויפיל זי־כערער און פעסטער עס איז צו דערלויבען די דאָזיגע דינער פון דער רעליגיע נאָר צו געבען ענטפערס אויף פראַגען, וואָס זיינען בעצם שייך צו זיי, און צו פריידיגען און אָפּהיטען די בקבלה דערהאַלטענע און אַנגענומענע רעליגיע.

2) ווי געפערליך עס איז זיך צו באַרופען אויף דאָס געטליכע

רעכט אין פראגען. וואס זיינען נאר ספעקולאטיווע און אונטערוואַרפענע אונטער שטרייטיגקייטען. די טיראנישעסטע רעגירונגען זיינען די, וואס מאכען פון מיינונגען פארברעכענס, ווארים יעדער איינער האט א רעכט איבער זיינע געדאנקען, וואס קיינער קאן פון אים ניט אוועקנעמען. — נאך מער, אזא צושטאנד פירט צו דער הערשאפט פון פאלקסליידענשאפטען.

פאנטיוס פילאט האט נאכגעגעבען די ליידענשאפטען פון די פרושים, געבענדיג די הסכמה צו קרייציגען קריסטוס'ן, בעת ער האט געוואוסט אז ער איז אומשולדיג. און ווידער, די פרושים, כדי אונטערצוגראבען די לאגע פון מענער, וואס זיינען געווען רייכער ווי זיי אליין, האבען אנגעהויבען אויפצוווארפען פראגען פון רעליגיע, און האבען באשולדיגט די צדוקים אין ניט פרומקייט. און, פאלגענדיג זייער ביישפיל, האט די געמיינסטע צביעות, אויפגערייצט דורך דעם הייליגען צארן, וואס זיי האבען גערופען קנאת יהוה, געגומען פארפאלגען מענער פון אומבאפלעקטען כאראקטער און פון אויסגעצייכענטסטע טוגענדען. זיי האבען גענומען ארויסרופען א שנאה ביי די מאסען, פארדאמונג פאר זייערע מיינונגען און האבען געזוכט אנצוצינדען געגען זיי ביי די פאלקסמאסען די ווילדעסטע ליידענשאפטען.

די דאזיגע שעדליכע צוואווילדקייט, זייענדיג איינגעוויקעלט אין די ברייטע בגדים פון דער רעליגיע, לאזט זיך ניט לייכט אונטערדריקען, באזונדערס ווען די אויבערשטע רעגירונגסמאכט לאזט איינפירען א ניט אנערקענטע פון דער מערהייט סעקטע. זיי ווערען אין אזא פאל באטראכט ניט אלס אויסטייטשער פון דעם געטליכען רעכט, נאר אלס סעקטאנטען — ד. ה. אלס פערזאנען, וואס אנערקענען אז דאס רעכט פון דער געטליכער אויסטייטשונג איז איבערגענומען געווארען פון די פירער פון יענער סעקטע. די אוטאריטעט פון די פארשטייער פון געזעץ באקומט אויף אזא אופן א גאנץ קליינע באדייטונג אין די אלע זאכען אין פארגלייך מיט דער אוטאריטעט פון די פירער פון דער סעקטע, פאר וועמעס אויסטייטשונג קעניגען אליין האבען זיך געמוזט בייגען.

כדי אויסצומיידען אזוינע אומגליקליכע צושטענדען אין א מלוכה, איז ניטא קיין זיכערער וועג ווי נאר צו מאכען, אז פרומקייט

און רעליגיע זאלען באשטיין נאר אין געוויסע האנדלונגען. דאס הייסט אין דער פראקטיצירונג פון גערעכטיגקייט און וואוילטעטיג־קייט, איבערלאזענדיג פריי צו יעדען איינעם זיינע מיינונגען אין אנ־דערע זאכען. אבער איך וועל וועגען דעם נאך ריידען באריכות.

3) מיר האבען געזען ווי נויטיג עס איז, סאי אין אינטערעס פון דער מלוכה און סאי אין אינטערעס פון דער רעליגיע איבערצו־געבען דער רעגירונגסמאכט דאס רעכט צו באשליסען, וואס עס איז געזעצליך און וואס עס איז אומגעזעצליך. אויב דאס רעכט צו אור־טיילען וועגען האנדלונגען קאן ניט געגעבען ווערען צו די אמת'ע נביאים פון גאט אהן גרוים שאדען פאר דער מלוכה און דער רע־ליגיע, טא אויך וויפיל וויינינגער דארף עס אנגעטרויט ווערען צו די, וואס קאנען ניט פארויס זאגען די צוקונפט און ניט אויפטאן קיין נסים! אבער אויך וועגען דעם וועל איך ריידען אויספירליכער שפעטער.

4) מיר זעען אלזוי, וואס פאר אן אומגליק עס איז פאר א פאלק, וואס איז ניט געוואוינט צו קעניגען און וואס באזיצט א פולען קאי־דעקס פון געזעצען איינצופירען א מאנארכיע, ניט קאנען די אונטער־טאנען דולדען אזא ענדערונג און ניט קאן די קעניגליכע מאכט זיך אונטערווארפען אונטער געזעצען און פאלקסרעכטען, וואס זיינען איינ־געפירט פון אזוינע, וואס זיינען נידעריגער פאר זיי אליין. און נאך וויינינגער קאן מען ערווארטען, אז א קעניג זאל פארטיידיגען אזוינע געזעצען. ווארים זיי זיינען געשאפען געווארען ניט צו אונטערשטי־צען זיין הערשאפט, נאר פאר די הערשאפט פון פאלק, אדער פון וועלכען עס איז א ראט, וואס האט פריער געהערשט, אזוי אז אפהי־טענדיג די פאלקסרעכטען וואלט דער קעניג גיכער ווערען א שקלאף איידער א מושל. דער פארשטייער פון א נייער מאנארכיע וועט אנ־ווענדען זיין גאנצען ברען פרובירענדיג איינצופירען נייע געזעצען, וואס זאלען פאר זיין אייגענעם געברויך איבערגעבען דאס רעכט פון הערשאפט און וואס זאלען אויך אזוי ווייט אונטעריאכען דאס פאלק ביז עס וועט געפינען פאר לייכטער צו פארגרעסערען איידער צו באַ־שרענקען די קעניגליכע מאכט. איך דארף אבער ניט פארפעלען צו מעלדען, אז עס איז ניט וויינינגער געפערליך ארונטערצוזעצען א קע־ניג, אפילו דאמאלסט ווען אלע זיינען מודה, אז ער איז א טיראן,

ווארים אזא פאלק, וואס איז געוואוינט צו געהארכען די קעניגליכע אוטאריטעט, וועט ניט פאלגען קיין אנדער אוטאריטעט, פאראכטענ־דיג און מאכענדיג חוזק פון יעדער אנדערען ווייניגער ערהאבענעם קאנטראל.

עס איז דערפאר נויטיג, א זאך וואס די נביאים האבען שוין אין די אלטע צייטען ענטדעקט, אז ווען איין קעניג ווערט ארונטערגעזעצט, זאל זיין פלאץ פארנומען ווערען פון א צווייטען, וואס וועט גיכער זיין א טיראן נאר פון נויטווענדיגקייט איידער ווייל עס געלוסט זיך אים. ווארים ווי אזוי וועט ער קאנען פארטראגען צו זען ווי די הענט פון די בירגער טריפען מיט קעניגליכע בלוט און זיך פרייען מיט זייער קעניג־מארד ווי מיט א הערליכער טאט? צי איז יענע טאט ניט בא־גאנגען געווארען אלס ווארנונג פאר אים אליין?

אויב ער וויל באמת זיין א קעניג און ניט אנערקענען דאס פאלק אלס די ריכטער איבער קעניגען און אלס די בעלי־בתים איבער זיך אליין, אדער אוועקגיין אויף אן אומזיכערען וועג, מוז ער נקמה נעמען פאר דעם טויט פון זיין פארגענגער. און צוליב זיין אייגענער זיכער־קייט מוז ער ווייזען א ביישפיל, כדי דאס פאלק זאל ניט סיימען איבערצו׳חזר׳ן אן ענליכען פארברעכען. ער וועט אבער ניט לייכט קא־נען נעמען נקמה פאר דעם טויט פון דעם טיראן אויסקווילענדיג ביר־גער, סיידען ווען ער פארטיידיגט די זאך פון דער טיראניי און איז מסכים צו די טאטען פון זיין פארגענגער, נאכגייענדיג אויף אזא אופן אין יענעמס טריט.

אט דערפאר קומט עס, וואס פעלקער האבען אפט געביטען זיי־ערע טיראנען, אבער קיין מאל זיי ניט ארונטערגעזעצט, און ניט גע־ביטען די מאנארכישע רעגירונגס־פארם אויף וועלכע עס איז אנדערע.

דאס ענגלישע פאלק גיט אונז דעם שרעקליכען ביישפיל פון דעם פאקט. זיי האבען געזוכט ווי אזוי ארונטערצוזעצען זייער קעניג אונ־טער געזעצליכע פארמען, אבער ווען ער איז געווען ארונטערגעזעצט, זיינען זיי אינגאנצען געווען ניט אימשטאנד צו ענדערען די פארמע פון דער רעגירונג און נאך אסך בלוטפארגיסונגען האבען זיי נאר גע־בראכט דערצו, אז א נייער קעניג זאל באגריסט ווערען אונטער א נייעם נאמען (אזוי ווי עס וואלט אינגאנצען זיך געהאנדעלט נאר וועגען דער פראגע פון נעמען); אט דער נייער קעניג האט נאר געקאנט

באַפעסטיגען זיין מאַכט. פאַרניכטענדיג דעם גאַנצען פריהערדיגען קעניגליכען שטאַם, פאַר׳משפט׳נדיג צום טויט דעם קעניגס פריינד, אמת׳ע, אָדער נאָר כלומרשטע, און צעשטערענדיג דורך מלחמה דעם פרידען, וואָס וואָלט געקאָנט ערמוטיגען צו אומצופרידענהייט, כדי די באַפעלקערונג זאָל זיין פאַרנומען מיט די נייסען און זאָל אָפּווענדען זיינע געדאַנקען פון נאָכטראַכטונגען איבער דער דערמאָרדונג פון קעניג. ענדליך האָט דאָס פאָלק אָנגעהויבען צו פאַרשטיין, אַז עס האָט גאָר ניט אויפגעטאָן פאַר די נוצען פון לאַנד, ווי נאָר דאָס, וואָס מען האָט צעשטערט די רעכטען פון דעם געזעצליכען קעניג, און מען האָט אַלץ געענדערט אויף ער׳ער. עס האָט דערפאַר באַשלאָסען זיך אוועקצולאָזען צוריק אין דיזעלבע טריט אַזוי גיך ווי מעגליך און האָט מער ניט גערוט, ביז עס האָט געזען אַ פאָלשטענדיגע ווידערהערשטעלונג פון דעם פריהערדיגען צושטאַנד.

מען קאָן פיליכט אָפּ עגען, אַז דאָס רוימישע פאָלק איז לייכט געווען אימשטאַנד ארונטערצוזעצען זיינע טיראַנען. אבער איך געפין דוקא אין דער געשיכטע פון רוימישען פאָלק אַ שטאַרקע באַשטעטיגונג פאַר מיין באַהויפּטונג. כאָטש דאָס רוימישע פאָלק איז געווען מער ווי געוועגליך פעהיג אין ארונטערזעצען זיינע טיראַנען און אין בייטען די פאָרמען פון זיין רעגירונג, אויף אַזוי ווייט, ווי עס האָט געהאַלטען אין די אייגענע הענט די מאַכט אויסצוקלייבען זיינע קעניגען און זייערע נאָכפאָלגער. און ווייל עס איז באַשטאַנען פון בונטאָווששיקעס און פאַרברעכער, איז עס ניט לאַנג געווען צוגעוואוינט צו דעם קעניגליכען יאָך (פון זיינע זעקס קעניגען האָבען די רוימער פאַר׳משפט צום טויט דריי), פונדעסטוועגען איז דאָס רוימישע פאָלק ניט געווען אימשטאַנד אויפצוטאָן מער ווי נאָר דאָס, אויסצוקלייבען עטליכע טיראַנען אויף דעם פלאַץ פון איינעם. און יענע האָבען געהאַלטען דאָס פאָלק קרעכצענדיג אונטער אַ שטענדיגען מלחמה־צושטאַנד, סיי מיט פרעמדע לענדער און סיי פון די בירגער צווישען זיך, ביז עס האָט ענדליך ווידער געביטען זיין רעגירונג אויף אַ פאָרמע, וואָס האָט זיך אונטערשיידעט פון דער מאָנאַרכיע, ווי אין ענגלאַנד, נאָר אין נאָמען.

וואָס איז שייך די פאַראייניגטע שטאַטען און נידערלאַנד, האָבען זיי קיינמאָל, אויף ווי ווייט מיר ווייסען, ניט געהאַט קיין קעניג,

נאר פירשטען, וואס האבען קיינמאל ניט דערגרייכט די פולע רעכטען פון אויבערהערשאפט. די נידערלענדישע שטאטען האבען געהאנדעלט אלס די הויפט־פארשטייער אין דעם אויסגלייך, וואס זיי האבען געמאכט אין דער צייט פון דעם גראף פון לייטצעסטער; זיי האבען שטענדיג איבערגעלאזען פאר זיך אליין די אוטאריטעט אויפצופאסען, אז די פירשטען זאלען ערפילען זייערע פליכטען און די מאכט צו באשיצען די דאזיגע אוטאריטעט און די פרייהייט פון די בירגער. זיי האבען געהאט גענוג מיטלען צו פארטיידיגען זייערע רעכטען, אויב זייערע רעגירער זאלען זיך ארויסווייזען טיראניש און זיי האבען געקאנט ארויפלייגען אזוינע באשריינקונגען, אז קיין זאך האט ניט געקאנט געטאן ווערען אהן זייער צושטימונג און גוטהייסונג.

אט אזוי האבען די רעכטען פון דער אויבערשטער מאכט שטענדיג באלאנגט צו די שטאטען, כאטש דער לעצטער פירשט האט געפרובירט זיי צו פארכאפען. עס איז דערפאר זעהר ווייניג געווען צו ערווארטען, אז די שטאטען זאלען די דאזיגע רעכטען אויפגעבען, באזונדערס נאך ווען זיי האבען אקארשט צוריק אוועקגעשטעלט זייער אורשפרינגליכע הערשאפט, וואס איז אין דער לעצטער צייט געווען כמעט ווי פארלוירען.

אויף אזא אופן באשטעטיגען דיזע ביישפילען אונזער איבערצייגונג, אז יעדער זארט הערשאפט דארף אנהאלטען איר אורשפרינגליכע פארמע, און אז זי קאן באמת זיך ניט ענדערען אהן דער געפאר צו ברענגען א חורבן אויף דער גאנצער מלוכה. דאס זיינען די פונקטען, וואס איך האב גערעכענט, אז זיי זייענען ווערט דא אנגעמערקט צו ווערען.

## קאַפּיטעל נײַנצען.

עס איז באַוויזען געוואָרען, אז דאָס רעכט איבער גייסטיגע אנגעלעגענהייטען ליגט אינגאנצען ביי די הערשער, און אז די אויסערליכע פאָרמען פון דער רעליגיע זאָלען זיך געפינען אין הסכם מיט דעם עפענטליכען פרידען, אויב מיר ווילען פאָלגען דעם געטליכען געזעץ.

ווען איך האָב געזאָגט, אז די באַזיצער פון דער אויבערשטער מלוכה־מאַכט האָבען דאָס רעכט איבער אלצדינג, און אז אלע רעכטען הענגען אָפּ פון זייערע דעקרעטען, האָב איך ניט נאָר געמיינט צייטווייליגע רעכטען, נאָר אויך גייסטיגע רעכטען; זיי דאַרפען זיין די אויסטייטשער און די אַנפירער פון די לעצטע ווי פון די ערשטע. איך וויל ציהען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו דעם פּונקט און עס באַהאַנדלען אויספירליך אין דעם קאַפּיטעל, וואָרים אַסך מענשען לייקענען אָפּ, אז דאָס רעכט צו באַשליסען וועגען רעליגיעזע פראַגען געהערט צו דער אויבערשטער מלוכה־מאַכט און ענטזאַגען זיך זיי אנצוערקענען אלס די אויסטייטשער פון דעם געטליכען רעכט. זיי נעמען זיך דערפאַר די פולע פּריווילעגיע די אויבערמאַכט צו באַשולדיגען און צו שטעלען פאַר געריכט, נאָך מער זי זאָגאַר אויסצושליסען פון דער קירך, ווי אמבראָזיוס האָט אין די אלטע צייטען געסטראָשעט טהעאָדאָסיוס'ן. איך וועל אבער ווייטער אין דעם קאַפּיטעל ווייזען, אז זיי נעמען זיך פאַר דעם מיטעל צו צעטיילען די רעגירונג און אויסצופלאַסטערען אַ וועג פאַר זייער אייגענער אויפשטייגונג. איך וויל אבער פריהער אַנמערקען, אז די רעליגיע באַקומט איר קראַפט אלס געזעץ איינציג און אליין פון די דעקרעטען פון דער אויבערשטער מלוכה־מאַכט. גאָט האָט ניט קיין באַזונדערע מלוכה צווישען מענשען מיט אויסנאַם און אַזוי ווייט, ווי ער הערשט דורך די ערדישע, וועלטליכע הערשער. נאָך מער, די רעליגיעזע צערעמאָניעס און די אויסערליכע פאָרמען פון פרומקייט מוזען זיך געפינען אין הסכם מיט דעם עפענטליכען פרידען און וואוילזיין. און דערפאַר דאַרפען זיי באַשטימט ווערען פון דער אויבערשטער מלוכה־

מאכט אליין. איך רייד דא נאר פון די אויסערליכע אפהיטונג פון פרומקייט און פון די אויסערליכע רעליגיעזע צערעמאניעס, ניט אבער פון דער פרומקייט אליין, און ניט פון די אינערליכע פארהערליכונג פון גאט. איך רייד אויך ניט וועגען די מיטלען דורך וועלכע די נשמה ווערט אינערליך געפירט צו דער פייערונג פון גאט אין דער פשוט׳קייט פון הארצען.

די אינערליכע פארערונג פון גאט און די פרומקייט אליין געהערן צו דער ספערע פון יעדען איינעמס פריוואטנע רעכטען און קאנען ניט אוועקגענומען ווערען (ווי איך האב עס באוויזען צו ענד פון 7טען קאפיטעל). וואס איך מיין דא אונטער מלכות־השמים איז, דענק איך, קלאר גענוג פון דאס, וואס איז געזאגט געווארען אין קאפיטעל 14. איך האב דארט געוויזען, אז א מענש דערפילט אם בעסטען גאט׳ס געזעץ, ווען ער דינט צו אים לויט גאט׳ס אייגענע באפעלען דורך טא־טען פון גערעכטיגקייט און וואוילטעטיגקייט; דערפון איז געדרונגען, אז איבעראל וואו גערעכטיגקייט און וואוילטעטיגקייט האבען די קראפט פון געזעץ און באפעל, דארט איז די מלכות־השמים.

איך אנערקען קיין אונטערשיד ניט צווישען פאלען, וואו גאט לערנט און באפעלט די פראקטיצירונג פון גערעכטיגקייט און וואויל־טעטיגקייט דורך אונזערע נאטירליכע פעהיגקייט אין אזוינע פאלען וואו גאט מאכט ספעציעלע אפענבארונגען; אויך איז די פארמע פון אפענבארונג ניט וויכטיג, אזוי לאנג ווי אזא אפענבארונג ווערט פראקטיצירט און ווערט א זעלבשטענדיגער רעגירענדער געזעץ ביי די מענשען. דערפאר, אויב איך וייז, אז גערעכטיגקייט און וואוילטעטיגקייט קאנען נאר באקומען די קראפט פון געזעץ און רעכט דורך די געזעצען פון די מלוכה־הערשער, דארף איך לייכט קומען צום שלוס (אזוי ווי די רעכטען פון די מלוכה־הערשער געפינען זיך אין באזיץ פון דעם קעניג) אז די רעליגיע קאן נאר באקומען די קראפט פון געזעץ דורך די מיטלען פון יענע, וואס האבען א רעכט צו באפע־לען, און אז גאט רעגירט צווישען מענשען נאר דורך די ווירקונג פון ערדישע הערשער. פון דאס וואס איז דא געזאגט געווארען, איז גע־דרונגען, אז די פראקטיצירונג פון גערעכטיגקייט און וואוילטעטיג־קייט באקומט נאר די קראפט פון געזעץ דורך די רעכטען פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט; וואדים מיר האבען געוויזען אין קאפי־

טעל 16, אז אין נאטירליכען צושטאנד האט דער פארשטאנד ניט מער קיין רעכטען וויפיל ער פארלאנגט. מער ניט, די מענשען, לע־בענדיג אונטער די געזעצען פון פריהער אדער פון שפעטער, באזיצען רעכטען וואס שפרייטען זיך אויס גלייך מיט זייערע קרעפטען.

צוליב די דאזיגע אורזאכען קאנען מיר זיך ניט פארשטעלען, אז זינד זאל האבען עקזיסטירט אין נאטירליכען צושטאנד, אדער זיך אויסמאלען גאט אלס א ריכטער וואס באשטראפט מענשליכע עברות; נאר מיר שטעלען זיך פאר, אז אלע זאכען זיינען געשעהן לויט די אלגעמיינע געזעצען פון דער וועלט־נאטור און דארט איז ניטא קיין אונטערשייד צווישען פרום און ניט פרום, צווישען דעם ריינעם (ווי שלמה זאגט) און דעם אומריינעם, ווייל עס איז ניט געווען קיין מעג־ליכקייט ניט פאר גערעכטיגקייט און ניט פאר קיין וואוילטעטיגקייט.

כדי, אז די אמת'ע לערען פון פארשטאנד, וואס דאס מיינט (ווי מיר האבען געזען אין קאפיטעל 4) די אמת'ע געטליכע לערען, זא־לען קאנען באקומען די קראפט פון אבסאלוטע געזעצען און רעכטען איז געווען נויטיג, אז יעדער יחיד זאל אויפגעבען זיין נאטירליכען רעכט און עס אריבערטראגען ענטוועדער אויף דער געזעלשאפט אלס א גאנצער, אדער אויף א געוויסער קערפערשאפט פון מענשען, אדער אויף איין מענשען. ערשט דאמאלסט, און ניט ביז דאמאלסט, הויבט אן אויפצולייכטען פאר אונז וואס עס איז אזוינס גערעכטיגקייט און וואס אומגערעכטיגקייט, וואס איז יושר און וואס איז ניט יושר.

דערפאר איז עס וואס גערעכטיגקייט און אבסאלוט אלע כללים פון פארשטאנד, איינשליסענדיג די ליבע צום שכן, באקומען די קראפט פון געזעצען און באפעלען איינציג און אליין דורך דאס רעכט פון דער רעגירונג. דאס מיינט (ווי מיר האבען געוויזען אין זעלבען קאפיטעל) איינציג און אליין דורך די דעקרעטען פון די וואס בא־זיצען דאס רעכט צו רעגירען. אויף אזוי פיל ווי די מלכות־השמים באשטייט אינגאנצען פון די רעכטען, וואס ווערען אנגעווענדעט אין גערעכטיגקייט און וואוילטעטיגקייט, אדער אין דער אמת'ער רע־ליגיע, איז געדרונגען, (ווי מיר האבען באהויפטעט) אז די מלכות־השמים קאן נאר עקזיסטירען צווישען מענשען דורך די מיטלען פון די ערשטע מלוכה־מעכטען; עס מאכט דערביי קיין אונטערשייד ניט צי די רעליגיע ווערט אויפגענומען דורך אונזערע נאטירליכע פע־

הינקייטען, אדער דורך אפענבארונג; די באחויפטונג איז ריכטיג איןביידע פאלען, ווייל רעליגיע איז איינע און דיזעלבע און ווערט אנט־פלעקט דורך גאט, גאנץ גלייך אויף וואס פאר אן אופן זי ווערט באַ־קאנט צו די מענשען.

אט אזוי איז געווען נויטיג, כדי צוצוגעבען צו דער רעליגיע וואס איז אנטפלעקט געווארען דורך די נביאים די קראפט פון געזעץ צווישען אידען, אז יעדער איינער צווישען זיי זאל זיך אפזאגען פון זיין נאטירליכען רעכט, און אז אלע זאלען מסכים זיין צו געהארכען נאר יענע באפעלען, וואס גאט וועט צו זיי אנטפלעקען דורך די נביאים; פונקט אזוי ווי עס קומט פאר אין א דעמאקראטיע, ווי איך האב עס געוויזען, וואו די מענשען זיינען אלע מסכים צו לעבען לויט די פארשריפטען פון פארנונפט. כאטש די העברעער האבען ארי־בערגעטראגען זייערע רעכטען אויף גאט, זיינען זיי דאך געווען אימ־שטאנד עס צו טאן גיכער אין טעאריע ווי אין פראקטיקע. ווארים דער אמת איז, (ווי מיר האבען עס אויבען באוויזען) אז זיי האבען אנגע־האלטען זייער רעכט פון אויבערשטער מלוכה־הערשאפט ביז זיי האַ־בען עס אריבערגעטראגען אויף משה'ן, וועלכער איז געווארען דער אבסאלוטער קעניג, אזוי אז נאר דורך אים האט גאט רעגירט איבער די העברעער. און טאקע דערפאר וואס די רעליגיע באקומט נאר די קראפט פון געזעץ דורך די מיטלען פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט איז משה געווען אנמעכטיג צום באשטראפען יענע, וואס האַ־בען פריהער פאר דעם בונד, און דאס הייסט בעת יענע האבען נאך באזעסען זייערע רעכטען, מחלל שבת געווען. (שמות, קאפ. 16, פסוק 27). ער האט עס אבער געקאנט טאן נאך דעם ווי דער בונד איז אפ־געשלאסען געווארען, (במדבר, קאפ. 15, פסוק 36), ווייל יעדער איי־נער האט זיך אפגעזאגט פון זיינע נאטירליכע רעכטען און דער גע־באט וועגען שבת האט באקומען די קראפט פון א געזעץ.

און צו ענד, נאך דער צעשטערונג פון דער אידישער מלוכה, האט צוליב דער זעלבער אורזאך די אנטפלעקטע רעליגיע אויפגעהערט צו האבען די קראפט פון א געזעץ. עס איז קיין ספק ניט, אז אזוי גיך ווי די אידען האבען אריבערגעטראגען זייערע רעכטען אויף דעם קע־ניג פון בבל, האבען די מלכות השמים און דאס הייליגע רעכט אויפ־געהערט צו עקזיסטירען. ווארים דער בונד דורך וועלכען זיי האבען

פארשפראכען צו געהארכען אלע שפרוכען פון גאט איז געווארען אומ־
גילטיג, און די מלכות השמים, וואס איז באזירט געווען אויף דעם,
האט אויך אויפגעהערט צו עקזיסטירען. די העברעער האבען לענ־
גער ניט געקאנט בלייבען דערביי, ווייל זייערע רעכטען האבען מער
ניט באלאנגט צו זיי נאר צו דעם קעניג פון בבל, וועמען זיי האבען
געמוזט פאלגען (ווי עס איז געוויזען געווארען אין קאפיטעל 16) אין
אלצדינג. (ירמיהו, קאפיטעל 29, פסוק 7) איז זיי אויסדריקליך
מתריא: „און איר זאלט זוכען דעם פרידען פון דער שטאט, וואוהין
איך האב אייך פארטריבען, און איר זאלט בעטען גאט פאר איר, ווא־
רים נאר אין איר פרידען וועט איר האבען פרידען". אבער זיי הא־
בען ניט געקאנט זוכען דעם פרידען פון דער שטאט אלס אזוינע, וואס
האבען א חלק אין דער רעגירונג, נאר מער ניט ווי שקלאפען. זייענדיג
נאר געפאנגענע, האבען זיי נאר געקאנט געהארכען אין אלצדינג,
אויסמיידען אויפרייצונגען און אפהיטען אלע געזעצען פון לאנד, ווי
פארשידען די דאזיגע געזעצען זאלען ניט זיין פון זייערע אייגענע
געזעצען. עס איז אויף אזא אופן גאנץ גענוג קלאר באוויזען, אז
די רעליגיע האט ביי די העברעער באקומען די פארמע פון געזעץ נאר
דורך דאס רעכט פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט; און ווען די
דאזיגע הערשענדע מאכט איז צעשטערט געווארען, האט זי מער ניט
געקאנט אויפגענומען ווערען אלס דאס געזעץ פון דער באטרעפענ־
דער מלוכה, נאר אלס דער אלוועלטליכער פארשריפט פון פארשטאנד.
איך זאג פון פארשטאנד, ווארים די אלוועלטליכע רעליגיע איז נאך
ניט געווען באקאנט דורך אנטפלעקונג. מיר קאנען דערפאר ציהען
דעם אלגעמיינעם שלוס, אז רעליגיע, גאנץ גלייך צי זי איז אנט־
פלעקט דורך אונזערע נאטירליכע אייגענשאפטען אדער דורך נביאים,
באקומט די קראפט פון א באפעהל מער ניט ווי דורך די דעקרעטען
פון די, וואס האלטען די אויבערשטע מלוכה־מאכט; און אז דערפאר
האט גאט ניט קיין באזונדערע קעניגרייך צווישען מענשען, מיט אויס־
נאם און אויף אזוי ווייט ווי ער רעגירט דורך ערדישע הערשער.

מיר קאנען איצט זען אין א קלארען ליכט, וואס איז געזאגט גע־
ווארען אין קאפיטעל 4. נעמליך, אז גאט'ס אלע באפעלען אנטהאלטען
אין זיך אייביגע אמתען און א נויטווענדיגקייט. און אז מיר קאנען
ניט באגרייפען גאט אלס א פרינץ אדער געזעצגעבער, וואס גיט גע־

זעצען צו דער מענשהייט. צוליב דער אורזאך באקומען גאט'ס פאר־שריפטען, צי זיי זיינען אנטפלעקט דורך אונזערע נאטירליכע אייגענ־שאפטען אדער דורך נביאים, ניט באלד אויף אז ארט די קראפט פון באפעלען, מער ניט זיי באקומען אזא קראפט נאר פון די, אדער דורך די פארמיטלונג פון די, וואס האבען א רעכט צו רעגירען און צו שאַ־פען געזעצען. נאר דורך אט די מיטלען רעגירט גאט צווישען די מענשען און רעגולירט די מענשליכע געשעפטען מיט גערעכטיגקייט און יושר.

דער שלום ווערט אונטערשטיצט דורך די ערפארונג, ווארים מיר געפינען שפורען פון געטליכער גערעכטיגקייט נאר אין פלעצער וואו גערעכטע מענשען פירען די הערשאפט; אין אנדערע ערטער באַ־פאלט דערזעלבער שיקזאל (ווידערהאלענדיג שלמה'ס ווערטער) אויף דעם גערעכטען ווי אויף דעם אומגערעכטען, אויף דעם ריינעם ווי אויף דעם אומריינעם: עס איז א צושטאנד וואס רופט ארוים ביי אסך א ספק, צי הערשט גאר גאט'ס השגחה דירעקט צווישען די מענ־שען, און צי פירט ער גאר די גאנצע נאטור פאר זייער נוצען?

און אזוי ווי סיי דער פארשטאנד און סיי די ערפארונג זאגען אונז, אז דאס געטליכע רעכט איז אינגאנצען אפהענגיג פון די דעק־רעטען פון די וועלטליכע הערשער, איז דערפון נעדרונגען, אז די וועלטליכע הערשער זיינען די פאסענדע אויסטייטשער פון דעם דאַ־זיגען רעכט. ווי אזוי דאס געשעהט, דאס וועלען מיר איצט ווייזען. ווארים עס איז צייט צו ווייזען, אז די אויסערליכע אפהיטונג פון רע־ליגיע און די גאנצע אויסערליכע פראקטיק פון פרומקייט דארפען גע־בראכט ווערען אין איינקלאנג מיט דעם עפענטליכען פרידען און מיט דעם וואוילזיין פון די מענשען. אויב מיר ווילען פאלגען גאט אויף דעם ריכטיגען אופן. ווען דאס וועט באוויזען ווערען, וועלען מיר לייכט פארשטיין ווי אזוי די אויבערשטע מלוכה־הערשער זיינען די פאסיגע אויסטייטשער פון רעליגיע און פרומקייט.

עס איז זיכער, אז די פליכטען צו יעדענס לאנד זיינען די העכס־טע וואס א מענש קאן ערפילען; ווארים אויב די רעגירונג ווערט אוועקגענומען, קאן קיין גוטע זאך ניט אנהאלטען; עס הייבען זיך אן ריסעררייען, און בייזקייט און אנארכיע רעגירען אומבאשרענקט אין מיטען פון אלגעמיינעם שרעקען. דערפאר קאן ניט זיין קיין פליכט

צו אונזער שכן. וואס זאל ניט ווערען קיין זינד, אויב זי ענטהאלט אין זיך א שאדען צו דעם גאנצען שטאט; אויך קאן ניט זיין קיין זינד געגען אונזער פליכט צו אונזער שכן, אדער עפעס וואס אנדערש ווי טרייקייט, אויב מיר טוען אזוינס מיט דעם צוועק צו פארהיטען דעם שטאט. צום ביישפיל: אבסטראקט גענומען איז מיין פליכט, ווען מיין שכן קריגט זיך מיט מיר און וויל אוועקנעמען מיין מאנטעל, אים אפצוגעבען אויך מיין ראק; אבער אויב מיר זאלען דענקען, אז אזא האנדלונג איז שעדליך פאר דער אנהאלטונג פון שטאט, דארף איך אים ברענגען פאר'ן געריכט, אפילו דאמאלסט ווען ער שטייט אין געפאר פאר'משפט צו ווערען אויף טויט.

צוליב דער אורזאך ווערט מאנילוס טארקוואטוס פארערט, ווייל זיין פליכט צום עפענטליכען וואוילזיין האט ביי אים אריבערגעוואויגען זיין פליכט צו זיינע קינדער*) דערפון איז געדרונגען, אז דאס וואוילזיין איז דאס העכסטע געזעץ צו וועלכען אלע אנדערע געזעצען, געטליכע און מענשליכע דארפען זיך צופאסען.

און היות ווי עס איז די אויפגאבע נאר פון העכסטען הערשער

*) די זאגע דערציילט, אז אין צייט פון צווייטען פונישען קריג (צווישען די רוימער און קארטאגען) האט איינער פון די קאנסולען, מאנילוס טארקוואטוס כדי צו פארשטארקען די דיסציפלין אין דער ארמיי, ארויסגעגעבען א באפעל, אז קיינער טאר זיך ניט אריינלאזען אין א קאמף מיט דעם שונא אהן זיין אויסדריקליכען באפעל. אבער זיין אייגענער זון איז איינמאל אזוי שטארק באליידיגט געווארען פון א רייטער־פירער פון שונא, אז ער האט אין אויפרעגונג פארגעסען אן פאטערס באפעל, האט זיך ארויפגעווארפען אויף דעם באליידיגער, אים דערשטאכען און מיט טריאומף פירענדיג די וואפען פון דעם געטויטעטען, זיך אומגעקערט צוריק אין זיין לאגער. אבער דער פאטער האט אים באגעגענט מיט א פינסטערען בליק, האט דורך די טרומייטערס געלאזט פארזאמלען די סאלדאטען און האט פאר'משפט דעם זון צום טויט. דער פסק איז דורכגעפירט געווארען פאר די אויגען פון פאטער און פון דער ארמיי אזוי גיך, איידער די פארזאמעלטע האבען באוויזען צו קומען צו זיך פון פארוואונדערונג און שרעק. אבער ביז וויט אין קומענדע דורות איז די בלוטיגע שטרענגקייט פון מאנילוס געבליבען א תתראה פאר די רוימישע יוגענד. — דער איבערזעצער.

צו באשטימען וואס עס איז נויטיג פאר דעם עפענטליכען וואוילזיין און פאר דער זיכערקייט פון שטאט און ארויסצוגעבען די פאסיגע באפעלען; דערפאר איז עס אויך די אויפגאבע נאר פון דעם העכס־טען מלוכה־הערשער צו באשטימען די גרעניצען פון אונזערע פליכטען צו אונזער שכן; מיט אנדערע ווערטער צו באשטימען ווי אזוי מיר זאלען געהארכען גאט. מיר קאנען אויף אזא אופן קלאר פארשטיין ווי אזוי דער אויבערשטער מלוכה־הערשער ווערט דער אויסטייטשער פון דער רעליגיע. און ווייטער, אז קיינער קאן ניט דינען גאט אויף דעם ריכטיגען אופן, אויב די פראקטיק פון זיין פרומקייט שטימט ניט איין מיט דעם עפענטליכען וואוילזיין; אדער, מיט אנדערע ווער־טער, אויב ער פאלגט ניט בלינד אלע געזעצען פון דעם אויבערשטען מלוכה־הערשער.

דאס ווערט אויך באשטעטיגט דורך דער פראקטיק. קיין אונ־טערטאן דארף ניט העלפען דעם, וועמען די העכסטע מלוכה־מאכט האט פאר׳משפט צום טויט, אדער האט ערקלערט פאר א שונא, גאנץ גלייך צי עס איז א בירגער אדער א פרעמדער, צי א פריוואט־מענש, אדער א הערשער פון אן אנדער מלוכה. דערפאר איז אויך ביי די אידען געווען א חוב איבערצוגעבען צום שופט יעדען איינעם וואס איז באגאנגען אן עבירה קעגען גאט׳ס געזעץ. (ויקרא, קאפיטעל 5, פסוק 1; דברים, קאפיטעל 13, פסוקים 8 און 9) און אויב ער איז חיב מיתה געווען, אים אויך טויטען (דברים, קאפיטעל 17, פסוק 7), כאטש עס האט געהערשט דער באפעל ביי יידען צו ליבען דעם נאהענטען ווי זיך אליין. (ויקרא, קאפיטעל 19, פסוקים 8 און 9). און ווייטער, כדי אז די אידען זאלען קאנען איינהאלטען די פרייהייט, וואס זיי האבען דערוואָרבען און זאלען קאנען האלטען פעסט די אבסאלוטע ממשלה איבער דאס לאנד וואס זיי האבען דערווארבען, איז געווען נויטיג, ווי עס איז געוויזען געווארען אין קאפיטעל 17, אז זייער רעליגיע זאל זיין געגעני צוגעפאסט צו זייער באזונדערער רעגירונג, און אז זיי זאלען זיך אפזונדערען פון די איבעריגע נאציאנען, צוליב וואס זיי איז באפוילען געווארען: „ליב דיין שכן און האס דיין שונא" (מאתי קאפ. 5, פסוק 43). אבער, נאך דעם ווי זיי האבען פארלוירען זייער מלוכה און זיינען אוועק אין געפאנגענשאפט אין בבל, האט ירמיה זיי געהייסען זיך זארגען וועגען די זיכערקייט פון דער שטאט.

גוואוהין זיי זיינען פאַרפירט געוואָרען אין געפאַנגענשאַפט; און קריס־טוס, וועז ער האָט דערזען, אַז זיי וועלען צושפּרייט ווערען איבער דער גאַנצער וועלט, האָט זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלען טאָן זייערע פליכ־טען צו אַלע מענשען אָהן אויסנאַם. אָט די אַלע ביישפּילען ווייזען, אַז די רעליגיע איז שטענדיג געמאַכט געוואָרען צו זיין בהסכם מיט דעם עפענטליכען וואוילזיין. אָבער פיליכט וועט ווער עס איז פרע־גען: אויב אַזוי, טאָ מיט וועלכען רעכט האָבען דען די תלמידים פון קריסטוס, זייענדיג פּריוואַטע בירגער, געפּרעדיגט אַ נייע רעליגיע? איך ענטפער, אַז זיי האָבען עס געטאָן אויפ'ן סמך פון דעם רעכט און מאַכט וואָס זיי האָבען באַקומען פון קריסטוס'ן געגען די אומ־ריינע גייסטער (מאַתי קאַפּ. 10, פּסוק 1). איך האָב שוין באַמערקט אין קאַפּיטעל 16, אַז אַלע זיינען מחויב צו געהאָרכען אַ טיראַן, סיי־דען ווען מען באַקומט פון גאָט דורך אומצווייפעלהאַפטיגע אַנטפּלע־קונג אַ פאַרשפּרעכען פון הילף אַנטקעגען אים; דערפאַר זאָל קיינער ניט נעמען קיין ביישפּיל פון די אַפּאָסטאָלען אײידער ווער קאָן אַליין אויך באַווייזען נסים. דער פּונקט איז קלאָרער אַרויסגעבראַכט דורך דעם באַפעל פון קריסטוס צו זיינע תלמידים: „האָט קיין מורא ניט פאַר די וואָס דער'הרג'נען דעם גוף" (מאַתי קאַפּ. 10. פּסוק 28) אויב דער באַפעל וואָלט אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף יעדען איינעם, וואָל־טען רעגירונגען געווען נוצלאָז און שלמה'ס ווערטער: (משלי, קאַפּ. 24, פּסוק 21) „האָב מורא, מיין זון, פאַר גאָט און פאַר'ן קעניג", וואָלטען געווען זינדיג, און דאָס זיינען זיי געווים ניט. מיר מוזען דערפאַר אַננעמען, אַז די אויטאָריטעט וואָס קריסטוס האָט געגעבען צו זיינע תלמידים, איז געגעבען געוואָרען נאָר צו זיי אַליין, און דאַרף ניט גענומען ווערען אַלס אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע.

איך שטעל זיך ניט אָפּ צו באַטראַכטען די אַרגומענטען פון די וואָס ווילען אָפּטיילען וועלטליכע רעכטען פון גייסטיגע רעכטען, וועקשטעלענדיג די ערשטע אונטער דעם קאָנטראָל פון דעם מושל און די לעצטע אונטער דעם קאָנטראָל פון דער וועלט־קירך. אַזוינע פּרעטענזיעס זיינען צו נישטיג צו פאַרדינען, אַז מען זאָל זיי אָפּ־שלאָגען. איך קאָן אָבער ניט פאַרשווייגען דעם פאַקט, אַז אַזוינע פּערזאָנען זיינען טרויעריג אָפּגענאַרט, ווען זיי זוכען באַקרעפטיגונג פאַר זייערע רעבעלישע מיינונגען (איך בעט ענטשולדיגונג פאַר דעם

אביסעל שארפען אויסדרוק) אין דעם ביישפיל פון דעם אידישען כהן־גדול, וועלכער האט אין די אלטע צייטען געהאט דאס רעכט צו פארוואלטען די הייליגע עמטער; זיי פארגעסען אבער אז די כהנים־גדולים האבען באקומען דאסזעלביגע רעכט פון משה׳ן, וואס האט אליין באזעסען די העכסטע מלוכה־מאכט און האט, ווי מיר האבען שוין אויבען אנגעוויזען, דערפאר געקאנט דורך דיזעלבע מלוכה־מאכט דאס דאזיגע רעכט פון זיי אויך אוועקנעמען. משה אליין האט ניט נאר אויסגעקליבען אהרן׳ען, נאר אויך יענעמס זוהן אליעזר און זיין אייניקעל פנחס, געבענדיג די מאכט צו פארוואלטען די כהנה־גדולה. און זיי האבען עס ווייטער אנגעהאלטען אלס די באפאלמעכטיגטע פון משה׳ן, ד. ה. פון דער העכסטער מלוכה־מאכט. משה האט, ווי מיר האבען שוין געזאגט, ניט איבערגעלאזען קיין יורש פון זיין ממשלה; נאר ער האט פארטיילט די רעגירונגס־געשעפטען, אזוי, אז די וואס זיינען געקומען נאך אים זיינען געווען בעאמטע, וואס האבען פארוואלטעט די רעגירונגס־געשעפטען, נאר ווי בעת דער קעניג איז געווען פארייזט, ניט אבער ווען ער איז טויט. אין דער צווייטער מלוכה האבען די כהנים גדולים אנגעהאלטען דאס רעכט אבסאלוט, נאך דעם ווי זיי האבען אריינגעקראגען דערצו נאך אויך דאס רעכט פון די מלוכה־הערשער.

דערפאר היינגט דאס רעכט אויף די כהנה־גדולה שטענדיג אפ פון דער הסכמה פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט. און די כהנים־גדולים האבען זייערע רעכטען שטענדיג אנגעהאלטען נאר פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט. דאס רעכט איבער אלע רעליגיעזע געשעפטען האט שטענדיג געהערט צו די מלכים, ווי איך וועל עס קלאר באווייזען אין דעם קאפיטעל: נאר א י י ן איינציגעס רעכט האבען זיי געהאט: זיי האבען אליין ניט געטארט פראווען די עבודה אין בית־המקדש, ווייל זיי האבען ניט געשטאמט פון אהרנ׳ס משפחה, און זיינען דערפאר באטראכט געווארען אלס אומריין פאר דעם. אבער אין קריסטליכע שטאטען איז די איינציגע אויסנאם אויך ניט פאראן.

עס איז דערפאר קיין שום ספק ניט, אז היינט־צו־טאג געהערט דאס רעכט איבער אלע רעליגיעזע זאכען נאר צו דער מלוכה־מאכט. ווארים זייער פארוואלטונג פאדערט דאך איצט נאר א געוויסען לעבענס־אופן, און איז אבער ניט אפהענגיג פון דער אדער יענער אפ־

שטאמונג. און דערפאר קאנען די טרעגער פון דער מלוכה־מאכט ניט אויסגעשלאסען ווערען פון דעם אלס אומריינע, און עס געהערט נאר צו דער מלוכה־מאכט דאס אבסאלוטע רעכט איבער די אלע רעליגיעזע זאכען, די ערלויבניש זיי צו פארוואלטען, די דינער פון דער רעליגיע אויסצוקלייבען, די יסודות פון דער קירך און אירע תורות פעסטצושטעלען, און באשליסען וואס עס איז מאראליש, ווען ארייננצונעמען אין דער קירך אדער ארויסצושטויסען, ווי אויך צו זארגען פאר די ארימע.

דאס איז ניט נאר אמת, ווי איך האב באוויזען, נאר עס איז אויך אבסאלוט נויטיג פאר די דערהאלטונג, סאי פון דער רעליגיע און סיי פון שטאט. ווארים עס איז באקאנט וואס פאר א גרויסע חשיבות עס האט ביים פאלק דאס רעכט און די מאכט איבער די רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, און ווי אזוי אלע הערען זיך צו מיט אזא יראת הכבוד צו דאס, וואס דער באזיצער פון דער רעליגיעזער מאכט זאגט ארויס; מען קאן זאגען, אז דער וואס באזיצט די דאזיגע מאכט, איז דער מושל איבער דעם פאלקס ווילען. דערפאר קומט אויס, אז דער וואס וויל אוועקנעמען אט דאס רעכט ביי דער העכסטער מלוכה־מאכט, זוכט צו צוטיילען די הערשאפט, און פון אזא טיילונג מוז אומפארמיידליך ארויסשפרינגען שטרייטיגקייטען און רייסערייען אהן א סוף, ווי עס איז געווען דער פאל צווישען די קעניגען און די כהנים־גדולים ביי די יידען. מיר קאנען אפילו זאגען, אז דער וואס וויל אוועקנעמען ביי דער וועלטליכער מאכט אט די אויטאריטעט, דער זוכט פאר זיך אליין צו עפענען א וועג צו הערשאפט, ווי איך האב עס שוין באוויזען. ווארים וואס וועט איבערבלייבען פאר די מלוכה־מאכט צו באשליסען, אויב מען זאל ביי איר אוועקנעמען אט דאס רעכט? באמת, גאר ניט, וואס איז שייך קריג און פרידען, אדער בכלל גארניט, אויב זי זאל דארפען ווארטען אויף דעם שפרוך פון אן אנדערען, וואס וועט דארפען באשטימען צי דאס, וואס דער מאכט־טרעגער האלט פאר נוצליך איז פרום, אדער זינדיג. אין אזא פאל הייננט אלץ אפ פון דעם באשלוס פון דעם, וואס האט צו באשטימען, וואס עס איז פרום און וואס זינדיג, וואס עס איז רעכט און וואס אומרעכט.

אין אלע יארהונדערטען קאן מען געפינען ביישפילען פאר דעם;

איך וועל נאר ברענגען איינס פון אסך אזוינע. דער רוימישער אוי־בערפריסטער, דער פאפסט האט אזא רעכט באקומען און ביסלאכ־ווייז האט ער ארייננעקראגען דעם פולען קאנטראל איבער אלע קע־ניגען, ביז ער איז דערגאנגען צו דעם העכסטען שטאפעל פון הער־שאפט. וויפיל די פירסטען, און באזונדערס די דייטשע קייזערס, האבען שפעטער זיך ניט געפלייסט כאטש וויפיל עס איז צו פארקלע־נערען און איינצושרענקען אט דעם קאנטראל, איז זייער טרחה גע־ווען אומזיסט; פארקערט, זיי האבען אין א סך פאלען דורך זייערע באמיהונגען נאך מער פארשטארקט די מאכט פון פאפסט. דאס וואס קיין מאנארך האט ניט געקאנט דורכפירען מיט פייער און אייזען. דאס האבען די פריסטער געקאנט דערגרייכען דורך א קראץ מיט'ן פעדער. פון דעם אליין קאנען מיר זען, ווי גרויס עס איז די מאכט פון דער קירך, און ווי נייטיג עס איז פאר די אויבערשטע מלוכה־מאכט אנצוהאלטען פאר זיך די שליטה איבער דער קירך.

טראכט מען נאך וועגען דעם וואס איך האב געזאגט אין לעצ־טען קאפיטעל, אזוי זעט מען, אז דאס האט ניט ווייניג מיטגעהאל־פען צום וואוקס פון דער רעליגיע און פרומקייט אליין; ווארים, איך האב שוין געוויזען, אז אפילו די נביאים אליין, כאטש זיי זיינען געווען באשאנקען מיט דער געטליכער טוגענד, האבען דאך אלס יחידים, דורך זייער רעכט צו דערמאנען, צו מוסר'ן און צו שילטען, מער אויפגערייצט די מענשען, איידער זיי אויסגעבעסערט, בעת די קעניגען האבען דורך זייערע דערמאנונגען און באשטראפונגען לייכט באצוואונגען די מענשען... ווייטער, זיינען די קעניגען אליין אפט נאר דערפאר געווען אפטריניג פון דער רעליגיע, ווייל מען האט זיי ניט אנפערטרויט איינגאנצען דאס דאזיגע רעכט און צוזאמען מיט זיי איז כמעט דאס גאנצע פאלק אפגעפאלען פון דער רעליגיע. זא־גאר אין קריסטליכע לענדער האט דאסזעלבע אויך אפט פאסירט צו־ליב דערזעלבער אורזאך.

אבער, אויב מען וועט מיך פרעגען, ווער דען זאל פארטיידיגען די פרומקייט, אויב דער טרעגער פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט ווערט פארדארבען און זינדיג? צי זאלען אזוינע מאכט־טרעגער אויך דאמאלסט באטראכט ווערען פאר די אויסטייטשער פון דער רעליגיע? אויף דעם וועל איך פרעגען צוריק: ווי וועט זיין, אז די גייסטליכע,

וואָס זיינען דאָך נאָר יחידים און דאַרפֿען נאָכטראַכטען וועגען זייערע אייגענע געשעפֿטען, ווי וועט זיין, אַז זיי, אָדער אַנדערע, וועמען מען טרויט אַז די מאַכט איבער רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען, וועלען אויך ווערען זינדיג און פֿאַרדאַרבען, צי זאָל מען זיי אויך דאַמאָלסט האַלטען פֿאַר די אויסטייטשער פֿון דער רעליגיע? עס איז קיין ספק ניט, אַז אויב די מלוכה־הערשער זאָלען זיין נאָר איבערגעבען צו פֿאַרנעגינענס, צי זיי וועלען האָבען די קאָנטראָל איבער רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען צי ניט, וועט די גאַנצע מלוכה, די וועלטליכע ווי די גייסטיגע גיין צו גרונד, און אויב וועלכער עס איז יחיד וועט אויף זיך נעמען דאָס געטליכע רעכט אויפֿצוהעצען דאָס פֿאָלק, וועט דער חורבן קומען נאָך גיכער. עס ווערט דערפֿאַר גאָר ניט אויפֿגעטאָן, אויב מען נעמט אַוועק ביי די אויבערשטע מלוכה־מאַכט דאָס דאָזיגע רעכט. פֿאַרקערט, די צרה ווערט נאָך דעם גרעסער, ווייל צוליב דעם מוזען די קעניגען ווערען אויסגעלאָסען, ווי עס איז געשעהן מיט די אידישע מלכים, וואָס האָבען אַזאַ רעכט ניט פֿאַרמאָגט. אויף אַזאַ אופֿן ווערט דאָס אומגליק פֿון שטאַט געמאַכט פֿאַר זיכער און אומפֿאַרמיידליך, אַנשטאַט צופֿעליג און אומגעווים.

צי מען קוקט אויף דעם אמת פֿון דער זאַך אליין, אָדער אויף די זיכערקייט פֿון שטאַט און אויף די פֿאַרגרעסערונג פֿון פֿרומקייט, מוז מען אַלץ אָננעמען, אַז דאָס געטליכע רעכט, אָדער די דעה איבער רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען מוז ווערען אָפּהענגיג פֿון דעם באַשלוס פֿון דער העכסטער מלוכה־מאַכט, און אַז אָט די אויבערשטע מלוכה־מאַכט מוז ווערען די אויסטייטשערין און באַשיצערין פֿון דער רעליגיע. דערפֿאַר איז אַן אמת'ער פּרעדיגער פֿון גאָט'ס וואָרט דער, וואָס לערנט דעם פֿאָלק ווי אַזוי צו געהאָרכען די וועלטליכע הערשער, דורך וועמעס דעקרעטען די פֿרומקייט ווערט צוגעפּאַסט צום אַלגעמיינעם גליק.

עס בלייבט מיר נאָך איבער צו דערקלערען פֿאַר וואָס אין די קריסטליכע שטאַטען האָט מען זיך שטענדיג אַרומגעריסען וועגען דער פֿראַגע מכח דאָס רעכט איבער דער רעליגיע, בעת די אידען האָבען קיין מאָל, אויף ווי ווייט איך ווייס, ניט געהאַט קיין ספק וועגען דעם. עס קאָן באמת אויסווייזען משונה'דיג, וואָס אַזאַ קלאָרע און נויטווענדיגע זאַך איז שטענדיג אָפּגעפֿרעגט געוואָרען, און וואָס די העכס־

טע רעגירונגס־מאכט האט שטענדיג ערשט דורך שטרייטיגקייטען און זאגאר מיט דער געפאר פון אויפשטאנדען צום שאדען פון דער רע־ליגיע געקאנט קומען צו דער דאזיגער פריווילעגיע. אויב איך וואלט ניט געקאנט אנגעבען קיין זיכערע ערקלערונג פאר אזא צושטאנד, וואלט איך געמוזט צוגעבען, אז די באטראכטונגען פון דעם קאפיטעל זיינען נאר פשט׳לאך, און געהערן צו יענע זארטען השערות, וואס קאנען פראקטיש ניט באשטעטיגט ווערען. אבער ווען מען באַ־טראכט די התחלות פון דער קריסטליכער רעליגיע, אזוי דערקענט מען באלד די אורזאך פון דעם. די קריסטליכע רעליגיע איז אין אנהייב ניט געלערנט געווארען פון קעניגען, נאר פון פריוואט פערזאנען, וועלכע האבען א לאנגע צייט גע׳דרשנט אין פריוואט קירכען געגען דעם ווילען פון דער מלוכה־מאכט, און זיי האבען דארט דעם גאטעס־דינסט איינגעשטעלט און פארוואלטעט און אלץ באשלאסען און גע־טאן ניט רעכענענדיג זיך מיט דער מלוכה־מאכט.

ווען נאך א משך פון לאנגע יארען האט די קריסטליכע רעליגיע אנגעהויבען צו ווערען די מלוכה־רעליגיע, האבען די גייסטליכע, וואס האבען די דאזיגע רעליגיע איינגעשטעלט, געמוזט זי נעמען לערנען אויך מיט די קעניגען. זיי האבען דערפאר געקאנט לייכט דערגיין דערצו, אז זיי זאלען אנערקענט ווערען אלס די לערער, אויסטייטשער און באשיצער פון דער קירך און אלס די שטעלפארטרעטער פון גאט. די גייסטליכע האבען אויסגעצייכענט געוואוסט ווי צו פאר־היטען, אז די קריסטליכע קעניגען זאלען שפעטער ניט וועלען פאר־כאפען די דאזיגע מאכט, דורך דעם וואס זיי האבען פארבאטען די העכערע דינער פון דער קירך און די העכסטע אויסטייטשער פון דער רעליגיע חתונה צו האבען. דערצו איז געקומען דאס, וואס זיי האבען אזוי וויית פארמערט די דאגמעס פון דער רעליגיע און זיי אזוי דורכגעמישט מיט פילאזאפיע, אז זייער אויבערשטער אויסטייטשער האט געמוזט זיין דער באדייטענדסטער טעאלאג און פילאזאף און האט געמוזט האבען א סך פרייע צייט פאר די גרויסע מאסע פון פשט׳לאך און פלפולים. און דאס אלץ האט מען געקאנט געפינען נאר ביי פריוואט פערזאנען, וואס האבען געהאט גענוג פרייע צייט.

ביי די אידען איז די לאגע געווען א גאנץ אנדערע. זייער מלוכה האט זיך אנגעהויבען אין דער זעלבער צייט מיט דער קירך. און משה,

זייער אבסאָלוטער הערשער, האָט אויך געגעבען די תורה צום פאָלק, האָט איינגעשטעלט זייער גאָטעסדינסט און אויסגעקליבען גאָט'ס דינער. דערפאר איז געשעהן, אז די קעניגליכע מאכט איז געווען אם מייסטען אנגעזען ביים פאָלק און אז דאָס רעכט אויף די גייסטיגע זאכען איז געבליבען בעצם אין די הענט פון די קעניגען.

כאָטש נאָך משה'ס טויט האָט קיינער ניט באהערשט אבסאָלוט די מלוכה־מאכט, איז דאָך דאָס רעכט צו באשליסען וועלטליכע און גייסטיגע זאכען געבליבען ביי די פירשטען און דאָס פאָלק האָט זיך געמוזט ווענדען צום העכסטען ריכטער, פונקט ווי צום כהן גדול צו לערנען רעליגיע און פרומקייט (דברים, קאפּ. 17, פּסוקים 9 און 11). און כאָטש די מלכים האבען ניט געהאט אזוי פיל מאכט ווי משה, איז דאָך די גאנצע אָרדנונג און דער וואוילשטאנד פון דעם רעליגיעזען דינסט געווען אפּהענגיג פון זיי. אָט אזוי האָט דוד איינגעשטעלט דעם גאנצען גאָטעס־דינסט אין בית המקדש. (דברי הימים א, קאפּ. 28, פּסוקים 11, 12 א. וו.) פון אלע לויים האָט ער אויסגעקליבען 24,000 צו זינגען די הייליגע מזמורים און 6,000 פון וועלכע עס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען די שופטים און שוטרים, 4000 טיר־היטער און 4000 וואָס זאָלען שפּילען אויפן פליוט. (דברי הימים א, קאפּ. 23, פּסוקים 4 און 5). ער האָט זיי נאָכהער איינגעטיילט אין אפּטיילונגען, פון וועלכע ער האָט אויסגעקליבען די פירער, און יעדע פון די אפּטיילונגען האָט נאָך דער ריי געפּראוועט דעם גאָטעס־דינסט (דאָרט 5). אויך די זקנים האָט ער איינגעטיילט אין אזוי פיל אפּטיילונגען. כדי איך זאָל ניט דארפען זיך אריינלאָזען אין איינצעלהייטען, שיק איך אָפּ דעם לעזער צו דברי הימים ב, קאפּיטעל 8, פּסוק 13, וואו עס שטייט געשריבען: „און שלמה האָט דאן געבראכט קרבנות צו גאָט... לויט דעם באפעל פון משה". און אין פּסוק 14: „און ער (שלמה) אליין האָט איינגעטיילט די כהנים אין אפּטיילונגען אין זייער דינסט און די לויים אין זייערע משמרות... לויט דעם באַפעל פון דוד דעם געטליכען מאַן." און צולעצט אין זעלבען קאפּיטעל, פּסוק 15, זאָגט דער פארפאסער פון דברי הימים עדות: „און זיי האָבען ניט אפּגעווייכט פון די באפעלען פון קעניג צו די כהנים און לויים אין קיין זאך ניט און ניט וועגען די אוצרות".

פון דעם און פון די אנדערע דערציילונגען פון די מלכים איז

קלאר, אז דערפאר, ווען עס וואלטען ניט געווען קיין נביאים וואס האָ־
בען געקאנט צוזאגען א זיכערע מחילה פאר א קעניג־מארד דורך באַ־
זונדערע אפענבארונג, וואלטען די קעניגען געהאט דאס רעכט איבער
אלע אנגעלעגענהייטען, וועלטליכע ווי גייסטיגע. און דערפאר באזי־
צען די איצטיגע טרעגער פון דער מלוכה מאכט, ווען קיין נביאים
זיינען ניט פאראן און זיי זיינען גאר ניט מחויב אנצונעמען נביאים,
ווייל זיי זיינען ניט געבונדען מיט'ן אידישען געזעץ, דאס פולע, אומ־
באשרענקטע רעכט אויף אלע גייסטיגע אנגעלעגענהייטען, כאטש זיי
זיינען פארהייראט. און זיי וועלען דאס דאזיגע רעכט שטענדיג אנ־
האלטען, אויב נאר זיי וועלען ניט דערלאזען צו פארמערען צו שטארק
די רעליגיעזע דאגמאס און זיי צוזאמענמישען מיט וויסענשאפטען.

---

## קאפיטעל צוואנציג.

עס ווערט געוויזען, אז אין א פרייער מלוכה איז יעדען איינעם דערלויבט
צו טראכטען וואס ער וויל און צו זאגען וואס ער טראכט.

אויב מען וואלט געקאנט דעם געדאנק אזוי לייכט באפעלען ווי
דעם צונג, דאמאלסט וואלט יעדער הערשער זיך געפילט זיכער און
עס וואלטען ניט פארגעקומען קיין געוואלטזאמע הערשאפטען; וואָ־
רים יעדער אונטערטאן וואלט געלעבט לויט דעם ווילען פון זיינע
אויבערהארען און אין הסכם מיט זייערע געבאטען וואלטען די אונ־
טערטאנען באשטימט וואס עס איז אמת און וואס פאלש, וואס עס
איז גוט און וואס שלעכט, וואס גערעכט און וואס אומגערעכט. אבער
ווי איך האב שוין געזאגט אין אנהייב פון קאפיטעל 17, איז עס אומ־
מעגליך אז די נשמה פון וועלכען עס איז מענשען זאל אינגאנצען זיך
געפינען אין דער ממשלה פון אן אנדערען, ווארים קיינער קאן ניט
אריבערטראגען אויף אן אנדערען זיין נאטירליך רעכט אדער פעהיג־
קייט פריי צו טראכטען און צו אורטיילען, און קיינער קאן דערצו
אויך ניט געצוואונגען ווערען. דערפאר ווערט יעדע רעגירונג וואס

זוכט צו קאנטראלירען די געדאנקען פון די מענשען געהאלטען פאר טיראניש, און עס ווערט באטראכט פאר א מיסברויך מצד פון דער רעגירונגס מאכט אין א בארויבונג פון די רעכטען פון די אונטערטא־נען, אויב זי זוכט פארצושרייבען וואס עס דארף אנגענומען ווערען אלס ריכטיג און וואס עס דארף פארווארפען ווערען אלס פאלש; אדער דורך וועלכע מיינונגען מענשען דארפען אויסדריקען זייער צו־בונד צו גאט. דאס זיינען רעכטען פון יחידים, פון וועלכע קיינער קאן זיך ניט ענטזאגען אפילו ווען ער וויל.

עס איז אמת, אז מענשליכע מיינונגען קאנען זיין פאלש אויף פארשידענע אופנים און כמעט ביז צו אן אומגלויבליכער מדרגה. אזוי אז כאטש א געוויסע מיינונג שטייט ניט דוקא אונטער דעם די־רעקטען באפעל פון א צווייטען, קאן עס אויף אזוי ווייט זיין אפהענ־גיג פון א צווייטענס ווערטער, דאס מען קאן זאגען, אז עס ווערט באהערשט פון יענעם. אבער ווי גרויס אזוינע השפעות זאלען ניט זיין, קאנען זיי דאך קיינמאל ניט דערגיין אזוי ווייט אפצושלאגען די באהויפטונג, אז יעדער מענש האט זיינע אייגענע מיינונגען, און אז די געדאנקען פון די מענשען זיינען פונקט אזוי פארשיידען ווי זייערע געשמאקען.

אפילו משה, וואס האט באקומען אזא געוואלטיגע ממשלה אי־בער'ן פאלק ניט דורך פאלשקייט, נאר דורך זיינע הייליגע טוגענדען, ווייל מען האט אים געהאלטען פאר א געטליכען מענשען און מען האט געגלויבט, אז אלץ וואס ער זאגט און טוט קומט פון גאט'ס השפעה, אפילו ער האט ניט געקאנט אויסמיידען, אז דאס פאלק זאל זיך בא־קלאגען און פאלש אויסטייטשען זיינע ווערטער אין טאטען. אויף וויפיל וועניגער קאנען אזוינס אויסמיידען אנדערע הערשער! עס איז אבער לייכט צו פארשטיין, אז אויב אזא זארט אומבאשרענקטע הערשאפט וואלט בכלל געקאנט עקזיסטירען, וואלט זי געווען מעגליך נאר א מאנארכיע, און וויניגער ווי אלץ וואלט זי געווען מעגליך אין א דעמאקראטיע, וואו אלע אדער א גרויסער טייל פון פאלק, רעגירען צוזאמען.

דאך ווי שטארק און אומבאשרענקט די אויבערשטע מלוכה־מאכט זאל ניט זיין, און וויפיל עס זאל איר ניט אנפארטרויט זיין אויסצוטייטשען דאס רעכט און די רעליגיע, קאן זי דאך פארט ניט

שטערען די מענשען צו האבען וועגען אלץ זייערע אייגענע מיינונגען און צו ווערען פארכאפט דא פון איינער און דא פון א צווייטער ליידענשאפט. אמת איז, אז די אויבערשטע מלוכה־מאכט האט דאס רעכט צו ערקלערען אלעמען, וואס זיינען ניט מסכים מיט איר פאר שונאים; אבער איך רייד דא ניט מכח רעכט, נאר מכח דעם צי איז עס נוצליך. איך גיב צו, אז לויט איר רעכט נאך קאן זי פירען א געוואלטזאמע ממשלה און לאזען פאר׳משפט׳ן צום טויט בירגער צוליב אלערליי קלייניגקייטען. אבער קיינער וועט דאך ניט זאגען, אז אזא זארט ממשלה איז שכל׳דיג. נאך מער, אזא זארט ממשלה איז ניט מעגליך אן גרויסע געפארען פאר דער עקזיסטענץ פון שטאאט אליין. און דערפאר קאן מען זאגאר אפפרעגען צי האט זי גאר די מאכט צו טאן אזעלכענע זאכען? און דאס מיינט: צי האט זי דאס רעכט אויף דעם? ווארים די רעכטען פון דער אויבערשטער מלוכה־מאכט ווערען באשטימט לויט איר מאכט.

און ווי באלד, אז קיינער קאן זיך ניט ענטזאגען פון זיין פרייהייט צו טראכטען און אורטיילען, נאר יעדער איינער מוז לויט דעם נאטירליכען רעכט זיין דער בעל־הבית איבער זיינע געדאנקען, איז דערפון געדרונגען, אז עס פארבלייבט נאר אן אומגליקליכע פראבע, אויב מען וויל אין א מלוכה צווינגען די מענשען, אז זיי זאלען נאר ריידען ווי די מלוכה־מאכט באפעלט, כאטש זיי האבען גאר אנדערע מיינונגען; ווארים אפילו די קליגסטע קאנען ניט שווייגען, און וועגען דעם המון איז דאך שוין אפגערעדט. עס איז אן אלגעמיינער פעלער ביי די מענשען זיך צו טיילען מיט זייערע געדאנקען מיט אנדערע, אפילו דארט, וואו מען וואלט געדארפט שווייגען. און דערפאר וועט יענע רעגירונג זיין די געוואלטזאמסטע, אוואו עס ווערט פארבאטען דעם יחיד ארויסצוזאגען און צו לערנען זיינע געדאנקען צו אנדערע. און אזא רעגירונג וועט זיין די געמעסיגסטע, אוואו דאס ווערט ערלויבט. פונדעסטוועגען קאן קיין ספק ניט זיין, אז די רעגירונגס־מאכט קאן ווערען באליידיגט, פונקט אזוי דורך ווערטער ווי דורך טאטען. און אויב עס איז אפילו ניט מעגליך די דאזיגע פרייהייט אינגאנצען אוועקצונעמען ביי די בירגער, וואלט דאך געווען אויפ׳ן העכסטען אופן שעדליך אזא פרייהייט זיי צו ערלויבען גאר אהן איינשריינקונגען. איך דארף דא דערפאר אונטערזוכען אויף ווי

ווייט אַזאַ פרייהייט קאָן און דאַרף ערלויבט ווערן צו דעם יחיד, אַז עס זאָל ניט ברענגען קיין שאָדען צום פרידען פון שטאַט און צו דער מאַכט פון דער רעגירונג. און די דאָזיגע אונטערזוכונג איז, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען אין אָנהויב פון קאַפּיטעל 16, אייגנטליך דער עצם פון מיין אויפגאַבע.

פון די יסודות פון שטאַט, וועלכע איך האָב אויבען פעסטגעשטעלט, איז קלאָר געדרונגען, אַז זיין צוועק איז ניט צו הערשען, ניט צו האַלטען די מענשען אין מורא און געהאָרכזאַמקייט, נאָר, דוקא פאַרקערט, צו באַפרייען דעם יחיד פון מורא, כדי ער זאָל קאָנען לעבען אַזוי זיכער ווי נאָר מעגליך, ד. א., אַז ער זאָל קאָנען אָנהאַלטען זיין נאַטירליך רעכט אויף עקזיסטענץ אויפ'ן בעסטען אופן אָהן שאַדען פאַר זיך און אַנדערע.

איך זאָג: עס איז ניט דער צוועק פון שטאַט צו פאַרוואַנדלען די מענשען פון שכל'דיגע ברואים אין ווילדע חיות אָדער אין גולמס, נאָר צו מאַכען פאַר זיי מעגליך, אַז זייערע נשמות און זייערע גופים זאָלען קאָנען זיך אַנטוויקלען אין זיכערקייט; און אַז זיי זאָלען קאָנען באַנוצען זייער שכל פריי און ניט באַקעמפען איינער דעם צווייטען מיט שנאה, צאָרן, אָדער באַטרוג; און ניט קוקען איינע אויף די אַנדערע מיט קנאה און אומגערעכטיגקייט. דער צוועק פון שטאַט איז אַלזוי די פרייהייט.

מיר האָבען ווייטער געזען, אַז די אויסבילדונג פון שטאַט האָט געפאָדערט, אַז די מאַכט צו באַשליסען וועגען אַלץ זאָל ענטוועדער אָנפאַרטרויט ווערען צו אַלע בירגער, אָדער צו אייניגע, אָדער צו איינעם. וואָרים יעדער מענש האָט פאַרשיידענע מיינונגען; יעדער איינער מיינט, אַז ער פאַרשטייט אַלץ; און עס איז ניט מעגליך, אַז אַלע זאָלען רעדען אין זעלביגען זינען, און אַז אַלע זאָלען זיין איבער איינשטימיג אין זייערע מיינונגען. דערפאַר איז ניט געווען מעגליך אָנצוהאַלטען שלום צווישען מענשען, סיידען די מענשען זאָלען זיך אָפּזאָגען פון זייער רעכט צו האַנדלען אינגאַנצען לויט יעדען איינעמס פאַרלאַנג. אָבער כאָטש די מענשען האָבען פון אָט דער אַבסאָלוטער פרייהייט צו האַנדלען זיך אַנטזאָגט, האָבען זיי אָבער פונדעסטוועגען זיך ניט אַנטזאָגט פון זייער רעכט צו טראַכטען און צו אורטיילען. דערפאַר קאָן קיינער נ י ט ה אַ נ ד ל ע ן געגען די

באשלוסען פון דער רעגירונג, ניט שאדענדיג דעם שטאט; אבער ער מעג טראכטען און אורטיילען אנדערש, און דאס הייסט אויך זיך ארויסזאָגען געגען דעם. אויב ער זאָגט אדער לערנט נאר אנדערש מיט שכל׳דיגע באווייזען, און ניט אויב עס ווערט געטאן מיט באַטרוג, צארן און האס, און אויך ניט כדי איינצופירען ענדערונגען אין שטאַט דורך זיין אייגענער אוטאָריטעט.

זאָלען מיר צום ביישפיל אננעמען, אז איינער ווייזט אויף, אז א געוויסער געזעץ איז געגען געזונטען שכל הישר, און דערפאר פאַדערט ער אז דאס דאזיגע געזעץ זאָל אפגעשאפט ווערען. איז, אויב ער, אלס גוטער בירגער וועגדעט זיך מיט זיין מיינונג צו דער רעגירונג, וואס האט אליין א רעכט צו שאפען געזעצען און זיי אפצושאַפען, און ער אונטערוואַרפט זיך אונטער איר באשלוס, דאמאָלסט טוט ער אויף א גרויסע זאך. אבער אויך דאס קומט פאר מיט דעם צוועק צו באווייזען ווי אומגערעכט די רעגירונג איז, און זי צו מאכען פאַרהאסט ביים פאָלק; אדער אויב ער פרובירט מיט געוואַלט באזייטיגען דאס זעלביגע געזעץ געגען דעם ווילען פון דער רעגירונג, דאמאָלסט איז ער נאר אן אויפהעצער און בונטאַוושטשיק.

דערפון קאן מען זען, ווי אזוי יעדער איינער קאן אויסדריקען זיינע געדאנקען ניט שאדענדיג דאס רעכט און די מאכט פון דער רעגירונג. ד. ה. ניט שטערענדיג דעם פרידען פון שטאט. דאס איז, ווען ער לאזט איבער צו דער רעגירונג דאס רעכט צו באשליסען ווי מען דארף האנדלען, און טוט גאר ניט געגען די געזעצען, ווען אפילו עס קומט אים אויס צו האנדלען געגען דעם וואס ער אליין האלט פאר קלאָר און גוט.

אזא זארט פראקטיק קאן אנגעהאלטען ווערען און עס זאָל ניט שאדען דער פרומקייט אדער דער גערעכטיגקייט. און אזוי דארף עס געשעהן, אויב מען וויל זיין א גערעכטער און פרומער מענש. ווארים, ווי איך האב שוין פריהער געוויזען, הענגט די גערעכטיגקייט אפ נאר פון דעם באשלוס פון דער מלוכה־מאכט, און דערפאר קאן נאר דער זיין גערעכט וואס לעבט לויט אירע געזעצען. וואס איז שייך פרומקייט, באשטייט זי, ווי איך האב געוויזען אין פריהערדיגען קאפּיטעל, אין דעם כולל פון דאס אלץ, וואס עס ווערט געטאן פאר דעם פרידען און רו פון שטאט; און דאס קאן ניט אנגעהאלטען ווערען.

אויב יעדערער זאָל וועלען לעבען נאָך זיין פאַרלאַנג. עס איז דער־
פאַר אַ זינד געגען גאָט צו וועלען האַנדלען לויט אייגענע מיינונגען
געגען די געזעצען פון דער מלוכה, צו וועלכע איינער איז אונטער־
וואָרפען. וואָרים, אויב דאָס וואָלט יעדען איינעם דערלויבט געווען,
וואָלט דערפון געמוזט אַרויסקומען דער חורבן פון גאַנצען שטאַט.

נאָך מער, אַ מענש קאָן ניט האַנדלען קעגען דעם ווילען און גע־
באָט פון זיין אייגענעם שכל, אַזוי לאַנג ווי ער געהאָרכט די געזע־
צען, וואָרים ער האָט מיט זיין אייגענעם שכל באַשלאָסען אַריבער־
צוטראָגען אויף דעם שטאַט זיין רעכט צו לעבען נאָך זיין אייגענעם
ווילען.

מיר קאָנען פון אונזער אייגענער ערפאַרונג זען, ווי אַזוי די באַ־
הויפּטונג ווערט באַשטעטיגט. אָט אַזוי פּאַסירט זעהר זעלטען אויף
פאַרזאַמלונגען פון די העכסטע און די נידעריגערע מלוכה־מאַכטען,
אַז וועלכע עס איז באַשלוסען זאָלען אָנגענומען ווערען דורך די איינ־
שטימיגע מיינונג פון אַלע אַנטיילנעמער; און דאָך זיינען אַלע אייניג
אין דער דורכפירונג פון די דאָזיגע באַשלוסען, גאַנץ גלייך צי איינער
האָט געשטימט פאַר דעם אָדער קעגען דעם.

אָבער איך וועל זיך אומקערען צו מיין אייגענטליכער אויפגאַבע.
פון די יסודות פון שטאַט האָבען מיר אויסגעפונען, ווי אַזוי יעדער
איינער קאָן זיך באַנוצען מיט דער פרייהייט פון זיינע מיינונגען, ניט
בריינגענדיג קיין שאָדען צו דער מלוכה־מאַכט. פון דעם קאָן מען
פּונקט אַזוי לייכט באַשטימען, וואָס פאַר אַ מיינונגען עס דאַרפען
באַטראַכט ווערען פאַר אויפרייצענדיגע. דאָס זיינען אַזוינע מיינונ־
גען, וואָס לויט זייער מהות נאָך מאַכען זיי צו גאַרנישט דעם אָפּמאַך,
לויט וועלכען יעדער איינער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין רעכט צו
האַנדלען ווי אים געלוסט זיך. אויב איינער טענה'ט צ. ב., אַז די
מלוכה־מאַכט האָט קיין דעה ניט איבער אים, אָדער אַז קיינער איז
ניט מחויב צו האַלטען זיינע פאַרשפּרעכונגען, אָדער אַז יעדער איי־
נער זאָל לעבען אַזוי ווי אים געלוסט זיך, און אַנדערע מיינונגען פון
דעם מין וואָס זיינען להפך צו דעם אויבען דערמאָנטען אָפּמאַך, אַזאַ
איינער איז אַן אויפהעצער, ניט דערפאַר ווייל ער האָט אַזוינע מיי־
נונגען, נאָר צוליב די האַנדלונגען וואָס זיינען שוין כולל אין אַזוינע
מיינונגען. וואָרים דער וואָס האָט שוין אַזוינע מיינונגען, ברעכט

שוין שטילשווייגענדיג אָדער אָפענערהייט זיין קאָנטראַקט מיט דער מלוכה־מאַכט. פאַרקערט אָבער, זיינען אַנדערע מיינונגען, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך ניט קיין האַנדלונג קעגען דעם קאָנטראַקט אָדער נקמה, אָדער צאָרן, אַזוינע מיינונגען זיינען ניט קיין רעבעלישע; סיידען אויב דער שטאַט איז שטאַרק פאַרדאָרבען; אָדער אויב אָבער־גלויבישע און ערגייציגע מענשען וואָס קאָנען ניט פאַרטראָגען קיין פרייע מענשען, דערגרייכען צו אַזאַ פּאָפּולאַריטעט ביי די מאַסען, אַז זייער וואָרט ווערט מער געאַכט ווי דאָס געזעץ.

פונדעסטוועגען לייקען איך ניט אָפּ, אַז עס זיינען פאַראַן איינ־צעלנע מיינונגען, וואָס כאָטש לפנים זיינען זיי נאָר שייך דעם אמת און ניט־אמת, ווערן זיי דאָך אַרויסגעזאָגט און פאַרשפּרייט מיט אומ־ריינע מאָטיווען. אין קאַפּיטעל 15 האָב איך וועגען דעם אַרומגע־רעדט און געוויזען, אַז פונדעסטוועגען דאַרף דער שכל דאָך בלייבען פריי.

אויב מען האָט נאָך אין זינען, אַז די טרייקייט פון אַ מענשען צום שטאַט און צו גאָט קאָנען דערקענט ווערען נאָר פון די מעשים, דאָס הייסט פון זיין ליבע צו זיינע שכנים, קאָן דאַמאָלסט מער קיין ספק ניט זיין, אַז אַ גוטע רעגירונג וועט דערלויבען יעדען איינעם די־זעלבע פרייהייט צו פילאָזאָפירען ווי צו גלויבען. אמת איז, אַז דער־פון קאָנען אַרויסקומען געוויסע אומאַנגענעמליכקייטען. אָבער וואו און ווען עס איז געווען אַזאַ שכל'דיגע אָרדנונג פון וועלכע עס זאָל גאָר קיין שאָדען ניט אַרויסקומען? ווער עס וויל אַלץ איינשטעלען דורך געזעצען, דער וועט גיכער אַרויסרופען פעלערען איידער זיי פאַרבע־סערען. דאָס וואָס מען קאָן ניט שטערען, מוז מען דערלאָזען, אפילו אויב דערפון קומט אַרויס אַ שאָדען. וואָרים וויפיל שלעכטס קומט ניט אַרויס פון לוקסוס, קנאה, קאַרגקייט, שכרות און זייער גלייכען? און דאָך האָט מען מיט זיי געדולד, ווייל מען קאָן זיי ניט אָפּשאַפען דורך די מאַכט פון געזעצען, כאָטש זיי אַלע זיינען גרויסע זינד. אויף וויפיל מער דאַרף דערלויבט ווערען די פרייהייט פון געדאַנקען, וואָס איז באמת נאָר אַ טוגענד און וואָס קאָן ניט אונטערדריקט ווערען!

דערצו קומט נאָך דאָס, וואָס אַלע שאָדענס וועלכע קאָנען דער־פון אַרויסקומען קאָנען פאַרמידען ווערען דורך די אויטאָריטעט פון דער רעגירונג, ווי איך וועל עס באַלד ווייזען. און עס איז ניט נויטיג

צו דערמאַנען אז אַן אַזאַ פרייהייט קאַנען די וויסענשאַפטען און קונסטען ניט מאַכען קיינע פאָרשריטען; ווארום קיינער קאַן זיך ניט אָפּגעבען מיט ערפאָלג מיט די דאָזיגע באַשעפטיגונגען, אויב ער איז ניט איינגאַנצען פריי און אומגעשטערט אין זיינע אורטיילען.

אָבער זאָלען מיר אָננעמען, אַז די דאָזיגע פרייהייט קאָן ווערען דערשטיקט און די מענשען קאָנען אַזוי ווייט ווערען אונטערדריקט, אַז זיי זאָלען פון זיך לאָזען הערען, נאָר לויט די באַפעלען פון זייערע הערשער; פונדעסטוועגען וועט קיינמאָל ניט געשעהן, אַז זיי זאָלען נאָר טראַכטען דאָס, וואָס זייערע הערשער ווילען. דער פועל יוצא וועט זיין, אַז די מענשען וועלען יעדען טאָג ריידען אַנדערש ווי זיי טראַכטען, און די טרייקייט, וואָס איז אַזוי נויטיג פאַר דעם שטאַט, וועט דורך דעם ווערען אונטערגעגראָבען. אַ שענדליכע חניפה און פאַלשקייט וועלען זיך פאַרשפּרייטען, און דורך דעם וועלען אַלע גוטע קונסטען פאַר־דאַרבען און פאַרפעלשעוועט ווערען.

אָבער מען קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אַז אַלע זאָלען טראַכ־טען אַזוי ווי עס ווערט זיי באַפוילען; ווארים וואָס מער די הערשער זוכען איינצוצאַמען די פרייהייט פון וואָרט, אַלץ מער איינגע'עקשנט האַלטען זיך די מענשען אַן די דאָזיגע פרייהייט. און דאָס טוען ניט די זשעדנע און די חונפים און די אַנדערע שוטים, וועמעס גאַנצער גליק עס באַשטייט אין דעם, וואָס זיי ציילען דאָס געלט אין די קאַסטענס און שטאָפּען אָן די בייכער; נאָר דאָס טוען דוקא די, וועמען זייער גוטע ערציהונג, אַרענטליכער כאַראַקטער און גוטע מדות האָבען צו־געבונדען צו דער פרייהייט. די מענשען קאָנען לויט זייער נאַטור קיין זאַך אַזוי שלעכט ניט פאַרטראָגען, ווי בעת מען נעמט אָן פאַר אַ פאַרברעכען דאָס וואָס זיי האַלטען פאַר אַן אמת, און אויב מען פאַרעכענט זיי פאַר אַ חטא דאָס וואָס באַגייסטערט זיי צו פרומקייט צו גאָט און מענשען. זיי זיינען דאַמאָלסט גערייט צו פאַרשילטען די געזעצען און זיך צו שטעלען קעגען דער רעגירונג, און זיי האַלטען ניט פאַר קיין שאַנד, נאָר פאַר אַ כבוד צו רעבעלירען, און זיי לאָזען זיך אַריין פאַר דעם צוועק אין יעדען זאָרט פאַרברעכענס: און ווי־באַלד אַז די מענשליכע נאַטור איז אַזוי באַשאַפען, דערפאַר טרעפען די געזעצען קעגען מיינונגען ניט די פאַרדאָרבענע, נאָר די פרייע נאַ־טורען; זיי האַלטען ניט אין צוים די ביזוויליגע נאָר זיי רופען אַרויס

פארביטערונג ביי די ערליכע און זיי קאנען אנגעהאלטען ווערען נאר מיט גרוים געפאר פאר'ן שטאט.

דערצו זיינען אזוינע געזעצען בכלל נוצלאז; ווארים דער וואס האלט פאר אמת די מיינונגען, וואס זיינען פארבאטען פון שטאט, דער קאן דעם געזעץ ניט פאלגען. און ווער עס האלט די דאזיגע מיינונגען פאר פאלש, דער באטראכט אזא געזעץ פאר א מין פריווי־לעגיע און שטאלצירט אזוי שטארק דערמיט, אז שפעטער, ווען די רע־גירונג וויל אזא געזעץ צוריקרופען, קאן זי עס שוין אויך ניט.

צו דעם אלץ קומט נאך צו דאס, וואס מיר האבען געלערנט אין קאפיטעל 18 פון דער אידישער געשיכטע. און ועל כולם, וויפיל שפאלטונגען זיינען צוליב דעם פארגעקומען אין דער קירך! וועלכע סכסוכים פון די געלערטע האט די רעגירונג ניט געפרובירט צו פאר־ענדיגען דורך געזעצען! אויב מענשען וואלטען ניט געהאפט אריבער־ציהען די רעגירונג און די געזעצען אויף זייער זייט און צו טריאומ־פירען איבער זייערע געגנער אונטער די באגריסונגען פון די מאסען און צו געווינען כבוד און אויסצייכענונג, וואלטען זיי קיינמאל זיך ניט ארומגעריסען אזוי בייזוויליג, און אזא גרימצארן וואלט זיי ניט באפאלען.

דאס לערנט אונז ניט נאר דער שכל הישר, נאר אויך די ער־פארונג און די טעגליכע ביישפילען. אזוינע געזעצען וואס שרייבען יעדען איינעם פאר וואס ער דארף גלויבען און וואס פארבאטען, וואס עס איז צו זאגען אדער צו שרייבען, ווערען אפט געשאפען נאר כדי מפצה צו זיין, אדער נאכצוגעבען די וואס קאנען ניט פארטראגען קיין מענשען מיט פרייע געדאנקען, און וואס קאנען דורך אזוינע פאלשע געזעצען לייכט פארוואנדלען די איבערגעבענהייט פון די מאסען אין אויפרעגונג און צארן, קענען יעדען ווענדען זיי ווילען.

צי וואלט ניט בעסער געווען איינצוהאלטען דעם צארן און בייז־קייט פון די מאסען אנשטאט צו שאפען אומנוצליכע געזעצען, וואס קאנען נאר געבראכען ווערען פון די, וועלכע ליבען די טוגענד און די קונסטען, און וואס בריינגען אויף אזא אופן דעם שטאט נאר אין א פארלעגענהייט אויף אזוי ווייט, אז ער קאן מער ניט איינהאלטען ביי זיך קיין פרייע, טאלאנטפולע מענשען? צי איז פאראן א וועלכעס ניט איז גרעסער אומגליק פאר א שטאט, ווי דאס, אז פרייע מענשען,

וואס דענקען אנדערש און קאנען זיך ניט פארשטעלען, זאלען, ווי פארברעכער פארשיקט ווערען פון לאנד? וואס קאן זיין שעדליכער ווי צו האלטען מענשען פאר שונאים ניט צוליב עפעס א פארברעכען אדער פארדארבענקייט, נאר דערפאר ווייל זיי האבען א פרייען גייסט און צו פירען אזוינע מענשען צום טויט? אויף אזא אופן ווערט דער עשאפאט, וואס דארף זיין דער שרעק פאר די שלעכטע, די שענסטע ארענא, וואו די העכסטע מוסטערן פון טוגענד און טאלעראנץ ווערען ארויסגעשטעלט צום שאנדקלאץ פון דער העכסטער רעגירונגס־מאכט פון שטאט. מענשען וואס פילען זיך פאר ערליך, האבען קיין מורא ניט פאר'ן טויט, ווי עס טוען די פארברעכער, און זיי בעטען ניט קיין רחמים. זיי ווערען ניט איינגעשראקען מיט דער מורא, וואס רופט ארויס חרטה נאך א שלעכטער טאט. און זיי האלטען, אז צו שטארבען פאר דער זאך פון פרייהייט איז ניט קיין פארברעכען, נאר א כבוד און א גוטע זאך. וואס פאר א ביישפיל וויל מען אלזא מיט דעם טויט פון אזוינע מענשען געבען? די פוילע און שוואכע פארשטייען בכלל ניט פאר וואס זיי זיינען געשטארבען, די טומעל־מאכער האסען עס און די ערליכע ליבען עס. זייער טויט קאן נאר ווערען א ביישפיל עס נאכצוטאן, אדער וויניגסטענס עס צו באוואונדערען.

אויב מען וויל אלזוי, אז ניט די פארמעלע צושטימונג, נאר די טרייקייט זאלען באשיצט ווערען, און אז די רעגירונג זאל קאנען איינהאלטען דעם שטאט אין א גוטען צושטאנד און זאל ניט זיין געצוואונגען נאכצוגעבען די טומעלמאכער, איז אבסאלוט נויטיג, אז די מיינונגס־פרייהייט זאל אנערקענט ווערען, און די מענשען דארפען אזוי רעגירט ווערען, אז כאטש זיי האבען פארשיידענע און זאגאר פארקערטע מיינונגען, זאלען זיי פונדעסטוועגען קאנען לעבען בשלום איינע מיט די אנדערע. עס איז קיין ספק ניט, אז דאס איז דער בעסטער סיסטעם פון רעגירונג מיט די קלענסטע שאדענס, ווייל זי געפינט זיך אויפ'ן בעסטען אופן אין הסכם מיט דער מענשליכער נאטור. ווארים אין א דעמאקראטישען שטאט, וואס דערנעהענט זיך אם מייסטען צום נאטירליכען צושטאנד זיינען אלע מענשען מושות געווארען צו האנדלען נאך געמיינזאמע באשלוסען, אבער ניט צו טראכ־טען און צו אורטיילען אויפ'ן גלייכען אופן. דאס הייסט, אזוי ווי מען האט איינגעזען, אז אלע מענשען קאנען ניט האבען דיזעלבינע מיי־

נונגען, איז מען מושוה געווארען, אז דאס, וואס וועט באקומען דאס רוב שטימען זאל באקומען די קראפט פון א געזעץ, מיט דעם באדינג, אז דאס געזעץ זאל קאנען צוריקגערופען ווערען, אויב דורך די אומשטענדען וועט פארקומען אן ענדערונג אין די מיינונגען. דערפאר געשעהט, אז וואס וויינינגער עס ווערט דערלויבט צו די מענשען פרייהייט פון מיינונגען, אלץ מער דערווייטערט זיינען זיי פון דעם נאטירליכען צושטאנד, און אלץ מער ווערען זיי רעגירט דורך געוואלט.

עס זיינען פאראן פאר דעם גענוג ביישפילען, און איך דארף ניט ווייט גיין צו געפינען באווייזען, אז פון אזא פרייהייט קומען ניט ארויס קיינע שאדענס, וועלכע די רעגירונג זאל ניט קאנען באזייטיגען, און אז די מענשליכע האנדלונגען קאנען לייכט געהאלטען ווערען אין גרעניצען, אז זיי זאלען איינע די אנדערע ניט שטערען, כאטש זייערע מיינונגען זיינען גאנץ פארשיידען. די שטאט אמסטערדאם ווייזט א ביישפיל ווי אזוי די פרוכט פון אזא פרייהייט האט געהאלפען זי זיך פאנאנדערצווואקסען אזוי גרויס, אז זי זאל ארויסרופען באוואונדערונג ביי אלע פעלקער. אין אט דער בליהענדער און אויסגעצייכענטער שטאט לעבען אלערליי פעלקער און סעקטען אין דער גרעסטער הארמאניע, און אויב מען וויל דא וועמען עס איז אנטרויען א פארמעגען, פרעגט מען נאר צי איז יענער רייך אדער ארים, צי פלעגט ער האנדלען ערליך אדער שווינדלעריש. מען קימערט זיך אבער ניט וועגען יענעמס רעליגיע אדער סעקטע, ווייל מען ווייסט, אז ביי דעם ריכטער וועט מען דורך דעם ניט קאנען געווינען און ניט פארלירען. זאגאר די אנהייגער פון די פארהאסטעסטע סעקטען ווערען געשיצט דורך די מאכט און הילף פון דער שטאט־רעגירונג, אויב נאר זיי רירען קיינעם ניט אן, לעבען ערליך און באצאלען יעדען וואס אים קומט.

פארקערט, ווען אין די פראווינץ־שטעט האט זיך אנגעהויבען דער רעליגיעזער קאמף צווישען די פאליטיקער מכח די דעמאנסטראנטען און קאנטרא־דעמאנסטראנטען*) און עס איז דערפון ארויס־

---

*) די רעליגיעזע מלחמה וואס האט זיך אפגעשפיגעלט אין האלאנד אין דעם ערשטען יארצענדליג פון 17טען יארהונדערט צווישען די אנהייגער פון דעם שטרענגען קאלוויניסטישען גלויבען, ווי ער איז אויסגעטייטשט גע־

געקומען אַ רעליגיעזע שפּאַלטונג, האָבן אַ סך פאַלן דאַמאָלסט באַ־
וויזן, אַז די געזעצן וואָס ווילן איינשטילן אַט דעם רעליגיעזן
קאַמף, רייצן נאָר מער אויף די מענשן און פאַרביטערן זיי, אַנ־
שטאָט זיי צו באַרואיקן, און אַז זיי רופן אַרויס ביי געוויסע מענ־
שן אַ ניט צוריקגעהאַלטענע אויסגעלאַסנקייט. נאָך מער, עס האָט
זיך אַרויסגעוויזן, אַז רעליגיעזע שפּאַלטונגען קומען אַרויס ניט פון
דער שטרעבונג צום אמת, וואָס איז דער קוואַל פון פריינדליכקייט
און מילדקייט, נאָר פון דעם שטאַרקן פאַרלאַנג צו הערשן. דערפון
איז קלאָר, אַז נאָר די זיינען אָפּטריניגע פון דער רעליגיע, וואָס פאַר־
דאַמען די שריפטן פון אַנדערע מענשן און העצן אויף דעם אויס־
געלאַסענעם המון צו געוואַלטטאַטן אַנטקעגן אַזוינע שריפטשטע־
לער; ניט אָבער די שריפטשטעלער אַליין, וואָס שרייבן דאָס רוב
נאָר פאַר געלערנטע און נעמען נאָר די פאַרנונפט פאַר זייער הילף.
דערפאַר זיינען די אמת׳ע רו־שטערער נאָר די, וואָס זוכן פאַרט צו
באַזייטיגן די פרייע מיינונגען, וועלכע מען קאָן ניט אונטערדריקן.

איך האָב אויף אַזאַ אופן געוויזן: 1) אַז מען קאָן ניט אַוועק־
נעמען ביי די מענשן די פרייהייט אַרויסצוזאָגן דאָס וואָס זיי
טראַכטן. 2) אַז די דאָזיגע פרייהייט קאָן געגעבן ווערן צו יעדן
איינעם און פראַקטיצירט ווערן פון אים אָן שאַדן פאַר דאָס רעכט
און אויטאָריטעט פון דער רעגירונגסמאַכט, אויב נאָר ער זוכט ניט
איינצופירן נייע געזעצן און ניט צו טאָן קיין זאַך, וואָס
זאָל זיין געגן די עקזיסטירענדע געזעצן. 3) אַז יעדער איינער
קאָן געניסן אַזאַ פרייהייט אָהן שאַדן פאַר דעם פרידן פון שטאַט,
און אַז עס זאָל דערפון ניט אַרויסקומען קיין שאַדן. וועלכן מען

---

וואָרען פון פראַנץ גאָמאַרוס און זיינע געגנער, די שילער פון דעם מער
ליבעראַלן יאַקאָב אַרמיניוס, וועלכער האָט מער געוויכט געלייגט אויף די
פּראַקטישע דורכפירונג פון די קריסטליכע געבאָטן. דעם נאָמען ד ע־
מ אָ נ ס ט ר א נ ט ע ן האָבן די אָנהייגער פון אַרמיניוס באַקומען דורך
די דאַרשטעלונג פון זייערע עקרי אמונה (רעמאָנסטראַציע) אין 5 פּונקטען
אין יאָר 1610. די אָנהייגער פון גאָמאַרוס האָבן געענטפערט מיט אַ קע־
גנגעזעצליכער דאַרשטעלונג פון זייערע עקרי־אמונה (קאָנטראַ־רעמאָנסטראַ־
ציע). — אָנמערקונג פון דעם איבערזעצער.

זאָל ניט קאָנען לייכט באַזייטיגען. 4) אַז יעדער איינער קאָן געניסען אַזאַ פרייהייט און עס זאָל ניט שאַדען דער פרומקייט. 5) אַז געזעצען וואָס ווערען אַרויסגעגעבען וועגען ספּעקולאַטיווע פראַגען זיינען נוצלאָז. 6) און ועל כולם, אַז אַזאַ פרייהייט איז ניט נאָר וואָס זי קאָן געגעבען ווערען אָן שאַדען פאַר דעם פרידען פון שטאַט, פאַר די פרומקייט און דאָס רעכט פון דער רעגירונגס־מאַכט, נאָר אַז דאָס מוז אויך געשעהן, כדי דער שטאַט זאָל קאָנען עקזיסטירען. וואָרים דאָרט וואו מען וויל עס אוועקנעמען ביי די מענשען און וואו מען שטעלט צום געריכט ניט די האַנדלונגען וואָס דאַרף אַליין באַשטראָפט ווערען, נאָר די מיינונגען, דערגרייכט מען דורך דעם נאָר דאָס, אַז די מענשען הייבען זיי אָן צו באַטראַכטען אַלס מאַרטירער, און עס וועקט אויף ביי זיי אַ פאַרביטערונג און מיטלייד צו די קרבנות, אַנשטאַט מורא פאַר די שטראָף. דער פּועל יוצא דערפון איז, אַז ערליכקייט און גוטער גלויבען גייען צו גרונד; שמייכלער און פאַרעטער ווערען דערמוטיגט און די סעקטאַנטען טריאומפירען, ווייל מען גיט נאָך זייער צאָרן, און די טרעגער פון דער מלוכה־מאַכט ווערען פאַרוואַנדעלט אין אַנהייגער פון די תורות פון וועלכע זיי, די סעקטאַנטען, זיינען די אויסטייטשער. דערפאַר דערלויבען זיי זיך אַליין צו פאַרכאַפּען די רעכטען און אויטאָריטעט פון דער רעגירונג און האַלטען זיך אפילו ניט צוריק פון דער באַהויפּטונג, אַז זיי זיינען דירעקט אויסדערוויילט פון גאָט, און אַז זייערע באַשלוסען זיינען געטליך, בעת די געזעצען פון שטאַט זיינען נאָר מענשליך. און דערפאַר מוזען די מלוכה־געזעצען זיין אונטערוואָרפען אונטער די געטליכע געזעצען, ד. ה. אונטער זייערע אייגענע געזעצען. יעדער איינער קאָן זען, אַז דאָס איז פּונקט דער הפך פון די אינטערעסען פון שטאַט. און דערפאַר פאַרענדיג איך מיט דער באַהויפּטונג, ווי איך האָב עס שוין געוויזען אין קאַפּיטעל 18, אַז דער גרעסטער גליק פאַר'ן שטאַט איז, אויב פרומקייט און רעליגיע באַשטייען נאָר אין דער פּראַקטיצירונג פון ליבע און גערעכטיגקייט, און אַז דאָס רעכט פון דער רעגירונגס־מאַכט באַשרענקט זיך סיי אין וועלטליכע און סיי אין רעליגיעזע אַנגעלעגענהייטען, נאָר אויף האַנדלונגען, אָבער עס מוז יעדען זיין דערלויבט צו טראַכטען וואָס ער וויל און צו זאָגען וואָס ער טראַכט.

דערמיט האב איך דערפילט דעם צוועק, וואס איך האב זיך פאר־
גענומען אין דעם טראקטאט. עס בלייבט מיר נאר נאך אויסדריקליך
צו דערקלערען, אז אלץ וואס איך האב דא געזאגט בין איך מיט שמחה
גערייט צו אונטערווארפען אונטער דער קריטיק און דעם פסק פון
דער רעגירונג פון מיין פאטערלאנד. אויב לויט איר מיינונג איז אין
דעם וואס עס איז פאראן, וואס קאן שאדען ברייגען דעם אלגעמיינעם
גליק און די געזעצען פון לאנד, וועל איך עס האבען ניט געזאגט. איך
ווייס, אז איך בין א מענש און קאן האבען א טעות; אבער איך האב
זיך שטארק באמיט ניט ארייגצופאלען אין קיין טעות, און נאר דאס
צו שרייבען, וואס עס שטימט איין מיט די געזעצען פון מיין פאטער־
לאנד, פון פרומקייט און פון מאראל.